# MAYN LEBNS VEG

L. Winograd

•



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER

AMHERST, MASSACHUSETTS

ז. ווינאָגראַד.

ISBN:0-657-07730-5



# אין לעבנס וועג

זכופעש, מלחמה-יאָרן, שוועדן, אַרגענטינע,
מיאַמי-ביטש.

מיאַמי-ביטש - 1978

ל. ווינאגראד.

# אין לעבנס וועג

לאדזש,
מלחמה-יארן,
שוועדן,
ארגענטינע,
מיאמי-ביטש,

מיאמי-ביטש, 1978

# AUTOBIOGRAPHY

By L. WINOGRAD.

1978

345 Ocean Drive, Apt. 1123.
MIAMI-BEACH, FDA. 33139.

PRICE 5 – DOLLARS

# אינהאלט

זייט

# איין לעבנס וועג

## ל. ווינאגראד.

א מתנה מיין ליבער און געטרייער
טאכטער יהודית (דזשוניא) ריגער,
ווי אויך דער הארציקער פרוי
מיינער, זשעניא.

צום אייביקן אנדענק
פון די ליכטיקע געשטאלטן פון
מיין ליבער פרוי, מלכה, און זון
לעאן, און דער גאנצער אומגע-
קומענער משפחה מיינער - טאטע-
מאמע, ברידער און שוועסטער, ווי
אויך אלע מיינע פריינט און חברים.

מיאמי-ביטש 1978



מײַן טאָכטער, יהודית



מײַן פרוי, רשעניע



איך - בײַ די סד יאָר

# אריינפיר - וואָרט

וויל איז דער עלטער,וואָ האָט
נישט פאַרשעמט די יוגנט...

איך הייב אָן ־ו שרייבן מיינע זכרונות שוין אַ ביסל צו שפּעט. עס גייט שוין ביי מיר צו שקיעה,צום זון-אונטערגאַנג פון מיין לעבן. דעם 17-טן פעברואַר 1975 בין איך אַלט געוואָרן 80 יאָר. איך פיל אָבער די נייטיקייט צו לאָזן נאָך זיך אַ געשריבענעם סך הכל פון מיין לעבן,וואָס איז פאַרבונדן מיט אינטערעסאַנטע,לויט מיין מיינונג,געשעענישן. און דאָס נישט נאָר פון מיין פּערזענלעכן לעבן,נאָר נישט ווייניקער אויך פונעם יידישן און אַלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן אין דעם דאָזיקן שווערן און טרויעריקן צייט-אָפּשניט אין דער יידישער און אַלגעמיינער מענטשלעכער געשיכטע.

נישט נאָר איך,נאָר אַלע מיינע מיטצייטלער האָבן מיטגעמאַכט די דאָזיקע שווערע תקופה,און יעדער איינער האָט עפּעס וואָס צו דערציילן; אָבער וואָס מער מ'וועט דערציילן,שרייבן וועגן דער דאָזיקער טרויעריקער צייט,וועט דאָס זיין אַ נוצלעכער מאַטעריאַל פאַרן צוקונפטיקן היסטאָריקער און אויך בלייבן ווי אָן אָנדענק פאַר דער נאָענטער משפּחה און פריינט.

איך וועל מיך נישט האַלטן שטרענג כראָנאָלאָגיש פון דעם אַלעם,וואָס איך וועל באַשרייבן. מיר וועט אויסקומען גענוג אָפּט איבערצושפּרינגען די געשעענישן פון אַ פריערדיקער צייט און דערציילן צוערשט פּאַסירונגען,עפּיזאָדן און איבערלעבונגען פון אַ שפּעטערדיקער צייט און נישט איינמאָל פאַרבינדן אַ געשעעניש פון איין צייט מיט געשעענישן פון אַ צווייטער צייט. און אַזוי ווי די גרעסטע טייל פון מיינע זכרונות שרייב איך פון זכרון,קענען אַמאָל די נעמען און דאַטעס זיין נישט אינגאַנצן פּינקטלעך.

דאס וואס איך גיי איצט באשרייבן, טראגט אויך נישט דעם כא
ראקטער פון מעמוארן; איך האב נישט געפירט קיין טאגבוך.
איך וויל פשוט ארויסבאקומען פון מיין זכרון דאס אלץ,
וואס קען האבן אן אלגעמיינעם אינטערעס. איך דארף באמער-
קן, אז טיילווייז, האב איך איינצלנע קאפיטלען פון מיינע
זכרונות ארויסגעבראכט אין פארשידענע פעריאדישע אויסגא-
בעס; לרוב זענען זיי געווען געדרוקט אין די בונדישע אוי-
סגאבעס, ווי אין ארגענטינער "אונזער געדאנק", אין בונדישן
צענטראל-ארגאן "אונזער צייט" אין ניו-יארק, ווי אויך אין
פאריז, אין מעקסיקע און אין די "לעבנספראגן" אין ישראל.
אויך אין די ארגענטינער טעגלעכע צייטונגען "די פרעסע"
און "די יידישע צייטונג".

איך בין שוין 65 יאר טעטיק אין יידישן געזעלשאפטלעכן
לעבן, סיי אויפן פאליטישן און סיי אויפן קולטורעלן געביט.
דערהויפט אין "בונד", ביז דער לעצטער וועלט-מלחמה אין
לאדזש, שפעטער אין לאדזשער געטא, אין א קאנצענטראציע-לא-
גער הינטער בערלין, און נאך דער באפרייונג אין שוועדן,
און דערנאך אין ארגענטינע און זייט א פאר יאר, אין מיאמי-
ביטש, אין די פאראייניקטע שטאטן.
צווישן די יארן 1925-1939 בין איך געווען טעטיק אלס פאר-
וואלטונגס-מיטגליד אין דער לאדזשער אפטיילונג פון "ארט".

איך האב מיטגעמאכט די ערשטע וועלט-מלחמה אלס סאלדאט
אין דער רוסישער צארישער ארמיי; מיטגעפיבערט און אנטייל-
גענומען אין דער האפנונגספולער ערשטער רוסישער באפרייונ-
גס-רעוואלוציע פון מערץ 1917 (אויפן דרום-פראנט אין רו-
מעניע), כ'בין אויסגעקליבן געווארן אין די סאלדאטסקע קא-
מיטעטן, פריער אין פאלק, געגאנגען ווייטער, ביז אין דער די-
וויזיע, קארפוס און ארמיי-קאמיטעט. פונעם ארמיי-קאמיטעט,
פון דער 10-ער ארמיי בין איך געשיקט געווארן, אין אפריל

1917,אלס א דעלעגאט צום אלרוסישן צוזאמענפאר פון די סאל-
דאטן און ארבעטער קאמיטעטן אין פעטראגראד. אקטיוו באטיי-
ליקט זיך אין דער מענשעוויסטישער פראקציע. פון דארט געפא-
רן צו א פעטער קיין סיביר,צוריקגעקומען אויפן פראנט,און
שפעטער דורכגעלעבט מיט א געדריקטער שטימונג די פארפירערי-
שע באלשעוויסטישע אקטאבער-רעוואלוציע. נאך דעם פאנאנדער-
פאל פון דער ארמיי,בין איך דורך פארשידענע וועגן צוריק-
געקומען,אין מאי 1918, אהיים,קיין לאדזש.

אין נאוועמבער 1918 איז געקומען דער סוף פון דער מל-
חמה און דער ווידערגעבורט פון דער פוילישער מלוכה. איך
בין ווייטער געווען טעטיק אין "בונד",אין דער יידישער
שול און קולטור-באוועגונג. אין יוני 1920 ווער איך ארע-
סטירט און צוזאמען מיט אנדערע בונדיסטן אינטערנירט אין
דעם ערשטן פוילישן קאנצענטראציע-לאגער אין דאמביע,הינ-
טער קראקע,און דארט אפגעזעסן 10 חדשים.

בעת דער לעצטער מלחמה האב איך געשמאכט אין לאדזשער
געטא,שפעטער אין א דייטשן קאנצענטראציע-לאגער,הינטער
בערלין,פון וואנען איך בין אין אפריל 1945 באפרייט גע-
ווארן דורך דער רוסישער ארמיי און צוריקגעקומען קיין
לאדזש. געראטעוועט זיך מיט ניסים האט זיך אויך מיינס א
סאכטער פון 17 יאר און א ברודער,וואס איז געווען צוזא-
מען מיט מיר אין דייטשן קאצעט. איך האב פארלארן מיין
פרוי און א זון פון 25 יאר,ווי אויך ברידער און שוועו-
סטער מיינע. אין לאדזש האב איך באקומען א פאסטן
ביי דער נייער פוילישער מאכט און אין מאי 1946,מיט דער
הילף פון [illegible]ישן ארבעטער-קאמיטעט,בין איך מיט מיין טאכ-
טער געפארן קיין שוועדן,פון וואנען מיר זיינען סוף1947
געקומען קיין ארגענטינע. דא האט מיין טאכטער חתונה גע-
האט,אויך איך האב מיר געשאפן א נייע היים. אויך אין אר-

אויך אין ארגענטינע בין איך אריינגעצויגן געווארן אין
דער געזעלשאפטלעכער ארבעט,דערהויפט בונדישער. צוליב גע-
זונטס-מאטיווען אין מאי 1972 זיך באזעצט אין מיאמי-ביטש.
דא בין איך ווייטער אקטיוו ביי דער יידישער קולטור-אר-
בעט אין צוויי קלובן אין אונזער באיאן,אויך אין קאארדי-
ניר-קאמיטעט פון די קלובן. איך טו אויך מיין זשורנאליס-
טישע ארבעט אין פארשידענע אויסגאבעס אין דער וועלט.

איך האב אין אלגעמיינע שטריכן,בקיצור,אנגעווארפן דעם
גאנג פון מיין לעבן. די ווייטערדיקע קאפיטלען וועלן אוי-
סער זיין פריוואטן לעבן,אויספירלעכער דערציילן וועגן א
יחיד,וואס איז זיין גאנץ באוווסטזיניק לעבן געווען פאר-
בונדן מיט דער ארגאניזירטער יידישער געזעלשאפטלעכקייט,
און וואס האט זיין מי,וויסן און ענערגיע איר אוועקגעגע-
בן און דערהויפט פאר די אידעען פון דער יידישער סאציא-
ליסטישער באוועגונג,פארן "בונד",וועלכער ער איז געבליבן
טריי ביז זיין טיפער עלטער. און ער קען רויק זאגן:
"ווייל איז דער עלטער,וואס האט נישט פארשעמט די יוגנט".
איך האב באקומען מיטל-שול-בילדונג,אבער מיינע אוני-
ווערסיטעטן זיינען פאר מיר געווען מיין פראלעטארישע היים-
שטאט -לאדזש- און דער "בונד". די דאזיקע באוועגונג האט
פאר מיר פארענטפערט א סך סאציאל-געזעלשאפטלעכע פראבלע-
מען פון יענער צייט (אויך פון דער היינטיקער) און האט
אנגעפילט מיין גייסטיק לעבן און געהויבן מיין באוווסט-
זיין. די אידעען פון "בונד" האבן מיך נישט פארפירט,און
אירע גרונט-יסודות,זיינען פאר מיר,ווי א האנט-בוך אויך
פאר דער היינטיקער צייט.

איין וויכטיקן דערציונגס-שטריך,וואס איך האב בא-
קומען פון מיינע עלטערן,וויל איך דערמאנען. מיין פאטער
ווי אויך מיין זיידע (מיין מאמעס טאטע),האבן אונז,קינ-

דער,געלערנט,אז דאס מענטשלעכע לעבן באשטייט נישט נאר פו-
נעם קאמף פארן אלטעגלעכן,רויען לעבן,פון גשמיות (ווי אנ-
דערע זאגן),נאר מ'דארף אנפילן דאס לעבן אויך מיט רחניות,
ד.ה. מיט גייסטיקער שפייז,און מ'דארף לעבן נישט נאר פאר
זיך,נאר פילן זיך,ווי א טייל פון דער גאנצער געזעלשאפט.
מ'דארף זיך קענען ארייינפאסן אין א קאלעקטיוו-געזעלשאפט-
לעך לעבן; באגרענעצן ביז א מינימום דאס אינדיווידועל-סו-
ביעקטיווע,און געבן דער געזעלשאפט,וואס מ'קען.
און דער דאזיקער געבאט פון מיין טאטן און זיידן איז גע-
ווארן מיין נר-תמיד זייט מיינע יונגע יארן.

## ל א ד ז ש - מ י י ן א פ ש ט א ם

**איך בין געבוירן געווארן דעם** 17-טן פעברואר 1895 אין
דער שטאט בערדיטשעוו,אין רוסלאנד,קיעווער גובערניע. אויך
מיין טאטע נחום ווינאגראד,איז געווען דארט א געבוירענער,
אין יאר 1868. וועגן מיינע זיידעס פון טאטנס צד,האב איך
נישט וואס צו דערציילן,ווייל ווען איך בין געבורן געווא-
רן,האבן זיי שוין נישט געלעבט. איך ווייס נאר פון דעם,
וואס מיין טאטע פלעגט דערציילן,זענען זיי געווען סוחרים,
געהאט דארט א פאיאנס-פאבריק; אן עלטער-עלטער-זיידע מיי-
נער האט געהאנדלט מיט פעדערן,ער האט געהאט דערויף פון
דער מאכט א קאנצעסיע אויף דריי גובערניעס,פלעגט שיקן
זיין סחורה אויך קיין אויסלאנד,דערהויפט קיין פראנקרייך.
מיין זיידע האט געהייסן אהרן און די באבע - פערל.
מיין טאטע האט געהאט אן איינציקן ברודער,ישראל,מיט וועל-
כן ער האט אין בערדיטשעוו געפירט צוזאמען א הורט-געשע-
פט פון פארשידענע קאלאניאל-ארטיקלען. אין יאר 1892 האט
מיין טאטע חתונה געהאט מיט לובא פאזנאנסקי,וואס איז גע-
ווען מיט פינף יאר יונגער פון אים. אין יאר 1898,ווען

מיינע עלטערן האבן שוין בעהאט דריי קינדער, האבן זיי בא-
שלאסן זיך צו באזעצן אין לאדזש,וואוהין עס פלעגן אין יע-
נע יארן פארן יידן פון אלע עקן פון גרויסן רוסלאנד.לאדזש
דער פוילישער מאנטשעסטער,-ווי מ'האט די שטאט דעמאלט גע-
רופן- (צוליב דעם אויפבלי פון דער דארטיקער טעקסטיל אינ-
דוסטריע),האט געצויגן צו זיך אימיגראנטן,גראד אזוי ווי
צפון-אמעריקע.

איך דארף באמערקן,אזביידע ברידער זענען שטארק פארכא-
פט געווארן פון דער השכלה-באוועגונג,וואס האט דעמאלט בא-
הערשט די מוחות פון דער יוגנט. זיי האבן זיך געלערנט מיט
התמדה רוסיש,גערעדט צווישן זיך און מיט די קינדער רוסיש,
געווארן שטארק אנטירעליגיעז. אויף ווי ווייט מיין טאטע
האט זיך איבערגענומען מיט דער עמאנציפאציע-אידעע,קען די-
נען דער פאקט,אז אלע קינדער זיינע האט ער געגעבן אייראַ-
פעישע נעמען: מיין עלטערער ברודער האט געהייסן ארנאלד,
מיר האט ער א נאמען געגעבן לודוויק און דער שוועסטער -
פאולא (מיר דריי זענען געבוירן געווארן אין בערדיטשעוו,
די שפעטערדיקע פיר קינדער,וואס זענען שוין געבוירן געוו-
ארן אין לאדזש,האבן באקומען די נעמען: בערטא,מארקוס,
זיגמונט און סאניא).

אין די שפעטערדיקע יארן,ווען מ'פלעגט מיין טאטן פרע-
גן,ווי קומט ער צו געבן די קינדער זיינע רק גוישע נעמען,
פלעגט ער ענטפערן,אז,ווען איך גיב זיי יידישע נעמען,בליי-
בן זיי דען ביי זיי; זיי מאכן דאך גלייך איבער: פון אהרן
ווערט ארנאלד,ארטשיבאלד; פון לייזער אויף לואיס,לעאן;
פון ביילע,באסיע -אויף בערטא א.א.וו.

נאך דער ליקווידאציע פון זיינע געשעפטן,נאכן פאנאנדער-
טיילן זיך מיטן ברודער,זענען מיינע עלטערן סוף 1898 גע-

קומען קיין לאדזש מיט א פאר טויזנט רובל. און ווי אנדע - רע,געוואלט איינארדענען זיך אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע, וואס איז געווען דער הויפט-קוואל פון די לאדזשער פרנסות. מ'האט אים רעקאמענדירט א שותף א טעקסטיל-פאכמאן און זיי האבן פאבריצירט אסלאס-שטאפן. עס האט לאנג נישט געדויערט - אין משך פון צוויי יאר האט מען געפטרט דאס געלט,ליקווי דירט די פאבריק און מ'איז געבליבן אן פרנסה.

פאר דער צייט זיינען קיין לאדזש געקומען זיך צו באזע- צן אויך מיין זיידע און די באבע,די עלטערן פון מיין מא- מען - יוסף און אסתר פאזנאנסקי - . מיין זיידע איז געוו- ען א געבוירענער אין באלטע,פאדאליער דובערניע; מיין בא- בע,פון דער היים ווייסלאוויטש,האט געשטאמט פון קאמיענעץ פאדאלסק; דארט איז אויך געבוירן געווארן מיין מאמע,לובע ווי אויך אירע ברידער: סאלאמאן,חיים-לייב און מנחם-מענדל (געווען זיינען זיי אייגענטלעך 12 ברידער און שוועסטער, אבער 8 זיינען געשטארבן יונגערהייט); מיין זיידע איז צו דער חתונה אלט געווען 17 יאר און די באבע -16.

אויך מיין זיידע איז שוין געווען אן אויפגעקלערטער ייד,געלייענט מיט החמדה מענדעלע מוכר ספרים, א.מ.דיק, לינעצקי,אבאנירטדעם " קול-מבשר",דעם "יוד"; געווען באפ- ריינדעט מיט מרדכי ספעקטאר אין קאמעניעץ-פאדאלסק,מיט דער משפחה שלום-עליכם אין בערדיטשעוו. די דיפערערענץ צווישן דער וועלטלעכקייט פון מיין זיידן און טאטן איז באשטאנען אין דעם,וואס מיין טאטע איז געווען א "קעמפנדיקער בעז- באזשניק" און מיין זיידע איז צו אלעמען טאלעראנט (דער- פאר האט ער געקענט דורכקומען מיט מיין באבען,וואס איז געבליבן אלע אירע יארן א פרומע,יידישע פרוי).

מיין מאמע איז געווען א שיינע,ליבלעכע פרוי,א גוטמו- טיקע. מיין טאטע איז געווען א כעסן,האט זיך שנעל אויפגע-

רעגט,אנגעצונדן,אבער די מאמע האט געוווסט ווי אומצוגיין זיך מיט אים און האט אים לייכט בייגעקומען,און ער פלעגט זיך שנעל בארויקן. מיט איר גוטמוטיקייט האט זי אויך דער-צויגן די זיבן קינדער,וואס זענען געבוירן געווארן מיט קליינע אינטערוואלן. אבער ביי אירע 40-45 יאר האט זי זיך שוין געפילט מיד,פארעלטערט; ווען די קינדער זענען אבער אונטערגעוואקסן,האט זי אויפסניי אויפגעלעבט,אויפגעריכט געווארן און איז פאר אונז קינדער,שטענדיק געווען א גו-טע,הארציקעמאמע און אויפריכטיקע ראטגעבערין. זי האט גע-האט א מעלאדישע שטימע און האט ליב געהאט צו זינגען מיט אונז,מיטן טאטן,און אויך אליין פארשידענע יידישע,רוסישע און אוקראינישע לידער. מיטן טאטן פלעגט זי זינגען דועטן ראמאנסן,לידער פון פרוגן,ביאליק א.א.

עס איז שווער אויסצודריקן איר פרייד,ווען זי איז שפעטע ר געווארן א באבע. איר גאנצע חיות האט זי אוועקגעגעבן די אייניקלעך און איז געווען גליקלעך,ווען די לעצטע האבן איר איבערגעדרייט די שטוב מיט די פיס ארויף.

אין עלטער פון 69 יאר איז די מאמע אונזערע געשטארבן פון דיזענטעריע אין לאדזשער געטא. זי האט נאך געקענט לעבן און לעבן און געניסן,ווען נישט דער טרויעריקער חורבן.

מיין זיידע,יוסף פאזנאנסקי,איז געבוירן געווארן ביי א מיוחסדיקער,באלעבאטישער משפחה. זיין טאטע,מיין עלטער-זיידע,זאב (וואלף) פאזנאנסקי,איז געווען א באנקירער; געהאט צוזאמען מיט זיינעם א שוואגער,מערינעס,א "באנ-קירסקאיא קאנטארא" (באנק געשעפט) אין באלטע. לויט ווי דער זיידע פלעגט דערציילן,איז זיין טאטע אין די יונגע יארן געשטאנען אויפן מארק מיט א טישל,און ווי א סך אנ-דערע יידן פון יענער צייט,פלעגט ער די ארומיקע פויערים און סוחרים פון שטאט אויסבארגן געלט אויף צינזן. בכדי

צו זיין אין ארדענונג ביי זיך און פאר מענטשן,אז ער איז נישט קיין פראצענטניק,פלעגט ער,ווי עס איז אנגענומען געווען ביי יידן,מאכן א היתר עיסקא. - פון דעם מארק-טישל איז שפעטער געווארן א באנק-געשעפט.

מיין עלטער-זיידע איז געווען א קאלעקציאנער פון אנטיקן,ספעציעל זייגערלעך און מעסערלעך און געהאט ביי זיך א גרויסע קאלעקציע פון די זאכן.ווען ער האט אויף די עלטערע יארן באשלאסן (נאכן פאגראם אין באלטע) אלץ צו ליקווידירן און פארן מיט דער פרוי קיין ישראל,האט ער דעם גרעסטן טייל פון די אנטיקן פאנאנדערגעטיילט צווישן די קינדער,און א טייל איז אויך צוגעפאלן מיין זיידן.
איינציקע זייגערס זענען געשטאנען ביים זיידן אויפן קאמאד, אנדערע האט ער געהאלטן אין א שעכטל אין שופלאד. אלערליי זייגערס זענען דאס געווען: וועק זייגערס מיט פיגורן, טאשן-זייגערלעך,אין פארשידענע פארמען,ציפערבלאטן. ווען מיר פלעגן,אלס קינדער,קומען צום זיידן,האט ער נישט דערלויבט זיי אנצורירן,ער האט זיי געהאלטן אין זיין האנט און געוויזן די אויסטערלישקייטן פון יעדן באזונדערן זייגער אדער מעסערל. איין טאשן-זייגער פון די אנטקן האט ער מיר געשאנקן צו מיין בר-מצווה און א צווייטן א שיינעם שטייענדיקן אנטיק-זייגער,האט ער מיר געגעבן,אלס דרשה-געשאנק,צו מיין חתונה.

ווי שוין געזאגט,איז מיין זיידע,יוסף,געווען א משכיל, אן אויפגעקלערטער,זייער ווייט פון אפהיטן רעליגיעזע דאגמעס און זיטן. א רויקער,א געלאסענער,פלעגט אויסמיידן שטרייטן,פאלעמיקעס,געזוכט פשרות. ער האט זיך אויסגעלערנט איינבינדעריי און פלעגט אליין איינבינדן די זשורנאלן, וואס ער פלעגט אויסשרייבן (דעם "המלץ",קול מבשר" דעם "יוד"). איין אזא באנד "יוד",וואס ער האט מיר געשאנקען,

האט באשיינט מיין ביבליאטעק,און איך האב אים אפגעהיט,ביז די דייטשן האבן אונז סוף 1939 ארויסגעטריבן פון אונזער דירה.

מיין זיידנס פרנסה-קוואלן זענען געווען פארשידענע.אין דער ערשטער צייט,ווען ער איז געקומען קיין לאדזש,איז ער געווארן אן אגענט פון א גרויסער דרוקעריי און פלעגט פאר איר צוזאמענעמען באשטעלונגען אויף פארשידענע דרוק-זאכן. שפעטער האט ער באקומען א פארטרעטונג פון א גרויסער פאב-ריק פון כאלווע (פון לוריע,פון פינסק),וואס האט אים גע-געבן א גאנץ שיינעם איינקופט ביז דער אויסברוך פון דער מלחמה 1914. (פארשטענדלעך,אז אונז,חברה אייניקלעך,האט קיינמאל נישט געפעלט דער דאזיקער זיסער און געשמאקער נאש) פון דער כאלווא-פרנסה האט דער זיידע אפגעשפארט א שיינע פאר רובל און די ערשטע צייט פון דער מלחמה האט ער זיך געקענט אן עצה געבן,נישט אנקומענדיק נאך הילף צו מיין מאמען,אדער פעטער.

מיין באבע,אסתר פאזנאנסקי,פון דער היים ווייסלאוויטש, האט געשטאמט פון קאמעניעץ-פאדאלסק. איר פאטער איז געווען א מעל-סוחר. זי האט געהאט צוויי ברידער און צוויי שוועסטער איינע איז געווען -יהודית-די פרוי פונעם קאמעניעץ-פאדאל-סקער רב - לייב עליאש -(מיין שפעטערדיקער שווער) ; א ברודער אירער,שלמה,האט חתנה געהאט מיט דער שוועסטער פון ערשטן יידישן מיניסטער אין אוקראינע (אין דער צייט פון דער אוקראינישע ראדא) - משה זילבערפארב.

מיין באבע איז געווען א פרוטע פרוי,אן ערנסטע,א קלוגע, אבער א פאנאטישע און דערגאנגען דעם זיידן,וואס איז גע-ווען פריי פון רעליגיעזע זאבאבאנעס,די יארן. אין דער ער-שטער צייט פון זייער צוזאמענלעבן,האט שוין אפילו געהאל-טן צוליב דעם צווישן זיי ביי א גט. דער זיידע האט צוגע-

זאגט צו זיין סאלעראנס צו איר דעליגיעזן שטייגער און פאר
לאנגט פון איר דאס זעלבע. ער איז געווען מער אויסגעהאלטן.
דער זיידע פלעגט קומען צו אונז גאנץ אפט, אבער די באבע
זעלטענער. זי פלעגט וועלן אויסמיידן עגמת נפשן צוליב דער
נישט כשרער קיך, וואס מיין מאמע האט געפירט. זי האט זיך
אויסגעלערנט העברעיש ביי איר יונגסטן זון, מנחם, און האט
געלייענט, שטודירט די הייליקע ספרים אין אריגינאל.

איך וויל נאך דא באמערקן, אז סיי איר פאטער, סיי דער
טאטע פון מיין זיידן, זיינען אין אנהייב פון היינטיקן יאר-
הונדערט געפארן שטארבן קיין ארץ ישראל. אזא איז געווען
אין יענע צייטן דער מנהג צווישן די מער פארמעגלעכע יידן.
ווען איך בין, אין יאר 1958, געווען אין ישראל, האט מיך מיי-
נער א דארטיקער קרוב געפירט קיין צפת און בני ברק, ווו עס
געפינען זיך די קברים פון מיינע עלטער-זיידעס. מיט אנש-
טרענגונג האט מען נאך געקענט איבערלייענען די נעמען פון
די מענטשן, וואס ליגן אונטער די שטיינער, ווי אויך דאטעס
און פון וואנען זיי שטאמען.

מיין זיידע-באבע האבן געלעבט גליקלעך און צופרידן און
געשעפט נחת פון זייער קינדער און אייניקלעך. נאך דער מל-
חמה פון 1914, ווען דער זיידע האט געהאט אינגאנצן פארלוי-
רן די פרנסה, האט זיי מיין מאמע כמעט אינגאנצן אויסגעהאל-
טן. ווען מיין באבע איז געשטארבן צו 81 יאר, איז מיין זיי-
דע איבערגעבאנגען וווינען צו מיינע עלטערן. ער איז גע-
שטארבן אין יאר 1937, אלס זייענדיק 85 יאר. זיי זענען ביי
דע באגראבן אויפן לאדזשער בית עולם.

## מ י י נ ע  פ ע ט ע ר ס

די ברידער פון מיין מאמען, די דריי פעטערס מיינע, זיי-
נען געווען אינטערעסאנטע פערזענלעכקייטן און האבן, יעדער

אויף זיין אופן,געשפילט אין מיין לעבן אין פארשידענע ציי
טן א באדייטנדיקע ראלע.

דער עלטער,סאלאמאן (שלמה שניאור זלמן) פאזנאנסקי,איז
געקומען קיין לאדזש מיט א יאר פריער פון מיינע עלטערן.ער
איז,אייגענטלעך, געווען דער,וואס האט זיי צוגערעדט,אז
זיי זאלן פארן קיין לאדזש. ער האט געזען דעם שנעלן אויפ-
בלי פונדער שטאט,די גוואלטיקע אנטוויקלונג פון דער טעקס-
טיל-אינדוסטריע,און קענענדיק די ענערגיע פון מיין טאטן,
האט ער געזען זיין צוקונפט דא. ער אליין,מיין פעטער,דע-
מאלט נאך א בחור,האט געקריגן א גוטן פאסטן אין דער גרוי-
סער רוסישער טראנספארט-געזעלשאפט "נאדיעזשדא". די גרויסע
לאגערן פון דער געזעלשאפט האבן זיך געפינען אויף ציגל-
גאס 61-63. איך דערמאן דאס פשוט צוליב דעם,וואס נאך דער
גרויסער שרפה אין יאר 1903,וואס האט געלאזט בלויז ציגל
און אייזן,איז אויף דעם זעלבן ארט מיט יארן שפעטער אויפ-
געבויט געווארן דאס פוילישע טעאטער.

מיין פעטער האט גלייך נאכדעם באקומען א פאסטן אין א
צווייטער גרויסער רוסישער טראנספארט-געזעלשאפט. ער האט
דארט געארבעט נאר א פאריאר,געווארן א רייזנדער פאר סי-
ביר ביי א גרויסער טעקסטיל-אונטערנעמונג,שפעטער,דעם זעל-
בן ראיאן באארבעט אויף אייגענעם חשבון. זיין ארבעט אין
דער טראנספארט-געזעלשאפט,האט אים אין די מלחמה-יארן 1914
-1918 געהאלפן דערצו,אז ער זאל באקומען א אנפירנדיקן פא-
סטן אין דער זעלבער געזעלשאפט אין זייער אפטיילונג אין
טאמסק (סיביר) און מחמת דעם איז ער געווארן באפרייט פון
צו גיין אויפן פראנט. (ער האט געהאט א רויטן בילעט-רעזער)
ער האט חתונה געהאט מיט אן אינטעליגענט,געלערנט מיידל
פון קרעמעניעץ,סאניא סכיזש, א נאענטע קרובה פון דעם בא-
קאנטן שרייבער און רעדאקטאר פון יידישע צייטונגען- צבי

פרילוצקי (דעם פאטער פון דעם שפעטערדיקן פוילישן סיים-דעפוטאט -נח פרילוצקי-). זי האט געענדיקט די פאריזער סארבאנע און איז אין לאדזש געווארן א לערערין פון פראנצויזיש.

בשעת די וואלן צו דער צווייטער מלוכה-דומע,וועלכע זענען פארגעקומען לויטן רעאקציאנערן קוריע-סיסטעם,איז דער פעטער מיינע געווען א געוויילטער פארשטייער פון האנדלס-אנגעשטעלטן פאראיין ( א "וויבארשטשיק",האט דאס דעמאלט געהייסן). ער האט אנגעהערט צו דער סאציאל-דעמאקראטישער גרופע.

מיין פעטער-מומע האבן נישט געהאט קיין קינדער,און ווען מיין פעטער פלעגט אויף א לאנגער צייט זיךגעפינען אויף זיין געשעפטס-רייזע אין סיביר,פלעגט זי פארן צו אירע עלטערן קיין קרעמעניעץ. איך פארבינד דאס מיט דעם,וואס אין פרילינג פון יאר 1913,ווען כ'בין שוין געווען טעטיק אין "בונד",און צוליב דעם ארעסט פון מיינס א נאענטן חבר,אברהם שמויש,האב איך מורא געהאט,אז די צארישע פאליציי וועט אויך מיך קומען זוכן,האב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואס מיין מומע איז געווען אין קרעמעניעץ,און געפארן אהין,בכדי אויסצומיידן אן עווענטועלן ארעסט. איך האב דארט,אין דער שיינער פראווינץ-שטאט,אין דער סימפאטישער סביבה פון מיין מומען,פארבראכט א פאר וואכן. און אין אנפאנג 1915,ווען ס'איז שוין געווען די מלחמה און עס האט געהאלטן דערביי,מ'זאל מיך נעמען צום מיליטער,בין איך ווידער געווען אין קרעמעניעץ,ווו איך האב מיך א שטיקל צייט אויס באהאלטן ביי די עלטערן פון מיין מומען.

איך פארלויף די געשעענישן און דערמאנענדיק מיין פעטער סאלאמאן מיט דער מומען,מוז איך דערציילן,אז ווען איך בין

שוין געווען אויפן פראנט אלס רוסישער סאלדאט און זיי אין
טאמסק, אין סיביר, בין איך די גאנצע צייט געווארן פון זיי
געשטיצט מיט פעקלעך און מיט געלט, און ווען איך האב באקו-
מען אורלויב פון מיליטער און פון פעטראגראד געפארן צו זיי
קיין טאמסק, האב איך דארט מיט זיי אנגענעם משפחהדיק פארב-
ראכט עטלעכע גליקלעכע וואכן.

אין צען יאר ארום האב איך מיך מיט זיי ווידער געטראפן.
דאסמאל אין דייטשלאנד, אין באד הארצבורג. וואס אין די דא-
זיקע צען יאר איז אלץ פארגעקומען? צוויי רעוואלוציעס, דער
בירגער-קריג, קאלטשאק, האבן געצווונגען מיין פעטער מיט דער
מומען צו פארלאזן זייער אנגעווארמט ארט אין סיביר. די מו-
מע איז דורך גאנץ רוסלאנד געפארן פון טאמסק קיין קרעמעניעץ
זען וואס ס'איז געווארן מיט אירע עלטערן און פון רעשט מש-
פחה. דער פעטער ווידער, האט זיך באמיט צונויפצוזאמלען און
רעאליזירן אין מזומנים זיין פארמעגן, וואס ער האט דערווארבן
אין טאמסק, און איז אין א צייט ארום, דורך יאפאן און אינדיע,
געקומען קיין ישראל, וווּ עס האט זייט 1914 געוווינט זיין
אינגסטער ברודער מנחם (ווען אים שפעטער). דורך פארשידענע
וועגן האט סאלאמאן זיך פארשטענדיקט מיט זיין פרוי אין קרע-
מעניעץ און אין א יאר ארום האבן זיי זייך געטראפן אין דאנ-
ציק. די מומע האט מיטגענומען אירע אלטע עלטערן, ווי אויך א
יינגל, א זון פון איר ברודער, אן אינזשעניער, וואס איז בשעת
דער באלשעוויקי-צייט דערהרגעט געווארן אין קורסק.

דאס איז געווען אין דער גרויסער אינפלאציע-צייט אין
דייטשלאנד, ווען מ'האט דארט, מיט קליינע געלטער אין אויסלענ-
דישער וואלוטא, געקענט אפקויפן גאנצע קווארטאלן פון גאסן,
און אנדערע אביעקטן. מיין פעטער האט געקויפט צוויי היי-
זער. ער האט זיי שפעטער פארקויפט און געקויפט א האטעל

אין באד-הארצבורג, ארײַנלײגנדיק אין אים דאס גאנצע געלט, וואס ער האט פארמאגט ( א פערציק טויזנט דאלאר) און עס איז נאך געבליבן א שטאטישע היפּאטעק פון 20,000 דאלאר. מ'האט אבער געדארפט אפפרישן דעם האטעל, אינוועסטירן אויף פארשי-דענע אנדערע נייטיקע זאכן. האט ער זיך געווענדן צו מיר, איך זאל אים שאפן א צען טויזנט דאלאר צווישן משפחה, אדער אין א באנק. איך האב זיך געפילט פארפליכטעט לגבי זיי פאר דער ווארעמער הילף, וואס זיי האבן מיר צוגעטיילט אין דער צייט פון די מלחמה-וואגלענישן מײַנע, און איך האב אלץ געטאן כדי זיי צו העלפן. און אין זומער 1929 האב איך זיי פערזענלעך געבראכט קיין דײַטשלאנד אכט טויזנט דאלאר. א טייל אייגנס, און א טייל געבארגטעס.

איך האב שטענדיק געהאט א ספעציעלע סימפאטיע צו דעם דאזיקן פעטער מײַנעם. ער איז געווען מיט צוואנציק יאר עלטער פון מיר, און מיר זײַנען לויטן אויסזען, געשטעל, גע-ווען זייער ענלעך איינער צום צווייטן.

איך האב דארט אין הארצבורג, געטראפן ביי מיין פעטער און מומען, אירע אלטע עלטערן, וועלכע זי האט געבראכט פון קרעמעניעץ, ווי אויך דאס איינציקע אייניקל זייערס, וואלטערן, וואס דער טאטע זײַנער איז אומגעקומען ביי די באלשעוויקעס. מיין פעטער און מומע האבן נישט געהאט קיין קינדער, אי ער, וואלטער, געווען זייער גאנצער נחת. ווען איך בין דארט גע-ווען איז ער שוין אלט געווען 10 יאר. א ווויל, סימפאטיש בחורל. אין יאר 1958 האב איך זיך מיט אים ווידער געטראפן, שוין אין ישראל. - איך האב אין הארצבורג פארבראכט 20 טעג און פון דארט אריינגעפארן צו מיין שוועסטער פאולא קיין פאריז, וווּ זי איז צוזאמען מיט איר מאן, סאלעק פאגעל און זון, זשאנא, געווען זייט דעם יאר 1922. (וועגן דעם וויזיט מײַנעם אין פאריז - אין א שפעטערדיקן קאפיטל.)

מער ווי ביזן יאר 1934 האבן מיין פעטער און מומע נישט געקענט פארבלייבן אין הארצבורג. היטלער איז געקומען צו דער מאכט און דער ערשטער היטלעריסטישער לאנד-פארטיי-צוזאמענפאר איז אין יאר 1933 פארגעקומען טאקע אין זעלבן הארצבורג. עס האבן זיך אנגעהויבן די באקאנטע יידן-העצעס;עס האבן אויפגעהערט צו קומען אין האטעל אריין די יידישע געסט.מ'האט געמוזט דעם האטעל פארמאכן. באלד האט די שטאטישע היפאטעק-באנק פארלאנגט דאס צוריקצאלן פון די צוואנציק טויזנט דאלאר,וואס זי האט געבארגט אויפן האטעל. די באנק האט נישט לאנג געווארט און געשטעלט דעם האטעל אויף א ליציטאציע,פארקויפט אים פאר א שבוש,אויף אזוי ווייט,אז עס איז אויך אפגעפאלן די צווייטע היפאטעק,וואס דער פעטער האט פארשריבן אויף מיר. ער איז געבליבן גאלע, אן ארימאן.

אין יאר 1934 זענען אין הארצבורג געשטארבן די עלטערן פון מיין מומען און סוף פון דעם זעלבן יאר,זיינען מיינע פעטער מיט דער מומען,מיטן זון פון איר ברודער,וואלטער, וואס איז שוין דערווייל אלט געווארן 17 יאר,געפארן קיין ישראל,וווהין עס האט זיי אריבערגענומען זייער ברודער, מיין יינגערער פעטער מנחם. ( צו זייער ישראל-קאפיטל וועל איך קומען ווען איך וועל באשרייבן אונזער וויזיט אין ישראל.אין יאר 1958.)

חיים-לייב פאזנאנסקי,אדער ליאווא,ווי אלע האבן אים גערופן,דער מיטלסטער ברודער פון מיין מאמען,איז געווען א באקאנטער געזעלשאפטלעכער טוער אין לאדזש. ער איז אלע יארן געווען דער בונדישער פארשטייער אין לאדזשער שטאט-ראט,פון יאר 1917 ביז דעם מלחמה-אויסברוך פון יאר 1939,איז ערגעווען

און איבערייס טעטיק אין דער יידישער וועלטלעכער שול-בא-
וועגונג,פריער אין שול-און-בילדונגס-פאריין און שפעטער
אין דער מעדעם-שולע אין לאדזש. געווען אויך א מיטגליד
פון דער הויפט-פארוואלטונג פון אלע יידישע שולן אין פוי-
לן "ציש"א". געווען דער רעדאקטאר פון "לאדזשער וועקער"
(די פארטיי-אויסגאבע פון "בונד" אין לאדזש. זיין טעטי-
קייט אין "בונד" האט חיים-לייב פאזנאנסקי נאך אנגעהויבן
אין די רעוואלוציע-יארן פון 1905-1908 אין בערדיטשעוו.
ער איז געווען עטלעכע מאל ארעסטירט,שפעטער איז ער אנטלא-
פן קיין אויסלאנד און ביזן יאר 1910 זיך געפינען אין
בערן (שווייץ),ווו ער האט געענדיקט א האנדלס-אקאדעמיע.
ער איז געווארן אמנעסטירט דורך דער צארישער מאכט און גע-
קומען מיט זיין פרוי,רעלא,אין יאר 1910 קיין לאדזש,ווו
ער האט באקומען א גוטן פאסטן אלס בוכהאלטער אין א גרוי-
סער טעקסטיל-פירמע. ער האט געמוזט דעמאלט זיין זייער פאר-
זיכטיק און נישט געקענט זיין אקטיוו אין דער פארטיי. ער
איז אבער געבליבן דער אייגנטלעכער אומלעגאלער פארבינדלער
צווישן דעם צענטראל-קאמיטעט פון דער פארטיי מיט דער לאד-
זשער ארגאניזאציע. ווען איך בין ביים סוף פון יאר 1912
געווארן טעטיק אין "בונד",בין איך געווארן דער פארבינד-
לער צווישן דער פארטיי און אים,און דורך אים מיטן צ.ק.
פון "בונד". ביי אים אין שטוב האב איך זיך באקאנט מיטן
באקאנטן בונדישן טוער פון יענער צייט -בראניסלאוו גראסער-
וועלכער איז אין יאר 1913 יונגערהייט געשטארבן,און זיין
נאמען האבן שפעטער געטראגן א סך בונדישע קולטור-קלובן
איבער גאנץ פוילן. דורך פאזנאנסקין איז מען אויך געקומען
אין קאנטאקט דער שטאטישער אינטעליגענטן-גרופע,וועלכע פלע-
גט פון צייט צו צייט איינארדענען פארשידענע קולטורעלע
אונטערנעמונגען לטובות דעם בונדישן ר.ק. (רויטער קרייץ

פאר פאליטישע ארעסטירטע).

ווינטער 1913-1914 האב איך זיך ביי אים געטראפן אויך מיטן באקאנטן בונדישן סוער און גלענצנדן רעדנער בייניש מיכאלעוויטש,וועלכער איז געקומען קיין לאדזש ווי דער בונדישער פארשטייער אין נאציאנאליסטעטן-ראט ביי דער סאציאל-דעמאקראטישער פראקציע פון רוסישן פארלאמענט (דומע),כדי אויפצוקלערן די דעמאלטיקע גרויסע סענסאציע פון טאג - די פראוואקאציע-אפערע פון ראמאן מאלינאווסקי,דעם פארזיצער פון דער באלשעוויסטישער פראקציע אין דער דומע.

גראד צו יענער צייט איז געגרינדעט געווארן ביי דער אקטיווער מיטהילףפון אונזערע בונדישע חברים,דער יידישער האנדלס-אנגעשטעלטער פאראיין אין לאדזש. אזא פאראיין האט שוין אייגענטלעך עקזיסטירט אין לאדזש פון לאנגע יארן צוריק,אבער ער האט געטראגן אן אסימילאטארישן כאראקטער;קיין יידיש ווארט האט מען דארט נישט געהערט,די פוילישע שפראך איז געווען דארט די דאמינירנדיקע. פאליטיש איז די מערהייט פון אירע פירער געווען געניינגט צו דער ס.ד.ק.פ.ל.( די שפעטערדיקע קאמוניסטישע פארטיי).

אין שטאט איז שוין געווען א גרויסע צאל אנגעשטעלטע אין קלענערע אונטערנעמונגען,פשוטע פאלקס-מענטשן,און אויך נאך אזעלכע,וואס האבן געטראגן קאפאטעס און קליינע היטעלעך וואס האבן בכלל נישט געהאט קיין צוטריט צו יענעם גרויסן אסימילאטארישן פאראיין ("קאפאטשאזשעס" האבן בכלל דארט נישט געקענט געהערן) - און עס איז רייף געווארן דער געדאנק צו שאפן א נייעם יידישן האנדלס-אנגעשטעלטן פאראיין, ווו יידיש זאל זיין די אומגאנגס-שפראך פון כמעט אלע זייערע מיטגלידער. אן אדוואקאט (אנדרעס) האט ארויסבאקומען די דערלויבעניש פון גענעראל-גובערנאטאר אין פעטריקאוו (לאדזש האט ביז 1914 אדמיניסטראטיוו אנגעהערט צו דער

פעטריקאווער גובערניע). און אין פרילינג 1913 האט דער
פאראיין אנגעהויבן צו פונקציאנירן. דער פאראיין איז שנעל
געווארן פאפולער צווישן די מאסע אנגעשטעלטע און צום סוף
יאר האט ער שוין געציילט קנאפע 1000 מיטגלידער. איך בין
שוין דעמאלט געווען אן אנגעשטעלטער אין א גרויסער טעקסטיל
פירמע און אויך שוין אנגעהערט צום "בונד" און מיטן גאנצן
יוגנט-ברען אריינגעווארפן זיך אין דער פאראיין-טעטיקייט.
ווערבירט מיטגלידער,געפירט פאליטישע אגיטאציע און שוין
אין דער ערשטער פארוואלטונג פון פאראיין,האט דער "בונד"
פון 12 פארוואלטונגס-מיטגלידער געהאט 5.צווישן זיי אויך
מיין פעטער חיים-לייב פאזנאנסקי. ביי די שפעטערדיקע ווא-
לן איז געווארן פארזיצער פון פאראיין און אלס אזעלכער
געבליבן לאנגע יארן.

מיין פעטער איז בכלל געווען א זער ליבליכער און געמיט-
לעכער מענטש,האט זיך זעלטן אויפגערעגט,געווען א צוגעלא-
זענער צו אלעמען,מיט א לייכטן שמייכל אויף די ליפן און
לאכנדיקע אויגן. קיין גרויסער רעדנער איז ער נישט געווען,
אבער א לאגישער און גוטמוטיקער דיסקוטאנט און אפאנענט.
מ'האט אים ליב געהאט און אויך די פאליטישע קעגנער האבן
געהאט א סך דרך ארץ פאר אים און גערן מיטגעארבעט מיט אים.

מיר האבן געשאפן ביים פאראיין א יידישע ביבליאטעק.די
פייערלעכע דערעפענונג פון דער ביבליאטעק איז פארגעקומען
גראד דעמאלט ווען בייניש מיכאלעוויטש איז געווען אין לא-
דזש. האבן מיר אים געבראכט פון גראנד-האטעל,וווּ ער איז
איינגעשטאנען אלס א רוסישער קופיעץ (סוחר),אין פאראיין
אריין און ער האט געהאלטן א באגריסונגס-רעדע פון 30 מי-
נוט. ער האט גערעדט וועגן דעם אויפבלי פון דער יידישער
קולטור און ליטעראטור,באגייסטערט דעם גאנצן עולם מיט
זיין שיינער און אינהעלטסרייכער שפראך. מיר,די גרופע

בונדיסטן זענען געווען שטארק שטאלץ מיט אונזער פירער און ווארשאגער.

פאר דעם דאזיקן פעטער מיינעם האב איך נאך ייִנגלווייז געהאט א ספעציעלע שוואכקייט. ווען כ׳בין נאך אלס שילער אריינגעצויגן געווארן אין א סאציאליסטישן יוגנט-קרייז, פלעג איך זיך מיט גרויס באוואונדערונג און אנערקענונג צו-הערן זיך צו די רייד פון מיין מאמען וועגן איר רייזע קיין ווארשע מיטן זיידן צום אדוואקאט ראזענזאל; זי פלע-גט דערציילן די איינצלהייטן פון די ארעסטן פון מיין פע-טער און דעם פארשטייענדיקן פראצעס,ווו עס האט אים געדראט סיביר,קייטן,פארשיקונג. עס פלעגט דערבײַ אפט דערמאנט ווע-רן דער "בונד",וועגן אומלעגאלער פארטיי-ארבעט,אגיטאציע, פארשפרייטונג פון אומלעגאלער ליטעראטור א.א.וו. אין מיין דמיון האב איך געזען מיין פעטער ווי א העלד,ווי א מוטיקן קעמפער פאר א גערעכטער זאך. פערזענלעך האב איך אים,ביזן יאר 1910,ווינציק מאל געזען; ער פלעגט,אדער ארומפארן אין פארטיי-ענינים איבער די שטעט פון יידישן מושב,אדער זיצן אין די רוסישע טורמעס. און דערפאר קען איך נישט זאגן,אז ער האט געהאט א דירעקט טן שייכות מיט מיין אנשלוס אין דער בונדישער באוועגונג,אבער אומדירעקט האט זיין טובטעלע פער-זענלעכקייט און די אידעאלן אין וועלכע ער האט געגלייבט און געקעמפט פאר זיי,געהאט איר ווירקונג אויף מיין יוגענ-טלעכן געדאנקן-גאנג און געמיט.

אין דער מלחמה-צייט האט ער אין יידישן האנדלס-אנגעש-טעלטן פאראיין,ווו ער איז געווען פארזיצער,געפירט א גרוי-סע הילף-ארבעט צווישן די אנגעשטעלטע,וועלכע זענען געווען ארבעטסלאז. פאר זיי איז געעפנט געווארן אין פאראיין א קיך ,א טיי-האלע. ער פלעגט זארגן,אז דער פאראיין זאל בא-קומען פון מאגיסטראט דעם געהעריקן צוטייל פון פראדוקטן.

ער האט אויך געזארגט פאר דער גייסטיקער שפייז פון די מיט גלידער - עס פלעגן אין לאקאל פון פאראיין פארקומען לעק-ציעס,רעפעראטן,קאנצערטן,כאר-אונטערנעמונגען. ער האט אויך איינגעפירט שפראך-קורסן,מ'האט געלערנט פויליש,דייטש און רוסיש,אויך בוכהאלטעריע. און ער אליין איז געווען דער לערער,דער אינסטרוקטאר.

ווען די מלחמה 1914-1918 האט זיך געענדיקט און פוילן איז ווידער געווארן א זעלבסטשטענדיקע מלוכה,און ווען דער פעדאגאג י.אב האט געעפנט א גימנאזיע פאר יידישע מיידלעך (שבת האט מען נישט געלערנט) איז פאזנאנסקי געווארן דער סעקרעטאר פון דער גימנאזיע. דעם פאסטן האט ער אנגעהאלטן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה. הונדערטער מיידלעך האבן פאר די צוואנציק יאר זיך געלערנט אין דער דאזיקער גוט באקאנטער אין לאדזש גימנאזיע. פאזנאנסקי איז ביי זיי און ביי זייערע עלטערן,געווען שטארק באליבט און געשעצט. איךפלעג מיך אין פארלויף פון די שפעטערדיקע יארן טרעפן מיט אביטוריענטקעס פון דער גימנאזיע,וואס האבן זיך געראטעוועט פון חורבן און אלע האבן גערעדט וועגן פאזנאנ-סקין מיטן גרעסטן פיעטעט און ליבע.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראכן (סעפטעמבער 1939) און די בונדישע טוערס און ראטמענער פון שטאט-ראט (אויך אנדע-רע),האבן פארשטאנען,אז זיי וועלן זיין פון די ערשטע ארע סטירט צו ווערן מצד די נאציס,האבן זיי באשלאסן וואס גי-כער צו פארלאזן מיט זייערע משפחות לאדזש,און לאזן זיך אויף מזרח,גלייבנדיק אז דארט וועלן זיי זיך ראטעווען.
א טייל פון זיי האט טאקע זיך איינגעגעבן צו ראטעווען אין רוסלאנד, א טייל פון זיי איז דורך פארשידענע וועגן איבער רוסלאנד,יאפאן,אין יאר 1940 געקומען אין די פאראייניקטע שטאטן.

מיין פעטער חיים-לייב פאזנאנסקי,ווי אויך דער ד"ר מארגוליס,יוסף מארגענטאלער און זילבערבערג,האבן נישט געקענט ביי זיך פועלן צו פארלאזן דאס יידישע לאדזש,וועמענס פארשטייער זיי זיינען געווען,האבן זיי באשלאסן צו בלייבן אין שטאט און מיטמאכן אלץ,וואס עס דערווארט אלע יידן,ביי די דייטשן.

די משפחה - מיין מאמע,מיר אלע,האבן צוגערעדט דעם פעטער חיים לייב מיט דער מומען,זיי זאלן צוגלייך מיט אנדערע פארלאזן די שטאט,אבער מיין פעטער איז געבליבן פעסט ביי זיין באשלוס. אבער שוין אויפן דריטן טאג נאכן ארייננקומען פון די דייטשן אין שטאט אריין,אי געקומען צו אים אין שטוב אריין א פאליציי-פארשטייער און האט אים מיטגענומען אין פאליציי-דעפארטאמענט. פון דעמאלט אן האבן מיר שוין פון אים נישט געהערט. מ'האט אים,צוזאמען מיט די דערמאנטע בונדיסטן און אויך א גרויסע צאל אנדערע "פאליטישע פארברעכער",געהאלטן פארשפארט אין א טורמע,ווו מ'האט זיי מערדערלעך געשלאגן,און צום סוף פארפייניקט צום טויט,און ביז היינט איז נישט באקאנט ווו זייער געביין איז אהינגעקומען.

מיין מומע רעלא (אלבין),דעם פעטער חיים-לייבס פרוי,א ליטוואטשקע פון שאוועל,קאוונער גובערניע,זייער א געמיטלעכע און לעבעדיקע פרוי,האט גערעדט יידיש מיט א "סין". מיין פעטער האט זיך מיט איר באקאנט אין בערלין,ווו זי האט שטודירט דענטיסטיק. זי האט אבער איר פראפעסיע נישט פראקטיצירט. קיין קינדער האבן זיי נישט געהאט און זי איז אלע יארן געווען שטערבלעך פארליבט אין אים,אין איר ליאווא. ווען ער פלעגט בלייבן ביז שפעט אויף דער נאכט אויף זיצונגען אין האנדלס-אנגעשטעלטן פאראיין,אדער ביי די שול-פארוואלטונגען,פלעגט זי אים ברענגען סאנדוויטשן

און ווארטן אויף אים אין צווייטן צימער, ביזן סוף פון דער זיצונג.

א פאר חדשים שפעטער זענען מיר אלע אריין אין לאדזשער געטא. די חדשים און שפעטער יארן זענען געפלאסן אין צרות און אין פיין. די מומע, האט געגלייבט, אז איר ליאווא לעבט און וועט זיך נאך אומקערן צו איר. זי האט בכלל געהערט צו די אפטימיסטן, וואס האבן אין די ערגסטע געטא-צייטן גע-גלייבט אין אלע פאנטאסטישע מעשהס, וואס עס פלעגן זיך פאר-שפרייטן, אז אט-אט וועלן די ענגלענדער צעברעכן די דייטשן די ביינער, און אז די דייטשן זענען שוין אן עראפלאנען און שיפן, וועלכע זיי האבן פארלוירן אין די שלאכטן מיט ענגלאנד.

אין אנפאנג, ווען די לאדזשער יידן זענען אריין אין געטא איז זי געווען מיט מיינע עלטערן, אבער שפעטער האט מען זי איינגעארדנט אין דער קינדער-שול, וואס די מעדעם-שול האט געהאט אין באלוט, אויף זגערזשער גאס. שפעטער צו, ווען רום-קאווסקי, דער עלטסטער פון די יידן אין געטא, האט זיך דער-וווסט, אז אין געטא געפינט זיך אויך די פרוי פון ח.ל.פאז-נאנסקי, פאר וועמען ער האט געהאט א גרויסן רעספעקט, ווי צו אן ערנסטן געזעלשאפטלעכן טוער פון פאר דער מלחמה, האט ער ארויסגעוויזן צו איר א ספעציעלע אויפמערקזאמקייט און צו-געטיילט איר א צימער אין מארישין צוזאמען מיט דער שוועס-טער פון באקאנטן יידיש-טשעכישן גרויסן שרייבער, פראנץ קאפקא, וועלכע איז אריינגעקומען אין לאדזשער געטא צוזאמען מיט די טראנספארטן דייטשע און עסטרייכעשע, ווי אויך טשע-כישע יידן, וואס די דייטשן האבן געבראכט אהער. די יידן פון דייטשלאנד זענען לרוב געווען עלטערע מענטשן, להיפוך, די יידן פון ווין און פראג זענען געווען א יינגערער עלע-מענט, צום טייל פראפעסיאנאלן.

די מומע מיינע האט געלעבט כמעט ביז דער ליקווידאציע

פון געטא. זי איז קראנק געווארן, און איך האב זי נאך בא-
וויזן צו זען אין שפיטאל, שוין אן אויסגעלאשענע, קראנקע
פרוי, קורץ פאר דעם ארויסשיקן מיך אין קאצעט קיין דייטשלאנד.

איך וויל צוגעבן, אז מיין פעטער האט אין יאר 1939 ארוי-
סגעגעבן א באנד זכרונות "מעמוארן פון א בונדיסט". ווייטער-
דיקע בענד האט ער שוין נישט באוויזן ארויסצוגעבן.

---

דער דריטער, דער יינגסטער ברודער פון מיין מאמען, מנחם
פאזנאנסקי, איז געווען נאר מיט זיבן יאר עלטער פון מיר.
ער, מענדיא, ווי אלע האבן אים גערופן, איז געווען דער ליב-
לינג פון מיין זיידע-באבען, אפשר דערפאר, וואס ער איז גע-
ווען לענגער צוזאמען מיט זיי, ווי די אנדערע זין. ער איז
געווען א געלאסענער, רויקער בחור, א מתמיד; אליין זיך גע-
לערנט שפראכן, געקענט גוט רוסיש און העברעיש, גערעדט א פלי
סיקן ליטעראַרישן יידיש. ער איז געווען אן עקסטערן און
יעדעס יאר אפגעגעבן עקזאמענעס אין דער גימנאזיע. ער פלע-
גט זיך אויסהאלטן פון געבן לעקציעס אין רוסיש און העב-
רעיש, אפגעגעבן עקזאמענעס פריער אלס א רוסישער לערער, שפע-
טער פאר א "אפטעקארסקי אוטשעניק" (די ערשטע שטופע פון א
אפטייק-פראוויזאר). מיט אונז, זיינע פלימעניקעס, פלעגט ע ר
זיך גערן פארנעמען. מיך האט ער צוגעגרייט צו די עקזאמע-
נעס אין דער האנדלס-שולע. ער האט זיך שטארקפארטיפט אין
דער העברעישער ליטעראטור, און האט אנגעהויבן שרייבן לידער.
א שטארקע השפעה האט אויף אים געהאט דער העברעישער שריי-
בער שאפמאן, וואס האט געוווינט אין לעמבערג (דעמאלט עסט-
רייך-אונגארן). ער האט באשלאסן צו פארן קיין לעמבערג, כדי
צו זיין נאענטער צו שאפמאנען. אויף צו קענען זיך דארט
אויסהאלטן, האט ער זיך אויסגעלערנט אין א לאדזשער דרוקע-

ריי האנט-זעצעריי און ווען ער איז געקומען קיין לעמבערג, האט ער דארט געארבעט א צייט אין דער דארטיקער יידישער צייטונג " לעמבערגער טאגעבלאט".

דערווייל רוקט זיך אונטער די צייט, ווען ער דארף זיך שטעלן צום פריזיוו און ער וויל נישט, אז דער טאטע זיינער זאל באצאלן 300 רובל שטראף, פאר זיין נישט צושטעלן זיך, איז ער געקומען אהיים קיין לאדזש און מיטן יידן געפארן קיין קאמעניעץ-פאדאלסק, ווו ער איז געבוירן געווארן, און מען האט אים צוגענומען צו די זעלנער.

אייגנטלעך, איז אים, לויט זיין בילדונג, געקומען צו דינען ווי א "וואלנא אפרעדיעלאיושטשי"(איין יאר פרייוויליקער) ד.ה. נאר איין יאר און ווי א פרייוויליגירטער, ער האט דאס אבער געדארפט טאן, לויטן געזעץ, א יאר פריער, איידער זיין יארגאנג איז גערופן געווארן צום פריזיוו.

ער האט זיך נישט געקענט צופאסן צו דער כאמסקער באהאנדלונג פון זיינע "דיאדקעס" (עלטסטע). ער פלעגט שרייבן ביטער-טרויעריקע בריוו צו די עלטערן זיינע, צו מיין מאמען און צו זיין ברודער. מ'פלעגט פארן צו אים אין פאלק ארייין (דאכט זיך, אין לוצק). געפרווט פארבינדן אים מיט די דארטיקע יידן. אזוי האט ער זיך אפגעמאטערט קנאפע דריי יאר. געקומען אהיים, ווידער גענעבן העברעאישע לעקציעס. די נאענטסטע חברים זיינע זענען געווען די דעמאלט יונגע פאעטן יצחק קאצענעלענסאן און יעפים זאזולא. זיי פלעגן אלע דריי טראגן דעמאלט מאדערנע ברייטע פעלערינעס, מיט קליינע רונדע קאפעלושן און נישט ביי איינעם האבן זיי אין דער גאס ארויסגערופן פארוואונדערונג און נייגעריקייט. זיי פלעגן אפט קומען צו דער באבען אין שטוב און זי איז געווען זייער צופרידן פון דעם וויזיט פון דער יונגער חברה און פלעגט זיי מכבד זיין מיט טיי און וואראניע.

יצחק קאצענעלנסאן איז שפעטער געווארן דער באקאנטער פאעט,וואס האט געשאפן אין א קערנדיקן און שיינעם העברע-יש און יידיש. - יעפים זאזולא איז מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה אוועק קיין רוסלאנד;געשריבן דארט לי-דער אין רוסיש,אבער מ'האט וועגן אים ווייניק געהערט.

מיין פעטער האט זיך באקאנט מיט דער לערערין מאניא ניע-בראט,וועלכע האט געוווינט אלס א סובלאקאטארין ביי מיין עלטערן פעטער,סאלאמאן. זי איז געווען א לערערין אין דע ר גימנאזיע יאשונקא-זעליגסאן. עס האט לאנג נישט געדויערט און זיי האבן באשלאסן חתונה האבן. דערווייל האט מיין פע-טער מנחם באקומען ארבעט אין העברעישן פארלאג פון ביאליק-ראווניצקי,אין אדעס. האט ער אהין ארויסגערופן זיין בא-שערטע און דעם 14-טן יולי 1914 האבן זיי געזאלט שטעלן א חופה. צו דער חתונה איז אהין געפארן מיין זיידע יוסף פאז-נאנסקי. ווען ער איז אנגעקומען קיין אדעס דעם 14-טן יו-לי אין דער פרי,האט אים דאס פארל אפגעווארט ביי דער באן און מנחם האט אים איבערגעגעבן,אז דעם זעלבן טאג איז אויסגעבראכן די מלחמה און ער מוז זיך אין א פאר טעג ארום שטעלן צום מיליטער,אלס זאפאסנער סאלדאט.

אין אדעס האט גראד געוווינט דער שפעטער באקאנטער ציו-ניסטישער טוער,יצחק סאבענקין,וועלכער האט געהאט אן אויס-לענדישן פאס,מיט א וויזע צו פארן קיין ישראל (דעמאלט טער קיי). די פעטער פלעגן דעמאלט זיין אן פאטאגראפיעס. ער איז געווען א קרוב פון מיין זיידן און ער האט גערן געגע-בן זיין פאס מיין פעטער,אז ער זאל זיך ראטעווען פון צו גיין אין דער מלחמה. מ'האט אויך שנעל געשטעלט א חופה ביי א רב און אין דריי טעג ארום,איז מיין פעטער אנגעקומען קיין קאנסטאנטינאפאל. די פרוי זיינע איז אים שפעטער נאכ-געפארן. זיי האבן זיך געסראפן אין חיפה.

מיין זיידע האט נאך באוויזן צוריקצוקומען קיין לאדזש.
דערווייל איז טערקיי אריין אין דער מלחמה אויף דער זייט
פון די דייטשן און מ'האט כמעט אלע רוסישע בירגער ביי זיי
ער שווערע באדינגונגען אינטערנירט אין א לאגער פון געפאנ-
גענע,צווישן זיי אויך מיין פעטער מיט זיין פרוי.

ווען די מלחמה האט זיך געענדיקט,זענען זיי אוועק קיין
תל אביב,דעמאלט נאך זייער א קליינע שטאט. מנחם האט באקו-
מען א פאסטן אלס לערער. עס זענען געבוירן געווארן ביי זיי
צוויי קינדער: בנימין און רות. די לוינען זיינען געווען
זייער קליינע און זיי האבן זיך גוט געמוטשעט. פון צייט
צייט פלעגן מיינע עלטערן זיי צו ביסלעך אונטערשטיצן מיט
געלט און מלבושים. ווען מנחמס קינדער זענען אונטערגעוואק-
סן האבן די עלטערן זיי געשיקט אין קיבוץ אריין. אין יאר
1933,ווען דער נאציזם האט אנגעהויבן בושעווען אין דייט-
שלאנד,זענען אנגעקומען קיין ארץ ישראל א פאר גרופעס דיי-
טש-יידישע חלוצים,וועלכע זענען געווארן איינגעארדנט אין
קיבוצים און אויך אין קיבוץ אין וועלכן עס האט זיך געפו-
נען רות. מיט איינעם פון די דייטשע חלוצים אין קיבוץ האט
רות חתונה געהאט. נאך דער חתונה האט דאס יונגע פאר-פאלק
לאנג נישט געבליבן אין קיבוץ און זיי זענען געקומען קיין
תל אביב.

צו יענער צייט האט זיך שוין געפונען אין תל אביב מיין
שוועסטער פאליא און איר מאן,סאלעק פאגעל. זיי זענען געקו
מען קיין ישראל אין יאר 1935,פון פאריז,אויף אן אפידעוויט
וואס מיין פעטער האט פאר זיי ארויסבאקומען.מיין שוואגער
פאגעל איז געווען א געענדיקטער ארכיטעקט. ער האט אין א
צייט ארום באקומען ארבעט. מיין פעטער מנחם האט נאך מיט א
צייט צוריק באקומען צוגעטיילט,צוגלייך מיט אנדערע לערער,
א מגרש אויף אויסצובויען אויף אים אן אייגענע שטוב.מיין

מיין פעטער האט נישט געהאט קיין מיטלען אויף אויפצושטעלן א שטוב פאר זיך. ער פלעגט פארן מגרש צאלן קליינע יערלעכע ראטעס . פאר דער צייט איז די געגענט,ווו דער פלאץ זייע- רער האט זיך געפונען,געווארן צוגערעכנט צום צענטר פון דער שטאט און האט באקומען א גרעסערן ווערט. האט מיין שווא גערצוגערעדט מיין פעטער און מומען,אז זיי זאלן דעם פלאץ פארקויפן,און פאר דעם געלט,וועט מען אין אנדער ראיאן קע- נען קויפן אן אנדערן פלאץ און עס וועט נאך בלייבן געלט אויף אויפצושטעלן א שטוב. אזוי האבן זיי טאקע געטאן. מיין שוואגער האט געמאכט די פלענער און מ'האט אויפגעשטעלט א שיינע,גראמע,גרויסע שטוב, א שותפותדיקע מיט זייער טאכטער, וועלכע איז געקומען מיט איר מאן פון קיבוץ. דער מאן פון מיין קוזינע,רות,דער יידיש-דייטשער בחור - לאכיש - האט ארגאניזירט א פלאסטיק-פאבריק. ער האט ארויסגעבראכט שיין פרנסה. זיי האבן דריי קינדער: צוויי יינגלעך און א טאכ- טער. זיי זענען שוין היינט דערוואקסענע מענטשן. אלע דריי אין מיליטער; די יינגלעך האבן שוין חתונה געהאט. איינער פון זיי האט בשעת דער יום כיפור מלחמה,באקומען א דורכגע- שאסענעם פוס .

מיין פעטערס זון,בנימין,איז געבליבן אין קיבוץ בית השיטה. ער איז דארט געווען א לערער. ער האט אין קיבוץ חתונה געהאט מיט צפורהן,מיט וועלכער ער האט געהאט דריי זין. זי,צפורה,האט דארט געהאט מיט זיך איר מוטער,וואס איז געווען פון דער היים א קאצענעלנסאן,א שוועסטער פון דער פרוי פונעם ישראל-פרעזידענט,זלמן שזר. בנימין איז געווען אנגעזען אין זיין קיבוץ. ווען מיר,איך מיט מיין פרוי,זענען אין יאר 1958 געווען אין ישראל,האבן מיר בא- זוכט דעם קיבוץ. בנימין האט זיך שטארק געטוליעט צו מיר, געוואלט ארויסווייזן זיין נאענטקייט צו מיר,אבער מיר

האבן בשום אופן זיך נישט געקענט פארשטענדיקן ,ווייל חוץ העברעיש האט ער קיין אנדער שפראך נישט געקענט. צוויי זין האבן שוין חתונה געהאט און געבליבן אין קיבוץ.ליידער,איז איינער פון זיי געפאלן אין דער יום כיפור-מלחמה און עס איז געבליבן א יונגע אלמנה מיט א קינד. אויך מיין קוזין, בנימין,לעבט שוין נישט. ער איז פאר צוויי-יארן אומגעקו-מען אין א קאר-אקצידענט,ווען ער איז געפארן אין שטאט אר-יין אויף א באזוך צו דער מאמען.

דער פעטער מנחם האט נישט אנגעהערט צו קיין שום פארטיי. ער איז אבער געשטאנען נאענט צו דער געזעלשאפט "הקיבוץ המאוחד" (פון די לינקע פועלי ציון),וואס האט אויך ארויס-געגעבן זיינע ביכער,וועלכע ער האט געשריבן אין ישראל. ער האט איבערגעזעצט פון רוסיש פעדאר קראפאטקינס באקאנט בוך "זכרונות פון א רעוואלוציאנער", אין יאר 1957 איז דערשי-נען זיין בוך קורצע דערציילונגען "דמיות מלוות" און אין יאר 1960,שוין נאך זיין טויט,איז דערשינען א בוך "בריוו" (צווישן זיי אויך זיינע צו מיר,און מיינע צו אים). ער איז אויך געווען א מיטארבעטער פון עטלעכע דאָרטיקע ליטעראַרישע זשורנאלן. ער האט אויך רעדאגירט י.ח. ברענערס ווערק.

מיר זענען אלע יארן געשטאנען אין א שריפטלעכן קאנטאקט מיט אים,וואס האט זיך נאך מער פארשטארקט נאך זיין באזוך אין לאדזש אין די דרייסיקער יארן. ווען די צווייטע וועלט מלחמה האט זיך געענדיקט,האבן זיי דארט פון א ישראל-צײי-טונג,וואס פלעגט דרוקן נעמען פון געראטעווטע יידן פונם גרויסן חורבן,זיך דערוווסט,אז איך מיט מיין טאכטער,צוזא-מען מיט מיין ברודער מארקוס,און זיין פרוי און טאכטער, זענען געבליבן לעבן,און גלייך זיך געשטעלט אין קאנטאקט מיט אונז. אזוי איז אין אלע שפעטערדיקע יארן אנגעגאנגען

צווישן אונז א וואַרעמער בריוו-אויסטויש אין יידיש וועגן פאַרשידענע אַקטועלע פראַגן, ביזן יאָר 1957, ווען ער איז געשטאָרבן נאָך אַ קורצער קראַנקהייט. ער האָט שטאַרק געוואָלט מיך זען און נישט דערוואַרט זיך.

די מומע מיינע, מנחםס פרוי, מאַניע, האָט זיך געשטאַמט פון בערדיטשעוו. זי האָט דאָרט אין די יונגע יאָרן סימפּאַטיזירט מיטן "בונד" (איר ברודער, אַ דאָקטאָר, האָט דאָרט אָנגעהערט צו דער אָנפירערשאַפט פון "בונד"). זי האָט געענדיקט דעם קיעווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט און אין לאָדזש איז זי געווען אַ לערערין אין אַ גימנאַזיע. אירע אָנסטע ריכטס-קעגנשטאַנדן זענען געווען נאַטור-וויסנשאַפט און געשיכטע. זי איז געווען אַן ערנסטע פרוי און האָט זיך מיט חמען גוט פאַרשטאַנען. קומענדיק קיין ישראל, אין יאָר 1914, האָט זי די העברעישע שפּראַך אינגאַנצן נישט געקענט, אָבער מיט דער צייט האָט זי די שווערע שפּראַך אויף אַזוי פיל באַהערשט, אַז זי איז געוואָרן אַ גוטע שותפטע צו מנחם שאַפונגען; זי פלעגט אים אויך בייהילפיק זיין ביים פאַרבעסערן די שול-אַרבעטן פון זיינע שילער אין דער גימנאַזיע. מיט מיר פלעגט זי קאָרעספּאָנדירן אויף רוסיש.

אינטערעסאַנט, אַז ווען מיר, איך מיט מיין פרוי, זענען דאָס ערשטע מאָל געקומען אין אויגוסט 1962 אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט מיך מיין חבר און פריינט מרדכי בערנשטיין, געפירט אין פאַרשידענע ערטער, וואָס האָט געקענט אַרויסרופן ביי מיר אַ ספּעציעלן אינטערעס. צווישן אַנדערע האָט ער מיך אַריינגעפירט אין ניו-יאָרק אין דער גרויסער שטאַטישער ביבליאָטעק אויף דער 5-טער עוועניו. מיר זענען געגאַנגען פון שטאַק צו שטאַק און ער האָט מיר געגעבן פאַרשידענע אויפקלערונגען.
מיר זענען געגאַנגען פון איין שפּראַך-אָפּטיילונג צו דער צווייטער, ביז מיר זענען געקומען צו דער יידישער. צוליב זיין

פארש-ארבעט,איז בערנשטיין דא געוועזן אן אפטער גאסט און זיך דארט גוט אריענטירט. דערציילט איך אים וועגן די ביכער פון מיינע פעטערס. ניט לאנג זוכנדיק,האט ער אין דער קאר-טאטעק געפונען די נעמען זייערע און די נומערן פון די דא-זיקע ביכער. איך האב מיך דערפרייט,זעענדיק מיט מיינע אוי-גן די שאפונגען פון מיינעביידע פעטערס אין דער דאזיקער גרויסער ביבליאטעק.

אין גאנג פון מיינע זכרונות-באשרייבונגען,וועט מיר נאך אויסקומען אומצוקערן זיך צו די פערזענלעכקייטן פון מיינע פעטערס,וועלכע האבן,יעדער אויף זיין אופן,געהאט א שייכות און השפעה אויף מיין לעבן און גייסטיקער אנטוויק-לונג.

## מיין קינדהייט און יוגנט

ווען מיינע עלטערן זענען אין יאר 1898 געקומען קיין לאדזש,האבן זיי געדונגען א דירה פון צוויי צימערן מיט א קיך,אין סאמע רעכטן צענטער פון דער שטאט,אויף פעטריקא-ווער 37. פון פארנט,צו דער גאס,איז נאך געשטאנען א קליין הייזל,אבער אינעווייניק אין הויף זענען פון ביידע זייטן זייטן געשטאנען צוויי גרויסע פירשטאקיקע קאמיעניצעס. די רעכטע קאמיעניצע האט געהערט צו א יידן שמולאוויטש,וואס האט געהאט אין פראנט פון הויז א שענק,און די לינקע - צו לוי קאן,דעם פאטער פון דעם שפעטערדיקן לאדזשער גרויסן פאבריקאנט און מאגנאט - אשר קאן. אין אונזער רעכטער זייט האבן אין יענער צייט געוווינט,אויסשליסלעך,יידן געקומענע קיין לאדזש פון דער גרויסער רוסישער אימפעריע,שוין אוי-ראפעיש געקליידעטע.זאס זענען געווען אין זייער מערהייט , די אזוי גערופענע אין פוילן "ליטוואקעס",אן אונטערשיד צו

צו ער איז געווען פון וויטעבסק,מינסק,בערדיטשעוו,קיעוו,
ראוונע,אדער פון טיף רוסלאַנד.

אויף דער לינקער זייט פון לאנגן הויף,האבן בלויז גע-
וווינט יידן,אין קאפאטעס און קליינע יידישע היטעלעך.
ערשטנס,די גאנצע משפחה קאן: זין,טעכטער,איידעמס,שווא-
גערס,און א שיינע פאר צענדליק אנדערע טראדיציאנעלע יידן.
אין דער מיט פון הויף,אין זיין גאנצער לענג,איז געשטאנען
נישט קיין הויכער פלויטאבער דער פלויט איז נישט געווען
קיין מניעה פאר די קינדער פוןביידע זייטן הויף.מ'פלעגט
אריבערקריכן פון איין זייט אויף דער צווייטער און צוזא-
מען זיך שפילן. עס האבן זיך אויסגעמישט יינגלעך מיט פאה-
לעך און קליינע היטעלעך מיט קינדער אין העמדלעך,רויטע
רובאשקעס,קורצע הייזלעך,און היטלען;דאסזעלבע מיט די מייד-
לעך.

אין א דריי יאר ארום ווען מיר האבן שוין דארט געוווינט
האט דער באלעבאס פון אונזער זייט,שמולאוויטש,אפגעקויפט
אויך די אנדערע זייט,אוועקגענומען דעם פלויט,האט געלאזט
אויפבויען א קווער-קאמיעניצע,איבער דער גאנצער ברייט פון
סוף-הויף און עס האט לאנג נישט גענומען און די לאקאטארן
פון הויף האבן זיך אויסגעמישט,די ליטוואקעס מיט די פוי-
לישע. אין די פארטערן און אונטערשטע שטאקן,האבן זיך גע-
פינען פאבריקלעך,ווארשטאטן,חדרים,שילן. אויפן הויף האבן
זיך געשפילט בלי גוזמא א צוויי הונדערט קינדער; פון די
פענסטער פון די חדרים האט מען געהערט די מאנאטאן זינגענ-
דיקע שטימעלעך פון די חדר-יינגלעך;פון די שילן איז געגאנ-
גען דאס ברומען פון די דאוונערס. פון די ווארשטאטן און
פאבריקלעך האט זיך געטראגן דער רויש פון די מאשינען און
געזאנג פון די ארבעטער. דער הויף האט פארגעשטעלט מיט זיך
כמעט דאס לעבן פון א גאנץ פויליש שטעטל. אויפן הויף פלעגן

קומען זינגערס,מוזיקאנטן,קונצנמאכערס,אלערליי הענדלערס מיט פעק אויף די פלייצעס,אדער קאשיקעס,אויך מיט שטופ-ווע-געלעך. מ'האט זיך ארום זיי ארומגעשטעלט און באקוקט זייערע מציאות. א גאנצן טאג איז אויפן הויף געשטאנען א לארעם,א געשריי,א געפילדער. יונגע שטימען האבן זיך אויסגעמישט מיט די שטימען פון די עלטערע.

געשפילט האבן זיך די קינדער אויפן גרויסן הויף אין קופקעלעך אין פארשידענע ווינקעלעך,אפהענגיק פון דער על-טער;גאנץ אפט יינגלעך צוזאמען מיט די מיידלעך. אין דער רעטראספעקטיוו פון דער צייט,זע איך,אז דער היינטיקער ספארט האט א גרויסן שייכות,און ענלעכקייט צו די פרימיטי-ווע,יינגלשע שפילערייען פון אמאל. דער באלעם,דער "פאלאנט (א לענגלעכער,לייכטער,שמאלער שטעקן) "יאגעלעך",דאס וועטן זיך,ווער עס וועט אין געיעג קומען פריער צו דער באשטימטער מעטע - דאס זענען געווען די הויפט-שפילערייען אויפן הויף מ'האט זיך געשפילט אין באהאלטעניש,די מיידלעך אין "קלא-סעס" - זיי פלעגן אויסמאלן מיט קרייד א קרייז מיט אפטיי-לונגען מיט נומערן און אויף איין פוס געדארפט שפרינגען פון איין נומער אין צווייטן,נישט אנרירנדיק די קאנטן פון די אפטיילונגען.

כמעט א גאנצן טאג איז מען געווען פארנומען מיט די שפי-לערייען,איבערייסנדיק זיי צו מיטאק. אויך די חדר-יינג-לעך האבן געפונען צייט צו שפילן זיך מיט דער רעשט חברה. מיין עלטערער ברודער,ארנאלד, (מיט אנדערטהאלב יאר עלטער פון מיר),איז געווען א יינגל א ברען. ער פלעגט כמעט שטענ-דיק אנפירן מיט די שפילערייען; איך בין געווען,אין פאר-גלייך מיט אים,א נעבעכל,א נאכשלעפער. ער פלעגט ארגאניזי-רן שלעגערייען אפילו אויך מיט יינגלעך פון שכנישן הויף. ער פלעגט זיך אויך פארנעמען,צוזאמען מיט אנדערע יינגלעך,

מיט יאגן און שיסן מיט א גומענע פראצע אויף שוואלבן,וואָ-
ראנעס און אנדערע פייגל,מיט יאגן קעץ,מייז און שטשורעס
אין די קעלערן.

גאנץ אפט פלעג איך איצ מקנא זיין פאר זיינע אוואנטו-
רעס. אלע קינדער האבן צווישן זיך גערעדט אויף יידיש,אויס-
געמישט געמישט מיט די דיאלעקטן,וועלכע זיי האבן געבראכט
פון זייערע היימען. עס איז דא כדאי צו דערציילן ווי א
נאך מיינע עלטערן זענען איבערגעגאנגען פון רוסיש,וואס זיי
האבן געבראכט פון בערדיטשעוו,אויף יידיש. מיין טאטע פלע-
גט אין דער ערשטער צייט רעדן מיט אונז בלויז אויף רוסיש.
מאכט זיך א מעשה,אז שטייענדיק אמאל פארן טויער,קומט אן
אונזערס א שכן,דער ד"ר שטערלינג,און הערענדיק ווי דער
טאטע רעדט מיט אונדז אויף רוסיש,האט ער זיך אויפגערעגט
און געשריגן צו מיין טאטן אויף פויליש: צו אלדע שווארצע
יאר,עס קומען די ליטוואקעס אהער און ווילן רוסיפיצירן
אונדזער לאנד (פוילן); פלאפלט שוין בעסער אויף אייער
זשארגאן,און זאל מען דא מער נישט הערן די מאסקאלישע שפראך.

די דאזיקע רייד פונעם דאקטאר,זענען מיין טאטן שטארק
אריין אין קאפ,און ווען אויך מיר קינדער האבן אים דער-
ציילט,אז די קינדער אויפן הויף קרימען זיך אונז נאך,האט
ער באשלאסן איבערצוגיין צו דער יידישער שפראך. און אזוי
האבן מיר זיך צוגעוווינט צו רעדן יידיש. און הגם איך האב
שפעטער אין דער שולעאויסגעלערנט זיך אויך גוט רוסיש,פוי-
ליש און דייטש,איז שוין יידיש געבליבן ביי מיר מיין אינ-
טימסטע שפראך,וועלכע האט מיך באגלייט אלע יארן אין אלע
וואגלענישן פון מיין לעבן. און יידיש איז אויך געבליבן
די פארשטענדיקונגס-שפראך צווישן אונז דריי עלטערע קינדער;
די אנדערע פיר קינדער ,וואס זענען שוין געבוירן געווארן
אין לאדזש,האבן שוין צווישן זיך אפילו גערעדט אויף פויליש

אבער די שטוב-שפראך איז שוין געבליבן פאר אלעמען - יידיש.

דער ד"ר שטערלינג איז געווען א ייד,א פוילישע סאציא-ליסט (פ.פ.ס.),געשפילט א גרויסע ראלע אין דער פוילישער סאציאליסטישער באוועגונג. ווען ער איז געשטאָרבן,האט דער סאציאליסטישער מאגיסטראט באשטימט אנצורופן אויף זיין נא-מען די פריערדיקע סארגאווא-גאס,אויף וועלכער עס האט זיך אגב געפונען דער יידישער שפיטאל.

דער טאטע אונזערער האט אונז נישט געוואלט שיקן אין חדרים. אין די שולן האט מען ערשט אנגענומען צו די אכט יאר. האט ער אונז,מיין ברודער ארנאלד און מיך,געשיקט אין דעם מאדערנעם חדר מתוקן פון יצחק גאלדבערג אויף דער ציגל גאס 59. דער דאזיקער גאלדבערג איז געווען דער בעל קורא אין דער דייטשער שיל;אין זיין חדר מתוקן האט מען שוין געלערנט חוץ תנך,אויך העברעיש,רוסיש,רעכענען און צייכע-נען. דער לערער פון העברעיש איז געווען יצחק קאצענעלנסאָנס פאטער, א ייד א בעל כעסן. ער האט געהאט א דינע ווירע און פלעגט מיט איר שלאגן איבער די פינגער,ווען מ'האט זיך נישט צוגעהערט צו זיינע רייד,אדער גערעדט בעת זיין לעק-ציע. חומש האט מיט אונז געלערנט איינער א ייד -מינסקי. ביי זיינס א לעקציע האט מען געקענט שרייען,פילדערן. אין שופלאדהאט ער געהאלטן טאבאק און גילזן,און געשטאפט ציגא-רעטן פאר זיך. פלעגט מען אויסנוצן די געלעגנהייט ווען ער פלעגט ארויסגיין אויף א פאר מינוט און אים ארייננמישן מעל וואס חברה האט ספעציעל געבראכט מיט זיך. ער האט ליב גע-האט בשעת דער לעקציע זיינע,ארויסשלעפן פון דער טאש בייגל און קייענדיק,דערציילן אויף יידיש חומש-מעשות. דער לערער פון רוסיש,וואססטיין,איז געווען א שטרענגער און בייזער ייד,געווען אבער א פעדאגאג א גוטער און פון אים האבן מיר

א סך געגאסן. פון די אנדערע קעגנשטאנדן איז ביי מיר ווייניק וואס געבליבן.

אין די שפעטערדיקע יארן האב איך מיך מיט דער יידישער געשיכטע און מיטן חנך באקאנט פון יהואשס תנ"ך איבערזעצונג און פון שמעון דובנאווס -וועלט געשיכטע פון יידישן פאלק.

צו קנאפע 9 יאר בין איך אנגעקומען אין דער לאדזשער האנדלס-שולע מיט דער רוסישער אונטעריכטס-שפראך. פויליש און דייטש זענען געווען אבליגאטארישע שפראכן. איך בין געווען א דורכשניטלעכער שילער. האב אבער געהאט גרויס הנאה פון געאגראפיע און נאטור-וויסענשאפט. און ביז היינטיקן טאג אינטערעסירן מיך די צוויי וויסענשאפטן גאר שטארק. אויך די רוסישע שפראך איז געבליבן ביי מיר שטארק איינגעבאקן אין מיין זכרון און איך באנוץ זי ביי יעדער געלעגנהייט. עס קומט מיר נאך אויס אויך איצט צו לייענען רוסישע ביכער און קארעספאנדירן מיט פארשידענע פריינט אין דער דאזיקער שיינער שפראך.

אין דער שולע האב איך געהאט יידישע,פוילישע,דייטשע און רוסישע חברים,אבער נאענט,אינטים,בין איך געווען מיט די יידישע חברים. מיט עטלעכע פון זיי האב איך אנגעהאלטן נאענטע חברשאפט אויך נאכן ענדיקן די שולע. די הויפט סיבה דערצו איז געווען דאס,וואס זייענדיק אין די לעצטע קלאסן אין דער שולע,האט מיך איינער פון זיי,מאיר עסקין,אריינגעצויגן אין א סאציאליסטישן שילער-קרייז. צו דעם קרייז זענען אויך צוגעצויגן געווארן די שילער: מאטעק בייגלמאן, גדליהו קארן,סטערליץ און דראזדאוו. מיר האבן שטודירט פאליטישע עקאנאמיע,קאמענטארן איבער קארל מארקס לערע און טעאריע,דיסקוטירט איבער לאסאלן,לאפארגן,בעבעלן,קאוטסקין און איבער נאך אנדערע דעמאלט אקטועלע פראבלעמען פון דער

וועלט.

מיט עטקינען,בייגעלמאנען און קארנען האב איך אנגעהאל-
טן אלע יארן א נאענטע פריינטשאפט און חברשאפט. צום סוף
1912,נאך די באקאנטע לענער געשעענישן,ווען די צארישע רע-
גירונג האט אין די גאלד-גרובן ביים טייך לענא געשאסן אויף
שטרייקנדע ארבעטער,זענען מיר אלע פיר חברים,ארייגעטרעטן
אין דער אומלעגאלער בונדישער ארגאניזאציע אין לאדזש.

איך וויל מיך נאך א ביסל אפשטעלן אויף דער שטוב אונ-
זערער,דערציילן עפעס וועגן מיין טאטן,וואס איז געווען
דער דערציער און וועגווייזער מיינער,און פאר מיר אויך דער
קלאסישער מוסטער פון א מענטשן,וואס זוכט נייע וועגן,נייע
פארמען פון מענטשלעכן צוזאמענלעבן. ער האט פאר אונז קינ-
דער אויסגעטייטשט זיין צוגאנג צו רעליגיע. ער האט מיט אלע
פיברען פון זיין נשמה פיינט געהאט דעם קלער,אויך דעם יידי-
שן. געהאלטן זיי פאר פאלשע אריסטאקראטן פון דעם באגריף
גאטהייט,פון נאטור-געזעצן,געווען אן אנהענגער פון שפינא-
זאס צוגאנג דערצו און פון שפינאזאס עטיק. זיין קעגנערשאפט
צום קלער איז געווען א שארפע,ער האט זיי געהאלטן פאר פא-
ראזיטן און איז געווארן א קעמפנדער "בעזבאזשניק"

מיין זיידע,פאזנאנסקי,וואס איז אויך געווען א פריידענ-
קער,האט אבער געהאלטן די גלויביקע חסידים פאר בלינדע,וואס
וועלן מיט דער צייט זיך באפרייען דערפון און מ'דארף זיי
טאלערירן.

מיין טאטע פלעגט נישט גיין אין שול אריין,נישט געהאל-
טן פון די טראדיציאנעלע מנהגים. אויך מיין מאמע האט זיך
צוגעפאסט דערצו. קיין כשרע קיך איז ריינמאל ביי אונז נישט
געפירט געווארן. - נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה האט מיין
פאטער זיך טיילווייז געענדערט. ער איז נישט געווארן א

אנדערש,אבער שוין נישט מער א קעמפנדער "בעזבאזשניק",מער טאלערירט די פרומע יידן,געדונגען א סטאבילן פלאץ אין דער "דייטשער"סינאגאגע,געהאט הנאה פון דער נגינה פון די דאר-טיקע חזנים. ער פלעגט גיין אין שיל אריין בלויז שבת,מיט א שטעקן (געלאזט אים,ווי אויך אנדערע האבן זיך נוהג גע-ווען,אין דער גארדעראבע פון דער שיל),דערביי פלעגט ער פון דארט פארן מיטן טראמוויי אין דער פאסט צו באזארגן אלערליי געשעפטלעכע ענינים. ער האט מיר קיינמאל נישט אויפ געקלערט די סיבה פון דער דאזיקער ענדערונג. ער איז אויך געווארן מער יידיש-נאציאנאל געשטימט.

דער טאטע מיינער האט נאך דריי יאר זיין אין לאדזש,פאר-לארן די פאר טויזנט רובל,וואס ער האט געבראכט פון בערדי-טשעוו און געבליבן אן פרנסה.האט ער געזוכט זיך צושלאגן צו עפעס. ער האט א נייגונג צו מלכה,ער האט שטענדיק געהאט ביי זיך אלערליי כלים,ווערקצייג און געקענט זיך גוט אומ-גיין מיט זיי. נאך אין בערדיטשעוו האט ער ליב געהאט צו גריבלען זיך און מאכן אלערליי עקספערימענטן מיט עלעקטרי-ציטעט,מיט עלעקטרישע גלאקן,וואס איז נאך דעמאלט געווען אין די וויקעלעך. ער פלעגט אין דער פרייער צייט לייענען ביכער וועגן דעם,נאכפארשן צייכענונגען,און איצט,זוכנדיק פרנסה,האט ער געפרווט זוכן גליק אין לאדזש אויף דעם גע-ביט. פריער האט ער ביי זיך אין שטוב איינגעפירט עלעקטרי-שע גלאקן,באזארגט זיך מיט דראטן,איזאלירבאנד,צינק און קויל און אנדערע נויטיקע דערצו זאכן. שפעטער איינגעריכט גלאקן ביי מיין פעטער אין שטוב,ווי אויך ביי א פאר שכנים.

איינגעאיבט זיך אין דעם,און גענומען זוכן ארבער אין דעם געביט אין פארבריקן,גרויסע הייזער,האטעלן און דאס האט זיך אנגענומען און געגעבן אים גוטע פארדינסטן. דער

ברודער און איך פלעגן גיין מיטן טאטן אים העלפן. אין די גרויסע הייזער פלעגט מען מאכן אן אריינגאנגס-גלאק צום סטרוזש און אויך פון די שטאקן צו אים. אין די האטעלן האט דער טאטע געמאכט אויף יעדן שטאק נומעראטארן, וואס זענען מיט עלעקטרישע דראטן געווען פארבונדן מיט די באזונדערע צימערן. אין די פאבריקן פלעגט מען די שטאקן פארבינדן מיט דעם ביורא, מיט דער אדמיניסטראציע. די דראטן פלעגט מען ציען איבער די לאנגע פאבריקס-הייפן.

דער טאטע פלעגט שטיין אויפן לאנגן לייטער, פארבינדן די דראטן, צוקלאפן צו די סלופעס. איינער פון אונז פלעגט צו-האלטן די לייטער, דער צווייטער - שלעפן די דראטן. איינמאל איז דער טאטע אראפגעפאלן פון דער לייטער, זיך גוט צעקלאפט און געבליבן אין בעט א שיינע פאר טעג. די מאמע, די משפחה, האבן געזוכט מיטלען, ווען, אז דער טאטע זאל באפרייט ווערן פון דער שווערער פרנסה. און עס האט זיך געמאכט א געלעגנהייט.

ווי שוין פריער דערמאנט, האט מיין פעטער סאלאמאנס פרוי זיך אנגעהערט מיט צבי פרילוצקי, וואס איז געווען זשורנא-ליסטיש טעטיק אין פארשידענע פעריאדישע אויסגאבעס אין לאנד. דאס האט ער רעקאמענדירט מיין טאטן צו ארגאניזירן אין לא-דזש אן אגענטור, א הויפט-געשעפט פון אלערליי יידישע און רוסישע אויסגאבעס. דורך אן אדוואקאט האט מען באקומען די קאנצעסיע פון דעם פעטריקאווער גובערנאטאר צו עפענען אזא אונטערנעמונג. דאס איז נישט אזוי אנגעקומען און עס האט גענומען איבער א יאר צייט צו באקומען די דאזיקע דערלוי-בעניש. ביז צו באקומען די קאנצעסיע, האט א באקאנטער פון מיין טאטן, א קריסט, געמבאלסקי, וואס האט שוין געהאט אן אגענ-טור פון פוילישע אויסגאבעס, אפגעטיילט א ווינקל אין זיין לאקאל און אונטער דער קאנצעסיע פון געמבאלסקי, האט מיין טאטע אנגעהויבן צו פירן זיין צייטונגס-געשעפט. זיך באקאנט

מיט די צייטונגס-פארקויפער,וואס האבן געהאט זייערע קיאס-
קן אין פארשידענע פונקטן פון שטאט,איינגעפארן קיין ווארשע,אנגעקניפט באציונגען מיט צייטונגס-אגענטורן,געשטעלט זיך אין פארבינדונג מיט די אדמיניסטראציעס פון די צייטונגען. אין יענער צייט,דאס איז שוין געווען סוף 1903,
האט פרילוצקי אנגעהויבן ארויסצוגעבן א טעגלעכע צייטונג
"דער וועג" און מיין טאטע האט איבערגענומען די פארטרעטער-
שאפט אויף לאדזש און אומגעגנט.

אזוי האט זיך אנגעהויבן צו אנטוויקלען א נייע אונטער-
נעמונג ביי מיין טאטן,וואס האט זיך אין פארלויף פון יארן
פארוואנדלט אין א גרויסער פרנסה-געשעפט,וואס האט זיך צע-
בליט און האט אנגעהאלטן ביזן אנהייב פון דער צווייטער
וועלט-מלחמה,און אין וועלכער כמעט אלע מיינע ברידער און
שוועסטער זענען אין פארשידענע צייטן געווען באשעפטיקט,
און מיטגעהאלפן צום וווקס פון געשעפט. דאס דאזיקע געשעפט
האט מיין טאטן דערמעגלעכט צו געבן אלע קינדער מיטעלע ביל-
דונג,וואס האט דעמאלט געקאסט גענוג טייער,און בכלל צו
פירן א בעסער לעבן און אפילו מאכן אפשפארונגען.

מיט דער צייט האבן מיר זיך איבערגעצויגן אויף פעטריקא-
ווער 60,אין א גרעסערערדירה. אריפן זעלבן הויף האט מיין
טאטע געדונגען א גרעסערן לאקאל פאר דער צייטונגס- אונטער-
נעמונג. מיין טאטע,איז ווי געזאגט געווען א פארטגעשריטע-
נער מענטש,געוווסט שוין דעמאלט,וואס הייסט היגיענע,אפהיטן
דאס געזונט,און איך מוז אנערקענען,אז אלע קינדער ביי אונז
האבן זיך אנטוויקלט געזונט,קיינער פון אלע זיבן קינדער
איז נישט אוועקגעפאלן אין א כראנישער קראנקהייט. מיר האבן
געהאט א היימישן דאקטאר (באמאש,שפעטער דומע-דעפוטאט),מיט
וועמען מיינע עלטערן זיינען געשטאנען אין א שטענדיקן קאנ-
טאקט,און אויך א פעלדשער ,וויטאנסקי,וואס האט געהאט א סך

פראקטיק און איז געווען א בעל יועץ פון מיינע עלטערן. יע-
דעס קינד איז געשלאפן אין א באזונדער בעטל (די שכנים פלע
גן זאגן, אז ביי ווינאגראדן איז א שפיטאל). מ'האט זיך צו-
געדעקט נישט מיט קיין פערענע, ווי עס דעמאלט געווען אין
מאדע, נאר מיט א וואטאווע קאלדרע. מיר האבן געהאט א שטענ-
דיקע דינסט אין שטוב, פריער א יידישע און שפעטער א קריסטן.
די נייע ווינונג אונזערע האט שוין געהאט וואסער-קלאזעטן
און עלעקטרישע באלייכטונג (מ'דארף דאך געדענקען, אז דאס
איז געווען מיט איבער 70 יאר צוריק). מיין טאטע איז נישט
געווען קיין גביר, אבער עס איז געווען ביי אונז א ווארעמע
זאטע, באלעבאטישע שטוב, מיט הכנסת אורחים און אויך הילף
פאר די אנדערע, מיט וואס עס האט זיך פארנומען מיין מאמע.

אין פעטערבורג, אין יאר 1904, האט א ייד -גאראדעצקי-,
ארויסגעגעבן א טעגלעכע רוסישע צייטונג, וואס האט געקאסט
נישט מער ווי איין קאפיקע און זי האט טאקע געהייסן "גאזע
טא קאפעיקא". אלע אנדערע רוסישע צייטונגען האבן דעמאלט
געקאסט צוויי קאפיקעס, און דריי. זיי זענען געווען גרעסער
אין פארנעם און אויך זיכער אינטערעסאנטער, אויך ערנסטער,
אבער די "גאזעטא קאפעיקא" האט זיך צוגעפאסט צום ניווא
פונעם דורכשניטלעכן פאלקס-מענטש, האט זי שנעל אנגעשלאגן
אין איר פארשפרייטונג; גאראדעצקי האט אנגעהויבן ארויצו-
געבן אויך אילוסטרירטע זשורנאלן "סיני זשורנאל" "סאלנצע
ראסיאי", ביליקע, אבער שיינע אויסגאבעס, וואס האבן געהאט
דערפאלג. מיין טאטע האט באקומען די פארטרעטונג פון גא-
ראדעצקיס צייטונגס-פארלאג אויף לאדזש און אויך דא האבן
זיך די דאזיקע אויסגאבעס גוט פארשפרייט. פון פעטערבורג
האבן מיר אויך באקומען די פארטרעטונג פון דער יידישער
צייטונג "דער פריינד".

אין ווארשע האט ש.י. יאצקאן, א גוטער זשורנאליסט,

פארקוקט זיך אויף גאראדעצקין און אויך אנגעהויבן ארויס-
צוגעבן א יידישע איין-קאפיקע-צייטונג "דער ווארשעווער
טאגעבלאט",וואס האט געפונען א גוטן אפקלאנג ביים ברייטן
יידישן עולם. אונז איז איבערגעגעבן געווארן די פארטרעטער
שאפט פון דער צייטונג אויף לאדזש. דערווייל האט צבי פרי-
לוצקי באקומען די דערלויבעניש ארויסצוגעבן אין ווארשע א
צוויי-קאפיקע צייטונג "דער וועג".אין איר האבן מיטגעארבעט
י.ל.פרץ,שלום אש,ה.ד.נאמבערג און אנדערע. דאס איז געווען
אין יאר 1905,און מיר זענען געווארן דער פארטרעטער אויך
פון דער דאזיקער צייטונג.

אין דעם דאזיקן רעוואלוציאנערן יאר 1905,האט זיך דער
פארקויף פון די צייטונגען גאר שטארק פארגרעסערט. ס'זענען
אויך צוגעקומען נייע צייטונגס-פארקויפערס,קריסטלעכע און
סיי יידישע.דאס זענען געווען די קליענטן פון אונזער אונ-
טערנעמונג. די באנען פון ווארשע (אומדירעקט אויך פון פע-
טערבורג),וואספלעגן ברענגען די צייטונגען,זענען אנגעקו-
מען קיין לאדזש אין פארשידענע צייטן פון טאג,אבער דער -
הויפט א זייגער 5-6 פארטאג.

איך דערמאן מיך,ווי א שטארק פארשלאפענעם פלעגט מיך
מיין טאטע וועקן און ארויסשלעפן ווארעמען בעט פארטא-
גס,איך זאל גיין מיט אים צו דער באן נאך די צייטונגען
(צו דער ווארשע-ווינער באן איז געווען פון אונזער הויז
א 15 מינוט גאנג).דארט האט שוין געווארט א שטענדיקער בא-
לעגאלע מיט א פערד,וואס פלעגט מיט אונז ארומפארן צו די
הויפט-פונקטן פון דער שטאט,ווו די צייטונגס-פארקויפער
האבן שוין מיט אומגעדולד געווארט אויף די צייטונגען. א
גרויסער טייל פון די צייטונגס-פארקויפער האט געווארט
אויף אונז אויפן הויף,ווו עס איז געווען אונזער ביורא.
די שכנים האבן פראטעסטירט,וואס מ'לאזט זיי נישט זיך ארויס-

שלאפן, מחמת די צייטונגס-פארקויפער האבן שטארק געטומלט און נישט איינמאל זענען אויסגעבראכן סקאנדאלן צוליב דעם.

.....................

איך דערמאן מיך גאנץ גענוי די שטורמישע יארן פון אקטאבער 1905. איך בין שוין דעמאלט אלט געווען איבער 10 יאר. מען האט דערוואַרט א לאדע טאג דעם אויסברוך פון א פאגראם אין לאדזש. אין הויף האבן די שכנים געשאפן א "סאמא-אבאראנע" (זעלבסטשוץ), מיט עטלעכע אלטע רעוואלווערן, מעסערס און העק; מ'האט געהאלטן אויפן פייער טעפ מיט הייס וואסער צו באגי-סן די קעפ פון די פאגראמשטשיקעס, ווען זיי וועלן אריינקו-מען אויפן הויף. (דער פאגראם איז אויסגעמיטן געווארן א דאנק דער שטעלונג פון די ארגאניזירטע סאציאליסטיש-געשטימ-טע פוילישע ארבעטער). איך דערמאן זיך די באריקאדע, וואס מ'האט אויף שנעל אויסגעבויט לעבן אונזער הויז. מ'האט גראד דעמאלט געהאט אראפגעווארפן די קליינע הייזקע, וואס איז גע-שטאנען בייס פראנט פון הויז און געהאלטן ביים פארענדיקן אויף זיין ארט א גרויסע 4 שטאקיקע קאמיעניצע. מ'האט ארויס געשטעלט וועגענער, פעסער מיט צעמענט, ברייטער, לייטערס; קעגנ איבער איז געווען מילערס אפטייק - האט מען אויך פון דארט ארויסגעשלעפט אלערליי פעסלעך, קאסטנס און אנדערע זאכן. איך און מיין ברודער צוזאמען מיטן טאטן זענען מיר ארויף אופן העכסטן ארט פון דער געביידע אין בוי, און פון דארט האט מען געזען צענדליקער באריקאדן שטייען לענג-אויס אויף דער פעטריקאווער גאס. ווען עס האט געשילט דער אומרו, האט מען פאנאנדערגענומען די באריקאדן. נאכדעם זענען געקומען די גרויסע דעמאנסטראציעס מיט צענטליקער טויזנטער באטייליקטע. פאר מיינע אויגן גייען אדורך די גרויסע דעמאנסטראציעס מיט צענדליקער רויטע פענער. די ענטוזיאסטישע מאסן האבן רויק מארשירט איבער דער פעטריקאווער גאס. עס האבן זיך געהערט



מיין זיידע יוסף פּאָזנאַנסקי

מיין באָבע מאַטע פּ.



מיין מאַמע - לובאַ



מיין טאַטע - נחום

שלאפן, מחמת די צייטונגס-פארקויפער האבן שטארק געטומלט און נישט איינמאל זענען אויסגעבראכן סקאנדאלן צוליב דעם.

....................

איך דערמאן מיך גאנץ גענוי די שטורמישע יארן פון אקטאבער 1905. איך בין שוין דעמאלט אלט געווען איבער 10 יאר. מען האט דערוואַרט א לאדע טאג דעם אויסברוך פון א פאגראם אין לאדזש. אין הויף האבן די שכנים געשאפן א "סאמא-אבאראנע" (זעלבסטשוץ), מיט עטלעכע אלטע רעוואלווערן, מעסערס און העק; מ'האט געהאלטן אויפן פייער טעפ מיט הייס וואסער צו באגיסן די קעפ פון די פאגראמשטשיקעס, ווען זיי וועלן אריינקומען אויפן הויף. (דער פאגראם איז אויסגעמיטן געווארן א דאנק דער שטעלונג פון די ארגאניזירטע סאציאליסטיש-געשטימטע פוילישע ארבעטער). איך דערמאן זיך די באריקאדע, וואס מ'האט אויף שנעל אויסגעבויט לעבן אונזער הויז. מ'האט גראד דעמאלט געהאט אראפגעווארפן די קליינע הייזקע, וואס איז געשטאנען ביים פראנט פון הויז און געהאלטן ביים פארענדיקן אויף זיין ארט א גרויסע 4 שטאקיקע קאמיעניצע. מ'האט ארויס געשטעלט וועגענער, פעסער מיט צעמענט, ברייטער, לייטערס; קעגנ איבער איז געווען מילערס אפטייק - האט מען אויך פון דארט ארויסגעשלעפט אלערליי פעסלעך, קאסטנס און אנדערע זאכן. איך און מיין ברודער צוזאמען מיטן טאטן זענען מיר ארויף אופן העכסטן ארט פון דער געביידע אין בוי, און פון דארט האט מען געזען צענדליקער באריקאדן שטייען לענג-אויס אויף דער פעטריקאווער גאס. ווען עס האט געשטילט דער אומרו, האט מען פאנאנדערגענומען די באריקאדן. נאכדעם זענען געקומען די גרויסע דעמאנסטראציעס מיט צענטליקער טויזנטער באטייליקטע. פאר מיינע אויגן גייען אדורך די גרויסע דעמאנסטראציעס מיט צענדליקער רויטע פענער. די ענטוזיאסטישע מאסן האבן רויק מארשירט איבער דער פעטריקאווער גאס. עס האבן זיך געהערט



מיין זיידע יוסף פאזנאנסקי

מיין באבע זלאטע פ.



מיין מאמע - לובאַ



מיין טאטע - נחום

פוילישע און יידישע רעוואלוציאנערע קאמף-לידער. מיט א מאל איז אנגעלאפן א הארדע קאזאקן. ס'איז געווארן א טומל,ס'האבן זיך געהערט שיסערייען און דער עולם האט גענומען לויפן אין די טויערן אריין. דער טומל איז געווען אין לשער.

ווי איך האב זיך מיט יארן שפעטער דערוווסט,זייענדיק אין די פאראייניקטע שטאטן,האבן זיך אין דער דאזיקער דעמאנסטראציע אויך באטייליקט דוד דובינסקי און אטראן,וועלכע האבן נאך זייער קומען קיין אמעריקע,דא געשפילט א גרויסע אין דער אמעריקאנער ארבעטער-באוועגונג. אטראן איז געווארן פארוואונדערט בעת דער דעמאנסטראציע אין א פוס,און ער האט אונטערגעהינקט אלע זיינע יארן.

.....................

דאס געשעפט פון מיין פאטער האט זיך גוט אנטוויקלט. מיר אלע דריי עלטערע קינדער,האבן געהאלפן דעם טאטן,עס זענען שוין אויך געווען עטלעכע אנגעשטעלטע. איך מיטן עלטערן ברודער פלעגן העלפן ביז א זייגער 8 אינדערפרי און שפעטער גיין אין דער שולע,און נאך א מאל פארנאכט,ווען עס פלעגן אנקומען אנדערע צייטונגען,קומען העלפן זיי פאנאנדערטיילן.

דער הויפט-צושטעלער פון אלערליי פעריאדישע אויסגאבעס, איז געווען א ווארשעווער הורט-ביורא "וויגאדא",פון איינעם רײנערמאן. יעדן טאג פלעגן אנקומען פון אים אנדערע בראשורן,זשורנאלן,וויצן בלעטלעך אין פויליש און רוסיש,ווי אויך לייען-מאטעריאל פאר יוגנטלעכע און קינדער.

מיר פלעגן אלץ ארויסגעבן צו די צייטונגס-פארקויפער אויף קרעדיט. יעדן דאנערשטיק פלעגן זיי צוריקברענגען די נישט פארקויפטע צייטונגען און זשורנאלן,באצאלן און קריגן ווייטערדיקע קרעדיטן. איך מיטן ברודער,ווי אויך די שוועסטער פאליא,האבן זיך אויסגעלערנט מיט זיי פירן די חשבונות און אזוי וואך איין,וואך אויס. דאס איז אפשר געווען די

סיבה,וואס מיר זענען אין די שולן געווען דורכשניטלעכע שילער.

פארלוירן 1000 רובל און צוריקבאקומען זיי

די צייט איז געלאפן,פריער האט מיין ברודער די שולע און שפעטער האב איך געענדיקט מיין בילדונג אין דער האנדל-שולע. אין די לעצטע קלאסן האט מען געלערנט אויך בוכהאלטע-ריע און האנדלס-קארעספאנדענץ. עס האט לאנג נישט געדויערט און איך האב באקומען א פאסטן אין א גרויסער האנדלס-אונטער נעמונג אין דער טעקסטיל-בראנזשע. עס האבן דארט געארבעט א צוואנציק פערזאן,פון זיי זעקס אין ביורא,וווהין איך בין צוגעטיילט געווארן אין דער בוכהאלטעריע-אפטיילונג. די באלעבאטים,איינער ליכטענשטיין,א פוילישער ייד,און די אנדע רע -ברידער נאסקין- אפשטאמיקע פון קעניגסבערג (דייטשלאנד) מ'האט מיר באשטימט א געהאלט פון 25 רובל א חודש. צו יענער צייט האט א גאנצע ארבעטער-פאמיליע פון פיר פערזאן פארדינט 4-5 רובל א וואך. איך האב נושא חן געווען ביים באלעבאס ליכטענשטיין,ווי אויך ביים הויפט-בוכהאלטער סוויאדאשטש און ביי דער קאסירערין און קארעספאנדענטין,אן עלטער פריי-ליין -קליימאן. די לעצטע האט מיך געלערנט שרייבן אויף א שרייב-מאשין און איך בין שנעל געווארן דער קארעספאנדענט אין דער רוסישער שפראך. דעם באלעבאס האט אימפאנירט מיין גוטער זכרון און מיין אריענטאציע אין דער געאגראפיע פון דער גרויסער רוסישער אימפעריע,ווו עס האבן זיך געפונען די גרעסטע צאל פון זיינע קונים.

איך פלעג טיילווייז אויך ווייטער מיטהעלפן דעם טאטן און צוויי-דריי מאל א וואך אין די אווענטן זיך טרעפן מיט די חברים פון סאציאליסטישן זעלבסט-בילדונגס-קרייז פון דער שולע און מיט זיי קאמענטירט די פארשידענע לינקע אויסגא-בעס,וועלכע איך פלעג ברענגען פון מיין טאטנס געשעפט,אבער

שוין נישט נאר אין דער רוסישער שפראך,נאר אויך אין דער יידישער. כמעט אלע חברים מיינע האבן שוין אויך געארבעט אויף פאסטנס,און אין יידישע פירמעס,און וואס אמאל מער זענען די דיסקוסיעס געפירט געווארן אין יידיש.

מיט דער צייט האב איך געוואונען דעם פולסטן צוטרוי ביי מיינע באלעבאטים און זיי פלעגן מיך שיקן אין די בע-נק איינצוקאסירן און דעפאזיטירן גרעסערע סומעס געלט און טשעקן,וואס די פאסט פלעגט יעדן טאג ברענגען פון די קונים און רייזענדערס,אויך פון די מזומן-ליידונגען אין געשעפט.

איינמאל,דאס איז געווען אין חודש סעפטעמבער 1912,האט פאסירט מיט מיר א געשיכטע,וואס דער אויסגאנג אירער האט זיך געקענט זייער שלעכט אפרופן אויף מיין גאנצער צוקונפ-טיקער קאריערע און נאר א דאנק דער ערלעכקייט פון א פשוטן פאלקס-מענטש,האט זי זיך גליקלעך פארענדיקט.

די געשיכטע איז נאך אינטערעסאנטער מיט דעם,וואס אין פערציק יאר ארום האט זי געפונען איר כאראקטעריסטישן אפ-קלאנג,און דאס ווייט-ווייט פון לאדזש, - אויף יענער זייט ים - אזש אין ארגענטינע.

אין א טאג גיט מיר דער באלעבאס ליכטענשטיין אין דער האנט אריין א גרעסערע צאל טשעקן אויף צענטליקער טויזנטער רובל און ציילט מיר צו זעקס טויזנט רובל אין מזומן. דאס מזומענע געלט פאקט ער איין (אין מיינע אויגן) אין א פא-פיר,און צוזאמען מיט די טשעקן לייג איך אלץ אריין אין א טעקע. דאס געלט און א פאר טשעקן האב איך געדארפט איינצא-לן אויף קאנטע פון דער פירמע אין דער גרויסער לאדזשער האנדלס-באנק,אבער פריער האב איך געדארפט דערליידיקן א פאר ענינים אין אנדערע בענק,און בין פאר צוועלף געקומען אין דער האנדלס-באנק.

איך האב אויסגעפילט און דערלאנגט אין א פענסטערל פון

דער באנק אן אנטשפרעכנדע דעקלאראציע,באקומען א נומער און געווארט ביז עס וועט אונטערקומען ביי דער קאסע מיין נומער. ווען איך האב באמערקט,אז מיין נומער רוקט זיך אונטער,האב איך פון דער טעקע ארויסגענומען דאס געלט פונעם פאפיר, אריינגעלייגט דאס געלט אין דער טאש און דאס פאפיר אוועק-געווארפן אין א זייט. עס דויערט נאך א 5-7 מינוט,ס'איז מיין רייע. איך גיב דעם קאסירער דאס געלט מיט די טשעקן. ער ציילט דאס געלט,איין מאל און נאך א מאל און זאגט צו מיר:"אין דער דעקלאראציע דיינער שטייט געשריבן זעקס טויזנט רובל און דא האב איך בלויז פינף טויזנט רובל". עס ווערט מיר פינסטער פאר די אויגן. איך זאג אים,אז ס'האט געדארפט זיין זעקס טויזנט. ער הייסט מיר זוכן אין מיינע קעשענעס און אליין קוועטשט ער אן עלעקטרישן אלארם-גלאק. אין באנק ווערט א סומא-אכע,אלע טירן און פענסטער פארמאכן זיך אויטאמאטיש. מ'דערקלערט דעם עולם אין וואס עס האנדלט זיך, מ'זאל זיך פארהאלטן רויק,עס וועט פארקומען א פערזענלעכע רעוויזיע ביי יעדן פון די אנוועזנדיקע. די רעוויזיע האט גארנישט געגעבן.

דערווייל האט מען טעלעפאניש געגעבן צו וויסן מיינע באלעבאטים און איידער וואס און ווען,זענען זיי אנגעקומען אין באנק אריין. עס הייבט זיך אן אן אויספארשונג. רעד אהין,רעד אהער,דאס געלט איז נישטא. מ'נעמט מיך אין א דראשקע אין געשעפט אריין און דארט הייבט זיך אן די אמתע אינקוויזיציע. פריער איידל,רויק,שפעטער מיט געבייזער, מיט געשרייען.מ'האט אויך דערווייל געשיקט נאך מיין פאטער.איינער פון די באלעבאטים זאגט צו מיר:"ס'איז איצט צווישן די יונגעלייט אן עפידעמיע פון לויפן קיין אמעריקע דארפסטו דאס געלט זיכער אויף הוצאות",און צו מיין פאטער זאגט ער:" איר האט אוודאי געוואלט פארן מיט דער גאנצער

משפחה,איר האט אבער שלעכט אוןגעפלאנעוועט,די שפיל וועט זיך אייך נישט איינגעבן,גיט בעסער אפ דאס געלט,איידער מיר גיבן איבער דעם ענין צו דער פאליציי" (די עקאנאמי-שע לאגע פון מיין פאטער און מיט וואס ער באשעפטיקט זיך, האט ער נישט געוווסט).

אין געשעפט,צווישן פערסאנאל,איז א פולשטענדיקע צעררו-דערונג. איך בין געווען גוט איינגעלעבט;כ'בין געווען כמ-עט דער יינגסטער צווישן איבער צוואנציק מענטשן פון פער-סאנאל,שטענדיק א לעבעדיקער,א פריילעכער. קיין איינער פון זיי האט נישט געגלייבט,אז עס איז אן אפערע פון מיין זייט אז איך וויל צונעמען פרעמד געלט.גאר שטארק האט זיך איינ-געשטעלט פאר מיר דער הויפט-בוכהאלטער,וואס איז געווען שעף אין ביורא.

בינו.לבינו האט מען געבראכט א פאליציי-אגענט. איצט האט זיך דער דאזיקער פארשוין,מיט אויגן אנגעגאסענע פון בראנפן,גענומען צו מיר. ארייגענומען מיך אין א באזונדער צימער. מיט גלאטיקע רייד וויל ער ארויסבאקומען פון מיר מיין מודה זיין זיך. "וועסטו אפגעבן דאס געלט -זאגט ער צו מיר- וועט מען דיר גארנישט טאן.איך וועל נישט שרייבן קיין פראטאקאל,ס'וועט אלץ אדורך שא-שטיל.וועסטו זיך אבער איינעקשענען,שפילן טעאטער,וועלן מיר שוין וויסן ווי אזוי ארויסצובאקומען פון דיר דעם גאנצן אמת",און גיט מיר א זעץ אין פנים בכדי איך זאל,ווייזט אויס,פארשטיין,וואס עס הייסט "ארויסבאקומען". טענה אהין,טענה אהער,איך זאג אים:"איך ווייס,אז מ'האט מיר געגעבן זעקס טויזנט רובל, און פארוואס עס פעלט מיר א טויזנטער ווייס איך נישט. איך מיין,זאג איך,אז איך האב אים אוועקגעווארפן צוזאמען מיטן פאפיר". ער לאכט סארקאסטיש,הייבט ווידער אויף די פויסט אויף מיר...דא עפנט זיך די טיר און דער באלעבאס

הייסט אים מיך לאזן צורו. ער נעמט אים אוועק אין א זייט, גיט איס אין יד אריין א פינפערל און הייסט אים גיין.

פאר דער צייט,וואס דער אגענט האט מיך "געפארשט", האבן די באלעבאטים מיינע ,אונטערן דרוק פון פערסאנאל,וואס איז געווען איבערצייגט אין מיין ערלעכקייט,דערליידיקט דעם ענין מיט מיין פאטער,אז איך וועל אפצאלן דעם חוב מיט צען רובל א חודש,וואס וועט מיר אראפגערעכנט ווערן פון געהאלט. איך און מיין פאטער האבן אונטערגעשריבן אזא פארפליכטונג. - דערווייל איז מען אין שטוב ביי אונז געוויער געווארן וועגן דעם חשד,וואס מ'האט געווארפן אויף מיר און אויף מיין פאטער;די מאמע,די רעשט משפחה האבן געקלאגט און געפיבערט מיטן זארג,וואס וועט ווערן מיט מיר. מ'איז געווען זיכער,אז מ'וועט מיך ארעסטירן,און מ'קען זיך פארשטעלן די פרייד זייערע ,ווען מיר זענען צוריקגעקומען אהיים. פרייד געמישט מיט אומעט. פרייד,וואס מ'האט מיך נישט פארהאלטן,און אומעט צוליב דעם איבערגעלעבטן און פונעם אומזיסטן פארדאכט אין מיין ערלעכקייט.

אויף דער נאכט האבן מיר געהאט וויזיטן פון פערסאנאל, חברים,פריינט . מ'האט ארומגערעדט דעם ענין,דעם גאנצן פארלויף פון די געשעענישן,פריער אין דער באנק און שפעטער אין געשעפט.

כ'האב געהאט א שווערע,כמעט א שלאפלאזע נאכט. פארטאגס, א זייגער זעקס,וועקט מיך מיין טאטע: -שטיי אויף,טו זיך אן. אין דער האנט האלט ער די לאדזשער יידישע צייטונג "לאדזשער טאגעבלאט",און זאגט צו מיר: "איך האב דעם איינדרוק,אז דאס פארלוירענע געלט איז דא". איך לייען איבער א גרויסן אנאנס אויף דער ערשטער זייט פון דער צייטונג: "ס'איז געפונען געווארן א גרעסערע סומע געלט.אפצונעמען קעגן סימנים אויף ציגל-גאס 50,ספירא.

מיר לויפן שנעל אויף דעם אנגעגעבענעם אדרעס. עס עפנט אונז די טירא יונגערמאן און פרעגט אונז גלייך:איר זענט געקומען וועגן דעם געלט פון אנאנס? ער פרעגט אונז אויס, ווו דאס האט פאסירט,ווי גרויס איז די סומע און אנדערע איינצלהייטן און זאגט אונז מיט א שטראלנדיקן פנים פון פרייד: "יא,דאס געלט איז אייערס. איך האב דאס געפונען, קומט ארייך."

דערביי דערציילט ער אונז,אז פון פארטאגס אן זענען שוין געקומען פארשידענע מענטשן ,אויפגעגעבן אבער אנדערע סימ-נים,קלענערע סומעס,א בייטעלע,פארלוירן אויף דער גאס אאוו. מ'קען זיך פארשטעלן אונדזער פרייד,אז מיר ווייסן שוין,אז מיר ווערן רעהאביליטירט.

מיר גייען ארייך אין א באלעבאטישער שטוב. מיר זעען א יידן אין א טלית,א מיטליאריקן,דאווענען. דאס איז געווען דער פאטער פון דעם יונגערמאן. ער קוקט אונדז אן. דער זון ווייזט אים מיט א שמייכל אויף אונז. דער טאטע איז נישט מפסיק דאס דאווענען,אבער ער פארשטייט דעם זונס ווונק און שענקט אונז שטומערהייט א פריידיקן בליק. נאכדעם ווי ער האט פארענדיקט דאווענען,בעט ער אונז זיך זעצן. דער זון דערציילט די גאנצע געשיכטע מיט די געפונענע דורך אים טויזנט רובל. די זאך איז געווען אזוי: ער איז געשטאנען אין דער ריי ביי דער קאסע,כדי צו באצאלן א וועקסל פון 50 רובל. אין א מאמענט האט ער באמערקט ליגן אויף דער ערד א גרעסער שטיק צעקנייטשט פאפיר און פון דארט האט ארויסגע-שפארט א שפיץ פון א געלט-אסיגנאציע. האט ער אוועקגעשטעלט דעם פוס אויפן פאפיר. עס האט אים אבער נישט געלאזט רוען, האט ער צוגעווארט א מינוט-צוויי,באמערקט אז ס'איז שטיל, קיינער רופט זיך נישט אן,האט ער זיך רויק איינגעבויגן, אויפגעהויבן דעם פאפיר,ארייננגעלייגט אין טאש ארייך און

שנעל פארלאזט די באנק. דעם וועקסל זיינעם האט ער שוין
נישט געצאלט. ער איז אריין אין א טויער,זיך ארומגעקוקט
און געזען,אז קיינער איז נישטא,האט ער צעוויקלט דאס פא-
פיר און דערזען - ס'איז א באנקנאט פון טויזנט רובל. איז
ער געווארן צעמישט,א קליניקייט,אזא גוואלטיקע סומע.
איז ער אין איין אטעם אהיימגעקומען. אויפן וועג האט ער
געמאכט א חשבון: ער ארבעט אין א פירמע אלס געהילפס-מאגא-
זינער,פארדינט צוואנציק רובל א חודש,מאכט דאס אויס פופ-
ציק חדשים ארבעט. אין דער היים זענען דא זעקס קינדער,
צוויי שוועסטער עלטערע פון אים,און דריי קלענערע קינדער.
ביים טאטן איז די פרנסה א שטארק בצימצומדיקע,דערצו קרעכצט
די מאמע שטענדיק אונטער,און דער דאקטאר און די אפטייק
נעמען צו א גרויסן טייל פון די פארדינסטן. וועלן טויזנט
רובל שטארק צונוץ קומען. מ'וועט זיך א ביסל צוקליידן,בא-
צאלן א פאר חובות א.א.וו.

וועז ער איז אהיים געקומען,האט דער טאטע באמערקט זיין
צערודערונג. ער האט דערציילט,אבער נישט גלייך,וואס עס
האט פאסירט מיט אים אין דער באנק. אבער לאנג קען ער נישט
האלטן דעם סוד. ער נעמט ארויס דעם באנקנאט און דערלאנגט
אים דעם טאטן און האט דערציילט דעם פאטער און דער גאנצער
משפחה ווי אזוי ער האט געפונען דעם טויזנטער. אין שטוב
איז געווארן א גאנצע איבערקעבעניש. אלע ווארטן צו הערן
וואס דער טאטע וועט זאגן. דער טאטע קלערט,איז זיך מישב
מיט זיך אליין. ער פרעגט דעם זון נאכאמאל איבער,ער וויל
וויסן אלע איינצלהייטן. די מאמע רופט זיך אפ,און זאגט
צום טאטן: - האסט צוגעזאגט א נדן פאר מלכן,מיר האבן זיך
געבראכן דעם קאפ,פון וואנען וועלן מיר שאפן די דריי הונ-
דערט רובל,האט אונז גאט געהאלפן,און מען וועט קענען נאך
פסח מאכן די חתונה.

רופס זיך אפ דער טאטע: - קינדער,עס איז א גרויסער נסיון. דאס געלט איז נישט אונזערס,אז מ'זאל שוין באשטי-מען אויף וואס מיר זאלן דאס פארטאן.איך שלאג מיך מיט דער דעה: האט דאס געלט פארלוירן נישט קיין ייד,איז אייגענט-לעך,ווי מ'זאגט,טעות גוי מותר,עס קען דאך אבער זיין,אז דאס געלט זאל האבן פארלוירן א יידישער אנגעשטעלטער,וועל-כן מ'קען חושד זיין,אז ער האט דאס געלט צוגענומען פאר זיך,און ער וועט איבער דעם אויסשטיין שבעה מדורי גיהנם פון זיינע באלעבאטים און ווער ווייסט,וואס עס וועט פון אים ווערן. דער זון קוקט אויפן טאטן,שווייגט,ווי איינער זאגט,ביסט קליגער,פראקטישער פון אונז - באשליס דו. פאלט צום סוף איין דעם אלטן א געדאנק: "איר ווייסט גאר וואס, מירן צוגיין צו דער רעדאקציע פון דער יידישער צייטונג, דארט איז דא אונדזער קרוב,אברהם טענענבוים,מירן אים דער-ציילן די גאנצע געשיכטע,די ספקות,וואס עגבערן אונז,און מ'וועט הערן וואס ער וועט אונדז עצהנען. טענענבוים האט אויך איינגעפונען,אז ער איז א גרויסער נסיון און האט או-נז געראטן צו געבן א גרעסערן אנאנס אין זייער יידישער צייטונג. "ממה נפשך,א קריסט לייענט דאך נישט קיין יידי-שע צייטונג,און אויב עס איז א ייד,וועט ער זיך שוין אפ-רופן און דעמאלט וועט דאס זיין א ריכטיקע מצווה פון הש-בת אבדה." און אזוי האבן מיר געטאן.

דא איז כדי צו זאגן א פאר ווערטער וועגן דעם מענטשן -אברהם טענענבוים- א דאנק ועמענס גוטע עצה,דער גאנצער ענין איז געקומען צו א גליקלעכן סוף.

טענענבוים האט אנגעהערט צו אן אנגעזעענער לאדזשער נא-ציאנאל-טראדיציאנעלער יידישער משפחה. צוויי פון זיינע זין זענען נאך פאר דער ערשטער וועלט-מלחמה אוועק קיין ישראל אלס חלוצים. אברהם טענענבוים האט מיט יארן שפעטער

אויף עולה געווען.ביידע זין זענען געווען פלמחניקעס.איי
נער פון זייאיז שפעטער ארייגגעטרעטן אין ישראלדיקן דיפלא
מאטישן דינסט און אונטער דעם געענדערטן נאמען -ארצי-,האט
ער פארנומען פאסטנס אלס קאנסול און שפעטער אלס אמבאסאדאר
אין פארשידענע לענדער פון לאטיין-אמעריקע.

מיר קערן זיך אום צו ספיראן. נאכן דערציילן אונז די
גאנצע געשיכטע זאגט אונז דער אלטער ספירא: "איר פארשטייט
דאך,אז לויט דעם ווי איר דערציילט,געהערט דאס געפונענע
געלט צו דיינע באלעבאטים. קומט,עס איז שוין 8 א זייגער,
דאס געשעפט איז שוין זיכער אפן,וועלן מיר דארט זיי איבער
געבן די סויזנס רובל. מיר נעמען א דראשקע,קומען ארויף אין
געשעפט אריין,די באלעבאטים און דאס פערסאנאל זיינען שוין
געווען ביי דער ארבעט. איך דערצייל אויף שנעל די מיטארבע-
טער מיינע,אז דאס געלט האט זיך געפונען און אז די צווי
יידן זענען מיינע בר מזלס. די ידיעה פארשפרייט זיך שנעל
איבערן געשעפט,די פרייד שטראלט אראפ פון יעדנס פנים. דער-
הויפט ווייזט די צופרידנקייט ארויס דער הויפט-בוכהאלטער,
וואס האט צומיינסטן געווירקט דערצו,אז מ'זאל מיך נישט
נעמען אין דער פאליציי.

מיר זענען אריין אין קאבינעט פון די באלעבאטים. דער-
זעענדיק דעם אלטן ספירא,מיט דער שיינער גרויער בארד,קא-
רעקט אנגעטאן,האבן זיי אים מיט דרך ארץ אויפגענומען,און
זעענדיק אויך מיך מיט מיין פאטער,האבן זיי פארשטאנען,אז
סע איז דא נייעס וועגן דעם פארלוירענעם געלט. מיר זעצן
זיך אלע,און דער אלטער ספירא דערציילט די גאנצע געשיכטע
וואס האט פאסירט מיט זיין זון אין דער באנק און וועגן
דעם אנאנס אין דער צייטונג א.א.ו. מיט פארגאורטע אויגן
און אנגעשפיצטע אויערן,הערן זיך מיינע באלעבאטים צו,וואס
די ביידע ספיראס דערציילן. צום סוף רופט זיך אפ דער על-

סערער פון די באלעבאטים -ליכטענשטיין-,אז אין אמתן האט
ער נישט געצווייפלט אין ווינאגראדס אומשולד,אבער ס'איז
דאך נישט קליייניקייט -סויזנט רובל- ,און נאך א זאך,זאגט
ער,היינט דאס פאסירט מיט איינעם,איז אויב דאס זאל גלאטיק
אפגיין,וועט דאס מארגן טאן א צווייטער,א דריטער. און דער-
צו דארף דער יונגערמאן ווינאגראד אליין לערנען פון דעם
געשעענעם,אז צו געלט,נאך דערצו צו פרעמדע געלט,דארף מען
זיך נישט באציען לייכטזיניק. דער צווייטער באלעבאס, א
דייטשער ייד,האט גארנישט געזאגט,אבער פון זיין שוייגן
און שטוינען,האט מען געקענט ארויסלייענען,אז ער איז נאך
ביי זיך נישט אינגאנצן זיכער צו די גאנצע געשיכטע מיט די
ספיראס,מיט די געפונענע געלטער,איז נישט קיין אנגעשטעלטע
מעשה...

ספירא האלט אין דער האנט דעם טויזנטער און זאגט: איצט
האב איך צו אייך מיין ענין - עס איז אן אנגענומענער מנהג
אז דעם,וואס קערט אום געפונען געלט קומט א דריטל פון דער
סומע. איך וואלט נישט געוועזן אזוי צודרינגלעך,אז מ'זאל
זיך האלטן ביים מנהג,ווען נישט דאס,וואס איך בין נישט
קיין גביר און דארף איצט חתונה מאכן א טאכטער און גאט האט
מיר איצט געהאלפן,אז איך זאל קענען סיליקן די דריי הונ-
דערט רובל נדן,וואס איך האב צוגעזאגט.

ספיראס הדרת פנים האט ארויסגערופן צוטרוי צו זיינע
רייד און דער באלעבאס האט נישט קלערנדיק ארויסגענומען
פון דער קאסע 300 רובל און זיי געגעבן ספיראן.

אזוי האט דער אמת און די גערעכטיקייט געזיגט.

מיין פעטער חיים לייב פאזנאנסקי האט אין "לאדזשער טאגע-
בלאט" דערציילט די גאנצע מעשה נורא מיט די פארלוירענע
און צוריקגעפונענע טויזנט רובל און דערביי ארויסגעהויבן
די שיינע מענטשלעכע טאט פון די ספיראס,און ער האט אויך

אין נאמען פון דער גאנצער משפחה אונדזערער אויגעדריקט די ספיראס די טיפסטע און דאנקבארסטע אנערקענונג אונזערע.

מיט דעם וואלט,אייגענטלעך,געדארפט זיין פארענדיקט די גאנצע געשיכטע מיט די טויזנט רובל,ווען דער עפילאג פון איר וואלט זיך נישט אפגעשפילט ווייט-ווייט פון אונזער היימשטאט לאדזש,אויף דער אנדערער זייט ים,אין ארגענטינע, אין 36 יאר ארום,שוין נאך דער צווייטער וועלט-מלחמה.

במשך פון די לאנגע יארן,האט די גאנצע וועלט און באזונדערס דאס יידישע פאלק איבערגעלעבט שווערע און ביטערע צייטן - געטאס,קאנצענטראציע און טויט-לאגערן. דער גורל האט מיך געבראכט קיין ארגענטינע,קיין בוענאס-איירעס. די נייגעקומענע,די "גרינע" האבן זיך יעדן זונטיק געטראפן ביי א טעפל שווארצע קאווע,אין א באר אויף ראג קאסטעלי און קאריענטעס (טאקע מיטן נאמען "קאסטעלי"). אין איינעם א זונטיק פארמיטיק בין איך געזעסן מיט באקאנטע ביי א טישל און זיך צוגעהערט צו שמועסן פון מיינע טיש-שכנים. מ׳רעדט וועגן פארשידענע זאכן;איינער דערציילט וועגן אן אומערלעכע האנדלונג פון זיינעם א פריינט,וואס האט אים באשווינדלט; א צווייטער שיט פעך און שוועבל אויף זיינע קרובים, צו וועלכע ער איז געקומען און וועלכע נוצן אים אויס; פון אן אמפעריי צווישן אנדערע צוויי,הער איך,ווי איינער באשולדיקט דעם צווייטן אין אומערלעכקייט. דער צווייטער - א לאדזשער - אויף צו פארטיידיקן זיך,רעכנט אויס זיין יחוס פון לאדזש,און זאגט צום ערשטן : - ווען דו וואלסט געוווסט ווער מיין זיידע איז געווען אין לאדזש,זיינע מעשים טובים,וואלסטו געהאט מער צוטרוי צו מיר. שרייט יענער: וואס גרויסטו זיך אזוי מיט דיין זיידן,וואס האט ער אזוינס אויפגעטאן? ער האט נישט "אנגעזעצט",געצאלט צו דער צייט די וועקסלען זיינע,נישט באשווינדלט קיינעם,עס זענען גע-

וועו א סך אזעלכע. שטעלט זיך האסטיק אויף דער צווייטער און שרייט אויס: - מיין פעטער האט געפונען טויזנט רובל, איר הערט -טויזנט רובל- און מיין זיידע האט געהאט דעם כוח צו הייסן דאס געלט אפצוגעבן. איר ווייסט וואס עס האט געהייסן אמאל פאר דער ערשטער וועלט-מלחמה,טויזנט רובל? אזוי ווי די היינטיקע צען טויזנט דאלאר. דאס הייסט ערלעכקייט,קען איך מיך גרויסן מיט מיין זיידן?

דא,האב איך זיך שוין ארייגעמישט אין שמועס און געפרעגט דעם יונגערמאן: " זאגט מיר,האט אייער זיידע געהייסן ספירא?" יא,-ענטפערט ער,ווי א פארגאווטער. "האט ער געוווינט אויף ציגל-גאס 50 ?,פרעג איך ווייטער"."יא,יא, שרייט ער אויס,איר האט אים געקענט?". זאג איך שוין בקול רם,:"איך בין געווען דער,וואס האט פארלוירן די טויזנט רובל,און דער פיינער און ערלעכער ספירא,האט זיי געפונען און האט דאס געלט אפגעגעבן". און איך דערצייל פארן גאנצן עולם ביים טישל די גאנצע געשיכטע פון אנהייב ביזן סוף.

דער יונגערמאן,ספיראס אייניקל,שטראל פון גליק און רופט אויס מיט גרויס שטאלץ: "איר זעט,ווער עס איז געווען מיין זיידע,מיין פעטער?". רופט זיך אפ איינער:"ווו נעמט מען היינט אזעלכע יידן?",א צווייטער ווידער זאגט: " א גרויסער נאר איז געווען דיין זיידע,איך וואלט דאס געלט נישט אפגעגעבן..‼ דער עולם ווארפט אים צו בייזע בליקן...

עס איז פארשטענדלעך,אז ספיראס אייניקל,וויזענפעלד האט ער געהייסן,איז שפעטער געווארן גאנץ היימיש מיט מיר,אפט געקומען צו מיר מיט זיין פרוי. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז ער איז דער זון פון ספיראס טאכטער,מלכה,פאר וועלכער דער אלטער ספירא האט באקומען פון מיינע באלעבאטים 300 ר. כדי צו שיקן דעם נדן.

דער קרוב זיינער,טענענבוים,וואס האט געגעבן די עצה צו

געבן דעם אנאנס,איז אין דעם זעלבן יאר 1952,געקומען צו
גאסט צו זיין זון ארזי,דעמאלס ישראל-קאנסול אין ארגענטינע.
סענענבוים איז געקומען קיין ב.איירעס מחמת דעם,וואס מארק
טורקאווס"פארלאג פון די פוילישע יידן" האט זיך געגרייט
ארויסצוגעבן סענענבוימס בוך וועגן לאדזש. איך בין מיט ווי-
זענפעלדן צוגעפארן צו אים.סענעבוים האט זיך דערמאנט די
גאנצע געשיכטע,געפרייט זיך מיט אונז. ער איז שוין געווען
א טיפער זקן. וויזענפעלד האט אין א פאר יאר שפעטער מיט
זיין פרוי און קינדער זיך באזעצט אין די פאראייניקטע שטא-
טן און איך ווייס נישט מער פון אים.

דערמאנענדיק זיך די דאזיקע געשיכטע און שרייבנדיק וועגן איר,האב איך זי אויפסניי איבערגעלעבט,און קלער ביי זיך אז "די וועלט איז דאך נישט קיין קרעטשמע",און אז עס געפינען זיך זיכער אויך אין די היינטיקע פינסטערע צייטן,אזעלכע נאבעלע און ערלעכע מענטשן,ווי די לאדזשער ספיראס.

נאך דער דאזיקער געשיכטע האב איך,אייגנטלעך,געוואלט זוכן א נייעם פאסטן,אבער דער הויפט-בוכהאלטער האט מיך שטארק געבעטן איך זאל בלייבן. מ׳האט מיר אויך צוגעלייגט צום געהאלט. בין איך געבליבן און געארבעט דארט ביז עס איז ארויסגעבראכן די מלחמה 1914.

## מיין אנשלוס צום "בונד"

ווי איך האב שוין געשריבן,האב איך זיך כמעט אין דער זעלבער צייט,צום סוף 1912,אנגעשלאסן,צוזאמען מיט די דריי נאענטסטע חברים מיינע - עסקין,בייגעלמאן און קארן- צום "בונד". געארבעט אינטענסיוו ארום דעם ארגאניזירן פונעם נייעם יידישן האנדלס-אנגעשטעלטן פאראיין. דארט האבן מיר זיך באקאנט מיט א חבר,אברהם שמויש, ער איז געווען עלטער פון מיר מיט א 2-3 יאר. ער האט טאקע אונז צוגערעדט,אז

מיר זאלן זיך אנשליבן אין "בונד". ער האט מיך באקאנט מיט א חבר,אברהם וועלוול יאסני. יאסני איז געווען א טיסישער פראלעטאריער, א וועבער ביי א "לוינקעטניק" (א וועבער,וואס האט א פאר האנט-וועב-שטולן און געארבעט אויף לוין פאר א פאבריקאנט). יאסני איז געווען אין מיינע יארן,מיט רויטע אויגן,וואס ער האט באקומען פון דער ארבעט ביי א נאפט-לאמפ וואס איז געהאנגען איבער דעם וועבשטול,ווי אויך פון לייע-נען א סך ביכער,בראשורן. יאסני האט מיר אימפאנירט,איך האב ליב געהאט מיט אים צו שמועסן וועגן אקטועלע און טעארעטי-שע סאציאלע פראבלעמען,אין וועלכע ער האט ארויסגעוויזן א סך קענטשאפט; איך אליין בין געבוירן געווארן אין א באלעבאטישער בירגערלעכער שטוב,געלערנט און שטודירט ארבעטער-פראבלעמען, אליין געווארן אן אנגעשטעלטער,אבער ער איז געווען דער אמ-תער טיפ ארבעטער-פראלעטאריער.

טאקע ער און שמויש,האבן מיך און מיינע חברים אריינגעפירט אין בונד,און מיר זענען געווארן אקטיווע בונדיסטן.שמויש האט אונז אויך באקאנט מיט אנדערע בונדיסטן האנדלס-אנגעשטעל-טע. ווען ס'איז געגרינדעט געווארן דער יידישער האנדלס-אנ-געשטעלטער פאראיין,האבן מיר א גרופע פון קרוב צוואנציק בונ-דיסטן,געשאפן די "גראסער-גרופע" (בונדישע גרופע). מיר האבן זיך אויך באקענט מיט בונדיסטן פון פארשידענע פאכן: טעקסטיל דרוקער,שניידער,שוסטער,סטאלער,מאלער א.א.

אין יענער צייט האט אנגעהויבן צו דערשיינען אין פעטער-בורג,די לעגאלע בונדישע צייטונג "די צייט". מיין פאטערס צייטונגס-ביורא האט אויך די צייטונג באקומען צום פארקויף און מיר האבן זי פארשפרייט צווישן ארבעטער און אנגעשטעלטע.

פון די אלע פאך-גרופעס זענען ארויסגעטיילט געווארן פאר-שטייער צו א קאלעקטיוו,וואס האט אנגעפירט מיט דער פארטיי ארבעט. מ'האט געמוזט זיין זייער פארזיכטיק קעגן דער צארישער

פאליציי,ווייל די סאציאליסטישע פארטייען זיינען געווען אומלעגאל. שמויש,איך און עטקין,זענען באשטימט געווארן אלס מיטגלידער פון קאלעקטיוו פון די האנדלס-אנגעשטעלטע. דער-ווייל האבן מיר באנייט די טעטיקייט פון דער קולטור-געזעל-שאפט "די הארפע",וואס דער "בונד" האט געשאפן אין יאר 1904 און איז אין יאר 1907 אפגעשטעלט געווארן מחמת רעפרעסיעס פון דער מאכט. נאך די לענער געשעענישן,ווען עס האט זיך גע-דאכט,אז עס א ביסל פרייער געווארן,האבן מיר באשלאסן זו-כן מיטלען צו באנייען די דאזיקע קולטור-געזעלשאפט. די לע-גאליזירטע סטאטוטן פון דער "הארפע",האט אויסבאהאלטן אן אל-טער חבר,פוקס.האבן מיר אפיציעל גערופן א גענעראל-פארזאמ-לונג,געקליבן א פארוואלטונג,געדונגען א לאקאל (אין דער פרעבל-שול פון די שוועסטער דודאווסקי אויף דלוגא 31א) און אנגעהויבן א טעטיקייט. דאס איז געווען אנפאנג 1913. עס האבן זיך אנגעהויבן גרופירן ארום דער געזעלשאפט מער בא-וווסטזיניקע ארבעטער,ארבעטער-אינטעליגענץ און אנגעשטעלטע. זיי האבן דארט געוואלט הערן א ניי יידיש ווארט; די אונטער-נעמונגען,פארלעזונגען און רעפעראטן,האבן שטענדיק געצויגן א גרויסן עולם;כמעט אלע צו יענער צייט יונגע ליטעראריש כוחות,מיט י.ל.פרץ בתוכם,זענען געווען די לעקטארן,רעפערענ-טן אויף די דאזיקע אונטערנעמונגען. די טעטיקייט פון דער "הארפע"האט אויפגעטרייסלט און ארויסגעשלעפט דעם ארבעטער-עולם פון דער פארגליווערטקייט און אפאטיע,וואס איז געקו-מען נאכן דורכפאל פון דער רעוואלוציע פון די יארן 1905-07.

אין דער זעלבער צייט האב איך אויך ווייטער מיטגעהאלפן מיין פאטער,ווען כ'האב נאר געקענט,אין דעם צייטונגס-געשע-פט,מיט וועלכן אויך איך האב זייט זיין גרינדונג,געהאט א א נאענטע שייכות.

עס האבן אבער אויך נישט געפעלט צו יענער צייט קיין

ארעסטן פון בונדיסטן. אזוי איז אויך געווארן ארעסטירט מיין חבר שמויש. ער האט געוווינט נישט ווייט פון מיר. איינמאל, שפעט אין דער נאכט,ווען מיר זענען געגאנגען אהיים פון א פארזאמלונג אין האנדלס-אנגעשטעלטן פאראיין,בין איך מיט אים צוגעגאנגען צום טויער פונעם הויז,וווּ ער האט געוווינט און געשמועסט מיט אים נאך א פאר מינוט. אבער באלד אינדערפרי האט מיר זיין שוועסטער איבערגעגעבן,אז ווען שמויש איז אר-יין ביינאכט אין טויער,האבן שוין דארט געווארט אויף אים צוויי פאליציי-אגענטן,וואס האבן אים ארויפגעפירט אין שטוב ארײַן,דארט דורכגעפירט א רעוויזיע און זיי האבן אים צוגע-אין דער פאליציי. איך בין געווען איבערצייגט,אז זיי האבן מיך געזען מיט אים,און די פאליציי וועט אויך מיך קומען זוכן. נאך א באראטונג ביי אונז אין שטוב,איז באשלאסן גע-ווארן,אז איך זאל גלייך פארלאזן לאדזש און פארן צו מיין מומען סאניא פאזנאנסקי,וואס האט זיך דעמאלט געפונען ביי אירע עלטערן אין קרעממעניעץ.

בכלל איז דאס יאר 1913 געווען א "הייס" יאר. ווען איך בין צוריקגעקומען פון קרעמעניעץ קיין לאדזש,האט זיך גראד אנגעהויבן דער גרויסער ביילים-פראצעס. דער צענטראל-קאמי-טעט פון "בונד" האט ארויסגעגעבן עקסטרא-בלעטלעך (פראקלאמא-ציעס) וועגן פראצעס און גערופן די יידישע מאסן צו פראטעס-טירן קעגן דעם דאזיקן ווילדן עלילת דם-פראצעס,וועלכן די צארישע מאכט האט אינסצעניזירט,בכדי צו קענען פארשפרייטן אנטיסעמיטיזם און ארויפווארפן א מורא אויף די פראגרעסיווע רוסישע מענטשן,און האלטן זיי נאך שטארקער אין רעאקציאנערן צוים. דער פראצעס האט אויפגערודערט סיי די יידישע,סיי די רוסישע געזעלשאפטלעכע מיינונג. די טעגלעכע רוסישע און יידי-שע צייטונגען האבן דעם פראצעס אפגעגעבן גאנצע זייטן. די "קיעווסקאיא מיסל" (דער פראצעס איז פארגעקומען אין קיעוו)

פלעגט סטענאגראפיש איבערגעבן אלע פרטים פון פראצעס,ווי אויך די רעדעס פון די פארטיידיקער און עקספערטן.

מיין טאטנס צייטונגס-געשעפט האט געהאט פולע הענט מיט ארבעט. מ'האט די צייטונגען,ממש,געריסן פון די הענט.

די בלעטלעך פון "בונד" האט געבראכט קיין לאדזש א פרוי שרה פוקס. דער טרעף-פונקט מיט איר איז געווען אין סעגאלא-וויטשעס קאוויארניע אויף דזשעלנא 23 ( די קאפע האט געהערט צו די עלטערן פון דעם פאעט,זוסמאן סעגאלאוויטש). איך מיט נאך א חבר האבן אפגענומען ביי איר די בלעטלעך. מ'האט די חברטע פוקס פארזארגט מיט א נאכט-געלעגער ביי די עלטערן פון א מיידל,וואס האט געארבעט אין א פאבריק צוזאמען מיט אונ-זערס א חבר. ביינאכט איז אהין געקומען פאליציי און ארעס-טירט נישט נאר די חברטע פוקס,נאר אויך דאס מיידל צוזאמען מיט אירע עלטערן,צוויי עלטערע מענטשן. עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן,אז פאליציי-אגענטן זענען דער ח'טע פוקס נאכ-געפארן פון וויטעבסק (ווו די בלעטלעך זענען געדרוקט געווא רן) און איר נאכשפיאנירט וווהין זי איז געגאנגען און געש-לאפן און זי ארעסטירט. איך האב געמיינט,אז איך וועל דאס-מאל זיכער האבן צרות מיט דער פאליציי,אבער אויך דאס מאל איז מיר דער ענין אפגעגאנגען בשלום.

אגב,די פוקס איז אפגעשיקט געווארן קיין וויטעבסק מיטן עטאפ. זי איז דארט פראצעסירט געווארן,באקומען "סילקע" און ערשט די רעוואלוציע פון מערץ 1917 האט זי באפרייט. דאס טראגישסטע איז אבער דאס,וואס,ווי מיר האבן דאס שפעטער גע-לייענט אין די צייטונגען,אז זי האט,אין יאר 1918,ווען די באלשעוויקעס האבן פארנומען קיעוו,זיך ארייגעווארפן אין דניעפר,אן אנטוישטע פונעם צעטרעטן און שענדן דורך די באל-שעוויקעס,די פרייהייטס-אידעאלן,אין וועלכע זי האט געגליי-בט און געהאפט און געקעמפט פאר זיי.

## שלום-עליכם אין לאדזש אין ווינטער 1913

צום סוף 1913, איז געקומען קיין לאדזש שלום עליכם, אויף זיין געזעגענונג-טור, פאר זיין אפפארן קיין צפון-אמעריקע. עס איז דעמאלט געשאפן געווארן א ספעציעלער אויפנאמס-קאמי-טעט פון כמעט אלע אין יענר צייט עקזיסטירנדיקע אין לאדזש, יידישע קולטור-פראפעסיאנעלע און געזעלשאפטלעכע-אינסטיטו-ציעס און פאראיינען. אויך די "הארפע" איז איינגעלאדן גע-ווארן אין דעם קאמיטעט. איך האב אנגעהערט דעמאלט צו דער פארוואלטונג פון דער געזעלשאפט און צוזאמען מיט א צווייטן חבר, קריוועצקי, זענען מיר באשטימט געווארן אין דעם דאזיקן קאמיטעט. מיר האבן פארשטאנען, אז אויך מיר מוזן זיך אקטיוו באטייליקן אין דעם דאזיקן גרויסן יום טוב, האבן מיר באשלא-סן צו דערלאנגען דעם חשובן גאסט א שיינעם אלבאם מיט אן אנטשפרעכנדיקן טעקסט, לויט אונזער נוסח. א פאטער פון אונ-זערס א ח'טע איז געוועזן א סופר. מ'האט געקויפט א שיינעם פארמעט, און דער סופר האט די ווערטער קינסטלעריש אויסגע-טאקט.

איך, און דער דרוקער בארנשטיין, זענען מיר באשטימט געווא-רן אלס די, וועלכע דארפן דעם אלבום (אדרעס) צוטראגן שלום עליכמען. איך האב פאר אים געדארפט פארלייענען די ווידמונג. א פאר טעג פאר דעם אוונט, האב איך שוין דעם טעקסט געקענט אויסנווייניק. איך האב געמאכט רעפעטיציעס, נישט געוואלט פארהאקן זיך, שטעלן דעם טראפ דארט ווו מען דארף, נישט פאר-לירן זיך פארן גרויסן עולם אין זאל.

דער גראנדיעזער קבלת פנים איז פארגעקומען אין גרויסן זאל אין לאדזש - אין קאנצערט-זאל אויף דזשעלנע 18 -. דער זאל, אלע דורכגענג, די גאלעריע, דער פאיע, אויף די טרעפ, אויף דער גאס -אומעטום איז געווען פול מיט מענטשן, אלע האבן געוואלט הערן, זעען און באגריסן דעם גרויסן גאסט.

איצט,אין דער רעטראספעקטיוו פון דער צייט,דערמאן איך מיך,ווי שלום עליכם און זיין פרוי אלגא,זענען געזעסן אויפן פאדיום און געמוזט נעבעך אויסהערן אן א צאל באגריסונגען, אדרעסן,רעדעס. איך זע נאך פאר מיינע אויגן זיין מיד,דערשעפט פנים,און כ'בין זיכער,אז ער האט ביי זיך געטראכט:וואס ווילן זיי האבן פון מיר,די גוטע,געטרייע יידן,וואס מוטשען זיי מיך? איך געדענק אבער גוט,אז איך האב מיט א געהויבענער שטימע געלייענט דעם אדרעס. אין זאל איז געווען א גרויסער ארבעטער-עולם,וואס האט מיט גרויס באגייסטערונג אויפגענומען אונזער באגריסונג און שטארק אפלאדירט.

איך האב איבערגעגעבן שלום עליכמען דעם אדרעס,כ'האב געפילט זיין שוואכן האנט-דרוק. כ'בין אבער געווען א שטארק עמאציאנירטער און אראפגייענדיק פון דער סצענע,האב איך נישט באמערקט דאס לעצטע טרעפל,..און געפאלן,און ווי,אין א זעלכע פאלן,ארויסגערופן א געלעכטער אין זאל.

נאך די רעדעס און באגריסונגען האט מאשקאוויטש,דער בעסטער לאדזשער רעציטאטאר פון שלום עליכמס ווערק,פארגעלייענט "ווען איך בין ראטשילד" און דערנאך,צום סוף,האט שלום עליכם געלייענט מיט א שטילע שטימע זיין "אן עצה".

אין זאל איז די שטימונג געווען א באגייסטערטע,א געהויבענע און ווען שלום עליכם האט געלייענט איז געווען שא-שטיל, אבער נאכן ענדיקן האט דער עולם-יוגנט,נישט אנדערש,נאר געוואלט דעם אנגעלייגטן גאסט אויף די הענט ארויסטראגן צום פאיעטאן (קארעטע),וואס האט געווארט אינדרויסן פארן זאל.

עס האט זיך ארייגעמישט זיין פרוי און א פאר מענטשן פון די ארגאניזירער און מ'האט דעם גאסט,מיט שווריקייטן,ארויסגעפירט דורך א זייטיקן ארויסגאנג.

אויף מארגן האבן זיך אלע דעלעגאציעס פארזאמלט צוזאמען מיט שלום עליכמען אין אקטן-זאל פון יאראשינסקעס חלמוד

תורה אויף שרעדניא גאס. דארט איז געמאכט געווארן א לחיים, מ'האט זיך פאטאגראפירט און – נאכאמאל געהאלטן רעדעס...

די דאזיקע טייערע פאר מיר פאטאגראפיע פון די דעלעגאטן מיט שלום עליכמען בראש האב איך אפגעהיט אלע יארן. געהאט מיט זיך אויך אין לאדזשער געטא. און ערשט אין יאר 1944, ביים ארויסשיקן מיך אין די קאצעט-לאגערן, האב איך דאס בילד צוזאמען מיטן רעשט האב און גוטס, געלאזט אין געטא אויף הפ-קר. אויפן בילד זענען, ווי כ'דערמאן זיך, געווען צווישן אנ-דערע שלום עליכם מיט זיין פרוי, אלגא, זייער פריינט יהודה לייב לערנער (וואס האט געוווינט אין לאדזש), אוגער, טענעבוים געצל אייזנער (רעפארטער), העכט און פיניע נוסקעוויטש (פון ס.ק.א.) מאשקאוויטש, בולמאן און יעדוואב (ארטיסטן), איך און בארנשטיין פון דער "הארפע", און א סך אנדערע דעלעגאטן. שלום עליכם איז געווען מיד, דאך האט ער זיך ארויסגעפרעגט, אינטערע-סירט מיט איינצלנע דעלעגאציעס. צו אונדז, דעלעגאטן פון דער "הארפע", האט ער געזאגט, אז ער האט געהערט פון דער געזעלשאפט; ער ווייסט, אז מיר זענען פון די יעניקע, וואס ווילן נישט "ניקאלאיען... דער צוזאמענטרעף מיט שלום עליכמען איז ביי מיר געבליבן אלס איינע פון די איינדרוקספולע מאמענטן אין מיין לעבן. איך בין דעמאלט אלט געווען 18 יאר.

<u>מיינע נאענטע חברים: עטקין, בייגעלמאן און קארן</u>

די קולטור-טעטיקייט פון דער "הארפע", ווי אויך אין דער פארטיי, האט מיך שטארק ארייגעצויגן. איך האב מיך ביי דער דאזיקער ארבעט באפריינדעט מיט עטלעכע חברים, ארבעטער און אנגעשטעלטע. צווישן די ארבעטער – מיט דעם פריער דערמאנטן אברהם וועלוול יאסני, מיט יוסף מארגענטאלער, מיט שמואל מיל-מאן, מיט גאלדע זילבערבערג, אברהם זינגערמאן, גאלדע ניסקא א.א. ; צווישן די אנגעשטעלטע: שווארצמאן, גראנאווסקי, יו-

לעק שאצקין, שמויש א.א., אבער מיט די דריי שול-חברים -עסקין בייגעלמאן און קארן, האב איך מיך געהאלטן צום נאענטסטן.

מ א י ר  ע ס ק י ן איז געווען א שילער, הארציקער חבר; האט ווייניק גערעדט, אבער דאס וואס ער האט געזאגט, איז גע-ווען דורכגעטראכט און עס איז געווען אנגענעם צו פארברענ-גען אין זיין געזעלשאפט. ער איז געווען גוט און געמיטלעך. אלע פארטיי-ענינים דורכגעפירט מיט דער פולער פאראנטווארט-לעכקייט. געווען שטרענג קאנספיראטיוו. מיר האבן זיך קעגנ-זייטיק גערן געהאט און געשעצט און אפט צוזאמען פארבראכט. איך פלעג קומען צו זיי אין שטוב אריין. דער טאטע איז גע-ווען דער שמש פון דער לובאוויטשער שיל, אויף פאלודניאווער 25. די עלטערן, און די אנדערע קינדער זיינען אלע געווען ליבע און געמיטלעכע מענטשן. מאיר האט באקומען נישט קיין שלעכטן פאסטן און צוזאמען מיט א ברודער אויסגעהאלטן די שטוב. די עלטערן האבן געשטאמט פון דווינסק, און ווען עס איז אויסגעבראכן די ערשטע מלחמה, זענען דער ברודער און א עלטערע שוועסטער געפארן קיין דווינסק. מאיר האט אין דער צייט פון דער מלחמה באקומען א פאסטן אין דעם קאנסום-קאא-פעראטיוו "ראבאטניק", וואס האט געהערט צו דער ס.ד.ק.פ.ל. (שפעטער קאמוניסטישע) און ווען עס איז געשאפן געווארן א צווישנפארטייאישע פארשטענדיקונגס-קאמיסיע צווישן דער ס. ד.ק.פ.ל., די פ.פ.ס. און דעם "בונד", איז מאיר עסקין געווען דער בונדישער פארטרעטער אין דער קאמיסיע.

ווען איך בין נאך דער מלחמה צוריקגעקומען קיין לאדזש, האב איך עסקינען שוין געטראפן א חתונה געהאטן מיט חוה'ן, פון דער היים -פארזשענטשעווסקי. ווען איך האב אין מאי 1920 חתונה געהאט, האבן מיר ווייטער אנגעהאלטן מיט זיי גאר א נאענטע חברישע פארבינדונג. חוה האט זיך שטארק באפריינדעט מיט מיין פרוי און מיר פלעגן גאנץ אפט צוזאמען פארברענגען.

ווען עס איז אויסגעבראכן די מלחמה פון 1939 האבן מיר אנ-
פאנגס באשלאסן צוזאמען מיט די עטקינס צו פארלאזן לאדזש
און לאזן זיך קיין ווארשע, און אפשר נאך ווייטער. אבער
מיין פרוי, זעענדיק, אז מיינע עלטערן, ברודער און שוועסטער
זענען געבליבן אין לאדזש, האט זי מיט מיר מסכים געווען און
מיר זענען אויך געבליבן אין לאדזש. די ווייטערדיקע געשעע-
נישן האבן מיך געבראכט (אליין) סוף יאר 1939 קיין ווארשע,
האב איך די עטקינס דארט געטראפן. זיי זענען דארט געבליבן
און נישט געפארן ווייטער, ווייל קיין ווארשע איז אויך גע-
קומען עוואס א יינגערער ברודער מיט צוויי קליינע קינדער;
עווא האט נישט געהאט קיין הארץ זיי צו לאזן אין ווארשע
און אליין זוכן גליקן אין רוסלאנד און זיי זענען געבליבן
מיט זיי. זיי זענען אלע שפעטער אומגעקומען אין ווארשעווער
געטא. מאיר האט נאך געהאט א יינגערן ברודער, וואס איז אין
יאר 1913, אין עלטער פון 14 יאר אנטלאפן נאך מיט א פאר יינ-
גלעך קיין ישראל. ער איז שפעטער געווארן דארט אן אנגעזעע-
נער טוער אין ירדניה און איז אין יאר 1929 געפאלן אין א
שלאכט מיט די אראבער. ווען מיר זענען געווען אין ישראל
האבן מיר אין קיבוץ ג ע ו ר א געטראפן א קולטור-הויז
אויף זיין נאמען.

עס זענען ביי מיר געבליבן די בעסטע און ווארעמסטע גע-
פילן צו דעם באשיידענעם, טיף פילנדיקן און איבערגעגעבענעם
חבר, מאיר עטקין, און זיין פרוי חוה.

אויך מיט <u>מ א ט ע ק ב י י ג ל מ א ן</u> בין איך געווען
גאר נאענט באפריינדעט. אין אונזער סאציאליסטישן יוגנט-קר-
ייז האט ער ארויסגעוויזן שטארקע חריפות און איז געווען
דער שטענדיקער אויסטייטשער פון די הארבע קאפיטלען פון מאר-
קס "קאפיטאל", אדער באגדאנאווס פאליטישע עקאנאמיע.
זיי האבן געוווינט נישט ווייט פון אונז, אויף פאלודניאווע

גאס נומער 6. זיין פאטער האט געהאט א ליניר-פאבריקל; זי איז באשטאנען פון איין גרויסע מאשין, וואס זי אליין האט פארנומען כמעט א גאנצע שטוב. אויף א ראם אין דער מאשין האבן זיך געצויגן שטריקלעך און זיי האבן אויף אונטערגעלייגטע בויגנס פאפיר אפגעצייכנט ליניעס פאר האנדלס און בוכאלטעריע ביכער, און אזוי ווי לאדזש איז געווען א גרויסע האנדלס און פאבריק-שטאט, האבן האנדלס-ביכער געהאט א גוטן אפגאנג. זיי זענען געווען דריי בחורים און איין מיידל. מיין חבר מאטעק איז געווען א ווילער בחור, אבער עס זעט אויס, אז ביי זיי אין שטוב איז נישט געווען קיין גרויס שלום בית צווישן די עלטערן, ווייל ער איז שטענדיק געווען אן אנגעכמורעטער און גאנץ אפט אויך א שווייגנדיקער. ער האט באקומען א פאסטן אין א גמילת חסדים-קאסעאלס בוכאלטער און מיר פלעגן זיך אפט טרעפן אין האנדלס-אנגעשטעלטן-פאראיין און אין "הארפע".

אויך ער האט חתונה געהאט בשעת דער ערשטער מלחמה מיט א מיידל, מאליא פויזנער. זיי האבן געהאט צוויי ווילע, געראטענע מיידלעך - לוניא און קאזשיא. - אויך מיט זיי האט מיין פרוי סימפאזירט און מיר פלעגן זיך אפט צוזאמענטרעפן, גיין איינער צום צווייטן. דערצו נאך האבן זיי געוווינט אין צווייטן הויז פון אונז.

בייגלמאן האט שפעטער באקומען א פאסטן אלס בוכאלטער אין א גרויסער פירמע און זיי האבן געפירט א שיין, רויק לעבן. ער האט נאך אלס יינגל געליטן אויף א פוס. איינמאל אין ווינטער-צייט איז אים אין געשעפטלעכע ענינים אויסגעקומען צו פארן קיין טארן (פאמארזשע) און דא, ארפגייענדיק פון טראמוויי, האט ער זיך אויסגעגליטשט און געפאלן אויפן קראנקן פוס. מ'האט אים גענומען אין שפיטאל אריין, ווו ער איז אפגעלעגן א לענגערע צייט און האט שוין שפעטער געהינקט און

געשלעפּט דעם פּוס. דערצו האָט ער נאָך באַקומען שטאַרקע קאָפּ-
ווייטאָקן,אַ מיגרען,וואָס האָבן אים אָפּט צוגעקאַוועט צום בעט.
נאָכדעם ווי ער האָט געמוזט פאַרלאָזן דעם פּאָסטן,האָט ער געעפנט
ביי זיך אין דער היים אַ ביוראָ פון שרייבן ביטעס און רעק-
לאַמאַציעס אין פאַרשידענע שטאַטישע און מלוכה-אַנשטאַלטן. ווי
מיר אַלע,האָט ער באַהערשט די פּוילישע,רוסישע און דייטשע שפּראַ
כן און דאָס איז אים גוט צונוץ געקומען און האָט פון דעם
ביוראָ געצויגן שיין פּרנסה.
ווען ס'איז אין יאָר 1939 אויסגעבראָכן די מלחמה, איז ער
מיט דער פאַמיליע געגאַנגען אין געטאָ אַריין. די ערשטע צייט
איז זיי געווען גאָר ביטער,אָבער ווען רומקאָווסקי האָט באַשלאָ-
סן צו עפענען אַ פּאַפּיר-רעסאָרט,ווו עס זאָלן אויסגעאַרבעט ווע
רן פאַרשידענע אַרטיקלען פאַר די דייטשן,האָט מען בייגלמאַנען
איבערגעגעבן די אָנפירערשאַפט פון דעם רעסאָרט. ער איז געווען
באַקאַנט מיט דער בראַנזשע צוליב זיין טאַטנס ליניר-פאַבריק.
ביידע טעכטער האָבן מיטגעאַרבעט אין דעם פּאַפּיר- רעסאָרט. אויפן דריטן יאָר זייענדיק אין געטאָ,איז געשטאָרבן זיין פרוי.
מיר האָבן אויך אין געטאָ מיט די בייגלמאַנס אָנגעהאַלטן אַ
נאָענטן חברישן קאָנטאַקט. אין זומער 1944,ווען די דייטשן זע-
נען שוין געווען אין פּולן קלעם און די רוסן זיינען שוין
געשטאַנען הינטער וואַרשע,און אין לאָדזשער געטאָ זענען נאָך
דאָ קרוב צו זיבעציק טויזנט יידן,האָט ביי יעדן פון אונז אָנ-
געהויבן גליען אַ פונק פון האָפענונג ,אַז די 129 קילאָמעטער,
וואָס טיילט אָפּ לאָדזש פון וואַרשע,וועלן די רוסן מאַכן אין
3-4 טעג,און מיר וועלן אַלע געראַטעוועט ווערן. אָבער די רו-
סן האָבן געהאַט זייערע אויסרעכענונגען,און האָבן זיך נישט
גערירט ווייטער ווי פון דער ווייסל,און געבליבן דאָרט שטיין
ביז די ערשטע טעג פון חודש יאַנואַר 1945. פאַר דער צייט האָ-
בן די דייטשן געהאַט גענוג צייט צו ליקווידירן די לאָדזשער

געטא,ארויסשיקן די יידן אין פארשידענע לאגערן,דערהויפט קיין אשוויענטשים,ארויספירן אלע מאשינען און מאטעריאלן קיין דייטשלאנד. בייגלמאן מיט די סעכטער,שוין דערוואקסענע מיידלעך,האבן פארשטאנען,אז א קראנקן,הינקענדיקן מענטשן, וועלן די דייטשן זיכער נישט שאנעווען,האבן זיי באשלאסן צו בלייבן אין א בונקער אין לאדזשער געטא,גלויבנדיק,אז עס וועט דאך לאנג נישט דויערן און די רוסן וועלן פארנעמען לאדזש. דעם בונקער האבן זיי צוזאמען מיט נאך צוויי מענטשן פון זייער פאבריק אייגעארדנט טאקע ביי זיך אין רעסארט. זיי האבן די ווענט פון בונקער ארומגעשטעלט מיט סאוולען און מיט פאפיר-אפפאל און אזוי א נאך אויסגעהאלטן ביז יא-נואר 1945,ווען די רוסן האבן פארנומען לאדזש. זיי האבן זיך צוגעגרייט א ביסל פראוויאנט,אויסער דעם פלעגט זיי העל-פן א צווייטער חבר,באריס פיק,(וועגן וועלכן עס וועט מיר נאך אויסקומען צו שרייבן),וואס האט געוווסט וועגן זייער באהעלטעניש.

ווען עס איז אריין קיין לאדזש די נייע רוסיש-פוילישע מאכט און די רעשטלעך יידן זענען ארויס פון געטא,האבן די בייגלמאנס,צוגלייך מיט אנדערע,פארכאפט א וווינונג אויף דלוגא 31 (אין דעם זעלבן הויז,וווּ עס איז אמאל געווען די "הארפע). חוץ דער פארשטאט באלוט,וווּ עס איז געווען די גע-טא,האט די שטאט גאנץ ווינציק געליטן פון די דייטשע באמבאר-דירונגען. די די אלט-איינגעזעסענע דייטשן,ווי אויך די דייט-טשן,וואס זענען געקומען פון אנדערע ערטער,און געארבעט אין פארשידענע דייטשע אמטן,ווי אויך די פאלקס-דייטשן -פאליאקן, וואס האבן דערקלערט,אז זייערע אורעלטערן האבן געשטאמט פון דייטשן- (אין לאדזש האבן פאר דער מלחמה געוווינט איבער הונדערט טויזנט דייטשן), האבן זיי פארנומען אלע דירות אין שטאט,פון זיי אלע דירות אין וועלכע עס האבן פריער געוווינט

יידן און זיי האבן אויך איבערגענומען די יידישע געשעפטן און פאבריקן - און איצט,פארן אריינקומען פון דער פויליש-רוסישער נייער מאכט קיין לאדזש,האבן זיי דאס אלץ שנעל געמוזט פארלאזן.

צוזאמען מיט דער נייער פויליש-רוסישער מאכט,זענען פון די אנדערע חרוב-געווארענע שטעט אין פוילן,דערהויפט פונעם חורבן ווארשע,געקומען קיין לאדזש טויזנטער פאליאקן,וועלכע האבן פארכאפט די וווינונגען און אויך געשעפטן,וואס זענען געבליבן נאך די דייטשן.

אויך דאס ביסל געראטעוועטע יידן האט געטאן דאס זעלבע. אזוי איז מיין חבר בייגלמאן געקומען צו א גוטער וווינונג, ווי אויך צו א גרויס פאפיר-געשעפט אין צענטר פון שטאט. ווען איך מיט מיין טאכטער און ברודער מארעק,מיט זיין פרוי און זייער קינד,זענען צוריקגעקומען פון די קאצעט-לאגערן, האבן מיר גלייך אויפגעזוכט בייגלמאנען און ער מיט זיינע טעכטער האבן אונז אלעמען אריינגענומען צו זיך אין שטוב אריין,געגעבן צו עסן צו דער זעט,געמאכט נאכט-לעגערס פאר אלעמען ( א טייל איז געשלאפן אויף דער פאדלאגע),געמאכט אזוי,אז מיר זאלן זיך פילן ווארעם,היימיש. דאס איז גע ווען זער א סך פאר אונז. מיר האבן זיך אויסגערוט,געקומען א ביסל צו זיך און געהאט צייט און מוט צו קלערן וועגן אונזער ווייטערדיקן גורל.

ווי נאר די דייטשע אקופאנטן האבן פארלאזט, אין איילעניש לאדזש,האט זיך געשאפן דער יידישער קאמיטעט. עס האבן אנגעהויבן צו קומען געראטעוועטע יידן פון רוסישן גיהנום, ווי אויך דאס ביסל געבליבענע יידן פון די קאצעטן און בונקערס; א טייל האט בכלל נישט געוואלט בלייבן אין לאדזש און בפרט אין דעם פארפעסטעטן פוילן,און איז גלייך געלאפן ווייטער,אפילו צוריק אין די אויסגעליידיקטע דייטשע קאצעט-לא-

גערן,מיט דער אויסזיכט פון דארט צו גיין ווייטער,קיין יש-
ראל אדער אין די פאראייניקטע שטאטן. א טייל האט געגלייבט,
אז עס וועט דאך אפשר זיין מעגלעך אויפצובויען א ניי יידיש
לעבן אין פוילן,אין דעם לאנד ווו יידן האבן געלעבט און
געשאפן הונדערטער יארן.

אבער דער קעלצער פאגראם,וואס איז פארגעקומען אין יוני
1946,שוין אין נייעם פוילן,האט אויפגעטרייסלט אויך די יידן
וואס האבן פארבונדן זייערע האפענונגען מיטן נייעם פוילן,
און גאר א גרויסער טייל האט זיך,אויף אן אומלעגאלן וועג
געלאזט צום מערב,צו די דייטשע לאגערן,געזוכט א וועג קיין
פראנקרייך און אנדערע לענדער,וווהין נאר מ'האט אריינגעלאזט.
(איך מיט מיין טאכטער זענען נאך אין מאי 1946 אוועקגעפארן
קיין שוועדן).

די נייע פוילישע קאמוניסטישע רעגירונג,מיט גאמולקא בראש,
האט וואס א מאל מער באשווערט דעם פריוואטן האנדל און גאר
שווארך באקעמפט דעם אנטיסעמיטיזם. ווי געזאגט,האט ווער נאר
פון די יידן עס האט געקענט,האט אויף פארשידענע וועגן,פאר-
לאזט פוילן. - אויך מיין בייגלמאן מיט זיינע טעכטער האבן,
לסוף,זיך דעצידירט און געפארן קיין ישראל,ווו עס האבן נאך
פון פאר דער מלחמה זיך געפונען בייגלמאנס עלטערן,וועלכע
זיינען אהין ארויסגעוואנדערט מיט דער גראבסקי עליה. אין
דעם מושב,אין וועלכן בייגלמאנס עלטערן האבן זיך איינגעאר-
דנט,איז אויך געוועזן בייגלמאנס א ברודער,וועלכער האט פאר
דער מלחמה געלעבט מיט זיין פרוי אין דאנציק און,נאכדעם
ווי היטלער איז אין דייטשלאנד געקומען צו דער מאכט,האט ער
אויסגעוואנדערט קיין ישראל.אויך בייגלמאנס א שוועסטער,וואס
האט אין יענער צייט זיך געפונען אין רומעניע,ארויסטרעטנ-
דיק מיט יידישע און פוילישע רעציטאציעס,האט באקומען די
מעגלעכקייט ארויסצופארן קיין ישראל - אזוי,אז בייגלמאן

מיט זיינע טעכטער, זענען דארט נישט געווען איינזאם.

ווי א בונדיסט, איז בייגלמאנען שווער געווען צו קריגן אין ישראל אן אנטשפרעכנדיקע ארבעט אין זיין פאפיר-בראנזשע. די ישראל-ביוראקראטיע האט אפילו אנערקענט, אז ער האט אלע קוואליפיקאציעס דערצו, אבער מ"האט געשלעפט, אפגעלייגט.

ערשט דוד דובינסקיס א בריוו פון ניו-יארק איז געווען די בעסטע פראטעקציע, און מ'האט אים געגעבן דעם פאסטן. (געהאלפן דערצו האט דובינסקיס א שוועסטערן-טאכטער, וואס איז געווען מיט אונז אין לאדזשער געטא. זי איז געווען א נאענטע חברטע פון בייגלמאנס טאכטער. זי האט זיך געראטעוועט פון די דייטשע לאגערן און נאך דער מלחמה געקומען קיין נ.יארק. ווען זי האט זיך דערוווסט פון בייגלמאנס שוועריקייטן, האט זי צוגעלייגט א האנט און דובינסקיס אינטערווענץ האט געהאלפן)

אין צווישנצייט האבן ביידע טעכטער בייגלמאנס חתונה געהאט. פון דער עלטערער האט ער געהאט אן אייניקל - אבחור און פון דער צווייטער -צוויי מיידעלעך. די עלטערע טאכטער מיטן מאן און זון, זענען שפעטער אוועק אין די פאראייניקטע שטאטן. די יינגערע, מיטן מאן און קינדער, וווינען עד היום אין ישראל.

בייגלמאן איז געווארן אקטיוו אין דער בונדישער ארגאניזאציע אין ישראל, און ווען עס איז געשטארבן דער פארזיצער פון דער ישראלדיקער בונדישער ארגאניזאציע, דער ח'ארטוסקי, איז בייגלמאן געוויילט געווארן אויף זיין ארט. לאנג האט ער דעם בכבודיקן אמט נישט באקליידט - ער איז מיט עטלעכע יאר שפעטער געשטארבן. - איך בין מיט אים אלע יארן געשטאנען אין א פערמאנענטן שריפטלעכן קאנטאקט.

אזוי האב איך פארלארן אויך מיין צווייטן נאענטסטן חבר.

מיין דריטער יוגנט-חבר ג ד ל י ה ו ק א ר ן, וועלכער האט זיך גערופן גוסטאוו, און שפעטער אין אמעריקע - גאס -, איז געווען א זון פון א לאדזשער פעלדשער. ער איז געגאנגען

מיט מיר צוזאמען אין דער שולע,און געוווינט אויפן זעלבן הויף,וואס מיר. ער האט געהאט נאך צוויי ברידער און צוויי שוועסטערס. איינע פון זיי,אן עלטערע פון גדליהו,האט געענדיקט די מלוכישע גימנאזיע אין לאדזש. אן עלטערער ברודער איז געפארן זוכן גליקן קיין אמעריקע.

ווי שוין געזאגט,איז אויך גדליהו ארייננעצויגן געווארן אין דעם סאציאליסטישן שילער-קרייז. ער האט אבער געהאט נייגונגען צום טעאטער. ווען מ'האט אין דער שולע געמאכט אמאטארן-פארשטעלונגען,פלעגט ער אין זיי אנטיילנעמען. ער איז געווען א נידעריקער,א קיילעכדיקער,מיט דיקע גלעזער אויף די אויגן און האט זיך גוט געפאסט פאר דער ראל פון "גאראדניטשי" אין גאגאלס "רעוויזאר"; ער האט געהאט א באריטאן-שטימע און האט אויך געשפילט אין דער שילער-טרופע פאסטראלן. ער איז אויך געווען דער,וואס האט מיך מיט עסקינען, אין די שפעטערדיקע יארן,פאראינטערעסירט מיטן דייטשן,יידישן און רוסישן טעאטער. דער רעזשיסער פון דייטשן טעאטער איז דעמאלט געווען דער באקאנטער ארטיסט,וואסערמאן,וואס האט אויסגעפירט די בעסטע פיעסן פון דייטשן און אייראפעאישן רעפערטואר. ווען עס איז געקומען קאמיסארזשעווסקאיא, אדער וויאלצעווא,סטארן פון רוסישן טעאטער,האט קארן גענארגט,אז מיר זאלן זיי זען.

אין יאר 1913 איז קיין לאדזש געקומען דער רוסישער טעאטער פון די ברידער אדעלהיים. זיי האבן געגעבן ארציבאשעווס "ווסיע דני נאשעי זשיזני" (די טעג פון אונזער לעבן); ראזבאיניקי (די רויבער)פון שילער,"האמלעט" פון שעקספירן א.א. ס'איז אויך געקומען אויף איין גאסטראל דער גרויסער רוסישער באס -שאלאפין. זענען מיר,א גאנצע גרופע יוגנט געגאנגען צו אים אין האטעל ארייין,אים בעטן,אז ער זאל זיך באמיען,אז מען זאל געבן פאר דער יוגנט ביליקע איינטריטס-בילעטן. ער האט

אונז אפגעשיקט צום עמפרעסאר. אבער יענער האט אונז גארנישט געוואלט אויפנעמען. האבן מיר באשלאסן, א מאן 15, צו גיין אויף גאפע אין טעאטער הערן שאלאפינען. מיר האבן געמאכט "בלאט" מיטן דעם בילעטער, וואס שטיים ביי דער טיר, וואס פירט צו דער גאליארקע. און בעת די בראווא-געשרייען און אפלאדי-סמענטן האבן פארהילכט דעם זאל, האט קארן א געשריי געגעבן "דובינושקא" ( א רעוואלוציאנער ליד, וואס איז פארבאטן געווען צו זינגען אין צארישן רוסלאנד). מיר, די גאנצע גרופע, האבן אים אונטערגעהאלטן מיט געשרייען, טומלען, נישט געלאזט שאליאפינען פארענדיקן זיין אנגעצייכנטן פראגראם. מיטאמאל יאווועט זיך אויף דער גאלעריע א כאפטע פאליציאנטן, פארנעמען אונז אין פירן אונדז אין נאענטסטן פאליציי-רעוויר. מ'האט אונדז דארט דערציילט די מעשה. א טייל פון אונז האט באקו-מען הויזשנע קלעפ. מ'האט אונז אפגעהאלטן א גאנצע נאכט אין "קיטשעמענט" און ערשט אינדערפרי ארויסגעלאזט, אנזאגנדיק אונדז, אז צום צווייטן מאל וועט אזא שפיל נישט אפגיין בלויז מיט קלעפ.

אין יענער צייט איז געווען דער בלי-פעריאד פון יידישן טעאטער אין לאדזש. דער דירעקטאר איז געווען זאנדבערג. ער האט אראפגעבראכט די בעסטע יידישע ארטיסטן פון דער וועלט: יעקב אדלער, באריס טאמאשעווסקי, לודוויק זאך, לעבעדיעוו, זאס-לאווסקי, אסתר רחל קאמינסקי, פיינשטיין, פאני וואדי עפשטיין פון לאנדאן און א סך אנדערע גוטע ארטיסטן. עס האבן אויך נישט געפעלט אייגענע לאדזשער כוחות, ווי בולמאן, טיטלמאן, יעדוואב, סעראדסקא. אויך דער רעפערטואר איז געווען א בעסע-רער. צוזאמען מיט בינקע-פינקע, די אמעריקאנער, א מענטש זאל מען זיין, האט מען געגעבן: אטעלא, מעדעא, "גאט, מענטש און טיי-וול", דעם גאנצן רעפערטואר פון יעקב גארדין, פון לעא קאברין א.א. - קארן האט זיך אין די טעאטער-קולוארן באקאנט מיט

זלמן זילבערצווייג(וועלכער האט צוזאמענגעשטעלט דעם באקאנ-
טן טעאטער-לעקסיקאן). קארן איז מיט אים געווארן א גאנצער
פאן-בראט. קארנען האט מער אינטערעסירט די טעאטער-קונסט,
ווי אונזער פארטיי-טעטיקייט,אדער קולטור-ארבעט. ער איז
אבער געבליבן אן איבערגעגעבענער חבר און פריינט. ער האט
געהאט א גוטן כאראקטער,ס'האט אבער שאקירט זיין באליידיקן
זיך און זיך פילן געטראפן פון יעדער קלייניקייט. ער פלעגט
דעמאלט א פאר טעג ארומגיין אן אנגעכמורעטער.

פון עסקינען האט ער געהאלטן א וועלט; מיך האט ער טאלע-
רירט,מיט בייגלמאמנען פלעגט ער זיך ארומרייסן. אבער אין
אלגעמיין,האט ער אונדז אלע ליב געהאט,גרייט געווען שטענ-
דיק זיך איינצושטעלן פאר אונז.

ווען איך בין צוריקגעקומען פון רוסלאנד (1918) בין איך
געוווּיר געווארן,אז ער איז געפארן מלחמה-צייט קיין דייטש-
לאנד אויף צוואנגס-ארבעט. עס האט לאנג נישט געדויערט און
ער איז צוריקגעקומען פון דארט,אבער אינגאנצן א צעבראכענער
פיזיש און גייסטיק און עס האט גענומען א לענגערע צייט ביז
ער איז צוריק געקומען צו זיך. אין דייטשלאנד,זייענדיק צווי-
שן אנדערע יידן,האט ער אנגעבויבן צו סימפאטיזירן מיט פועל-
ציון,אזוי,אז צוריקקומענדיק קיין לאדזש,האט ער זיך דער-
ווייטערט פון אונז,זיינע נאענטסטע חברים.

דאס האט אבער לאנג נישט אנגעהאלטן ביי אים. שוין ביי די
ערשטע וואלן צום לאדזשער שטאט-ראט נאך דער מלחמה,איז ער
צוריקגעקומען צום "בונד" און גענומען גאר אן אינטענסיוון
אנטייל אין דער וואל-קאמפאניע. און מיט פרייד האט ער זיך
אויפסניי דערנענטערט צו אונז,זיינע אלטע חברים.

קארן איז בכלל געווען א מענטש פון שטימונגען,דערביי
אבער א געטרייער,ווילער און גוטווויליקער בחור. ער האט
אויך געהאט אריגינעלע,אבער נישט קיין שעדלעכע,איינפאלן.

איך דערמאָן מיך,ווען איך האָב חתונה געהאַט,האָב איך באַקומען
אַריינגעשיקט פון אַ גרויס געשעפט פון בערשטן-אויסאַרבעטונגען
אַ דרשה-געשאַנק פון אים,וואָס איז באַשטאַנען פון אַ 20 בערשט-
לעך,וואָס ווערן גענוצט אין דער שטוב-ווירטשאַפט,ביז צאָן
און קאָפּ-בערשטלעך.

קאַרן האָט,ווי שוין דערמאָנט,געהאַט אין די פאַראייניקטע
שטאַטן אַ ברודער,וואָס איז אַהין געפאָרן מיט לאַנגע יאָרן צוריק.
באַלד נאָך דער מלחמה פון 1914-1918.האָבן זייער אַ סך אַמערי-
קאַנער געוואַלט אַרויסהעלפן זייערע קרובים אין פּוילן,וועל-
כע האָבן זיך געגוג אַנגעליטן בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע.
דער דאָזיקער ברודער האָט אין יאָר 1921 געשיקט פּאַפּירן פאַר
אונזער קאַרן און זיין שוועסטער. ערשט נאָך דריי חדשים האָבן
מיר באַקומען די ערשטע ידיעות פון אים . ער איז אַריינגעפאַלן
אין אַן אָרעמער שטוב פון זיין ברודער - אַ פּרעסער,מיט אַ פּאַר-
ביטערטער פרוי מיט צוויי קינדער. די שיפס-קאַרטן האָט ער גע-
קויפט אויף אויסצוצאָלן אין ראַטעס,וואָס ער מיט דער שוועסטער
דאַרפן מיט דער צייט אויסצאָלן. צו די צוויי וואָכן האָט דער
ברודער צו זיי געזאָגט : - איר זענט טאַקע ביידע געבילדעטע
מענטשן,מיט דיפּלאָמען,אָבער פאַר אַמעריקע טויג דאָס נישט; דו,
גדליהו,וועסט אַרבעטן מיט מיר אין אַ שאַפּ אַלס פּרעסער,און דו
שוועסטער מיינע וועסט דערווייל גיין אַרבעטן אין אַ רעסטאָראַן
און שפּעטער וועלן מיר זען,וואָס דו וועסט טאָן ווייטער.

אונזער אַמביציעזער חבר איז אַוועק פון ברודער,זיך גוט
געמוטשעט,געזוכט פאַרשידענע אַרבעטן און אין אַלע שפּעטערדיקע
בריוו פלעגט ער זיך באַקלאָגן אויף זיין דאַלע. אין זיינע
בריוו האָט ער אָנגעהויבן צו באַרירן אויך פּאָליטישע טאָג-פּראָב-
לעמען. מען האָט לייכט געקענט זען,אַז ער איז דאָרט,אין אַמע-
ריקע,געוואָרן נעענטער צו די קאָמוניסטן. ער איז באַאיינפלוסט
געוואָרן פון זייער פּרעסע און נאָכמער פון זיין לאַגע,און אין

די בריוו צו מיר האט ער אנגעהויבן צו פאלעמיזירן מיט מיר
וועגן דער שטעלונג פון "בונד" צו פארשידענע פאליטישע פרא-
גן אין פוילן. ער האט מיר אויך געמאלדן,אז ער האט חתונה
געהאט מיט א "ציקער-זיס" מיידל סאניא. איך האב אים געבע-
טן,אז ער זאל לאזן צו רו דעם "בונד" און פארנעמען זיך בע-
סער מיט זיין "צוקער-זיס" מיידעלע. אויב נישט וועל איך
מוזן איבעררייסן מיט אים די קארעספאנדענץ. ער האט אבער
נישט אפגעלאזט און ווייטער געשטורמט מיט זידלערייען אויפן
"בונד",אנגעכאפט זיך עפעס אין א רעדע,וואס דער חבר הענריק
ערליך זאל האבן געהאלטן אין ווארשעווער שטאט-ראט,אנגערופן
אים סאציאל-פאשיסט. איך האב שוין מער נישט אויסגעהאלטן,
אנגעשריבן אים א שארפן בריוו. עס האט מיך וויי געטאן,אז
נאך אזוי פיל יארן נאענטער חברשאפט,מיט אים איבערצורייסן,
אבער איך האב נישט געהאט קיין אנדער ברירה.

עס זענען זינט דעמאלט אריבער פערציק יאר. איך האב פאר
דער דאזיקער צייט אדורכגעמאכט א שפאר בינטל צרות און שוין
זייענדיק אין ארגענטינע האבן מיר - איך און מיין צווייטע
פרוי- באשלאסן צו מאכן א באזוך אין די פאראייניקטע שטאטן.
און טאקע אין חודש אויגוסט 1962 געמאכט די רייזע. אבער א
צוויי חדשים פארן ארויספארן האב איך פלוצים באקומען א בריוו
פון קארנען,אין וועלכן ער שרייבט מיר,אז ער איז ערשט איצט
צופעליק געוווירע געווארן ,אז איך בין ארויס מיטן לעבן פון
דער גרויסער וועלט-זאווערוכע. ער האט מיר געשיקט זיינע
און דער פרויס פאטאגראפיעס און מיך געבעטן צו באנייען אונ-
דזער אלטע פריינטשאפט. דערביי לאזט ער מיר וויסן,אז ער
האט זיך שוין לאנג אויסגעהיילט פון דער קאמוניסטישער קרענק
אז ער איז שוין רעטאירט,און פירט א רויק,באשיידן לעבן.
איך האב אים גלייך געענטפערט,אז גאר אינגיכן קומען מיר
אויף א וויזיט קיין אמעריקע. עס האט געדויערט נישט מער

ווי א פאר טעג און איך האב באקומען פון איס א הארציקע איינ-
לאדונג צו פארפארן גלייך צו איס, אז מיר מוזן זיין זייערע
געסט אין ניו-יארק. איך האב געענטפערט, אז איך האב דארט א
קוזין, האררי ווינאגראד, און ער דארף פארשטיין, אז ער, דער קו-
זין איז אונזער גאסט-געבער.

אנקומענדיק אויפן פלי-פעלד אין ניו-יארק, האבן אונז אפ-
געווארט מיין קוזין, אבער אויך די קארנס (זיין פרוי סאניא
מיט בלומען אין דער האנט) און די בערנשטיינס, ארגענטינער
חברים און פריינט. - מיט טרערן אין די אויגן, בעט זיך ביי
אונז קארן, אז מיר זאלן פארפארן צו איס. אבער מיין קוזין
האט שוין דעס באגאזש אונזערן אין זיין קאר. איך האב קאר-
נען בארויקט און איס צוגעזאגט, אז מיר וועלן אויך ביי איס
זיין צו גאסט אויף א פאר טעג. ער האט אנגענומען מיין צו-
זאג און אויך איך, האב מיין צוזאג געהאלטן.

מ'האט בעדארפט זען און פילן וויפל הארציקייט ער און זיין
פרוי האבן אונז ארויסגעוויזן מיט זייער גאסטפריינטשאפט.
זיי האבן געהאט א קליינע דירה, און אונז אפגעטרעטן זייערע
בעטן און אליין זענען זיי געשלאפן אין צווייטן צימער אויף
אויסלייג-בעטלעך. זיי האבן זיך געפארעט ארום אונז און גע-
וואלט ווי צום בעסטן אונז צופרידנשטעלן. ער האט געווינט
אין ברייטאן, פלעגן מיר גיין שפאצירן ביים וואסער.

קארן איז שוין געווען רעטאירעט, ער איז שוין דעמאלט אלט
געווען 70 יאר (מיט דריי יאר עלטער פון מיר) און ער איז
געווען אין א גוטער שטימונג; ער האט מיר דערציילט, אז ער
האט געהאט פארשידענע צייטן, געארבעט ביי פארשידענע פאכן,
אפגעשפארט א פאר טויזנט דאלאר, האט א צאל אקציעס (סטאקס)
און לעבט זיך א רויק לעבן. קיין קינדער האבן זיי נישט גע-
האט. סאניא איז געווען א קליינוווקסיקע, ווי ער. א דארע, א
קרענקלעכע, אויך ער האט שוין געהאט א פייסמעקער. ער האט

מיר אויך דערציילט,אז סאניעס גאנצע משפחה,ברידער און שוועסטער,האבן זיך אריבערגעצויגן קיין לאס אנדזשעלעס,און אז אויך זיי וועלן אין א פאר חדשים ארום פארן אהין. זיי האבן שטארק באדויערט ,וואס מיר האבן זיי נאך דריי טעג פארלאזט. ער האט געוואלט וויסן וואס מער איינצלהייטן וועגן דעם פארלויף פון מיין לעבן פאר די 40 יאר און זיך נאכגעפרעגט אויף דער גאנצער משפחה מיינער,וועלכע ער האט גוט געקענט.

אנטוישט פונעם קאמוניזם איז ער געווארן נאך דעם ריבענטראפ-מאלאטאוו-אפמאך,וואס איז געווען דער גורם פונעם גרויזאמען וועלט-קריג און דעם אומקום פון די זעקס מיליאן יידן. איצט איז ער א פארביסענער קעגנער פון סאוויעט-רוסלאנד און האט געשיט אויף זיי פעך און שוועבל.

נאכן צוריקקומען קיין ארגענטינע,האט זיך באנייט א נארמאלע קארעספאנדענץ צווישן אונז. ער האט זיך סאקע באזעצט אין לאס אנדזשעלעס. ער האט זיך דארט געוואלט דערנעענטערן צוריק צום"בונד". ער איז געווארן אן אבאנענט פון דער בונדישער "אונזער צייט",אבער ער האט זיך געפילט פרעמד אין די בונדישע קרייזן,מחמת ער איז געווען פון זיי צו לאנג אפגעפרעמדט. סוף 1974 איז געשטארבן זיין פרוי סאניא. אויף אונזער מיטגעפיל-בריוו האב איך שוין נישט באקומען קיין ענטפער. זעט אויס,אז זיין צוגעבונדנקייט צו מאניען און זיין עלנטקייט ,האבן אים דערדריקט.

איך האב מיך אין מיינע זכרונות ברייטער אפגעשטעלט אויף די דריי נאענטסטע חברים מיינע. זיי זענען געווען דריי פארשידענע כאראקטערן,דערצויגענע אין פארשידענע היימען און יעדער איינער פון זיי האט געלאזט שפורן אויך אויף מיין כאראקטער. איך דערמאן זיי מיט גרויס פיעטעט און אכטונג.

איך האב מיך אין מיין לאנגן לעבן אנגעטראפן נאך מיט אנ-

דערע גוטע,געטרייע,איבערגעגעבענע פריינט און חברים. אין מיינע ווייטערדיקע זכרונות וועל איך זיי זיכער דערמאנען; מיט די דערמאנטע דריי בין איך געווען אינט'ספארבונדן פון מיין פריער יוגנט אן,

## מלחמה 1914 - 1918

איך קום צוריק צום סוף פון יאר 1913. ס'איז געווען א הייס יאר. אין לאנד האט די ענדיציע געפירט א העסלעבע אנ-טיסעמיטישע באיקאט-אגיטאציע איבער דעם וואס די יידן האבן אפגעגעבן זייערע שטימען צו די דומע-וואלן פארן פרשטייער פון די ארבעטער,פאר דעם פעפעסאוויעץ יאגעלא און נישט,ווי עס האבן פארלאנגט די ענדעקעס,פאר זייער קאנדידאט פראפע-סאר קוכאזשעווסקי. ווען מען איז אריין אין 1914-טן יאר, האבן זיך פון אומעטום אין דער וועלט - פון דייטשלאנד,טער-קיי,פראנקרייך,רוסלאנד,עסטרייך,ענגלאנד - געטראגן אין דער לופט מלחמה-שטימונגען. ס'איז שוין כעווען נאכן מארד פון עסטרייכישן קראנפרינץ,פערדינאנד.

איך דערמאן מיך,אז ווען מיר זענען צוריקגעגאנגען פון א בונדישער פארטיי-פארזאמלונג אין זשובארדזער וואלד (הינ-טער לאדזש) און געפארן מיטן טראמוויי צוריק צום באלוטער מארק,האבן מיר שוין דארט אנגעטראפן א בהלה,אויף ווייטער-דיקע פרויען. אויף די ווענט פון די הייזער זענען געווען אויסגעקלעפט מעלדונגען וועגן דער מאביליזאציע פון די רע-זערוויסטן און אין א פאר טעג ארום,דעם 14-טן יולי (אלטן סטיל) איז אויסגעבראכן די מלחמה צווישן רוסלאנד און דייט-שלאנד (צו וועלכער עס זענען אויך שפעטער צוגעשטאנען פראנ-קרייך און ענגלאנד,עסטרייך-אונגארן,דערנאך טערקיי און בול-גאריע,און צום סוף אויך אמעריקע.)

אלע פאבריקן האבן גלייך אפגעשטעלט די ארבעט. עס האט

זיך אויך טוין געפילט אויפן מארק א דחקות אין פארשידענע לעבנס-מיטל-פראדוקטן. דער "בונד"(אויך אנדערע פארטייען ) האט גלייך ארגאניזירט א קיך (אויף בזשעזשינער 11),ווו מ'האט געטיילט מיטאגן. מיר זענען געגאנגען אין קאנסטאנטי-נער וואלד און געשלעפט פון דארט קלעצער אויף צו באהייצן די קיך. איך בין נאך מיט עסקינען געווען אויף א בעראטונג אין דער טויב-שטומע שולע (אויף זשעלאזנא 23),ווו חבר ישראל ליכ-טענשטיין איז געווען דער דירעקטאר. איך האב אים דעמאלט גע-זען דאס ערשטע מאל; ער איז שפעטער געווען דער פירער און סאן-געבער אין דער לאדזשער בונדישער ארגאניזאציע און דער בונדישער פארשטייער און ערשטער רעדנער אין לאדזשער שטאט-ראט. - צו דער בעראטונג זענען געקומען פארשטייער אויך פון די בײדע פוילישע סאציאליסטישע פארטייען (דער ד"ר קאפאסא און דער שניידער -פורטאל). די רוסן האבן זיך געגרייט צו פארלאזן די שטאט און מ'האט אויסגעטיילט א קאמיטעט,וואס זאל אין פארשטענדיקונג מיט די בירגערלעבע גרופירונגען (פוי-לישע און יידישע),זיך גרייטן איבערצונעמען די אנפירונג פון דער גרויסער שטאט,נאך אײדער די דייטשן וועלן אריין.

דערווייל,זענען ביי אונז אין שטוב,פארגעקומען גרויסע געשעענישן. מיין טאטע האט זיך נישט געלאזט איבעררעדן פון זיינע נאענטע פריינט,בערדיטשעווער און אנדערע,אזוי גערו-פענע "ליטוואקעס",וואס האבן זיך אויף שנעל געלאזט צוריק צו זייערע געבוירן-ערטער אין ליטע און רוסלאנד. מיין פאטער האט געזאגט,אז באלד,ווי ער פארלאזט זיין ווארעמע היים,ווערט ער נע-ווענד און ער קען זיך דאס נישט דערלויבן מיט זיין גע-נוג גרויסער פאמיליע און מיט די אלטע שווער און שוויגער. עס איז אויך געבליבן דער פעטער חיים-לייב פאזנאנסקי. די רוסן האבן אויפגעריסן די באן-בריקן,וואס האט פארבונדן לאד-זש מיט ווארשע און עס האבן אויפגעהערט אנצוקומען צייטונגען.

במילא איז מען אויך געבליבן אן די פרנסה-קוואלן.

ווי איך האב שוין איינמאל געזאגט, האב איך שטענדיק, ווי נאר כ'האב געהאט א פרייע מינוט, אוועקגעגעבן דעם ציי-טונגס-געשעפט פון מיין טאטן. און איצט, ווען מ'איז געבליבן אן פרנסה, האט דער טאטע מיר רעקאמענדירט איך זאל פארן קיין ווארשע מיט א קארעטע מיט פערד, וואס לאדזשער פורמאנעס האבן שוין געהאט איינגעשטעלט צווישן לאדזש און ווארשע, כדי צו זען ארגאניזירן דאס באזארגן צייטונגען פון ווארשע, ווו עס האט נאך כמעט פולסירט א נארמאל לעבן.

דער טאטע האט געהאלטן, אז איך דארף פארן קיין ווארשע, און נישט מיין עלטערער ברודער, ווייל ער האט געזאלט דעם זעלבן יאר, אין נאוועמבער, זיך שטעלן צום פריזיוו אין בערדי-טשעוו, און מ'האט מורא געהאט, אז מען זאל אים פאקן און ארייג שלעפן צום מיליטער-דינסט; מיין פריזיוו איז ערשט געווען 1916. - מיין פארן דעמאלט קיין ווארשע האט זיך אזוי אויס-געשפילט און גורם געווען, אז מיין גאנץ לעבן זאל זיך גאנץ אנדערש אנטוויקלען.

## לאוויטש און קאזאצקע קלעפ

דערווייל איז אנגעקומען צו אונדז קיין לאדזש פון דייט-שלאנד, דער זון פון אונדזער צייטונג-צושטעלער אין ווארשע, ריינערמאן, וואס איז געווען אויף היילונג אין א דייטשן קור-ארט. האבן מיר באשלאסן צו פארן צוזאמען קיין ווארשע. ער איז אבער געפארן מיט אן אנדער פאיעטאן מיט א שעה פריער, און מיר האבן אפגערעדט זיך צו טרעפן אין לאוויטש, אין הא-טעל "אויראפעיסקי" אויף דער ווארשעווער גאס. דאס איז גע-ווען אין סעפטעמבער, הארט פאר די יום טובים. איך האב זיך געזעגנט מיט די עלטערן, ברידער און שוועסטער, מיט חברים, און געלאזט זיך אין וועג אריין. אויפן וועג האט זיך שוין

געלאזט פילן א פיינטלעכע שטימונג מצד די פאליאקן. עס האבן זיך אויפן שאסיי ארומגעדרייט רוסישע סאלדאטן,קאזאקן און ווען מיר זענען אנגעקומען קיין לאוויטש,האט מען אונז דער-ציילט אויפן מארק,ווו די קארעטע איז שטיין געבליבן אויף א שעה,כדי אנצוקארמען דעם פערד,אז עס איז כלומרשט דערהרגעט געווארן א קאזאק און די פאלליאקן האבן די שולד געווארפן אויף די יידן. איך האב זיך געפרעגט נאך דער ווארשעווער גאס און וועגן דעם האטעל אויראפעיסקי,ווו עס האט געזאלט ווארטן אויף מיר ריינערמאן. עב האט זיך ארויסגעוויזן,אז ס'איז א פאר צענטליק שפאן פון מארק. האב איך מיך געלאזט גיין אהין. ס'איז געווען א זייגער דריי נאכמיטאג. אויף דער גאס האט מען נישט געזען קיין מענטשן. פלוצים הער איך הינטער מירשווערע סאלדאטסקע טריט. איך האב מיך נישט אומגע-קוקט ,אבער כ'דערזע א שילד "האטעל אויראפעיסקי". כ'האב געגעבן א לויף צו אהין. כ'האב אנגעקלאפט איין מאל,א צווייט מא. עמיץ האט ארויסגעקוקט פונעם פענסטערל און מען מיך אריינ געלאזט. לאזט זיך אויס,אז ריינערמאן,וועמען איך האב דא גע-דארפט טרעפן,איז שוין געהאט אוועקגעפארן. צוליב דער פאגראם שטימונג אין שטאט האט ער געוואלט זיין וואס שנעלער אין ווארשע. - איך ווארט אפ א פערטל שעה און כ'האב מיך געלאזט גיין צוריק די פאר שפאן צום מארק. איך באמערק,אבער,אז א פאר קאזאקןגייען מיר נאך,זיי שרייען מיר נאך,אז איך זאל בלייבן שטיין. איך באמערק אן אפטייק און גיי דארט אריין . די קאזאקן זענען אריין נאך מיר.אויף יענער זייט טיש איז געשטאנען דער אפטייקער,א פאליאק און אריינגעקוקט אין א צייטונג. ער האט אבסערווירט מיך און די קאזאקן. רופט זיך אן צו אים א קאזאק: - א יא א ייד,אנווייזנדיק אויף מיר. שווייגט ער. א צווייטער זאגט צו מיר: - ביסט דאך א ייד, וועלן מיר זיך אפרעכענען מיט דיר פארן טויט פון אונזער

חבר,וואס איר יידן האט היינט דערהרגעט. נעם איך ארויס מיין
פאס און ווייז אים: איך הייס ל ו ד א ו ו י ק (אזוי איז
געווען פארשריבן ביי די רוסן מיין נאמען לודוויק) ווינאגראד.
גיט ער א בליק און זעט: נוכימאוויטש (מיין טאטנס נאמען נחום)
דערווייל,איז דעם אפטייקער גמאס געווארן די גאנצע שפיל,נעמט
ער מיך פארן קאלנער אוןווארט מיך ארויס פון דער אפטייק.
עס זענען געווען א פאר טרעפלעך און איך פאל. די קאזאקן נאך
מיר און הייבן מיך אן צו בוכצען און שלאגן אין דער פלייצע.
איך שטעל מיך אויף און מיט די לעצטע כוחות לויף איך צו צום
מארק.דער פורמאן האט שוין געווארט אויף מיר און מיר רירן
פון ארט. – מ'קען זיך פארשטעלן מיין געמיט,נאך דער פאסי-
רונג מיט די קאזאקן. איך דערצייל מיינע מיטפארער,וואס מיט
מיר האט געטראפן. אלע זענען געווען צעטראגן,שטארק אנטמוטיקט
פון דעם געשעענעם. מ'פילט,וואס די מלחמה וועט ברענגען מיט
זיך פאר יידן.

און אט זענען מיר אנגעקומען קיין ווארשע. עס איז הארב-
סטיק קאלט; איך בין צוגעפארן צו מיין טאטנס קוזין, א צעל-
ניש-סוחר, ראזענצווייג,אויף מוראנאווער 27. זיין פרוי,סא-
ניע, א ליטווישקע פון ביאליסטאק, א ביסל א קורצזיכטיקע
און זשמורעט מיט די אויגן. זיי האבן צוויי יינגלעך. איך
האב זיי דערציילט,אז איך בין געקומען נאר אויף א פאר טעג,
און האב זיי אויך דערציילט וועגן פאל מיט די קאזאקן. זיי
האבן מיך שטארק באדויערט,אבער וואס קען מען טאן.

אויף מארגן בין איך ארויס אין גאס ארייַן,באזוכט די רע-
דאקציעס,געווען ביי ריינערמאנען און געזוכט וועגן ווי אזוי
צו שיקן צייטונגען קיין לאדזש. כ'האב מיך פארשטענדיקט מיט
א טראנספארט-ביורא און שוין דעמזעלבן טאג האב איך געשיקט
צו מיין פאטער די ערשטע פעקלעך צייטונגען. אויף מארגן בין
איך אויפגעשטאנען מיט א הוסט,אבער דאך בין איך ארויס אין

אין גאס אריין צו דערליידיקן מיינע צייטונגס-געשעפטן. איך
האב אבער געפילט,אז עס דריקט מיך ביים הארצן,אז עס טוט מיר
ווײ די פלייצע. מיט אמאל האב איך דערפילט א ווארעמען שט-
ראם אין מויל,איך גיב א הוסט און א שפיי און דערזע - בלוט.
איך בין אהיימגעגאנגען און דערציילט דער קוזינע וועגן דעם
בלוט,און בינו לבינו האב איך באקומען א נייעם בלוט-שטורץ.
זי האט מיך גלייך גענומען אין א דראשקע צום לונגען-ספעציא-
ליסט,ד"ר פופקא. דארט,אין ווארט-זאל, האלט איך שוין אין
איין שפייען מיט בלוט. דער דאקטאר האט געהייסן זיך לייגן
גלייך אין בעט אריין. ער האט פארשריבן פארשידענע מעדיצי-
נען אויף צו האמעווען דאס בלוט. זיין מיינונג איז,אז די
קאזאקן האבן מיר אונטערגעשלאגן די לונגען און אז ס'איז
מיר געפלאצט אן אדער,וואס פירט צו בלוט צו די לונגען.

איך האב געגעבן צו וויסן אהיים,וואס ס'האט פאסירט מיט
מיר און אז איך מוז בלייבן אומבאוועגלעך אין בעט. אויף ווי
לאנג ווייס איך נישט. דער אלטער באקאנטער פון מיין טאטן,
דער פאליאק געמבאלסקי (איך האב אים דערמאנט ביים אנהייב)
איז צופעליק געפארן קיין ווארשע אין אן אויטאמאביל,נאר
אויף איין טאג,האט אים דער טאטע געבעטן,ער זאל מיך באזוכן
און אויב מ'קען,זאל ער מיך אין זיין אויטאמאביל ברענגען
א היים. דאסזעלבע האט מיין טאטע געבעטן מיין קוזין,צדוק
עליש (וואס איז שפעטער געווארן מיין שוואגער).

זיי זענען געקומען צו מיר,אבער מיין צושטאנד האט מיך
נישט געלאזט זיך רירן פון ארט. דערווייל האבן זיך אנגעהויי-
בן היצטער לאדזש די גרויסע שלאכטן צווישן דער רוסישער און
דייטשער ארמיי און לסוף איז לאדזש אריינגעפאלן אין די דייט-
שע הענט.

איך בין ארויסגעפארן פון דער היים נאר אויף א פאר טעג
און צוריקגעקומען בין איך ערשט אין קנאפע פיר יאר ארום.

וועו נישט דער פאל מיט די קאזאקן,און איך וואלט באצייטנס צוריגעקומען קיין לאדזש,ווער ווייסט,ווי איך האב שוין פריער געזאגט,ווי עס וואלט אויסגעזען מיין צוקונפט,מיין גאנץ שפעטערדיק לעבן. אבער איך באדויער נישט. איך האב טאקע פאר די פיר מלחמה-יארן א סך דורכגעלעבט,אפט געשפילט מיטן לעבן, אבער אויך א סך געלערנט פון דער גרויזאמער,אבער אויך אינטערעסאנטער צייט. איך האב מיך באקאנט מיט נייע מענטשן,פעלקער,מיטגעמאכט רעוואלוציעס,און אויך פארבינדן א ראמאן מיט מיינס א קוזינע,מיט וועלכער איך האב שפעטער גליקלעך חתונה געהאט. ----

די צייט איז געלאפן. איך בין געלעגן אין בעט דריי וואכן. דער דאקטאר פופקא,דערוויסנדיק זיך פון מיר,אז איך האב קרובים טיף אין רוסלאנד,אין בערדיטשעוו,האט ער מיר געראטן איך זאל נישט בלייבן אין ווארשע,ווו עס זענען געשטאנען טיף הארבסטיקע,נאסע וועטערן,און פארן קיין בערדיטשעוו. איך האב מיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט מיין טאטנס א פעטער,יששכר ווינאגראד,און מיט זיין זון,יעקב,וואס האט ערשט זייט א פאר חדשים פארלאזט לאדזש,ווו ער האט שוין געהאט געוווינט א יאר, צוויי,און איך האב גלייך באקומען א טעלעגראמע,איך זאל קומען צו זיי.

## בערדיטשעוו

איך האב מיט א סך אנערקענונג און ליבע אפגעדאנקט דער זייער ליבער און הארציקער פרוי סאניא און איר מאן פאר זייער גאסטפריינטשאפט און זארג בשעת מיין קראנקהייט און אין דער העלפט פון חודש דעצעמבער פון יאר1914 בין איך אנגעקומען קיין בערדיטשעוו,מיין געבוירן שטאט. דער פעטער מיינער, יששכר,האט לאנגע יארן געוווינט אין דארף,ביעלאפאליע,הינטער בערדיטשעוו,ווו ער איז געווען אן ארענדאר פון דעם גראף איגנאטיעוו גיסער. ער האט דארט געהאלטן א שענק,א פאסעסיע.

אין יאר 1918 האט דער צארישער אינערן-מיניסטער,סטאליפין, געהייסן ארויסטרייבן אלע יידן פון די דערפער,איז אויך מיין עלטער-פעטער יששכר געפאלן א קרבן. ער איז מיט דער גאנצער משפחה זיינער געקומען וווינען קיין בערדיטשעוו.

א טייל פון מיין פעטערס קינדער זענען זיך צעפארן,עטלעכע קיין אמעריקע,אין אנדערע שטעט און אין שטוב זיינען געבליבן בלויז ער,מיט א קראנקער,הינקענדיקער פרוי,א זון,יחזקאל און א טאכטער,אסתר. ער פלעגט פארן אויף די דערפער,האנדלען מיט תבואה און דערפון געצויגן פרנסה. ער האט אבער נישט גע-וואלט וווינען אין דער ראשיקער שטאט בערדיטשעוו,האט ער דע-ריבער געדונגען א דירה אויף א פאלווארק,הינטער דער גרעבליע. דארט האט ער געהאט א סאד מיט פרוכטן און א גארטן מיט אלער-ליי גרינסן,עופות און א קו.

ווייסנדיק,אז איך בין אנגעגריפן אויף די לונגען,האט די גאנצע משפחה,בראש מיט דער גוטמוטיקער,הינקענדיקער און טויב-לעכער עלטער-מומע,דינה,מיך גענומען פילנעווען און יעדעס מאל מיר געמאכט נייע פאטראווועס. אויך דער פעטער איז נישט אפגעשטאנען און מיך צוגעזען. איך האב געמוזט יעדן טאג אויס-טרינקען 4-5 גלעזער מילך,גענומען דירעקט פון דער קו,און אויפעסן א שיינע פאר אייער א טאג,ארייגפאקן אין זיך א גאנ-צע הון. אויסערדעם פלעגט דער פעטער ארייננברענגען פון גאר-טן פרישע רייטעכלעך,אוגערקעס און אנדערע גרינסן און,פאר-שטענדלעך,אז איך בין שנעל געקומען צו זיך,צוגענומען אויף דער וואג,באקומען ראזע באקן און מיינע קרובים האבן געקווא-לן פון מיר.

איך האב זיך דארט באקאנט מיטן דאקטאר ניעבראט,וואס איז געווען דער ברודער פון מיין מומען מאניע פון ישראל,אויך מיט זייערס א שוועסטער,זינא,וואס איז געווען אין מיינע יא-רן. זי איז אמאל געווען אין לאדזש,ווו איך האב זי באקאנט.

איך פלעג קומען צו זיי. ביי זיי האב איך באקומען א פאר יידישע ביכלעך פון שלום עליכם,פרץ און זיי פארגעלייענט אין שטוב פון מיין פעטער,און אלע זיינען געווען זייער צו-פרידן דערפון. די קוזינע מיינע,אסתר,וואס איז געווען מיט א פאר יאר עלטער פון מיר,איז אויף א טריט נישט אפגעטראטן פון מיר,געפוצט,געהנדלט זיך צו מיר,געפרווט פארפירן מיט מיר א ראמאנס.

דערווייל זענען געלאפן די טעג און די וואכן. די מלחמה איז ווייטער אנגעגאנגען. אין חודש יאנואר 1915 האט מען שוין גערופן צום פריזיווי דעם יארגאנג 1894 און מ'האט גע-שמועסט,אז אינגיכן וועט מען אויך רופן מיין יארגאנג,1895. מיין פעטער סאלאמאן,מיט זיין פרוי סאניא,זענען געווען ביי אירע עלטערן אין קרעמעניעץ. איך האב מיך פארשטענדיקט מיט זיי און זיי האבן מיר געראטן צו קומען צו זיי,אפשר וועט מען געפינען אן עצה איך זאל מיך נישט צושטעלן צום פריזיוו. איך וועל נישט זיין אינערגעץ געמאלדן און איך וועל מיך אויפהאלטן אין סאניאס פאטערס האטעל,און,אפשר,וועט זיך די מלחמה דערווייל ענדיקן. ווי לאנג קען זי בכלל אנהאלטן,די מלחמה?האבן יידן געטענהט. בין איך געפארן צו זיי. דערווייל האט מען גערופן צום מיליטער די רויטע בילעטן און מ'האט מורא געהאט,אז עס וועט לאנג נישט דויערן און עס וועט קו-מען אויך צו מיין פעטערס סאלאמאנס יארגאנג.

ווי איך האב שוין פריער דערמאנט,האט מיין פעטער געארבעט אמאל אין לאדזש אין דער רוסישער טראנספארט און אסעקוראנץ-געזעלשאפט. האט מען זיך באמיט,און ער האט איצט באקומען א פאסטן אין זייער אפטיילונג אין טאמסק,אין סיביר. דער פאסטן איז געווען אלס פארוואלטער פון דער אפטיילונג,אבער דאס וויכטיקסטע איז געווען דאס,וואס דאס האט אים באפרייט פון צו זיין א מיליטער-פליכטיקער. זיי האבן באשלאסן נישט לאנג

צו ווארטן און גלייך צו פארן קיין טאמסק. זיי האבן מיך אפילו געוואלט מיטנעמען מיט זיך און דארט ערגעץ אויסבא-האלטן, אבער מחמת דער פאסטן איז פאר זיי געווען א נייער, און די געגענט, די גאנצע סביבה, איז נאך פאר זיי געווען אינ-גאנצן א פרעמדע, האב איך נישט געוואלט זיי פאלן צו לאסט. דאס זעלבע אויך פאר די עלטערן פון מיין מומען און איך בין צוריקגעפארן קיין בערדיטשעוו, באשליסנדיק ביי זיך צו שפילן אויף גליק, און אז מ'וועט רופן מיין יארגאנג, וועל איך מיך צושטעלן צום פריזיוו. איך האב נאך דערביי געקלערט, אז אפשר וועט מען מיך בראקירן צוליב דער דורגעמאכטער ערנסטער קראנ-קהייט מיינער.

מיין משפחה האט זיך דערפרייט, וואס איך בין ווידער מיט זיי. אבער שוין דעם 15-טן מערץ (1915) האט מען גערופן מיין יארגאנג צום פריזיוו. מיין פעטער יששכר איז אויסער זיך, וואס וועט זאגן מיין נחומוניע (מיין טאטע) האט ער געטעה-נעט, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אז איך האב דאס צוגעלאזט. און ער האט מיר געראטן צו טאן, וואס א סך אנדערע פריזיוו-ניקעס האבן געטאן: מאכן זיך א קילע, אדער א קורצן פוס, ארויס-רייסן די ציינער, אדער מאכן זיך א פיסטל אין אויער. איך האב אים קאטעגאריש דערקלערט, אז איך וויל זיך אליין נישט מאכן פאר קיין קאליקע, און אויב עס איז מיר באשערט צו בלייבן לעבן, וועל איך לעבן.

ער האט נישט גערוט, געגאנגען צו מאכערס, געוויינט, געקלאגט און איין מאל, ביים מיטאג, גיט ער זיך א קלאפ אין הארצן און שרייט אויס: איך, יששכר ווינאגראד, וואס האט געפאטשט אן או-ריאדניק, וואס כ'בין געווען א גאנצער אויפטוער ביי די "קנע-פלדיקע", זאל דערלאזן, אז דו זאלסט אנטאן די סאלדאטסקע קליי-דער, - ניין, און ניין, דאס וועט נישט זיין. אבער...ס'האט גארנישט געהאלפן און איך האב זיך צוגעשטעלט צום פריזיוו,

און נישט געקוקט אויף דער באשרייבונג פון ד"ר פופקא וועגן מיין קראנקהייט,האבן די דאקטוירים דערקלערט,אז איך בין פולשטענדיק געזונט און מיך באשטימט אין דער "פיעכאטע".
(געפרייט האב איך מיך יעדנפאלס מיט דעם,וואס עס זענען ני-שט געבליבן קיין סימנים פון די קאזאצקע קלעפ).

איידער איך גיי איבער צו באשרייבן דעם ווייטערדיקן גאנג פון מיין לעבן,וויל איך פארצייכענען וואס מיין פעטער האט מיר דערציילט אין שייכות מיט דעם עפיזאד פון זיין שלא-גן דעם אוריאדניק (פאליציי-מאן). אט וואס ער האט מיר דער-ציילט וועגן דעם: ווען ער איז געווען ארענדאר אין דארף פונעם גראף איגנאטיעווס גיטער,האט מען אים גוט געקענט אין דער גאנצער געגנט און ווי געוויינלעך,זענען ביי אים אין שענק,חוץ די פוירים,אויך געווען אפטע איינגייערס די פארשי-דענע "קנעפלעך",טשינאווניקעס,אוריאדניקעס,פאליציי-לייט.
מ'פלעגט מאכן ביי אים א גוטן שנאפס מיט א געשמאקן צובייס,
און ווער זאגט נאך,אז ס'פלעגט קומען שמחת תורה,האט מען שוין געוווסט,אז ביי "סאסכערן"וועט מען מאכן די אמתע כוסה.

ווען זיי פלעגן קומען צו אים (אין דארף),פלעגט ער זיי אנשיכורן ביזן פאלן פון די פיס און דערנאך פלגן זיי זיך ארומוואלגערן ווי די חזרים. די געשיכטע איז פארגעקומען אום שמחת תורה. ער האט צוגעגרייט א שמחה,א וואזשנע,געשטעלט דעם אוריאדניק איין כוסה נאך דער אנדערער און אליין,פאר-שטענדלעך,מיטגעטרונקען. עס איז אים,ווי דעם אוריאדניק, גוט הייס געווארן. דער אוריאדניק האט אויסגעטאן דאס היטל, דעם מונדיר מיטן פאסיק,און יששכר זיין קאפאטע מיטן קאשקעט.
און דא,איז אים,יששכרן,איינגעפאלן א שפיל צו טאן זיך מיטן אוריאדניק. האט ער אנגעטאן דעם אוריאדניקס מונדיר,דעם פא-סיק,דאס היטל און דעם אוריאדניק הייסט ער ארויפציען אויף זיך זיין קאפאטע און קאשקעט. יששכר מאכט זיך וואזשנע און

און טשעפעט זיך צום שיכורן אוריאדניק. ער לאכט אים אויס און ווען דער אוריאדניק ענטפערט אים נישט גלייך,פלאנטערט מיט דער צונג,האט יששכר אים דערלאנגט אין דער אנגעגאסענער מארדע אריין,און געשריגן:" מאלטשי זשידאווסקאיא מארדא, דרך ארץ פאר דער מאכט". דער אוריאדניק פארשטייט נישט וואס דא קומט פאר,וואס וויל דער ייד פון אים האבן,קוקט אויף יששכרן מיט פארגלאצטע אויגן און בעט זיך ביי אים,אז ער זאל ניש מאכן קיין שפאסן מיט אים. אבער יששכר האט זיך דער-וייל אנגענומען מיט מער קוראזש און גענומען דערלאנגען דעם גוי איין זעץ נאכן אנדערן און דערביי אויסגעגאסן אויף אימדעם גאנצן רוסישן "לעקסיקאן" פון די אלע זידל-ווערטער, וועלכע ס'איז אים נישט איינמאל אויסגעקומען צו הערן פון די מיילער פון די דאזיקע לייט.

דער אוריאדניק ווארשעט,בעט זיך ביי אים מיט א וויינענדי-קער שטימע,אז ער זאל אים אפלאזן,אבער יששכר איז אריין אין עקסטאז און שרייט נאך העכער: "ווער ביסטו,דו שמוציקער ייד, א רוח אין דיין טאטן אריין,האב דרך ארץ פארן רוסישן מונ-דיר,דו ווערסט פוילן ביי מיר אין די טורמעס,איך וועל דיך, הינטישער זון,שיקן קיין סיביר".

ער קאפעט אים,ער שפייט אויף אים,דערלאנגט אים ווייטער די אמתע שטורקאצן,זידלט אים מיט די געמיינסטע ווערטער,וואס עס קומען אים נאר אויף דער צונג. פונעם אוריאדניקס מויל באווייזט זיך בלוט,אבער יששכר לאזט אים נישט אפ. ער איז אריין אין א ווילדן משוגעת און ער הערט זיך נישט צו צו די קרעכצן און יעכצן פון זיין קרבן. ער,יששכר,איז איצט דער באלעבאס איבער אים,אין אים,דעם אוריאדניק,זעט ער פאר זיך דעם פארשטייער פון מלכות און ער איז זיך נוקם אין אים פאר אלע יידישע צרות און נגישות .

די געוואלדן האט דערהערט יששכרס משפחה און מיט גרויס

מי האבן זיי ענד׳עך באפרייט דעם אוריאדניק פון יששכרס הענט. דער אוריאדניק האט אפילו שפעטער געוואלט מאכן דערפון א גאנ-צן עסק. מ׳האט אים אבער פארזיכערט,אז די גאנצע סצענע האט קיינער נישט געזען און מ׳איז אפגעקומען מיט א פאר קערבלעך. אונזער גבור,יששכר,האט -ווי געזאגט-ביי יעדער געלעגנהייט דערציילט די דאזיקע געשיכטע,וואס ער האט געהאלטן פאר א גרויסע העלדנטאט.

## א סאלדאט אין דער רוסישער ארמיי

איך בין שוין,הייסט דאס,א סאלדאט אין דער רוסישער אר-מיי. מ׳שיקט מיך,צוזאמען מיט הונדערטער אנדערע נאוואבראנ-צעס קיין זשיטאמיר,ווו מיר דארפן דורכגיין די ערשטע סלו-זשבע. עס איז באשטימט דער טאג פון אפפארן. אין שטוב ביי מיין פעטער איז א געקלאג,א יאמער. איך בעט מיך נישט באג-לייטן צו דער באן,אבער דער פעטער מיט זיין טאכטער,אסתר, קומען צו דער באן. איך שטיי אין דער טיר פונעם וואגאן און שמועס מיט אסתר,וואס שטייט מיט פארוויינטע אויגן. דערפעטער שטייט אן איינגעבויגענער,ער איז מיטאמאל נאך עלטער געווא-רן. אין דער טיר שטופט זיך אריין א דאר יידיש סאלדאטיקל, ווענען עס באגלייט א פארוויינטע,פארצארנטע מאמעלע אין די מיטעלע יארן. די פרוי דערזעט מיך,א רויקן סאלדאט,מיט קלא-רע,בלויע אויגן,מיט א שמייכל אויף די ליפן. גיט זי א זאג צו מיר,אנוויינדיק אויף איר אויסגעצערטן יינגל: סאלדאטיק זע,ער איז א יתום,בלויז פלייש און ביינער,אים שיקט מען דאס שלאגן זיך מיט די דייטשן. נעם אים,איך בעט דיך,אונ-טער דיין "בעזפיעטשעניע" (שוץ),און צום זון זאגט זי,אנ-ווייזנדיק אויף מיר,האלט זיך נאענט פון אים,ער געפעלט מיר דער שיינער סאלדאטיק.

ווען די באן האט גערירט,האט זיך דער בחור אוועקגעזעצט

נעבן מיר,און זאגט צו מיר: איך הייס יצחק בראנשטיין,איך בין אלט 19 יאר (איך בין געוואן 20 יאר אלט). מיין טאטע איז געשטארבן,ווען איך בין אלט געווען 9 יאר,מיין מאמע האט א בשומים-קלייט,אין וועלכער איר העלף איר און דערפון האבן מיר זיך אויסגעהאלטן. איך בין געגאנגען אין חדר,אבער איך קרענק אונטער פון צייט צו צייט. - אזוי האט זיך אנ-געהויבן אונזער פריינטשאפט. ווי זאגט דער רוס" סאוואריטשט פא ניעשטשאסטיו" ( א חבר פון נויט). איך צו אים,מער פון רחמנות.ער צו מיר,ווי צו א באשיצער. און זי אנגעהאלטן ביז דעם פאנאנדערפאלן זיך פון דער ארמיי (פעברואר 1918).

ער איז בטבע געווען א שטילער,א גוטמוטיקער. מיט דער צייט,זייענדיק כמעט שטענדיק אויף דער פרישער לופט,איז ער אויך פיזיש געקומען מער צו זיך. ווען איך בין פסח-צייט 1918 געווען נאכאמאל אין בערדיטשעוו,האב איך אים,מיט דער מוטער,באזוכט. זי איז געווען פול מיט דאנקבארקייט פאר מיין אפיעקעווען זיך מיט איר זון.

אין זשיטאמיר האט מען ארנז לאנג נישט געהאלטן. געלערנט שיסן,שטעכן מיטן שטיק,און צום סוף אפריל 1915 האט מען אונז א פאר הונדערט סאלדאטן,אן ביקסן,געשיקט צום צפון מזרח-פרא נט,אין א קארפוס אריין,ווו מ'האט אונז געדארפט צוטיילן צו די פאלקן. דערווייל,איז דער גאנצער קארפוס,וואס האט באקו-מען געבראכן די ביינער ביי די מאזורן,אין אסט-פרויסן,גע-גאנגען אלץ אויף צוריק און צוריק ביז טיף אין דער מינסקער גובערניע. בכדי צו קענען קאמפלעטירן דעם קארפוס און אויך רעארגאניזירן,האט מען אים געגעבן אפרו און צעשטעלט אין א גאנצע רייע דערפער,פון וואנען מ'האט שוין געהאט עוואקווירט די גאנצע באפעלקערונג.

אונטער דער צייט איז געקומען דער פריקאז פון ניקאליי ניקאלאיעוויטש,דעם הויפט-פירער פון דער גאנצער רוסישער

ארמיי,אז מ'זאל אויף די יידישע סאלדאטן האלטן אן אויג, ווייל זיי זענען פארעטער,איזמיעניקעס. מ'האט אויך דעמאלט מאסנווייז ארויסגעשיקט סיף קיין רוסלאנד די יידן,וואס האבן זיך געפינען אין די פראנס-געביטן. ארום און ארום האט גע-הערשט א שווערע,געדריקטע שטימונג.

ווענ זיין אויפן ארט צו דערציילן אן עפיזאד,וואס איך האב מיטגעמאכט אין יענער צייט. מ'האט אונז,א גרויסע צאל יונגע סאלדאטן געשיקט צו קאמפלעטירן די פאלקן,וואס האבן געליטן פון די מפלות אין מזרח-דייטשלאנד און וואס האבן זיך געפינען אויפן צוריקצוג פון די פארלוירענע פאזיציעס. א טייל פון אונז האט מען צוגעטיילט צום 334 אירביטסקי פאלק.

די דייטשע ארמייען האבן נישט אפגעשטעלט זייער דרוק אויף דער רוסישער ארמיי און כסדר זי געשטופט אויף צוריק. א זייגער 10 אין אוונט,זענען מיר אנגעקומען אין דעם שטעטל אראני נעבן דעם טייך מערעטשאנקא. עס איז געקומען א פריקאז,אז דא וועט מען רוען א פאר שעה. סאלדאטן צעשטעלן די ביקסן,מ'לויפט צום טייך נאך וואסער.מ'צעלייגט פייערן און מ'שטעלט זיך קאכן "קיפיאטאק". מיט א מאל האט מען דערהערט איינצלנע ביקס-שיסערייען,וואס ווערן וואס אמאל געדיכטער.מ'הערט שוין שיסן פון א פולעמיאט. ווייזט זיך ארויס,אז די דייטשע פאר-פאסטנס זענען געקומען נאך פאר אונז אין שטעטל אריין. עס ווערט פאראדנט,וואס שנעלער אריבערצוקומען אויף יענער זייט טייך. עס ווערט א טרעוואגע,א צערודערונג.מ'לויפט צו דער בריק. דערווייל איז אנגעקומען אונזער ארטילעריע,די פולעמיאטנע-קאמאנדע. זיי האבן פארנומען די איינציקע גרויסע בריק,וואס איז גיך געווארן פארשטאפט; פוסגייער קענען זי מער נישט באנוצן.די שיסעריי ווערט דערווייל געדיכטער.

דער טייך איז נישט קיין ברייטער,אויך נישט קיין טיפער, מ'גייט אין וואסער אריין. פאלט מיר איין א געדאנק,אפשר

זאל מען אויסנוצן די געלעגענהייט פון דער סומאטאכע,און בלייבן אין שטעטל (אויף דעם פשוט סאלדאטסקע לשון,הייסט עס "זוכן דעם פלען". איך זאג דאס בראנשטיינען,וואס האלט זיך אין מיר פעסט. ער איז מסכים. מיר ווילן מאכן א פארטריט אויף צוריק,אבער עס שטויסט אונז א מאסע סאלדאטן אויף פאר- נט ארויס. די שיסערייי ווערט וואס אמאל שטארקער. עס איז שטאק פינסטער,קיין הייזער זעט מען נישט. די מאסע סאלדאטן שטופן אונז צום וואסער. זיי שטעלן זיך נישט אפ,מ'גייט אין וואסער אריין. אנדערע שווימען,אנדערע גייען אים אדורך "ווברואד". איך מיט בראנשטיינען שטייען ביים וואסער און ווייסן נישט וואס צו טאן. פארט אן א קאזאק אויף א פערד. גיט ער א געשריי צו מיר: קריך ארויף אופן פערד,איך וועל דיך אריבערפירן. נישט איך קען ארויפקריכן אויפן פערד,נישט איך קען לאזן בראנשטיינען. זאגט צו מיר דער קאזאק -האלט זיך אן מיט איין האנט אין ווידל פון פערד און שטרעק אויס דיין ביקס,אין וועלכער עס זאל זיך אנהאלטן דיין חבר,איך וועל רייטן פאמעלעך און מיר וועלן רויק איבערקומען דעם טייך. אזוי איז דאס געווען. דערווייל הערן מיר א שטארקע ארטילעריע-שיסעריי,דאס האט אונדזער ארטילעריע,קומענדיק אויף דער אנדערער טייך,מיט א געדיכטער קאנאנאדע באשאסן דאס שטעטל. און מ'האט מארשירט ווייטער.

שוין דעם אנדערן אוונט איז געקומען דער באפעל זיך אפ- צורוען און די קיכן האבן געטיילט עסן. די סאלדאטן זיצן אין קופקעס און דערציילן זיך ווי אזוי יעדער איינער איז ארויס גאנץ פון אראני-קלעם. מיט א מאל דערגייט צו מירא שטימע,וואס דערציילט און פאסמאקעוועט זיך: " איך האב זיי די יידעלעך גוט אנגעלערנט. דאס האבן זיי,די זשידעס,פון שטעטל געשאסן אויף אונז פון די פענסטער ארויס און נישט די דייטשן,און דאס האט אריינגעבראכט די פאניק צווישן אונז.

ווען איך מיט אנדערע סאלדאטן,רעדט ער ווייטער,זענען פאר-
ביי א יידישע שטוב,האט מען פון די פענסטער געגאסן קאכעדיק
וואסער. אבער מיר האבן זיך אפגערעכנט מיט זיי!" אזוי א צווייי
טער,א דריטער האט דערציילט גרויליקע מעשיות,וואס זיי האבן
אפגעטאן מיט יידישע פרויען,קינדער און זקנים.

מיר,די פאר יידישע סאלדאטן זענען געזעסן און מיט אן
אינערלעכן ציטער זיך צוגעהערט צו די דאזיקע פיינלעכע דער-
ציילונגען און געווארן ווי פארגליווערט פון צער און ווייי-
טיק. די פאגראם-שטימונג איז געווען א שרעקלעכע,א דריקנדיקע.

איך האב שפעטער,מיט יארן,שוין אין ארגענטינע,אין א גע-
זעלשאפט צופעליק זיך געטראפן מיט א יידישער פרוי,וואס האט
געשטאמט פון אראני,האב איך איר דערציילט,אז איר שטעטל ארא-
ני,מיט דעם טייך מערעטשאנקא,איז מיר גוט באקאנט און ליגט
מיר נאך היינט אין די ביינער. עס האט זיך ארויסגעשטעלט,אז
אין יאר 1915 איז זי נאך געווען א קליין מיידל,אבער זי גע-
דענקט גוט דעם פאגראם,וואס די רוסישע סאלדאטן האבן דורכגע-
פירט אין שטעטל. זי האט דעמאלט פארלארן איר מוטער מיט א
ברודערל. זי האט געשטיקט זיך אין טרערן,און איך האב חרטה
געהאט,וואס איך האב גורם געווען צו אירע טרויעריקע זכרונות.

מען האט אונז צוגעטיילט צו דער סאפיארנע קאמאנדע. דער
גאנצער קארפוס האט באקומען אפרו (אטדיך) און מ'האט וואס
מיליטער צעשטעלט אין פארשידענע דערפער. יעדן פרימארגן,האט
מען ארויסגעיאגט די סאלדאטן צו מאכן אלערליי מיליטערישע
איבונגען. אונז,סאפיארן,מיט לאפאטעס,העק,זעגן,קאנאטן און
אנדערע כלים. פלוצים איז אנגעקומען א ידיעה,אז דער קייזער
ניקאלאי דער צווייטער,בכבודו ובעצמו,וועט קומען אויף א בא-
זוך כדי אפצודאנקען פאר אונדזערע העלדישע (משטיינס געזאגט)
מעשים אויפן פראנט ביי די מאזורן און ווינטשן דעם קארפוס
ווייטערדיקע דערפאלגן. האט מען די סאלדאטן יעדן טאג ארויס-

געפירט פון די דערפער,מושטרירט זיי אויף א ריזיקן פלאץ און אויסגעשטעלט לויט די פאלקן,ראטעס און אפטיילונגען און געלערנט די סאלדאטן ווי אזוי אויפצונעמען דעם קייזער און זיין סוויטע.

ס'קאצל קומט - דער קייזער איז דא! רייטנדיק אויף א קליין פערדל. די סאלדאטן האבן אים אויגענומען מיט א סאלוט: האו,האו,וואס האט געדארפט הייסן:"וואשע אימפעראטארסקאיע וועליטשעסטווא". - אונזער קאמאנדע איז געשטאנען נעבן דער מוזיקאנטסקע קאמאנדע פון פאלק,וואס האט צוגעשפילט צום פאראד.

## איך ווער א מוזיקאנט

מיט אמאל באמערק איך צווישן די מוזיקאנטן א נידעריקן סאלדאט מיט א בערדל,וואס שפילט אויף א גרויסן באס ( א מעשענע סרובע),אויך ער אבסערווירט מיך. כ'קלער ביי מיר: אפשר איז דאס אן ארמענער,און אפשר גאר א ייד. ווען ס'איז געקומען דער באפעל "אפרו",גיט ער מיך א פרעג:-א ייד-? ענטפער איך אים,אוודאי א ייד. דאס קליינע סאלדאטל מיטן בערדל גיט א פריידיקן זיסן שמייכל,עפנט ברייט די אויגן און פרעגט ווייטער: פון וואנען זענט איר? - אלאדזשער,ענטפער איך אים. שטראלט ער אויף און שרייט אויס: - יאך,בין א ווארשעווער! ווען דער פאראד ענדיקט זיך,קומט ער צו צו מיר נעענטער און מיר שמועסן זיך אויס. דערציילט ער מיר,אז ער איז פון מוראנאווער גאס,ער איז א סליחים-וועבער און ער הייסט חיים קשאנסקי,אז ער איז פון זאפאס,ער האט געלאזט אין דער היים א ווייב מיט צוויי קינדער.

מיר רעדן אפ,אז נאכמיטאק וועט ער צוקומען צו אונדז.זיין קאמאנדע געפינט זיך אין נאענטן דארף מאלע קאזשעווניקי. וכך הוה,פארנאכט,ער איז דא. אן בעם גרויסן אינסטרומענט

אויף זיך,זעט ער אויס גאנץ פיין, א קליינער,מיט א אפגעב-
רענט פנים,א שיין קאמעץ-בערדל,רעדט יידיש מיט א ווארשעווער
דיאלעקט,מאכט דעם איינדרוק פון א דרייסיקער.

ער זאגט מיר,אז עס איז אים גוט אין דער מוזיקאנטסקע
קאמאנדע,נאר עס איז ביטער צו זיין איין ייד צווישן דריי
צענטליק "כאמולעס". ווען עס קומען צו נאך א צוויי יידן,
אדער אפילו איין ייד,וואלט ער זיך געפילט גליקלעך. ער ליי-
גט מיר פאר איך זאל גיין אין דער מוזיקאנטסקע קאמאנדע.דער-
קלער איך אים,אז ערשטנס קען איך נישט קיין נאטן און צוויי-
טנס בין איך נישט אליין. כ'האב מיט מיר נאך א יידן און איך
קען אים נישט לאזן אויף הפקר. איך ווייז אים אן אויף בראנ-
שטיינען. איז ער אויך א לאדזשער,פרעגט ער. ניין,א בערדי-
טשעווער,ענטפער איך אים. אוי,א ליטוואק,וויל איך נישט. און
דאס,וואס איר קענט נישט קיין נאטן,זאלט איר נישט זארגן,
מ'וועט אייך אויסלערנען. איך קלער אים אויף,אז אליין וועל
איך נישט גיין. און פון וואנען איז ער עס אזוי זיכער,אז
מ'וועט אונז ארייננעמען אין דער מוזיקאנטסקע קאמאנדע?

דערקלערט ער אונז,אז דער נאטשאלניק פון דער קאמאנדע איז
דער אדיוטאנט פון פאלק,ער איז א פיינער מאן,מאכט נישט קיין
שוועריקייטן. ער וויל נאר,אז די קאמאנדע זאל גוט שפילן און
דאס איז אלץ. מ'וועט נאר דארפן שטעלן א גוטן שנאפס דעם קא-
פעלמייסטער און דעם עלטסטן פון די מוזיקאנטן,א דריי-בענדל-
דיקער כאכאל (אן אוקראינער). זאג איך אים,אז איך האב א פאר
קערבלעך,וואס איך באקום צוגעשיקט פון א פעטער פון סיביר.

בכן,ער איז שוין מסכים אויף בראנשטיינען,נעמט אריף אונד-
זערע נעמען און זאגט אונדז,אז אין א 3-4 טעג ארום וועט דער
ענין זיין דערליידיקט. - אין א טאג,אין אוונט,ווען מ'לייענט
דעם "פריקאז פא פאלקו" (טאג-בייעפל אין פאלק) לייענט מען
אויס: ווינאגראד לודאוויק און בראנשטיין איסאק ווערן פון

מארגנפון דער סאפיארנע קאמאנדע אריבערגעפירט אין דער מוזי-
קאנטסקע. קומט צו צו מירשפעטער מיין פראפארשטשיק פון דער
סאפיארנע קאמאנדע און זאגט צו מיר מיט א שמייכל: ביסט גאר
א מוזיקאנט. וואס האסטו געשוויגן די גאנצע צייט,און וואס
נעמסטו מיט זיך דאס נעבעכל,דעם בראנשטיין,שפילט ער אויך?
איך האב עפעס באלאקעט,אראפגעלאזט דעם קאפ,אבער פריקאז איז
פריקאז,דערצו פונעם אדיוטאנט פון פאלק גופא.

אויף מארגן נעמען מיר די טלומקעס אונדזערע,דאס קעסעלע
צום עסן און מ'גייט אין חיים קשאנסקעס דארף אריין. פון
דער ווייטנס הערן מיר שוין די טענער פון אינסטרומענטן,וואס
טראגן זיך פון א כאטע; מיר קומען צו נעענטער. קשאנסקי,א
צעשטראלטער,ווארט אויף אונז,פירט אונז אריין און שטעלט
אונז פאר פאר דעם עלטסטן,דעם דרייבענדלדיקן. קשאנסקי האט
אונז אנגעזאגט,אז מ'וועט אונז פרעגן,זאלן מיר זאגן,אז מיר
האבן געשפילט אויף די דערפער,פון געהער,אז קיין נאטן קענען
מיר נישט. - דער עולם מוזיקאנטן,אלע עלטערע פון אונדז,פון
רעזערוו,האט אונדז אויפגענומען גלייכגילטיק. אויך מארגן
ווערן מיר פארגעשטעלט פארן קאפעלמייסטער,וואלקאוו.ער פרעגט
אונז אויס געמיטלעך פון וואנען מיר זענען,אויף וואס פארא
אינסטרומענטן מיר שפילן. מיר זאגן אים דאס,וואס קשאנסקי
האט אונז אנגעזאגט. עס געפעלט אים מיין רוסיש. איך זאג אים
אז איך האב געענדיקט א שולע. א,זאגט ער,וועסטו דאך אונדז
גוט צונוץ קומען,כ'וועל דיר ווייזן און דו וועסט איבער-
שרייבן די נאטן פאר די באזונדערע איסטרומענטן. מ'פילט פון
זיין אופן פון רעדן,ווי אויך פון דעם האלטן זיך פון עלט-
סטן,שישקא,אז זיי זענען שוין באארבעט פון קשענסקין. דער
קאפעלמייסטער זאגט אונז נאך,אז אין מאסקווע האט ער אין
זיין ארקעסטער געהאט א פאר יידן,גאר גוטע מוזיקאנטן און
האפט,אז מיר וועלן נישט זיין קיין ערגערע. און גיט צו:

דו,ווינאגראד,וועסט זיין א גוטער קלארנעטיסט,און ער,בראנ-שטיין,וועט שפילן אויף א קארנעט ( א טרובע); דערווייל זע-נען די אינסטרומענטן נישטא,מיר וועלן זיי אויסשרייבן פון מאסקווע און ביז דעמאלט וועלן מיר אייך לערנען נאטן.

כ'האב דאך זיי צוגעזאגט א שנאפס,האט מיר קשאנסקי געב-ראכט א פראפוסק ( א דערלויבעניש) צו פארן מיט דער באן קיין מינסק. די נאענטסטע סטאנציע האט געהייסן קראסנאיע. מ'זאגט מיר אן,אז א חוץ בראנפן,זאל איך אויך קויפן כמיעל,א געוויקס וואס מ'מאכט דערפון בראנפן (בראגא,א שוימיקער געטראנק). מ'גיט מיר מיט א זאק. איך קום קיין מינסק,די שטאט איז האלב לײדיק,די געשעפטן פארמאכט,די גרעסטע טייל פענסטער פארקלא-פט מיט ברעטער. מ'זעט אויף דער גאס כמעט נישט קיין מענטשן. איך טרעף א יידן,א צווייטן,און דערצייל זיי,וואס איך דארף. זיי שאקלען זיך אפ און זאגן מיר,אז עס איז שטרענג פארבאטן צו האלטן שנאפס; עס איז קריגס-צייט און מ'דארף מיט דעם זיין זער פארזיכטיק. סוף כל סוף פאק איך איינעם,דערצייל אים,אז דאס קען מיך ראטעווען פון צו גיין אין די אקאפעס, פירט ער מיך אריין אין א כמעט ליידיקער אכסניה (גאסטהויז) רופט אוועק אין א זייט דעם באלעבאס און עס דויערט נישט לאנג,האב איך שוין אין זאק 4 גרויסע פלעשער שנאפס און א שפאר פעקל כמיעל. איך עס נאך אויף א געשמאקן מיטאג,צעצאל זיך און אין אוונט בין איך שוין בשלום צוריק צווישן מיינע מוזיקאנטן.

עס איז שווער איבערצוגעבן,וואס עס האט זיך אפגעטאן אין פארלויף פון א שיינע פאר טעג ביי אונז אין דער קאמאנדע. דער עלטסטער,דער קאפעלמייסטער,און נאך א פאר נאענטע צו זיי מענטשן האבן געמאכט איין כוסה נאך דער אנדערער,געווען שי-כור ווי לוט.ווען דער קאפעלמייסטער איז געווען בגילופין, פלעגט ער ביים דיריגירן,יאגן די מוזיקאנטן מיט אזא שנעלן

טעמפא,אז זיי פלעגן פון זיך די פארע ארויסיאגן. זענען די מוזיקאנטן ארומגעגאנגען ברוגזע. אין א פאר טעג ארום האט מען געמאט די בראגא פונעם כמיעל און איצט האט זיך שוין דער גאנצער עולם-מוזיקאנטן משמך געווען.

דער קארפוס-אפרו האט זיך געענדיקט. מ'איז געקומען נעענ-טער צום פראנט. די מוזיקאנטסקע קאמאנדע האט מען איינגעקווא-רטירט אין א פאלווארק,א 3-5 קילאמעטער פון פראנט. מ'האט אונז געלערנט צו ווערן סאניטארן אויף צונוץ צו קומען,ווען עס ברעכן אויס שלאכטן און מ'דארף די פארוווּנדעטע איבערפירן אין א נאענטן פעלד-לאזארעט. די אינסטרומענטן פאר אונדז זע-נען נאך נישט אנגעקומען. דערווייל האב איך זיך געלערנט שפילן אויף א לייכטן אינסטרומענט,נישט פון די ערשטע,נאר פון די באגלייט-אינסטרומענטן (סעקונדא). בראנשטיין ווידער האט זיך געכאפט צום באראבאן. דער ארקעסטער פלעגט אויך בא-גלייטן צו קבורה די געפאלענע סאלדאטן.

צו ביסלעך זענען מיר מיט אלעמען געווארן היימיש. איך בין געווארן דער בריוו-שרייבער צו די משפחות פון מיין קאמאנדע. זעלטן איינער פון זיי האט געקענט שרייבן,אדער לייענען רו-סיש. ס'איז פאר מיר אויסגעקומען אויסטערליש,ווי אזוי זיי, די מוזיקאנטן,האבן זיך אויסגעלערנט לייענען די נאטן אין זייער "דעיסטוויטעלנער" סלוזשבע ( אין דער נארמאלער פרי-דנס-צייט). פארן קאפעלמייסטער ווידער האב איך געשריבן נא-טן פאר די באזונדערע אינסטרומענטן,און בראנשטיין האט גע-טאן שווארצע ארבעט פאר דער קאמאנדע.

קשיאנסקי איז געווען גליקלעך,וואס ער האט אונדז מיט זיך,ער האט אויפגעלעבט. פלעגט מיר דערציילן און איבערדער-דערציילן ווי אזוי ער איז אין יאר 1904 געווארן געשיקט אלס נייער סאלדאט (נאוואבראניעץ) צו דער יאפאנישער מלחמה, צו דער שטאט מוקדען. ער האט דארט קיין פולווער נישט געש-

מעקס,מחמת די מלחמה האט זיך אין א קורצער צייט ארום געענ-
דיקט. שפעטער האט מען זייער גאנצן פאלק,צוזאמען מיט ענגליש
און פראנצויזיש מיליטער געשיקט אויפן איזל קיפר (ציפער),
וואס איז שוין אין יענע צייטן געווען א "טשוואק" אין דער
וועלט-פאליטיק. דארט איז ער געווארן מוזיקאנט. ער איז שוין
דעמאלס געווען א באווייבטער. אין יאר 1908 איז ער צוריקגע-
קומען פון דער סלוזשבע און אין יאר 1911 איז געראפן געווא-
רן אויף איבונגען און אין יאר 1914 איז ער מאביליזירט גע-
ווארן אויפסניי.

איך האב מיך אפגעשטעלט א ביסל מער אויף דעם דאזיקן פשוטן
און פרימיטיוון מענטשן - חיים קשיאנסקי - דערפאר,ווייל איך
האב אים זיכער צו פארדאנקען דאס,וואס איך האב אין יענער
ערשטער וועלט-מלחמה געראטעוועט מיין לעבן,אדער נישט ארויס
קיין קאלעקע. - מיט מיין גרויסן פריינט און בעל הצלח -חיים
קשיאנסקי- האב איך מיך,שוין נאך דער מלחמה,אין אומאפהענגי-
קן פוילן,געטראפן א שיינע פאר מאל. אויך ער,מיט זיין משפחה
זיינען געפאלן אלס קרבנות ביים לעצטן היטלער-חורבן.

א שטיקל צייט איז געווען רויק אויפן פראנט. מ'פלעגט פון
צייט צו צייט ארויסרופן דעם ארקעסטער אין שטאב פון דער די-
וויזיע,ווו די אפיצירן מיט די קראנקן-שוועסטער פלעגן פאר-
ברענגען,טאנצן,און דער ארקעסטער פלעגט זיי צושפילן. ביז
וואנען מיר האבן זיך אויסגעלערנט שפילן,האבן מיר געשלעפט
די שטענדערס,די נאטן. סוף כל סוף האב איך געשפילט אויף אן
אלט און בראנשטיין אויף א צימבאל,אדער באראבאן.

איך האב שנעל געכאפט די שיינע מעלאדיעס פון אריעס פון פאר-
שידענע אפערעס,אפערעטקעס,וואלסן,וואס דער קאפעלמייסטער האט
צוזאמענגעשטעלט און ביזן היינטיקן טאג בין איך היימיש,
פריי,דערהויפט אין דער רוסישער מוזיק און בכלל באקומען
א "מוזיקאלישן אויער". לייענען נאטן האב איך איינגאנצן

פארגעסן. די מוזיקאנטסקע קאמאנדע איז דאך פאר מיר געווען
דעמאלט נאר דער בליץ-אפציער פון דער עת-צרה, וואס עס איז
געווען.

איינמאל ביינאכט, דערהערן מיר אין דרויסן א טרעוואגע,
א טומל, א שטארק הירזשען פון פערד און אויך אן אנזאג, אז
די דייטשן האבן געלאזט גאזן און מ'זאל שנעל זיך אנטאן גאז-
מאסקעס. די גאז-מאסקעס זיינען צו יענער צייט געווען זער
פרימיטיווע, א מארלע מיט אויערן-בענדלעך, וואס מ'האט געדא-
רפט נאס מאכן מיט א פליסיקייט, וואס איז געווען אין א פלע-
שעלע. יעדער האט געכאפט אזא מאסקע, וועלכע מ'האט אונדז גע-
האט געגעבן מיט א צייט צוריק. האט מען ביז וואס ווען אנ-
געהויבן צו פילן א שטיקעניש און א דריקעניש אין האלדז.
מ'האט אונז געשיקט מיט קראנקן-בעטלעך נעענטער צום פראנט
צו ראטעווען די וואס זענען געלעגן פארגאזטע לעבן די אקא-
פעס, און ברענגען זיי צום נאענטסן פעלד-לאזארעט. דערווייל
האט מען צעלייגט גרויסע פייערן און דווקא מיט פייכט האלץ
און בלעטער, ווייל אין רויך איז געווען לייכטער צו אטעמען.
דאס האט מען באמערקט ביי די פערד, וועלכע האבן געשטופט זיי-
ערע מארדעס גאנץ נאענט צום פייער און ארייגעצויגן אין זיך
דעם שטיקנדיקן רויך.

איך האב מיך דעמאלט אנגעזען מיט שרעקלעכע סצענעס, ווו
מענטשן זענען אין קאנוולסיעס אויסגעגאנגען. איין סצענע
האב איך מיטגעמאכט, בעת מיר האבן אויף א טראג-בעטל צוגעברא-
כט אזא סאלדאט צום פעלד-לאזארעט, ווו עס האט אינטענסיוו גע-
ארבעט א פרוי, א דאקטארין, ראטעווענדיק די אומגליקלעכע דער-
שטיקטע סאלדאטן. זי האט דעם געבראכטן סאלדאט באמיט זיך מיט
א שטעפסל מיט א ביינערנעם שפיץ צו עפענען דאס מויל, וואס ער
האט געהאלטן פארקלאמערט פארמאכט, כדי אים ארייננצוגיסן אן
אנטי-גיפט-מיטל. עס איז איר אנגעקומען זער שווער, אבער לסוף

האט זי אים דעם שטעפסל ארייגעשטופט,אבער דאס שטעפסל האט זיך אויסגעגליטשט און אין מויל סונעם דערשטיקטן סאלדאס איז געבליבן אירס א פינגער,וועלכן ער האט צוגעדריקט מיט זיינע ציינער. די דאקטארין האט א צאפל געטאן פון ווייטיק. א צווייטער דאקטאר האט מיט קלעשטשעס קוים געעפנט דאס מויל פונעם סאלדאט,זי האט ארויסגעצויגן דעם פינגער,וואס איז שוין גע-ווען א טיף אייגעביסענער און ס'האט זיך פון אים געגאסן בלוט.

א צווייטע סצענע האב איך מיך צוגעזען בעת א צווייטער דאקטאר,וועלכער האט אונטערזוכט לייכטע פארגאזטע און פון בלויזן ארייגציען דעם אטעם פון די קראנקע,האט ער געחלשט און מיר האבן אים אויף אונזער טראג-ברעט אוועקגעפירט אין לאזארעט אריין. עס זענען דעמאלט אין דעם ראיאן פאדאבנע געווען איבער דריי טויזנט קרבנות.

איך האב מיך נאכדעם א פאר טעג געפילט שלעכט. כ'האב גע-בראכן,עס האט מיך געדריקט אין דעם ברוסט-קאסטן,מ'האט מיר געגעבן אנטי-גיפט מיטלען און איך בין צוריקגעקומען צו די כוחות. העלדישער פון מיר האבן זיך געהאלטן סיי קשיאנסקי, סיי בראנשטיין. עס זעט אויס,אז זייערע מאסקעס זענען געווען בעסערע.

אין א צייט ארום האבן די דייטשן אין זעלבן ראיאן געלאזט אויפסניי גאזן,אבער דאס מאל זיינען געווען ווייניק קרבנות, ווייל ווי מ'האט געזאגט,האט דער ווינט געענדערט די ריכ-טונג צו דער דייטשער זייט און זיכער,אז דאס מאל זענען די פארשפילער געווען זיי.

אין דער גאנצער ארומיקער געגנט,האבן מיר כמעט נישט גע-זען קיינעם פון דער ציווילער באפעלקערונג. די דערפער האבן געפוסטעוועט,די פעלדער פארנאכלעסיקט,דא און דארט זענען ארומגעלאפן הינט,פערד. איך דערמאן זיך,אז דאס איז געווען די געגענט ארום מאלאדעטשנא,קראסנאיע, די דערפער לענגאויס

דעם טייך ווילעיקא.

דארט זיינען מיר געשטאנען כמעט ביזן סוף יאר 1915. מ'
האט אונדז ארויסגעגעבן פאפאכעס (ווינטער היטלען) און באש-
ליקן און געשיקט די גאנצע דיוויזיע ( 4 פאלקן ) מיט דער
באן, פון דער סטאנציע קאלינקאוויטשי, צום דרום-פראנט, אין
דער וואלינער גובערניע, ארום פאטשאיעווא, דובנא, סטארא-קאנ-
סטאנטינאוו. אין דער געגענט זיינען מיר געווען א פאר חד-
שים. די פאלקן האט מען צעשטעלט אויף די פראנטן און מיר,
די מוזיקאנטסקע קאמאנדע, פלעגט זיי מיט מארש-מוזיק באגליי-
טן ביז 4-6 ווערסט פארן פראנט און שפעטער, ביים שטאב, זיך
איינקווארטירן ערגעץ אין א דארפישע כאטע, און אמאל אין א
בנין פון א שולע.

אויך דא, האט מען די פויערים, די יידן עוואקוירט טיפער
אין לאנד אריין, אפילו אין סיבירער געגנט. מ'האט אבער אויך
דא און דארטן געזען ציווילע מענטשן.

איך בין די גאנצע צייט געשטאנען אין פארבינדונג מיט
מיינע משפחה-מיטגלידער, וואס זענען געווען צעשפרייט אין
פארשידענע ערטער פון גרויסן רוסלאנד. פארשטענדלעך, אז קודם
כל מיט מיינע פעטער און מומע, סאלאמאן און סאניא פאזנאנסקי,
וועלכע האבן זיך גוט איינגעבירגערט אין טאמסק, אין סיביר.
זיי פלעגן מיר אפט שיקן אויפן פראנט פעקלעך מיט דעליקאטעסן
שפייז, ווי ביטשקי (אזא מארינירטער פיש, אין פאמידארן סאס),
מארמעלאד, א שפאר ביסל קיכלעך פון אייגענעם געבעקס, קאראמעלן
א מאל אויך שאקאלאד און אנדערע געשמאקע מאכלים. יעדע פאר
וואכן פלעגט אנקומען א בריוו פון זיי, ווי אויך א פאר רובל.
דאס פלעגט מיר צונוץ קומען. איך פלעג אין דער "סאלדאטסקא-
יא לאווטשקא" (א געווענלעכע פאר סאלדאטן) קויפן פארשידענע
עס-ארטיקלען. פון דעם אלעם האבן, פארשטענדלעך, גענאסן אויך
מיינע טייערע קשיאנסקי און בראנשטיין.

## מיין קוזינע מלכה - מיין שפעטערדיקע פרוי

איך בין אויך געשטאנען אין קאנטאקט מיט מיינע קוזינקעס, מלכה (מאליא) און פרומעט עליאש. איך שטעל מיך דא אפ כדי צו דערמאנען זיי, מחמת נאך דער מלחמה איז מלכה געווארן מיין פרוי. זיי זענען געווען קוזינקעס פון מיין מאמען. זייער מוטער, יהודית, איז געווען די שוועסטער פון מיין באבען. זי איז געווען די פרוי פונעם קאמעניעץ-פאדאלסקער רב, לייב עליאש, וועלכער איז שוין געווען פון א פערטן דור רבנים, אין קאמעניעץ-פאדאלסק און אומאן. ער איז געווען א שטרענג אר-טאדאקסישער רב, די רביצין, להיפוך, האט געוואלט גיין מיטן מאדערנעם שטראם. עס האט איר שטארק געדריקט דער צושטאנד, וואס זי מוז לעבן פון דעם, וואס קהל ווארפט זיי צו; דאס געהאלט איז געווען זער א קליינס, מ'האט איר צוגעשארט פאר-דינסטן פון ליכט און הייזון. זי האט זיך געשטעלט פאר א ציל נישט צו דערלאזן, אז אימיצער פון אירע קינדער, וואס האבן שוין געהאט סמיכות אויף רבנות. זאלן ווערן רבנים. זי האט אריינגענומען אין שטוב אריין א לערער, וועלכער האט גע-לערנט מיט די קינדער רוסיש, דייטש, רעכענען; די עלטסטע טאכ-טער ווידער, האט זי געשיקט קיין קיעוו, אויף אקושערקע-קורסן.

דער מאן אירער, דער רב, האט צוליב זיין פרומקייט, נישט געקענט סאלערירן, האט פראטעסטירט און צום סוף אפגעזאגט זיך פון רבנות. געלעבט אן אסקעטיש לעבן. ער האט נישט לאנג אויס-געהאלטן און געשטארבן.

די אומשטענדן האבן אזוי צוגעשפילט, אז די רבצין, האט זיך אין א יאר ארומערגעץ אנגעשטעקט מיט טיפוס. זי האט זיך אפ-געמוטשעט א שטיקל צייט און אויך אוועק צו דער אייביקייט.

עס זענען געבליבן זיבן קינדער, דריי ברידער און פיר שוועס-טער. די יינגסטע, מלכה, מיין צוקונפטיקע פרוי, איז דעמאלט

אלס געווען 16 יאר. מיין באבע איז געפארן קיין קאמעניעץ און געבראכט קיין לאדזש די דריי יינגערע - פרימעט,צדוק און מלכה.

פרומע האט אינגיכן חתונה געהאט מיט אונזערס א קרוב - מארגוליס,ווענעס פרוי איז מיט א יאר פריער אומגעקומען אין א אומגליקס-פאל. דער בחור,צדוק,האט באקומען א פאסטן, געדונגען א צימער און געוווינט צוזאמען מיט זיין שוועסטער מלכה. די לעצטע האט זיך גענומען ערנסט צום לערנען און יענעם יאר אלס עקסטערן אפגעגעבן עקזאמענעס אין דער גימנאזיע. איר ברודער צדוק האט זיך באקאנט אין לאדזש מיט א מיידל,א חסידישע טאכטער,אבער אליין א געענדיקטע די סארבאנע אין פאריז. ווען די מלחמה איז אויסגעבראכן,איז מלכה געפארן צו איר עלטערן ברודער מארקוס (מאטל) קיין קאמעניעץ (און פון דארט שפעטער,קיין באלטע). צדוק האט מיט זיך גענומען זיין מיידל קיין מאסקווע און דארט מיט איר חתונה געהאט און אוועק קיין סטאקהאלם (שוועדן).

דעמאלט זיינען אויך די מארגוליסעס,מיט אלע קינדער,אוועק קיין קרעמעניעץ און ווען איך בין דארט געווען אנפאנג 1915 האב איך זיי דארט געטראפן און צוזאמען פארבראכט.

דער עלטערער זון מארגוליסעס (פון דער ערשטער פרוי),ישראל (איזיא) איז געווען אין מיינע יארן און בכדי נישט צו גיין אין מיליטער,איז ער אריין אין פעטערבורג אין דעם לעסנאי אינסטיטוט, א העכערער לערן-אנשטאלט,וווּ מ'האט געלערנט אויף צוקונפיקע וואלד-ספעציאליסטן. זייענדיק אין מיליטער, בין איך מיט אים די גאנצע צייט געשטאנען אין קאנטאקט; ער פלעגט מיר קארמען מיט ליטעראטור,מיט צייטונגען. עס פלעגן דעמאלט דערשיינען א גאנצע סעריע פון 10 קאפיקע ביכלעך פון די בעסטע אויסלענדישע און רוסישע שרייבער. איך האב אין דער מוזיקאנטסקע קאמאנדע געהאט גענוג פרייע צייט און פלעג

מיט שטארקן חשק לייענען אלץ,וואס ער האט מיר אריינגעשיקט. איך האב מיך דעמאלט בריימער באקאנט מיט די שאפונגען פון דזשעק לאנדאן,פון איבסען,פון מאנספאסאן. איך האב געשלונגען דאסטאיעווסקין,טשעכאוון און טאלסטאיען. פון די צייטונגען פלעגט ער מיר שיקן די פראגרעסיווע "רוסקאיע סלאווא", דעם "דיען" און אויך ליטעראַרישע חודש-אויסגאבעס. ער פלעגט דאס פריער אליין דורכלייענען און שפעטער מיר דאס אלץ אריינשיקן. דער קאפעלמייסטער פלעגט זיי ביי מיר צייטנווייז אויסבארגן,ווייל קיין אנדערע קוואלן פון ידיעות,וואס עס קומט פאר אין לאנד,האט ער נישט געהאט. ווען איך באקום זיי נישט פון מיין קוזין,וואלט איך אין דער הינזיכט אויך געווען אפגעריסן פון דער וועלט.

מיט מיין קוזינע,מלכה עליאש,וועלכע איך האב נאך געקענט פון לאדזש(וואס איז שפעטער געווארן מיין פרוי),בין איך געשטאנען כסדר אין א שריפטלעכן קאנטאקט. אונזערע בריוו זענען די גאנצע צייט גאנץ ליבלעך-הארציקע. מיר פלעגן זיך אויסטוישן מיט די פרטימדיקסטע ענינים פון אונדזער בײדנס לעבן. ווי שוין געזאגט,איז זי פון לאדזש געפארן צו איר עלטערן ברודער,מארקוס,קיין קאמעניעץ-פאדאלסק און ווען מ'האט די שטאט עוואקוירט,צוליב דער נאענטקייט פון פראנט,קיין באלטע. דארט האט זי אפגעגעבן דעם עקזאמען אויף אן אפטייקשילערין און באקומען א פאסטן אין א אפטייק און פון דעם זיך אויסגעהאלטן. אונדזער בריוו-אויסטויש איז געווארן וואס אמאל היימיש-אינטימער,מיר האבן קעגנזייטיק געפילט,אז עס פארבינדט זיך צווישן אונדז מער ווי משפחה-געפילן,אינטערעסן; דער סטיל און אינהאלט פון אונדזערע בריוו זענען געווארן לעבהאפטיקער,סענטימענטאלער,עמאציאנעלער. הגם אין דער דיסטאנץ,ווייט איינער פון אנדערן,אבער אינסטינקטיוו זיינען מיר געווארן צווישן זיך וואס אמאל נעענטער. אזוי האט דאס

אנגעהאלטן צווישן אונז ביז כ׳בין אנפאנג 1918 נאכן באפריי-
ען זיך פון מיליטער,געקומען צו איר קיין באלטע.

אויסער מיט דער משפחה פון בערדיטשעוו,וועלכע האט קארעס-
פאנדירט מיט מיר אויף יידיש,האב איך דעם רעשט ברייוו-אויס-
טויש געפירט מיט אלעמען אין רוסיש. פון מיין היים,פון לא-
דזש,פון מיינע עלטערן,האב איך ביז 1918 נישט געהאט קיין
שום ידיעות. אבער א דאנק מיין קאנטאקט מיט דער משפחה,האב
איך מיך נישט געפילט עלנט. אויך מיין הארציקע פריינטשאפט
מיט קשיאנסקין און בראנשטיינען האט מיר צוגעגעבן מוט און
קוראזש אויך אין די אויסטערלישע מלחמה-באדינגונגען זיך צו
האלטן מונטער און זארגלאז.

יונג איז מען געווען,שטענדיק אויף דער פרייער לופט,נא-
רונג האט בכלל נישט געפעלט און קיין שווערע ארבעט האט מען
נישט באדארפט טאן,האט מען זיך געפילט פריש און געזונט,און
טאמער האט מען צייטנווייז יא דורכגעמאכט געוויסע שוועריג-
קייטן,אדער אומבאקוועמלעכקייטן,האט מען זיי לייכט איבער-
געטראגן. מ׳האט געלעבט אין א באגרענעצטער וועלט,מיט פרייע
געדאנקען,פאסיוו צו אלץ,אויפגענומען מיט איינגעהאלטנקייט
אפילו די אפגעריסנקייט פון דער היים,פון דער ווארעמער און
ליבער עלטערן-שטוב.

געענדערט האט זיך די דאזיקע שטימונג מיינע ערשט אין
הערבסט 1916,ווען די צייטונגען האבן אנגעהויבן צו ברענגען
וואס א מאל מער ידיעות וועגן הונגער-אונרוען און אומצופרי-
דנקייטן אין הינטערלאנד פון גרויסן צארישן רוסלאנד.

מ׳האט אונדזער דיוויזיע איבערגעווארפן צו דער רומענישער
גרעניץ און דורך בוקאווינא צו די קארפאטן. מען האט אונז
אנגעשלאסן אין דער צענטער ארמיי. טיילן פון דער ארמיי הא-
בן געמאכט א געלונגענעם אנגריף אויף טשערנאוויץ, די שטאט
איז אריינגעפאלן אין רוסישע הענט אין פולן גאנג פון אלטעג-

לעכן לעבן און גאנץ אומפארהאפט פאר דער באפעלקערונג. ווען אונדזער פאלק האט ארײנמארשירט, אונטער די קלאנגען פון אונדזער מיליטער-ארקעסטער, האט זי געטראפן אפענע געשעפטן, דער שטאטישער טראמוויי האט פונקציאנירט און יידן אין קאפאטעס און בעקעשעס זענען געשטאנען אין קופקעלעך ביי די טויערן פון זייערע הייזער. אונדזער קאמאנדע איז געווארן אײנקווארטירט אין א דערפל, נאענט פון דער שטאט, אין א כוטאר. אין דער שטוב האט געווינט א יידישער פויער, ער האט אונדז דריי דערקענט, אז מיר זענען יידן. האט ער זיך דערפרייט און זיך ארײנגעלאזט מיט אונדז אויף יידיש-דייטש אין א שמועס.

אויך מיר האבן זיך דערפרייט, מחמת מיר האבן שוין לאנג נישט געטראפן קיין יידן, נאך דערצו אזעלכע טראדיציאנעלע, מיט א טלית-קטן; א בארד מיט פאות. ער האט אונדז מכבד געווען מיט זויער-מילך, מיט קאזשערקעס (קיכעלעך) און מיט אנדערע מאכלים, און געבעטן מיר זאלן בלייבן וואס לענגער ב״י אים. צוליב דעם וואס ער אזן דארטיקע יידן האבן שטארק מורא געהאט פאר די רוסן, ער האט זיי אלע געהאלטן פאר פאגראמשטשיקעס.

אבער נאכן איבערנעכטיקן זײַנען מיר געגאנגען ווייטער, כמעט איבער גאנץ בוקאווינא, איבער סוטשאווא, גורא-גומארא, און ארײנגעקומען אין דער גרעסערער שטאט קימפאלונג. אויך דא האבן מיר געטראפן יידן. דא האט מען שוין פון דער ווייטנס געזען די הויכע בארג-שפיצן. פאר מיר, און אנדערע, איז דאס געווען א נייעס: דאס ערשטע מאל נישט נאר געהערט און געלייענט וועגן הויכע בערג, נאר ממש זיי אנגעטאפט. דאס זענען געווען די קארפאטן-בערג, וועלכע מיר האבן געדארפט איבערשפרייזן כדי צו קומען קיין רומעניע. די בערג געדיכט באבוימט, האבן אויסגעזען אימפאזאנט און פארכאפנדיק שיין, און אט האבן מיר אנגעהויבן קריכן אויף זיי. ערטערווייז זײַנען געווען גוטע, געפלאסטערטע וועגן, אויף וועלכע ס׳זענען געגאנגען די ארטילעריע, די

אבאזן, די פולעמיאָטנע-קאמאנדע, און מיר מיט א שמאלן וועג. געננסיקט האט מען אין אויפגעשטעלטע פאלאטקעס. מיר זיינען שוין געגאנגען דעם דריטן טאג; מ'האט אונז איגפאראויס ארויס געגעבן ברויט און טיילווייז אנדערע פראדוקטן, און מ'האט דאס אלץ געדארפט שלעפן אין די רוקזעק. די קוכן האבן נישט געקקאכט ס'איז אויך געווען שווער מיט טרונקוואסער; מ'האט געמוזט זיין שפארזאמטן וואסער אין די פוראזשקעס (סאלדאטסקע פלעשל). מיר זיינען ארויף אויפן שפיץ בארג און עס האט זיך באוויזן א פרעכטיקע פאנאראמע: פון אלע זייטן בערג, בערג, רוישיקע וועלדער אויף זיי. דאס אראפלאזן זיך פון בארג איז צוגעגאנגען לייכטער און נאך צוויי ווייטערדיקע טעג זיינען מיר געשטאנען אונטן. נישט ווייט איז געפלאסן א קריסטאל-ריינער רויקער טייך - די גאלדענע ביסטריצא-. אונטן, אין דער גאנצער לענג פון די בערג, זענען שוין געווען צעשטעלט פארשידענע מיליטער-אפטיילונגען. דער פראנט האט זיך געצויגן אין א פאר ווערסט פון יענער זייט טייך. די סאפיארן האבן געבויט פראוויזארישע בריקן איבערן טייך.

קיין שטיבער-כאטעס זיינען נישט געווען און מ'האט געמוזט אין די בערג אויסהאקן בלינדאזשן, אזעלכע בונקערס, זעמליאנקעס און בויען פאר זיך וווין-פרטער. אויך מיר האבן פאר אונדזער קאמאנדע אויסגעבויט אזעלכע צוויי בונקערס, מיט פענסטערלעך און טירן, מיט פרימיטיווע באקוועמלעכקייטן. פון ביידע זייטן נארעס, אויף וועלכע מ'האט ארויפגעלייגט שיכטן פון יארלעווע צווייגן און אין דער מיט א לאנגן טיש. מיר האבן צום מיינסטן פארבראכט אינדרויסן. עס האט זיך פון אלע זייטן געטראגן א מחיהדיקער סאסנע-גערוך. שפעטער-צו האט מען געבראכט אייזערנע אייוועלעך. האלץ צום ברענען האט נישט געפעלט. מיר האבן אין די בערג געבויט שאסייען פון געשפאלטענע ביימער און זיי געלייגט ווי ברעטער. מ'האט אויך אויפגעשטעלט

העכער אין די בערג פעלד-לאזארעטן,שטיבער פאר קאנצעלאריעס,
א סאלדאטן-קלייסל,און וווינונגען פאר אפיצירן. מיט איין
ווארט: עס האט לאנג נישט געדויערט און עס האט אויסגעזען
ווי א מיליטער-לאגער.

פון צייט צו צייט האט מען געהערט אן אויסטויש פון ארטי-
לעריע-קאנאנאדעס,שיסערייען פון פולעמיאטן,ראקעטן-בליאסקן.
מיר,מוזיקאנטן,פלעגן מיט אונזער מוזיק פארווייל די אפי-
צירן פון שטאב און די קראנקנשוועסטער פון די ארומיקע פעלד-
לאזארעטן.

עס האט זיך אונטערגערוקט דער ווינטער,דער טייך איז גע-
ווארן געפרוירן. מען האט פאנאנדערגעטיילט פאפאכעס מיט באש-
ליקן. די פרעסט זענען דערגאנגען ביז איבער 30 גראד אונטער
נול,אבער מ'האט זיך געפילט גוט. אין הינטערלאנד איז געווען
נישט איבעריק רויק. די צייטונגען,וואס כ'פלעג באקומען,האבן
געהאט ווייסע בלויזן פון דער מיליטערישער צענזור.

## ערב און דער אויסברוך פון דער רעוואלוציע פון פעברואר 1917

די ידיעה,אז צארישע הויף-לייט,דער גראף סומאראקאוו-על-
סטאן,דער דומע-דעפוטאט פורישקעוויטש און דער פרינץ סערגיי
ניקאלאיעוויטש (דעם צארס א קוזין) און אנדערע האבן דערהרגעט
דעם פאפ ראספוטין,האט אויפגערודערט די געמיטער. די צייטונ-
גען,וואס איך פלעג באקומען,פלעג איך געבן צו לייענען דעם
שטאב-טעלעפאניסט פון פאלק,דוואיניקאוו, איצט זענען מיר גע-
שטאנען אין א שטענדיקן קאנטאקט. ער פלעגט טעג און נעכט זיך
צוהערן צום טעלעפאן און אויפכאפן די שמועסן,וואס עס פלעגן
פירן צווישן זיך העכערע אפיצירן און זיך טיילן מיט מיר,
ווען ער האט געהאט אינטערעסאנטע ידיעות.

די צייטונגען זענען געווארן וואס א מאל אינטערעסאנטער.
און איינמאל - דאס האט געמוזט זיין ביים סוף פון חודש פע-

ברואר (1917),קומט צו מיר דוואיניקאוו,אן אויפגערעגטער, און טיילט זיך מיר בסוד סודות,אז ער האט געהערט אין שטאב אז אין צארישן הויף קומט עפעס פאר און דאס,גאר ערנסטעס און באלד נאכדעם האט ער מיר איבערגעגעבן,אז עס זענען שוין דא ראדיא-טעלעגראמעס צום קאמאנדיר פאלקא,אז דער צאר ניקא-ליי האט אבדיקירט און אפגעזאגט זיך פון טראן,און אז עס איז געשאפן געווארן א צייטווייליקע רעגירונג,בראש מיטן קניאז לוואוו,און מ'זאל גלייך מעלדן וועגן דעם אין אלע מיליטער-אפטיילונגען.

אונדזער קאמאנדיר פאלקא,טאמאשעווסקי,מיט זיין שטאב,האָ-בן אפגעשלעפט דאס פארעפנטלעכן די דאזיקע וויכטיקע ידיעה. דער שטאב פון דער דיוויזיע האט אבער פאראָרדנט נישט צו שלע-פן מער און דעם זעלבן טאג איז אין טעגלעכן"פריקאז פא פאלקו" פארעפנטלעכט געווארן די ידיעה וועגן דער אבדיקאציע און אויף מארגן איז באשטימט געווארן דער פאראד פון דער גאנצער דיווי-זיע,בכדי צו שווערן טרייהייט דער נייער רעגירונג. אין די אקאפעס זענען געבליבן קליינע אפטיילונגען; מ'האט פארשטאנען, אז אויך די דייטשן וועלן אפווארטן,כדי צו זעען וואס פארא פארמען עס וועלן אננעמען די גרויסע ענדערונגען,וואס זענען פארגעקומען אין רוסלאנד.

אויף א גרויסן פלאץ צווישן די בערג איז צוזאמענגענומען געווארן די גאנצע דיוויזיע סאלדאטן מיט זייערע אפיצירן. די לעצטע זענען געווען ערנסט. א פאפ האט געמאכט א פאניכידע נאך די געפאלענע סאלדאטן,מ'האט געזונגען "קאל סלאווען". די מוזיקאנטסקע קאמאנדע שפילט אנשטאט "באזשע צאריא כראני" דעם באקאנטן מארש "ווי זשערטוואיו פאלי" (איר זייט געפאלן). שפעטער האט דער אדיוטאנט פון דער דיוויזיע געלייענט אויפן קול די מעלדונג וועגן דער אבדיקאציע פון צאר און זיך גע-ווענדן צום פאפ ער זאל אפנעמען די שבועה ביי אלע פארזאמלטע

מיליטער-לייט ,א שבועה פון טריישאפט און געהארכזאמקייט צו דער נייער ציוויליקער רעגירונג. ער לייענט א פאר הייליקע פסוקים,דער אדיוטאנט זאגט נאך א פאר ווערטער,לייענט די נעמען פון די נייע מיניסטארן,און מיט דעם ענדיקט זיך דער שבועה-אקט. דער פארזאמלטער עולם נעמט אויף כמעט גלייכגילטיק די גוואלדיקע ענדערונג פון דער נייער ארדענונג אין לאנד. ווען אייניקע סאלדאטן האבן א געשריי געטאן: "הורא", האט מען זיי שוואך אונטערבעהאלטן. - אין די מוחות פון א סאלדאט האט זיך אפשר פארגנבעט דער געדאנק ווען א מעגלעכן שנעלערן סוף דער מלחמה,אבער אויך דאס איז אין די ערשטע טעג פון די גרויסע ענדערונגען אין פאליטישן לעבן פון לאנד, קנאפ וואס געקומען צום אויסדרוק.

די רעוואלוציע איז געקומען אומגעריכט נישט נאר פאר די פראנט-סאלדאטן,נאר אויך אין א גרויסער מאס,פאר דעם"טיל" (הינטערלאנד). דארט,אין לאנד,האט מען אייגענטלעך,יא געפילט,אז עס רוקט זיך אונטער עפעס גרויסעס,וויכטיקעס. די פערמאנענטע מפלות אויף די פראנטן און די ווירטשאפטלעכע צערודערונג,און דערהויפט,די קארופציע און שלעכטע פראוויאנטירונג פון דער שטאטישער באפעלקערונג,האבן גורם געווען א שטארק אנגעצויגענע פאליטישע לאגע און א שטייגנדיקע אומצופרידנקייט פון דער באפעלקערונג.אבער,ווען עס וועט אויסברעכן דער רעוואלט,און וואס פארא פארמען ער וועט אננעמען, האט קיינער נישט געקענט פארויסזאגן. אפילו פאר די אויסגעשפראכענע מאנארכיסטן איז וואס אמאל קלארער געווארן,אז עס קומט די צוועלפטע שעה.

ערשט דער סטיכיש-ספאנטאנער און פון קיינעם נישט ארגאניזירטער ארויסטריט פון שטרייקנדיקע ארבעטער פון די פעטראגראדער זאוואדן,בראש מיט די ארבעטער פון גרויסן פוטילאווער זאוואד,און מיט די ווייבער פון "פרויען בונט",וואס האבן

געפאדערט ברויס,האט גורם געווען צום אנהייב פון דער רעוואָ-
לוציע. מיטגעהאלפן האט אויך די שוואכע טעטיקייט פון דער
פעטראגראדער פאליציי און לסוף דער איבערגאנג אויף דער זייט
פון די שטרייקנדיקע ארבעטער פון די ערשטע מיליטערישע אפ-
טיילונגען,וואס דער רעזשים האט געשיקט קעגן די רעוואלטירנ-
דיקע ארבעטער און דעמאנסטראנטן,האט ווי מיט א כישוף-שטע-
קעלע,געמאכט א סוף צו אלע,וואס האבן נאך געהאלטן דעם פאלי-
טישן רודער אין דער האנט,און דערהויפט פון יענע פון דער
מלוכה-דומע,וואס האבן מורא געהאט און אויף יעדן אופן גע-
וואלט אויסמיידן די רעוואלוציע,בפרט,נאך אין דער מלחמה-צייט.

עס האט נעדויערט נישט לאנג און פון פעטערבורג זענען אנ-
געקומען די גרויסע צייטונגען,שוין אן ווייסע בלויזן (פון
דער מיליטערישער צענזור). ס'איז אויך אנגעקומען דער "לוטש"
- די צייטונג פון די מענשעוויקעס,ווי אויך די "פראוודא"
פון די באלשעוויקעס. די צייטונגען זענען געווען פול מיט
ידיעות פון די אויסערגעוויינלעכע געשעענישן אין לאנד. אלע
צייטונגען,חוץ דער פראוודא,האבן באשטעטיקט,אז די רעוואלוציע
איז פאר אלע געקומען אומגעריכט און האט אלעמען געטראפן
נישט צוגעגרייט. א טייל פון זיי האבן געשריבן,אז א רעוואָ-
לוציע בשעת דער מלחמה,איז בכלל נישט געשטאנען אויפן סדר-
היום; אז אין פעברואר פון יאר 1917 האט קיין שום ארגאניזיר-
טע סאציאליסטישע פארטיי,אדער פאליטישער צענטר,זיך נישט גע-
שטעלט פאר א ציל צוצוגרייטן א רעוואלוציע; די אפטע מאבילי-
זאציעס און ארעסטן האבן צעשטערט און דערפירט צום פונאנ-
דערפאל פון די אומלעגאלע פארטייאישע אפאראטן.

מיט יארן שפעטער איז מיר אויסגעקומען צו לייענען גרי-
גארי אראנסאנס א בוך "ראסיא וו עפאכיע רעוואלוציאי" (אראנ-
סאן איז געווען א דירעקטער אנטיילנעמער אין דער רעוואלוציע)
אין דעם בוך ברענגט אראנסאן אויסצוגן פון קערענסקיס מעמוארן

אין וועלכע קערענסקי שרייבט: "אז דעם 26-סטן פעברואר 1917, ד.ה.צוויי טעג פאר דעם אויסברוך פון דער רעוואלוציע,האבן זיך ביי אים אין שטוב פארזאמלט פארשטייער פון סאציאליסטי-שע גרופירונגען,וועלכע זענען צוזאמענגערופן געווארן צוליב די געשעענישן,וואס האבן זיך אנגעהויבן אויף די גאסן פון דער הויפשטאט. אויף דער דאזיקער בעראטונג האט א פארשטייער פון די באלשעוויקעס דערקלערט,אז עס איז נישטא און וועט נישט זיין קיין רעוואלוציע,און אז מען דארף זיין צוגעגרייט צו א לאנגדויערנדיקער רעאקציע.אראנסאן דערמאנט ווייטער,אז אויך לענין אליין האט נאך צוויי חדשים פאר דער רעוואלוציע, דערקלערט אין זיינס א באריכט פון דער שווייץ (צוריך) "אז עס איז מעגלעך,אז מיר אלטע וועלן שוין גארנישט דערלעבן צו א צוקונפטיקער רעוואלוציע".

און דערפאר איז ממש א חוזק,ווען די באלשעוויקעס האבן שפעטער אין זייער "פראוודא" זיך בארימט,אז זייערע "אייזער-נע קאהארטן" האבן צוגעגרייט די רעוואלוציע. אין דער אמתן, האבן זיי נישט נאר נישט געהאט קיין "קאהארטן",נאר זיי האבן אין אנהייב פון דער רעוואלוציע פארגעשטעלט מיט זיך א גרו-פירונג,וואס איז געווען די קלענסטע אין צאל און ווירקונג, אן באציונגען און מעגלעכקייטן.

די באלשעוויסטישע היסטאריקער באציען זיך מיט גרינגשע-צונג צו דער פעברואר-רעוואלוציע; זיי האלטן,אז דער רעווא-לוציע-"בראשית",הייבט זיך אן אין "אקטאבער",און ווען זיי דערמאנען זי שוין יא,קומט אויס,אז זי איז,ווי שוין אויבן געזאגט,ארגאניזירט געווארן דורך זיי. אזוי האט די באלשע-וויסטישע פראפאגאנדע אין פארלויף פון יארן צעדרייט די פאק-טן און פארטושט די באדייטונג פון דער פעברואר-רעוואלוציע.

די פעברואר-רעוואלוציע האט פאר זיך געשטעלט פאלגענדע צילן: די אמתע באפרייאונג פון שקלאפעריי און אויסנו-

צונג; קיינמאל מער קיין מלחמות; פארברידערונג פון פעלקער; דאס אפשאפן פון גרויס-באזיץ אין דארף און שטאט; די שטופנ-ווייזע עוואלוציאנערע פארווירקליכונג פון די פאפולערע סא-ציאליסטישע אידעאלן. דאס אלץ האבן די באלשעוויקעס מיט זיי-ער "אקטאבער" פארקריפלט און פארשווערכט. אנשטאט דער באפ-רייאונג פון די ארבעטער און פויערים-מאסן, איז געקומען א פארקנעכטונג; אויפן ארט פון דער קאפיטאליסטישער עקספלואטא-ציע איז געקומען דער מלוכה-קאפיטאליזם, מיט נאך א גרעסערער אויסנוצונג, מיט דעם גלייכצייטיקן צונעמען ביי דער ארבעטער באפעלקערונג די עלעמענטארע רעכטן פון פארטיידיקן זייערע פראפעסיאנעלע לעבנס-אינטערעסן; אנשטאט פרייהייט פון יחיד און פון געוויסן, - איז געקומען די גרויזאמע, שרעקלעכע דיק-טאטור, מיט דער "טשעקא", מיט צענטליקער מיליאנען אומגעקומענע אין די טורמעס און קאנצענטראציע-לאגערן; אנשטאט "פארברידע-רונג פון פעלקער" און "מער קיינמאל מלחמות", האבן זיי מיט זייער פאליטיק און מיט זייערע האנדלונגען, געבראכט צו נייע וועלט-קאטאסטראפעס, צו נייע מלחמות, וועלכע זענען געקומען, ווי דירעקטע פאלגן פון דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע. דער מוסאליניזם און היטלעריזם זענען צווילינגס-קינדער פון באלשעוויזם און זענען אנטשטאנען ווי א דירעקטע רעאקציע קעגן דער באלשעוויסטישער פאליטיק און טאקטיק. עס איז אויך פאר אלעמען קלאר, אז דער מאלאטאוו-ריבענטראפ-פאקט אין אוי-גוסט 1939, האט גורם געווען און געפירט צו דער לעצטער גרוי-זאמסטער מלחמה, מיט אירע שרעקלכע פאלגן און נאכווייענישן, און ספעציעל - פאר אונז, יידן.

מיר וועלן זיך צוריק אומקערן צום אנהייב פון דער פעב-רואר רעוואלוציע (מערץ, לויט דעם נייעם סטיל) און די געשעע-נישן, מיט וועלכע איך אליין האב געהאט א דירעקטן שייכות.

די ווייטערדיקע געשעענישן, נאך די גרויסע דעמאנסטראציעס

פון די ארבעטער און פון די פרויען און דעם רעוואלטירטן מיליטער, זענען שוין געגאנגען שנעל. נאך דעם 27-סטן פעברואר האט נאך דער פארזיצער פון דער דומע, ראדזיאנקא, טעלעגראפירט צום צאר, וואס האט זיך געפונען אין דעם גענעראל-שטאב אויפן פראנט, אז עס איז געקומען די לעצטע שעה, ווען עס ווערט דעצידירט דער גורל פון דער מלוכה און פון דער ראמאנאוו-דינאסטיע. דער צארהאט נישט געענטפערט. ער האט נישט באנומען די ערנסטקייט פון דער סיטואציע. דעם זעלבן טאג איז באפרייט געווארן די ארעסטירטע ארבעטער-גרופע פון קריגס-אידוסטריע-קאמיטעט און די אנפירער זייערע צוזאמען מיט קערענסקי און אנדערע, האבן פארנומען דעם טאורישן קייניגלעכען פאלאץ און געגרינדעט דארט דעם סאוויעט פון די פעטראגראדער ארבעטער-דעפוטאטן.

אזוי איז געקומען אויף דער וועלט די פעברואר-רעוואלוציע. זי איז געווען א בירגערלעך-דעמאקראטישע און אין דער ערשטער ציוויליקער רעגירונג איז דער איינציקער פארשטייער פון די לינקע געווען קערענסקי, אלס יוסטיץ-מיניסטער. די טרייבקראפט און דער שאפנדיקער כוח פון דער רעוואלוציע, זענען אבער גלייך פון אנהייב געווען די סאוועטן פון ארבעטער און פויערים דעפוטאטן, וואס איז באשטאנען אין אן איבערוויגנדיקער מערהייט פון סאציאל-רעוואלוציאנערן און מענשעוויקעס און אין וועמענס שפיץ ס'זענען געשטאנען די צוריקגעקומענע פון קאטארגע צערעטעלי און טשכעאידזע. מיט דער צייט זיינען צוריקגעקומען פון די פארשיקונגען פון קאטארגע און פון די טורמעס, און אויך פון אויסלאנד, פון אמעריקע און אויך פון דער שווייץ (וועלכע די דייטשן האבן בכיון, מיט אן אויסרעכענונג, דורגעלאזט דורך זייער טעריטאריע, מיט לענינען אין דער שפיץ, הונדערטער אלטע, פארדינסטפולע רעוואלוציאנערן פון אלע פארטייען. מיט די צוריקגעקומענע זענען די קאדרען פון די סאוועטן באַרייכערט געווארן מיט אויסגעפרווטע טוערס.

די געשאפענע סאוויעטן האבן אין אלע מיניסטעריומס און מלוכה-ארגאנען אריינגעשיקט זייערע פארשטייער. דער פאר-שטייער אין קריגס-מיניסטעריום איז געווען דער באלשעוויק סווערדלאוו. אין דער פארשטענדיקונג מיטן מיניסטער גוטשקאוו האט ער,סווערדלאוו,פאנאנדערגעשיקט טעלעגראמעס אין אלע מי-ליטער-אפטיילונגען (אויך אויפן פראנט) וועגן דער גרינדונג פון סאלדאטן-קאמיטעטן,אבער נאך וויכטיקער וועגן דעם,אז עס ווערט אפגעשאפט די בלינדע אונטערטעניקייט פון א סאלדאט צום אפיציר און נאך מער צום באפעלנדיקן נאענטן קאמאנדיר,אז אנ-שטאט "וואשע"בלאגאראדיע",אדער"וויסאקא בלאגאראדיע" (אפהענ-גיק פון ראנג),זאל דער סאלדאט פשוט טיטולירן: גראזשדאנין פארוטשניק,גראזשדאנין קאפיטאן,גענעראל א.או.

דאס איז ערשט געווען א פראיעקט וועגן א פארענדערונג אין דער טיטולירונג צווישן דעם סאלדאט און זיין עלטסטן,און סווערדלאוו האט דאס פארעפנטלעכט,ווי א פריקאז,ווי א באפעל. עס האט זיך געמאכט א טומל,פראטעסטן פון די אפיצירן. אבער, מ'האט שוין נישט געקענט ענדערן;צוריקציען דעם פריקאז וואלט געהאט נאך אן ערגערע ווירקונג. דער קריגס-מיניסטער גוטשאוו האט צוליב דעם דעמיסיאנירט. (ער איז דאס געווען דער,וואס איז צוזאמען מיט ראדזיאנקא געפארן צו ניקאלאיען אין גענע-ראל-שטאב,און ארויסבאקומען פון אים די אבדיקאציע,דאס אפזא-גן זיך פון טראן.

ס'איז געקומען די צייט פון שאפן סאלדאטן-קאמיטעטן אין אלע מיליטער-אפטיילונגען און דורכפירן וואלן צו זיי. איך ווילדערמאנען,אז צו יענער צייט בין איך שוין געווען א ריי-פער סאציאליסט און איך בין גלייך געווארן געוויילט אלס מיטגליד פון פאלקאוואי קאמיטעט,פון דארט בין איך געגאנגען אין דיוויזיע קאמיטעט און צום סוף געוויילט געווארן אויך א צוזאמענפאר,אין דעם ארמיי-קאמיטעט פון דער 10-ער ארמיי,

וואס האט זיך געפונען 20 וויארסט ווייטער פון פראנט. מיין חבר קשיאנסקי,ווי איך בראנשטיין,מיט וועלכן קשיאנסקי האט זיך מיט דער צייט שטארק באפריינדעט,האבן באדויערט,וואס איך פארלאז זיי,אבער זיי זענען דאך געווען צופרידן,וואס זייער נאענטסטער חבר,ווערט געשעצט פון דעם גאנצן ארום און גייט וואס אמאל העכער.

מיט דעם,האט זיך אויך פארענדיקט מיין"קאריערע " אין דער "מוזיקאנטסקע קאמאנדע". איך האב שוין פון דעמאלט אן מער נישט גענומען דעם אינסטרומענט אין "מויל אריין" (און אפי-לו אויך נישט אין מיינע שפעטערדיקע ציווילע יארן). קשיאנ-סקי און די "מוזיקאנטסקע קאמאנדע" זענען אבער אין יענע מלחמה-יארן געווען פאר מיר א רעטונג פון אן עווענטועלן ביטערן סוף.

די רעוואלוציע האט מיך פארכאפט,זי האט מיך פארענטוזיאז-מירט; עס איז געקומען דער מאמענט,ווען עס ווערן רעאליזירט אונדזערע חלומות וועגן א פרייער און בעסערער וועלט, א מער יושרדיקע. איך בין שוין צו יענער צייט געווען געגנוג פאלי-טיש רייף און כ'האב מיך ארייגעווארפן מיטן גאנצן ברען אין דער רעוואלוציאנערער טעטיקייט. ווען עס איז באשטימט געווא-רן דער טערמין פונעם ערשטן אל-רוסישן צוזאמענפאר פון די ארבעטער,פויערים און סאלדאטן-קאמיטעטן,בין איך מיט אנדערע געשיקט געווארן קיין פעטראגראד אלס דעלעגאט פון דער 10-ער ארמיי. -

דאס רעוואלוציאנערע פעטערבורג,דעמאלט שוין פעטראגראד, האט אויף מיר געמאכט א קאלאסאלן איינדרוק;איך בין געווארן אויפגערודערט פון דעם גאנצן ארום;פון אלעם פארכאפט,עמאציא-נירט. און ערשט רעכט דער גראנדיעזער צוזאמענפאר אליין. אן אינטערעסאנטע און עפאכע-מאכנדיקע צייט,בפרט,ווען מ'זעט היינט ווי די רעוואלוציע איז אזוי מיאוס פארשוועכט געווא-

רן דורך די באלשעוויקעס,און ווער ווייסט אויף ווי לאנג עס איז אפגערוקט געווארן די רעאליזירונג פון א הומאניסטיש-סאציאליסטישער ארדענונג,אזא,אין וועלכער מיר גלויבן,אז זי וועט זיין א מער יושרדיקע פאר אלע מענטשן אין דער וועלט,- סיי פאר רוסלאנד און סיי פאר דער גאנצער וועלט.

דער צוזאמענפאר איז געווען זייער אינטערעסאנט: די דיסקוסיעס זענען גאנץ אפט געווען זייער הייסע. מ'האט זיך אפגעשטעלט נישט נאר אויף דער אינערלעכער לאגע פון לאנד,נאר נישט ווייניקער אויף דער אויסערלעכער פאליטיק.·אויף די רוסישע פראנטן איז טאקע געווען שטיל; די דייטשן האבן אויסגענוצט די געשעענישן אין רוסלאנד און געפירט אפענסיוועס אויפן פראנצויזישן און איטאליענישן פראנט. דייטשלאנד האט לאנסירט סירט דעם ענין וועגן א סעפאראטן שלום מיט רוסלאנד. דאס לעצטע האט נישט געהאט קיין אנהענגערס אפילו צווישן די לינקע קרייזן; פארקערט,די דאזיקע קרייזן האבן באשלאסן צו זוכן א פארשטענדיקונג מיט אלע סאציאליסטישע פארטייען פון די קעמפנדיקע צדדים,בכדי צו זוכן אן אלגעמיינעם שלום. צו דעם צוועק האט מען באשלאסן צו שאפן א ביורא אין סטאקהאלם און אונדזער חבר הענריק ערליך איז איבערגעגעבן געווארן די ארגאניזאציע פון דעם ביורא.

איך האב אויף דעם צוזאמענפאר געזען און געהערט א גרויסע צאל פון די רעוואלוציאנערע טוערס פון יענער צייט. איך וועל אנרופן נאר א טייל פון זיי : צערעטעלי,קערענסקי,קאמעניעוו,טראצקי,טשכעאידזע,באגדאנאוו,גאץ,ליבער,דאן,אבראמאוויטש,סטאלין,סווערדלאוו,זינאוויעוו,אוריצקי א.א.

די באלשעוויקעס האבן אויפן צוזאמענפאר געהאט א קליינע צאל אנהענגערס,אבער געטומלט האבן זיי אסך. איך האב אנגעהערט צו דער מענשעוויסטישער גרופע. איך דערמאן מיך,ווי מיר האבן געשטערט רעדן טראצקין,וועלכער האט אין א פייער-

דיקער רעדע מיט א שעלמישן שמייכל און מיט א סך פאטאס און עקזאלטאציע גערופן צו די סאלדאטן, אז אנשטאט צו היטן דעם פראנט, זאלן זיי גיין צו זיך אין דארף, אויב זיי ווילן נאך עפעס פארכאפן פון די אינווענטארן, פון די בהמות, פערד, וועגענער און אנדערע זאכן פון די ערד-באזיצער, ביי וועלכע זיי זיינען געווען אלע יארן פאראבקעס. לויט זיינע רייד איז אויסגעקומען, אז די סאלדאטן זאלן פארלאזן די פראנטן, לאזן אלץ אויף הפקר. מיר האבן אים נישט געלאזט רעדן, געשטערט און געשריגן. להיפוך, איז די רעדע פון קערענסקי געווען פול מיט נשמה. בעת טראצקי האט אפעלירט צו די ווילדסטע אינסטינקטן פונעם סאלדאט, האט קערענסקי אפעלירט צו זיינע געפילן, צו זיינע פליכטן. רויק און לאגיש האט גערעדט צערעטעלי. אינטערעסאנט און אויסגעהאלטן זיינען געווען די רעדעס פון גאן (ס.ר.) און ליבער (בונד).

די קאנפערענץ האב איך פארלאזט נישט אין קיין גאר געהויבענער שטימונג. עס זענען טאקע געווען גאר א סך איינדרוקספולע מאמענטן ;מ'האט אבער געפילט, אז די דעמאגאגישע באלשעוויסטישע לאזונגען און זייער אנטי-רעגירונג אגיטאציע, וועלן דעם לאנד און דער נארמאלער אנטוויקלונג פון דער רעוואלוציע קיין גוטס נישט ברענגען, נאך דערצו ווען די מלחמה איז נאך נישט פארענדיקט.- די אלע דעקרעטן, וואס די צייטווייליקע רעגירונג האט פארעפנטלעכט, זענען געווען פון אן אויסערגעוויינלעכער וויכטיקייט. מ'האט בפירש געשטרעבט צו פארווירקלעכן די אלטע דעמאקראטישע לאזונגען פון פרייהייט, גלייכהייט און ברודערלעכקייט. איינע פון די וויכטיקע געשעענישן איז געווען דאס אפשאפן דעם תחום המושב פאר יידן, ד.ה. די באגרענעצונג פון ווױינרעכט פאר יידן. דער דאזיקער דעקרעט האט ארויסגערופן א פארשטענדלעכע באגייסטערונג און אנערקענונג מצד די יידן; אויך די אנגעווייטיקטע פראגע פון ערד-באזיץ, ווי אויך

איז אפגעשאפט געווארן די פאנשטשיזנע. בכלל איז שוין די ער-
שטע בירגערלעך-דעמאקראטישע רעגירונג געגאנגען אויפן וועג
פון גרויסע רעפארמען פארן פאלק. די סאנקציאנירונג,די באש-
טעטיקונג פון די אלע רעפארמען האט מען געלאזט פאר דער ער-
שטער געווײלטער גרינדונגס-פארזאמלונג,וואס איר דערעפענו-
נג איז באשטימט געווארן אויפן חודש נאוועמבער 1917. וואס
עס איז דערפון געווארן און די ווייטערדיקע אנטוויקלונג
פון דער פעברואר-רעוואלוציע,לאז איך איבער אויף שפעטער...

## ביי מיינע פעטער און מומען אין טאמסק

אזוי ווי פאר דער גאנצער צייט פון מיין דינסט,האב איך
נישט אויסגענוצט דעם אפפוסק (וואקאציעס),וואס א סאלדאט בא-
קומט יעדעס יאר,האב איך געבעטן,אז מ'זאל מיר איצט געבן דעם
אפפוסק אויף צוויי חדשים,איך זאל קענען נאך פעטראגראד פא-
רן צו מיינע קרובים קיין טאמסק (סיביר). און אט פאר איך
קיין טאמסק.(וועגן מיין באזוך ביים פעטער האב איך שוין
טיילוויז געשריבן אין איינעם פון מיינע פריערדיקע קאפיטלען.
דער וועג קיין טאמסק האט געדויערט קנאפע 10 טעג. אין די
באנען,אויף די באן-סטאנציעס,האט מען געזען מיינססנס סאל-
דאטן,"באבעס" (פרויען) און אלטע לייט. כמעט אויף יעדער
סטאנציע זענען ארויפגעקומען פאטרולן,וואס האבן קאנטראלירט
די פאפירן. אומעטום האט מען פון די וואגאנען אראפגעשלעפט
סאלדאטן,וואס זענען געפארן אן "פראפוסקן" (דערלויבענישן)
דעזערטערן,אדער אזעלכע סאלדאטן,וואס זענען באאיינפלוסט גע-
ווארן פון די טראצקיס און אנדערע,אז מ'זאל זיך דערשלאגן
וואס גיכער אהיים,ווייל מ'קען פארשפעטיקן צו זיין ביים
פאנאנדערטיילן דעם האב און גוטס פון די פאמיעשטשיקעס (ערד-
באזיצער.
ס'איז סוף-פרילינג-צייט. דער וועג איז זייער א שיינער,

ווער זאגט נאך ווען די באן שלענגלט זיך לאנגע שעהן איבער די אוראלער בערג. מיר פארן דורך די גרויסע שטעט: זלאטאוסט, פערם,אופא - דאס איז אן אינדוסטריעלע געגענט; מ'זעט הויכע קוימענס,פון וועלכע עס וויקלט זיך א געדיכטער רויך,וואס דערמאנט מיר אין לאדזש,מיט אירע קוימענס און שטיקנדיקן רויך. - מיר זענען אנגעקומען קיין טשעלאבינסק,וואס איז דער ארייגאנגס-טויער קיין סיביר. אין מיין פאנטאזיע האב איך מיר פארגעשטעלט סיביר אנדערש,ווי איך זי דערזען אין דער ווירקלעכקייט. איך האב געלייענט וועגן טייגעס,ווילדע חיות, וועגן פארשיקונגס-ערטער...און דא פארן מיר און פארן,שוין א שיינע פאר הונדערט און מער ווערסט,און איך באמערק נישט קיין שום ענדערונג נישט אין דער פלארא,און נישט אין דער פאונא (געוויקסן און פייגל) פון די אייראפעישע געביטן פון גרויסן רוסלאנד,וואס איך בין דורכגעפארן. און אזוי איז שוין געווען כמעט ביז טאמסק. (אמת,מ'דארף נעמען אין באט-ראכט,אז טאמסק איז נאך נישט דער צענטר פון סיביר).

ביי מיין פעטער און מומען פאזנאנסקי,האב איך פארבראכט אויסערגעוויינלעכע פאר וואכן. מיר האבן זיך געפרייט,וואס מיר זענען צוזאמען. דער פעטער סאלאמאן האט געהאט א גוטן פאסטן אלס פארוואלטער פון דער טאמסקער אפטיילונג פון דער רוסישער טראנספארט און פארזיכערונג-געזעלשאפט.דארט האבן זיך נאך געפילט ווינציק די ענדערונגען,וואס די רעוואלוציע האט זיך פארגענומען ארייננצוברענגען. אמת.דורך דער שטאט זענען אדורכגעגאנגען גרויסע טראנספארטן פון פאליטישע ארעס-טירטע,וואס זענען געווען צווארפן איבער פארשידענע פארשי-קונגס-פונקטן פון סיביר. עס זענען פארגעקומען מיטינגען, אויף וועלכע עס האט אבער געפעלט ביי דער גרעסטער טייל פון דער באפעלקערונג דער ענטוזיאזם,וועלכן כ'האב אנגעטראפן אין פעטערבורג. אפשר דערפאר,וואס א גרויסע טייל פון דער

באפעלקערונג איז באשטאנען פון טאטארן,טשוואשן און אנדערע נאציאנאלע מינדערהייטן,מיט וועלכע רוסלאנד איז אזוי רייך.

מיין פעטער-מומע האבן געהאט א שיינע און באקוועמע דירה. אין איין גרויסן צימער האט מיין מומע איינגעארדנט א בלומען אראנזשעריע,מיט וועלכע זי פלעגט זיך יעדן טאג פארנעמען, אויסערדעם פלעגט אריינקומען אפט א גערטנער,א טאטאר,און אפ-היטן און פלעגן די בלומען און אנדערע אריגינעלע געוויקסן.

מ'קען זיך פארשטעלן ווי מיר זענען אלע דריי גליקלעך גע-ווען,וואס מיר פארברענגען צוזאמען. איך האב געפילט,אז איך בין נישט קיין אפגעריסענער צווייג פון א בוים. זיי האבן זיך באמיט,אז איך זאל זיך דארט גוט פילן. זיי האבן מיך גע-פירט אין פארוויילונגס-ערטער,אין טעאטער (דארט האב איך געזען א גוטע פארשטעלונג פון אן אוקראינישער טרופע,וואס האט אויסגעפירט "נאטאלקא פאלטאווקא" א.א.)

אז איך האב שוין געהאלטן ביים צוריקפארן,האבן זיי בא-שלאסן צו מאכן מיטמיר א שפאציר-רייזע אויף א גרויסער שיף וואס איז געגאנגען צווישן סאמסק און בארנאול איבערן לאנגן טייך אב (3000 וויארסט). פון דארט האב איך שוין מיט דער באן געדארפט צוריקפארן צוריק צום פראנט. די רייזע איז גע-ווען א הערלעכע,א באצויברנדיקע. איך האב דאס ערשטע מאל אין מיין לעבן .עזען אזא ברייטן און לאנגן טייך.(אין מיין היים-שטאט,לאדזש,איז געפלאסן א פארשטינקן קליין טייכל - לודקא). באגלייט איז מען די גאנצע צייט געווען פון מערועס,דער הי-מל שטענדיק א לויטערער. אויף דער שיף האט זיך,לחלוטין,נישט געפילט,אז אין דער וועלט קומט פאר א מלחמה,מיט מיליאנען קרבנות און אין לאנד ברויזט א רעוואלוציע. אמת,מ'האט צווישן די פאסאזשירן געזען מענטשן אין די עלטערע יארן ווי אויך זארגלאזע,פריילעכע קינדער מיט יונגע מאמעס. אין בארנאול האבן מיר זיך געזעגנט און געוווינטשן זיך וואס גיכער ווידער

צו טרעפן זיך שוין אין לאדזש,אין קרייז פון אנגדזער גאנצער דארט פארבליבענער משפחה.

צוריק אויפן פראנט און די באלשעוויסטישע איבערקערעניש

שוין אויפן וועג צוריק,האב איך זיך דערוווּסט וועגן דעם, אז קערענסקי האט זיך געלאזט איבעררײדן פון איין זייט,פון די אליארטע - ענגלאנד און פראנקרײך - און פון דער אנדע-רער זייט פון די רוסישע מיליטערישע קרײזן,און האט דערלויבט דעם גענעראל ברוסילאוו אנצוגרייפן די דייטשן,בכדי דערמיט אפצושוואכן די דייטשע אפענסיווע אין פראנקרייך און איטאליע. אונזער צענטע ארמיי איז געווען אין צענטר פון ברוסילאווס אנגריף. די אפענסיווע איז דורכגעפאלן און די רוסן האבן זיך געמוזט צוריקציען,ערטערווייז,ביז 20 ווערסט צוריק אין טיל.

איך האב אײניקע טעג ארומגעזוכט דאס זיץ-ארט פון דער 10-ער ארמיי,ווו עס האט זיך געפונען דער ארמיי-קאמיטעט און ענדלעך זיך דערשלאגן. אלע זיינען געווען פארביטערט,מ'האט געגלויבט,אז אט-אט קומט דער סוף פון דער מלחמה,און דא האט מען געמוזט אויפסניי קעמפן און געבן קרבנות.

דערווייל האבן די באלשעוויקעס,אין יולי 1917,ארויסגע-רופן אן אויפשטאנד,וואס איז דורך די מיליטערישע כוחות פון דער רעגירונגאו נטערדריקט געווארן. א גרעסערע גרופע פון די באלשעוויקעס איז געווארן ארעסטירט. לענין און זינאוויעוו האבן באוויזן צו אנטלויפן קיין פינלאנד. די באלשעוויקעס האבן אדיך א שטיק צייט פארלוירן זייער איינפלוס,אבער נאך דעם גענעראל קארנילאווס פרווו פון אן אויפשטאנד פון די רעכטע עלעמענטן (אין חודש אויגוסט 1917),האט דער סאוויעט פון די ארבעטער און פויערים-דעפוטאטן,וואס איז געווען בא-הערשט פון די מענשעוויקעס,און עס-ערן,באשלאסן צוריק צוצו-לאזן די באלשעוויקעס זיך צו באטייליקן אין דער געמיינזא-מער ליקווידאציע פון דער "קארנילאווששינע".

אין דעם איז באשטאנען דער גרויסער פעלער פון די מענשע-
ויקעס און עס-ערן - די באלשעוויקעס,וואס זענען נאך זייער
דורכגעפאלענעם יולי-אויפשטאנד,געווארן גאר שטארק אפגעשוואכט
און די ארבעטער-באפעלקערונג האט זיך שוין געהאט אפגעשאקלט
פון זיי,האט איצט געהאט אויפסניי באקומען די מעגלעכקייט
ארויפצושווומען,און עס האט אנגעהויבן צו וואקסן זייער הש-
פעה צווישן די מיליטער-אפטיילונגען אין פעטראגראד. טראצקי
האט האט באקומען צווישן זיי די איבערהאנט און דאס האט צום
סוף דערפירט צום נייעם באלשעוויסטישן-אויפשטאנד פון 17-טן
אקטאבער,וואס איז זיי געלונגען און האט זיי געפירט צום
איבערנעמען די מאכט. וואלט נישט געמאכט געווארן דער קאר-
דינאלער פעלער פון צולאזן זיי צוריק צו די סאוועטן,בין איך
מסופק צו זיי וואלטן געקומען צו דער מאכט און גאנץ אנדערש
וואלט היינט אויסגעזען די וועלט.

די דאזיקע ידיעה איז אויפן פראנט אויפגענומען געווארן
רויק,אן באגייסטערונג. די אפיצירן זענען שוין,צו ביסלעך,
פריער זיך צעלאפן; געבליבן אין די שטאבן און פאלקןזענען
נאר די מער דעמאקראטיש-געשטימטע צווישן זיי. עס האבן אנ-
געהויבן אנצוקומען/אלעמאל נייע ראדיא-טעלעגראמעס פון מאסק-
ווע,וווהין עס האט זיך אריבערגעטראן די נייע באלשעוויסטי-
שע מאכט. איינמאל איז צוגעפארן צום שטאב פון דער 10-ער
ארמיי א געפאנצערטער לאסט-אויטאמאביל; עס זענען אראפגע-
שפרונגען פון אים א צאל באוואפנטע סאלדאטן מיט אן אפיציר
בראש.עס האבן זיך דערהערט איינצלנע ביקסן-שאסן אין דער
לופטן און די מיליטער-לייט האבן זיך געמאלדן צום קאמאנדיר
פון דער ארמיי,גענעראל ראגאזא, דער אנפירער פון דער גרופע
אן אפיציר,מיטן נאמען קאנדורושקין,האט דערקלערט דעם גענע-
ראל ראגאזא,אז אין נאמען פונעם רעוואלוציאנס-קאמיטעט ווע-
רט ער באזייטיקט און ער,קאנדורושקין,נעמט איבער די קאמאנדע

איבער דער ארמיי. ער האט אויך דערקלערט,אז דער ארמיי-קאמי-
טעט ווערט פאנאנדערגעלאזט און אז מיר אלע,די "קאמיטעטשיקעס"
דארפן צוריקגיין צו זייערע אפטיילונגען. מיר האבן פראטעס-
טירט און אים דערקלערט,אז מיר זענען אלע פארשטייער,אויסגע-
קליבענע אויף א צוזאמענפאר,און מיר פארלאנגען,אז מ'זאל רו-
פן א נייעם צוזאמענפאר,וועלכער וועט דעצידירן,ווער עס זע-
נען זיינע ריכטיקע פארשטייער. ער לאזט אבער צו זיך נישט
רעדן.עס הערט זיך פון דרויסן א שיסעריי פון פולעמיאטן,
וואס האט אונדז געדארפט "איבערצייגן",אז די פראטעסטן וועלן אונדז נישט העלפן. נאך א קורצער בעראטונג,האבן מיר בא-
שלאסן זיך אונטערצוגעבן און דערקלערן דעם פראפארשטשיק קאנ-
דורושקין,דעם נייעם ארמיי-קאמאנדיר,אז זיי זיינען ארזור-
פאטארן. מיר פארלאזן דעם בנין,און יעדער איינער לאזט זיך
אין זיין אפטיילונג,פון וואנען ער איז געוויילט געווארן.

איך בין צוריקגעקומען אין מיין פאלק אריין און האב זיך
געמאלדן צו מיין קאמיטעט און כ'האב דערציילט,וואס עס איז
פארגעקומען. איך בין ווייטער געבליבן אלס קאמיטעט-מיטגליד
אין פאלק. מ'קען זיך פארשטעלן ווי מיינע חברים,קשיאנסקי
און בראנשטיין,האבן זיך דערפרייט,האבנדיק מיך ווידער צוזא-
מען מיט זיי.

דערווייל זענען געקומען אלערליי פארארדענונגען פון דער
נייער מאכט. איינע פון זיי האט געזאגט,אז די קאמאנדע-אנפי-
רעשאפט דארף באשטיין פון געוויילטע קאמאנדירן,און אז א
פשוטער סאלדאט,אדער אפיציר פון נידעריקן ראנג,קען פארנעמען
דעם פאסטן פון א קאמאנדיר פון א ראטע,פאלק,אדער דיוויזיע.
מיטן אנטלויפן פון די אפיצירן פון זייערע איינהייטן,איז
די גאנצע קאמאנדא-אנפירערשאפט פאנאנדערגעפאלן,אדער אפגע-
שוואכט געווארן,און אין אזא צושטאנד זענען,לויט דער פאר-
ארדענונג,אויך ביי אונז פארגעקומען וואלן.

אויף איינער אזא וואל-פארזאמלונג פון קאמאנדע-אנפירער-שאפט,ווו עס זענען ארויסגערוקט געווארן פארשידענע קאנדי-דאטן,דערהער איך אויסרופן אויך מיין נאמען אלס קאמאנדיר-פאלקא. איך דערקלער,אז איך בין נישט קיין באלשעוויק,בין א מענשעוויק און קען ביי דער היינטיקער מאכט אזא אמט נישט פארנעמען. מ׳שטימט אפ און איך באקום א מערהייט. איך האב נאכאמאל און ווידעראמאל דערקלערט,אז איך האב נישט קיין שום מיליטערישע אויסשולונג. דערויף איז געקומען אן ענטפער פון דעם פארזאמלטן עולם : סי כאראשי פארען,סי מודרי טשעלאוויעק, (דו ביסט א גוטער ברודער,ביסט א קלוגער מענטש) און עס העלפט גארנישט - איך בין געווארן דער קאמאנדיר פון 344-סטן אירביטסקי פאלק. א פארבליבענער אין פאלק,שטאבס-קאפיטאן קי-רילאוו,איז געווארן דער נאטשאלניק שטאבא,און דער פארבליבע-נער פארוטשיק דראזדאוו,איז געווארן מיין אדיוטאנט פאלקא און מיר האבן איבערגענומכן די קאמאנדע פון פאלק.

עס איז געקומען א נייער פריקאז פונעם קאמאנדיר פון דער 10-ער ארמיי,קאנדורושקין,אז מ׳זאל אפלאזן אהיים און באפ-רייען פון דעם דינסט,פינף עלטערע יאר-גענג. אויך מיין קשיא-נסקי געהערט צו זיי. פון איין זייט איז ער געווען צופרידן, וואס ער ווערט פטור פון דער סלוזשבע און פון דער אנדערער זייט האט ער געהאט שטארק עגמת נפש,וואס ער מוז זיך שיידן פון מיר און פון בראנשטיינען; און נאכמער דאס,וואס ער האט נישט וווהין צו גיין - דער וועג קיין ווארשע,ווו עס געפינט זיך זיין פאמיליע איז דערווייל פארמאכט,און אין רוסלאנד האט ער קיינעם נישט. איך האב אים געגעבן דעם אדרעס פון מיינע בערדיטשעווער קרובים און זיי אים רעקאמענדירט. איך האב אים געראטן פארן קיין קיעוו,ווו ער וועט זיכער קריגן ארבעט.

## בראטאניע - מיין באזוך אין דייטש-אונגארישן שטאב

אויפן פראנט איז דערווייל געווען שטיל.די דייטשן זענען געווען צופרידן פון דער געשאפענער לאגע; עס איז זיי געווען אויף דער האנט די צערודערונג און דעמאראליזאציע,וואס עס האט זיך ארייגעכאפט אין דער רוסישער ארמיי ,איר סיסטעמא-טישע צעפאלונג. די דייטשן האבן געשטיצט די "בראטאניע",די פארברידערונג,וועלכע די באלשעוויקעס האבן איינגעפירט אויפן גאנצן,לאנגען פראנט צווישן די רוסישע און דייטש-עסטרייכיש-אונגארישע סאלדאטן. די באלשעוויקעס,ווידער,האבן געמיינט, אז אזוי ארום וועט זיך לאזן רעוואלוציאנירן די סאלדאטן פון יענער זייט פראנט.

די דייטשן,האבן אין בערלין געדרוקט רוסישע צייטונגען, וואס האבן גערופן די פויערים-סאלדאטן צו פארלאזן דעם פראנט און אהיימגיין אין די דערפער אפצוהיטן זייערע אינטערעסן. די דאזיקע צייטונגען זענען געטיילט געווארן צווישן די רו-סישע סאלדאטן אויפן פראנט. די דייטשן האבן אויך געבראכט גרויסע סכומים וויין,רום און אנדערע אלקאהאל-געטראנקען און געטוישט דאס אלץ מיט די רוסישע סאלדאטן פאר ברויט און אנ-דערע פראדוקטן,וואס האבן שוין אין יענער צייט אויסגעפעלט אין דייטשלאנד און אין עסטרייך,ווו ס'איז בכלל געווען א שטארקער דוחק אין לעבנסמיטלען.

מען האט אונדז צוגעבן געוויסן, אז די סאלדאטן שיכורן און אז פון אונדזערע אפראוויזאציע-מאגאזינען ווערן ארויס-געטראגן אלערליי פראדוקטן. מיר האבן באשלאסן זיך צו פאר-שטענדיקן מיט דער אנפירערשאפט פון די דייטשע איינהייטן, וואס שטייט אויף יענער זייט פראנט.

עס איז שוין דער חודש יאנואר פון יאר 1918,אין די בערג אויף די פראנטן,איז געלעגן א טיפער שניי. איך און דער אד-

יוטאנט ,דראזדאוו,און נאך א סאלדאט,וואס פארשטייט א ביסל דייטש,זענען מיר געגאנגען דירעקט צום פראנט אויף צו באקומען א קאנטאקט מיט די דייטשן פון יענער זייט פראנט. עס גייט מיט אונז אויך א סאלדאט,וואס טראגט א ווייסע פאן און א טראמפייט אין דער האנט. דער סאלדאט האט געגעבן מיטן טראמפייט א סיגנאל; עס איז ארויסגעקומען פון יענער זייט א סאלדאט,וועלכן מיר האבן דערקלערט דעם ציל פון אונדזער קומען. עס דויערט נישט לאנג,און עס איז ארויסגעקומען אן אפיציר. מ'האט אונדז פארבונדן די אויגן און מ'האט אונדז אין אן אויטאמאביל אפגעפירט צום קארפוס-שטאב פון דער עסטרייך-אונגארישער ארמיי,וואס איז געשטאנען קעגנאיבער אונזערע איינהייטן אויפן פראנט.

אז מען האט אונדז אראפגענומען דעם פארבאנד פון די אויגן, האבן מיר געזען,אז מיר געפינען זיך אין זעלבן שול-בנין,וואו עס האט זיך פאר דער לעצטער קערענסקי-אפענסיווע,געפונען אונדזער שטאב פון דער ארמיי,מיטן ארמיי-קאמיטעט.

כ'האב נאך פארגעסן צו דערציילן,אז צווישן קאנדורושקינס פאראדעפונגען,איז געווען איינע ,אז די עפאלעטן אויף די ארעמס דארפן זיין פאר אלעמען גלייכע,אן באזונדערע סימנים פון א ראנג,צו דאס איז א פשוטער סאלדאט,אדער אן אפיציר.

ביים אריינגאנג אין גרויסן אויפנאם-צימער זענען געשטאנען אויסגעשטעלט אין צוויי רייען אפיצירן אין פארשידענע ראנגען און יעדער איינער מיט א קלאפ פון די קנאפלען,סאלוטירט און שטעלט זיך פאר פאר אונדז : אבערסט דער און דער, לייטענאנט...א.א.וו. - מיר האבן בלויז געזאגט אונדזער נאמען,סאלוטירט. זיי האבן זיך געוווּנדערט,וואס אויף אונדזערע עפאלעטן האבן זיי נישט געזען קיין אפיצירן-ראנג,אבער...

מיר גייען אריין אין גרויסן זאל; דער טיש איז צוגעגרייט מיט די פיינסטע מאכלים - טייטלען,פייגן,פאמעראנצן,וויינען,

אלערליי פישן א.א.

עס קומט אריין אן עלטערער גענעראל מיט זיין אדיוטאנט. מ'זעצט זיך צום טיש. אונדזער דעלעגאציע אקעגן דעם גענעראל, איך בין דער בעל דברן אין דייטש, און דערציייל זיי וועגן וואס מיר זיינען געקומען. דערווייל נעמט זיך צו דער אכילה, צום עסן און טרינקען. ביים טיש זיצו א 30 אפיצירן; מ'דערלאנגט אלעמאל פרישע פאסראווועס און דער עולם ראמט דאס אראפ מיט גרויס חשק, אזוי ווי זיי וואלטן שוין נישט געגעסן א לענגערע צייט . און עס דערמאנט זיך מיר דערביי דאס אלטע רוסישע ווערטל: " גאסטי פרישלי, אי מי פאדקארמימסיא" - עס זענען געקומען געסט, וועלן אויך מיר פון דעם געניסן.-

דער אדיוטאנט אבסערווירט מיך, אויך איך אים - מיר דערקענען זיך איינער דעם אנדערן, אז מיר זיינען יידן. ער פרעגט מיך פון וואנען איך קום און פון וואנען איך קען אזוי גוט דייטש. איך דערציייל אים, אז איך בין א לאדזשער, געלערנט אין דער שולע דייטש, און אז אין לאדזש האבן געוווינט איבער 100 טויזנט דייטשן, אלס איינגעזעסענע איינוווינער, אזוי אז די שפראך איז פאר מיר נישט קיין פרעמדע.

נאכן עסן, איז צווישן אונזער דעלעגאציע און דעם אדיוטאנט אויסגעארבעט בעווארן א פלאן פון די צוקונפטיקע "פארברידערונגען"-צוזאמענטרעפן, אויפן פראנט צווישן אונדזערע און זייערע סאלדאטן; אז קיין רום, אנדערע אלקאבאלישע געטראנקען, דארף נישט פארטיילט ווערן א.א.וו.

מען האט אונדז צוריקגעפירט צום פראנט, צו אונדזערע איינהייטן. עס איז מיטגעפארן דער דייטשער אדיוטאנט. אויפן וועג צערעדט מען זיך ווייטער; אויף מיין פראגע באשטעטיקט ער, אז ער איז אויך א ייד. איך נוץ אויס די געלעגנהייט און דערציייל אים, אז אין לאדזש זיינען געבליבן מיינע עלטערן, וואס האבן די אלע יארן פון דער מלחמה, פון מיר נישט געהאט קיין

שום ידיעות און אים געבעטן ער זאל אנשרייבן צו זיי א פאר ווערטער און אנזאגן זיי די גוטע בשורה, אז ער האט מיך פערזענלעך געזען א לעבעדיקן, א געזונטן, און כ'האב אים געגעבן דעם אדרעס פון מיינע עלטערן. ער האט מיר צוגעזאגט דאס גלייך צו דערלעדיקן. און ער האט טאקע געהאלטן ווארט : ווען איך בין אין חודש מאי 1918 צוריקגעקומען אהיים, האט מיר מיין טאטע געוויזן זיין קארטל און דערציילט, ווי גוואלטיק גרויס עס איז געווען זייער פרייד פון דאזיקן גרוס.

דעם אינטערעסאנטן אפמאך מיט די דייטשן, האב איך אלע יארן געהאט ביי מיר. ערשט נאכן פארלאזן דאס לאדזשער געטא, האב איך דארט אויך געלאזט דעם דאזיקן היסטארישן פאפיר, צוזאמען מיט מיינע אנדערע פאפירן.

## דאס פארלאזן דעם פראנט און פאנאנדערפאל פון דער ארמיי

עס האט לאנג נישט געדויערט, און סוף יאנואר 1918, האבן מיר באקומען א פאראדענונג פון קאנדורושקינען, אז די גאנצע ארמיי פארלאזט דעם פראנט און מיר ציען זיך צוריק ביז צו דער בעסאראבער גרענעץ, ד.ה. אזעלכע 150 וויארסט אויף צוריק און ער גיט אונדז אן א געגנט מארשרוט, ביי וועלכן מיר זאלן זיך האלטן.

פאראדענונג - איז פאראדענונג. מיר גייען צוריק, בארג ארויף און אראפ. די ארטילעריע, די פולעמיאטנע קאמאנדע, די אבאזן, די קוכן. עס איז געווען פאראויסגעזען א מארש פון 5 טעג. ביינאכט איז באשטימט געווען צו רוען אין פארשידענע רומענישע דערפער, וואס געפינען זיך אויפן וועג. אויפן דריטן טאג איז אונזער פאלק אנגעקומען קיין פאשקאני, נאענט פון יאסי.- עס איז שוין טונקל, מ'קווארטירט זיך איין אין די קאטעס. מיטאמאל דערהערט מען א שיסעריי פון ביקסן, שפעטער אויך פון פולעמיאטן. לאזט זיך אויס, אז אין דארף ווארט אויף אונז

א גרעסערע אפטיילונג פון רומעניש מיליטער,צוזאמען מיט רו-
סישע אפיצירן (קאנטר-רעוואלוציאנערן),וועלכע מעלדן אונדז,
אז זיי וועלן אונז לאזן ווייטער גיין,ווען מיר וועלן זיי
צוריקלאזן דאס גאנצע געווער דא. אין ערשטן מאמענט ווערט
א סומאטאכע,א פראטעסט-שטימונג; וואס הייסט,טעהנען א טייל
סאלדאטן,מיר וועלן דאס געווער ערשט רעכט דארפן האבן מיט
זיך אין רוסלאנד; אנדערע,מער באיארטע,זאגן: מיר זענען דאך
שוין ביי דער שוועל פון דער באפרייאונג פון מיליטערישן
מונדיר און איצט גיין שלאגן זיך מיט א נייעם שונא,איז שוין
זיכער נישט קיין ענין,איז בעסער נאכקומען דעם פארלאנג פון
די רומענער און לאזן זיי דאס געווער.

אין אזא שטימונג איז פארשטענדלעך איבעריק צו שטעלן א
ווידערשטאנד,און דער קאמיטעט באשטימט אויסצומיידן א קאמף
און ארויסגעבן דאס געווער. די רומענער פאראדרדענען,אז דאס
גאנצע מיליטער,זאל לאזן זייער געווער אינדרויסן,אדער אין
די כאטעס און מיר אלע זאלן אריבערגיין אין א ראוו פון אן
אויגעטריקנטן טייך,וואס געפינט זיך דא דערנעבן. די רומע-
נער מיט די רוסישע אפיצירן האבן געבראכט וועגענער,אויטאס
און אנגעפילט זיי מיט אונדזער געווער. די גאנצע מאסע אונ-
דזערע סאלדאטן איז גרופירט און פארנעמט דעם גאנצן שלענג-
לעכן ראוו. עס איז שוין געווען שטאק פינסטער אין דער נאכט.

עס קומען צו צום ראוו אונדזערע קאנטר-רעוואלוציאנערע
אפיצירן און ווענדן זיך צו די סאלדאטן: ווו איז אייער קא-
מיטעט,גיט ארויס די קאמיטעט-מיטגלידער. איך וועל דאס קיינ-
מאל נישט פארגעסן: עס האט זיך נישט געפונען קיין איין סאל-
דאט,וואס זאל וועלן ווערן א פארעטער און ארויסגעבן זיינע
פארשטייער. שפעטער זיינען מיר געוואויר געווארן,אז ווו זיי
האבן געפאקט א קאמיטעט-מיטגליד,האבן זיי אים עפענטלעך אויפ
געהאנגען. - ווידער,הייסט דאס,געשפילט מיט גליק.

ערשט פארטאגס זיינען מיר צוריקגעגאנגען אין די פון או-
נדז פארלאזטע כאטעס. מיר,די זעקס קאמיסאסשיקעס און איך,דער
קאמאנדירפאלקא,האבן געפילט,אז מיר דארפן מאכן לך. א דאקטאר
אן אוקראינישער סאציאל-דעמאקראט,האט אונדז ארויסגעהאלפן
פונעם קלעם און געגעבן אונדז א פראפוסק אין א לאזארעט אין
קיעוו. די רומענער האבן ארומגעשטעלט די וועגן קיין יאסי.
מיר זענען אויך דאס איבערגעקומען און ארויסגעמישט זיך מיט
סאוויעטישער זעלנער,וואס מ'האט,אונטער אן עסקארט,געפירט ביז
נאוואסעליצע,ביי דער בעסאראבער גרענעץ. - עס איז געווען
א חרפה צוצוקוקן זיך,ווי 100 אלטע רומענישע סאלדאטן האבן
עסקארטירט די גרויסע מאסע דעסארטירטע און אונטערטעני-
קע רוסישע סאלדאטן. אנדערע סאוויעטישע סאלדאטן זענען געפירט
געווארן דורך אנדערע וועגן. - אזוי האט זיך אנגעהויבן דער
פאנאנדערפאל פון דער רוסישער ארמיי...

אין נאוואסעליצע,ביי דער באן-סטאנציע,האט מען צעלייגט
פייערן; עס זענען דארט געשטאנען פעלד-קוכן,וואס האבן גע-
טיילט קיפיאטאק און קאשע. אהערצו פלעגט יעדע נאכט קומען
פון זשמערינקע-אקנא א באן מיט א 20-25 וואגאנען,וואס האבן
געפירט דעם עולם-סאלדאטן טיפער אין לאנד אריין. מ'קען זיך
פארשטעלן,וואס עס פלעגט זיך אפטאן אויף דער סטאנציע,ווען
עס פלעגן אין דער פינסטער אנקומען די דאזיקע וואגאנען,בעת
סאוויעטישע סאלדאטן האבן געוואלט זיך ארייכאפן אין די ליי-
דיקע וואגאנען. און דער ביי איז נאך געווען א קנאקעדיקער
פראסט,וואס האט דורכגענומען דיביינער.

מיר,זאלבע זיבן, האבן זיך געמוזט האלטן צוזאמען צוליב
דעם געמיינזאמען פראפוסק. מיר האבן נאך אלץ געמיינט,אז עס
עקזיסטירט נאך א שטיקל ארדנונג,אז אן א"פאפירל" קען מען
יעדן איינעם פון אונדז באשולדיקן אין דעזערציע און באש-
טראפן. די ווירקלעכקייט האט שוין אבער דעמאלט געוויזן,

דעם פולן פאנאנדערפאל פון דער ארמיי,די הפקרדיקייט,די אנארכיע,וואס האט דאמינירט אין פאלק,אין אלע שיכטן פון דער דעזארגאניזירטער באפעלקערונג.

דערווייל האבן מיר זיך נאך געפונען ביינאכט,אין דער קעלט,אין נאָוואסעליצע און געטראכט,ווי אזוי קריגן מיר זיך ארייַן,אלע צוזאמען,אין א וואגאן. צווישן אונז איז געווען א פאלאק פון קאוונע,טשערווינסקי,א פעסטער,בראווער יונג. זאגט ער אונדז: מיר וועלן צוזאמען בשום אופן אין איין וואגאן זיך נישט קענען אריינבאקומען. לאמירווארטן ביז מאָרגן אוונט,און ווען עס וועט אנקומען דער צוג,וועלן מיר צוזאמען קריכן אויפן דאך פון א וואגאן.

אזוי האבן מיר טאקע געטאן. מארגן אוונט,ס'הערט פון דער ווייטנס דאס פאמעלעכע אנקומען פון צוג. ווארטנדיק אינדרויסן ביי א פראסט פון איבער צוואנציק גראד,בין איך שוין געווען גוט דורכגעפרוירן. כ'האב נישט געפילט די אויערן,די נאז,די פיס. טשערווינסקי,איז דער ערשטער אויבן אויפן דאך און שלעפט אונדז איינעם נאך דעם אנדערן ארויף צו זיך. קוים מיט צרות בין איך שוין אויך אויבן. טשערווינסקי קאמאנדעוועט: זיצן האלב-ליגנדיק און אנשפארן די פיס אין דער וואסער-רינווע,כדי,ווען מ'פארט אדורך א בריק,זאל מען נישט אראפגעשלייַדערט ווערן (הונדערטער סאלדאטן האבן איבער דעם פארלוירן דאס לעבן).

דער צוג איז געשטאנען אויף דער סטאנציע נאך א גוטע צווייי שעה.דער פראסט נעמט מיך ארום דורך און דורך . עס פעלט מיר שוין אויס אטעם.דער צוג האט ענדלעך גערירט. אין א צוויי שעה ארום איז דער צוג געבליבן שטיין. איך הער: מ'רופט סטאנציע לארגא. דערמאן איך מיך,אז כ'האב ערגעץ געלייענט,אז בשעת דער מלחמה האט מען פארענדיקט א נייע באן-ליניע לארגא-קאמעניעץ-פאדאלסק. זאג איך צו טשערווינסקי: איך בין שוין

אינגאנצן פארפרוירן,איך וועל צו זשמערינקע זיכער נישט דער-
פארן,ראטעווע מיך,זאלן מיר אלע אראפגיין דא אויף דער סטאנ-
ציע לארגא,איך האב קרובים אין קאמעניעץ-פאדאלסק,דארטן וועלן
מיר זיך אויסרועון,זיך אנעסן,קומען א ביסל צו זיך. דערצו
האב איך געהאט ביי מיר דעם פראפוסק פאר אלע זיבן.
ער האט לאנג נישט געטראכט און דערקלערט דער רעשט חברה וועגן
וואס עס האנדלט זיך און מיר זענען שוין אלע אונטן,אויף דער
באן-סטאנציע. מיך האט טשערווינסקי אראפגעשלעפט פון דאך א
קוים זשיפעדיקן. דארט האבן מיר באקומען הייסן קיפיאטאק,און
מיר האבן זיך דערווארעמט. דערווייל איז טשערווינסקי ארויסגע-
לאפן געוויר ווערן,ווען עס גייט אפ א קאמוניקאציע קיין קא-
מעניעץ. עס דויערט נישט לאנג און ער קומט צולויפן און דער-
ציילט,אז אויף א דריטער באן-ליניע שטייט א פוילישער סאני-
טאר-צוג. ער זאגט צו מיר,דו רעדסט דאך בעסער פויליש פון
מיר,קום,אפשר וועט מען אונדז אריינלאזן; ער האט זיך אנגע-
פרעגט,דער סאניטאר-צוג גייט טאקע קיין קאמעניעץ-פאדאלסק.
וואס טוט מען,איך קען נישט גיין. נעמט מיך טשערווינסקי
אויף דער פלייצע. מיר קומען צו צום צוג. אין איין פענסטער
ברענט אן עלעקטריש לעמפל. טשערווינסקי קלאפט אן. עס קומט
ארויס א קראנקן-שוועסטער און דערזעט ווי ער האלט מיך אויף
דער פלייצע,פרעגט זי אויף פויליש: פאלאצי? ענטפער איך -טאק.
איך דערצייל איר,אז מיר שטאמען פון לאדזש,און מיר האבן נאך
5 חברים אין דער באן-סטאנציע. זי נעמט מיך אריין אין וואַ-
גאן אריין און טשערווינסקי לויפט ברענגען די רעשט חברה.
ווען איך בין אריינגעקומען איןווארעמען וואגאן,האב איך
גלייך דערפילט א גוואלטיקע שטעכעניש אין די אויערן,אין דער
נאז און איך נישט שטיין אויף די פיס. זי האט מיך ארויסגע-
פירט צוריק אין גרויסן. דערווייל איז אנגעקומען טשערוויג-
סקי און האט מיר מיט געוואלד אראפגעצויגן די שטיוול.

מ'הייסט מיר די פיס רייבן מיט שניי. איך קום צו ביסלעך צו זיך. מ'האט אונדז געגעבן א גרויסע כוסה בראנפן, א הייסע זופ קאשע, ברויט און אלע פילן זיך גליקלעך. דערווייל האט דער צוג געדירט פון ארט. מיר פארן קיין קאמעניעץ-פאדאלסק. א שטרעקע נישט מער ווי עטלעכע פופציק ווארסט, אבער געפארן זיינען מיר 12 שעה, פון פינף פארטאגס ביז פינף פארנאכט, ווייל מ'האט דעם לאקאמאטיוו געהייצט מיט נאס האלץ (קיין קוילן איז שוין לאנג נישט געווען צו קריגן) און ווען מיר קומען אן קיין קאמעניעץ-פאדאלסק, איז שוין פינסטער, דערצו שבת צו נאכט.

איך פרעג מיך נאך נאך שלמה ווייסלאוויטש, מיין באבעס ברודער (און מיין מאמעס פעטער). מ'ווייזט מיר אן ווו ער וווינט. אויף די גאסן איז לעבעדיק, די קראמען זענען פארמאכט (צוליב שבת). מיר קומען צו צו דער שטוב פון מיין עלטער-פעטער. איך גיי ארויף אויף א פאר טרעפלעך. די רעשט חברה בלייבט שטיין א ביסל אין דער זייט. איך קלאפ אן אין א באגלזטער טיר מיט פארהענגלעך. מ'ענטפערט נישט. איך קלאפ אן נאכאמאל. איך באמערק א פרויען-סילועט פון יענער זייט טיר, ווער איך שוין דרייסטער און זאג אויף יידיש: איך בין אן איינינקל פון אייער שוועסטער אסתר פון לאדזש, מיין מאמע הייסט לובע, עפנט, האט נישט קיין מורא. עס עפנט זיך שטיל די טיר, עס שטייען צוויי עלטערע מענטשן, קוקן מיך אן אין מיינע סאלדאטסקע בגדים אן עפאלעטן און דערזעען דערווייל די אנדערע חברים מיינע. איך דערקלער זיי, אז מיר ווילן דא זיין ביז מאנטיק אינדערפרי. מאנטיק וועלן מיר גיין צום וואינסקי נאטשאלניק, ער זאל אונדז יעדן איינעם געבן באזונדער א פאפירל, אז מיר זאלן קענען פארן ווייטער, יעדער ווו ער דארף.

זי האט אונדז אלע אריינגעלאזט און דערציילט, אז נאך מיט א פאר וואכן צוריק האט מען זיך געצאצקעט מיט די סאלדאטן, מ'האט זיי באהאנדלטווי די באפרייער פון דער צארישער אונטער-

דריקונג,אבער אין דער לעצטער צייט גייען ארום גרופעס "נא-
לאטשיקעס" (אנפאלער),וואס באפאלן יידן,ראבעווען אויס די
שטיבער. מוז מען זיין איצט זייער פארזיכטיק,ווען מ'דערזעט
א סאלדאט. ( איך וויל ביי דער געלעגענהייט באמערקן,אז די
דאזיקע עלטערמומע אונדזערע איז געווען די שוועסטער פון דעם
באקאנטן יידישן געזעלשאפטלעכן טוער -משה זילבערפארב- פון
דער סאציאליסטישער פארטיי -די פאראייניקטע-. משה זילבער-
פארב איז שפעטער געווארן דער ערשטער יידישער מיניסטער אין
דער רעגירונג פון דער אוקראינישער ראדע בראש מיטן פרעמיער
פראפ.גרושעווסקי.)

עס האט זיך לייכט געלאזט מערקן,אז די עלטערמומע "גייט
אין די הויזן",אז זי גיט דעם טאן אין דער שטוב. די מומע
האט אנגעצונדן א נאפט-לאמפ און האט געזאגט צו מיר: איר
וועט דאך זיכער וועלן עפעס איבערכאפן; זאלן א פאר פון דיי-
נע סאלדאטן אראפגיין צום טייך,וואס איז נישט ווייט פון דא-
נען (סמאטריטש,האט דער טייך,דאכט זיך,געהייסן) און אריפ-
ברענגען א פאר עמערס וואסער און אנפילן די פאס; איך וועל
דערווייל אנשטעלן דעם סאמאוואר. עס האט לאנג נישט געדויערט
מיר האבן זיך צעזעצט ארום דעם טיש,מ'האט אונדז געגעבן גוטע
מאכלים,און דערהויפט.האט אויסגענומען ביי דער חברה,דאס
טרינקען ביי פון א סאמאוואר,נאך וועלכן זיי האבן זיך שוין
שטארק געהאט פארבענקט.

דער פעטער שלומההאט געמאכט הבדלה. די חברה מיינע קוקט
זיך פארגאפט צו צו דער קאלירטער געפלאכטענער הבדלה-ליכט,
צו זיינע צוגרייטונגען,צו זיין פירן די הענט פון מויל צו
דער טאש א.א.וו.

די מומע האט צוגעגרייט די נאכטלעגערס אויף דער פאדלאגע,
גרייט קאלדרעס. מיך האט זי געלייגט אויף דער סאפא. זי האט
מיך אויסגעפרעגט וועגן איינצלנע מיטגלידער פון אונדזער

משפחה אין לאדזש,נאך דער באבען און נאך דער מאמען מיינער.

וועו מיר ליגן שוין אויף אונדזערע געלעגערס,האט זיך אנ-געהויבן א שמועס צווישן די סאלדאטן וועגן דעם,וואס זאלן בא-דייטן די העוויות פון פעטער ביים מאכן הבדלה און דווקא דער פאלאק טשערווינסקי איז דער,וואס קלערט זיי אויף,אז דאס שטו-פן די הענט אין די קעשענעס,באדייט ביי יידן,אז מען זאל הא-בן א גוטע וואך,אז מ'זאל לייזן געלט אין די קראמען. איך האב געשוויגן,ווייל איך האב ביז דאן געהערט בלויז וועגן הבדלה מאכן,אבער נישט ביי מיין טאטן,נישט ביי מיין זיידן,האב איך דאס נישט געזען. טשערווינסקי איז דערצויגן געווארן אין דער יידישער שטאט קאוונא,געווינט צווישן יידן און,זעט אויס, גוט געקענט די יידישע מנהגים.

איך וועל א פאר שורות שענקען דעם דאזיקן חבר מיינעם, טשערווינסקי, ווען עס איז דערשינען דאס באקאנטע מלחמה-בוך פון רעמארקן "אויפן מערב אן נייעס",און איך האב דארט גע-לייענט וועגן זיין העלד -קושינסקי-,וועלכער איז געווען א כל-בוניק,וואס האט אלץ געקענט און וואס איז געווען אלץ וואס איז אין דער קארט,און האט געטאן אלץ,וואס מער טאר נישט, האב איך מיך דערמאנט אין מיין טשערווינסקי. ער איז אויך געווען אזא טיפ,אבער גלייכצייטיק זייער א געטרייער און איבערגעגעבענער חבר.

און נאך עפעס. שוין א שיינע פאר יאר נאך דער מלחמה,רופט מען מיך אין דער לאדזשער יידישער קהילה (גמינע); דארט גיט מען מיר איבער א בריוו פון טשערווינסקי. ער האט נישט געהאט מיין אדרעס;פארשטאנען האט ער,אז די יידישע גמינע וועט מיך אויפזוכן. ער האט מיר געשריבן,אז ער האט פשוט געוואלט ווי-סן וואס איך מאך,ווי איך האב מיך איינגעארדנט,און אז ער וויל שטיין מיט מיר אין א שריפטלעכן קאנטאקט. וועגן זיך שרייבט ער,אז ער האט חתונה געהאט,האט שוין צוויי קינדער,האט א

געשעפט פון שוסטער-צוטאטן א.א.וו. איך האב מיט אים א שטי-
קל צייט קארעספאנדירט,מיט דער צייט האט זיך אבער איבערגע-
ריסן אונדזער קאנטאקט. פארוואס - געדענק איך נישט.

אויף מארגן,זונטיק אינדערפרי,זענען מיר ארויס אין דער
גאס. זיך אנגענעם דערפרייט,וואס עס איז נאך דא א לעבעדיקע
ציווילע וועלט; איך זע אויף די ווענט א גרויסן פלאקאט אויף
יידיש פון "בונד". עס קומט פאר א מיטינג צו די וואלן אין
שטאט-ראט און אז עס וועט רעדן דער ח'זשעלעזניאקאוו,און אויך
פלאקאטן פון אנדערע פארטייען. דא אין דער שטאט האט די מאכט
די "אוקראינסקא ראדא",א דעמאקראטישע מאכט,אין דער שפיץ פון
וועלכער עס שטייט דער פראפ.גרושעווסקי,וואס ווערט נאך סא-
לערירט פון דער צענטראלער באלשעוויסטישער מאכט פון מאסקווע.
די קראמען זענען אפן,אבער די יידן האבן געלעבט אין שרעק .
די באלשעוויקעס,בראש מיט פיאטאקאוון פירן אן אגיטאציע קעגן
דער רעגירונג פון גרושעווסקי. אויך די אוקראינישע נאציאנא-
ליסטישע "סאמאסטייניקעס" פירן זייער כוליגאנישע אגיטאציע.

מאנטיק אינדערפרי זענען מיר געגאנגען צום אוקראינישן
מיליטער-קאמענדאנט. איך ווייז אים דעם געמיינזאמען פראפוסק
און כ'האב אים געבעטן,אז ער זאל יעדן פון אונדז ארויסגעבן
באזונדערע אנטשפרעכנדיקע פאפירן אין די לאזארעטן. ער טוט
דאס אן באזונדערע שוועריקייטן. איך נעם א פאפיר קיין טאמסק.
מיר גייען צו דער מומען און זאגן איר,אז מארגן צעפארן מיר
זיך. זי בעט אונדז,אז מיר זאלן בלייבן ביי איר נאך א ביסל
לענגער. מיר האט זי אויפגעקלערט,אז האבנדיק סאלדאטן ביי
זיך אין שטוב,איז זי זיכער,אז עס וועלן נישט ארייִנפאלן
קיין"נאלאטשיקעס".

דאס איז געווען אין די ערשטע טעג פון חודש מערץ 1918.
מיר זיינען געפארן צוזאמען ביז קיעוו און דא האבן זיך אונ-
דזערע וועגן צעשיילט. מיר האבן זיך ארומגענומען,ביי אלע

זענען געשטאנען טרערן אין די אויגן,מ'האט זיך צעקושט...
און מער האבן מיר זיך נישט געזען.

איך הייב אן זיך נאכצופרעגן ווי אזוי איך קריג מיך אַרי-
בער קיין טאמסק,צו מיין פעטער. איך האב זיך דערוווסט,אז
דער גאנצער וועג פון מאסקווע דורך דעם אוראל און טשעלאבי-
נסק,מיט וועלכן איך בין געפארן מיט א קנאפ יאר צוריק,איז
פארשטאפט מיט צענטליקער טויזענטער טשעכאסלאוואקן,וועלכע
זענען געווען פארשיקט ,ווי קריגס-געפאנגענע,קיין סיביר,
און נאכן פארלאזן די לאגערן רייסן זיי זיך אהיים.
מען האט מיר אויך דערציילט,אז אין סיביר האט מענטשט אזוי
"ענטוזיאסטיש" אויפגענומען די סאוועטישע מאכט און אז עס
ארגאניזירן זיך דארטן רעכטע,קאנטר-רעוואלוציאנערע באווא-
פנטע אפטיילונגען. בין איך צוגעפארן ביז קורסק און דארט
האט מען מיר באשטעטיקט ביידע ידיעות. לאנג נישט געקלערט,
באשליס איך צו פארן צוריק קיין אוקראינע,קיין באלטע,ווו
עס געפינט זיך א טייל פון מאמעס משפחה ,ווי אויך מיין קו-
זינע מלכה,צו וועלכער איך בין נישט געווען גלייכגילטיק,
און אנגעהאלטן מיט איר אלע יארן פון מיינע מיליטער-וואגלע-
נישן א לעבעדיקן שריפטלעכן קאנטאקט.

איך פאר קיין באלטע - צו מיין שפעטערדיקער פרוי - מלכה

פון דער גאנצער משפחה קען איך פערזענלעך נאר מיין קו-
זינע מלכה (מאליא,ווי מ'האט זי גערופן). אבער אלע האבן
זיך שטארק דערפרייט מיט מיר און האבן מיך אויפגענומען מיט
אפענע ארעמס. מלכה האט געארבעט אין אן אפטייק,ווי א פארמא-
צעווטקע און האט פארנומען א באזונדערן צימער אין א גרעסע-
רער וווינונג,ווו עס האט אויך געוווינט איר ברודער מארקוס
(מאטל) מיט זיין פרוי און א קינד. אין זעלבן הויז האט אויך
געוווינט אן אלמנה נאך א צווייטן ברודער פון מיין באבען,

פון בערשאד,מיט א דערוואקסענער מיידל און צוויי קינדער.

די קרובים מיינע האבן געוווסט,אז זיי האבן משפחה אין לא-דזש,אבער קיינעם פון אונדז נישט געקענט,און איצט האבן זיי דערזען פאר זיך א לעבעדיקן,לוסטיקן און נישט קיין מיאוסן סאלדאטיק (איך בין דעמאלט אלט געווען 23 יאר),א גרויסשטא-טישן,וואס רעדט א גוטן רוסיש,פויליש,דייטש און א ליטערא-רישן יידיש,האט יעדער באזונדער זיך געצאצקעט מיט מיר. מיך אבער האט געצויגן צו מיין באשערטער,צו דער שיינינקער,חנעוו-דיקער מלכן,וואס איז געווען יינגער פון מיר מיט א קנאפ יאר. איינקווארטירט האט מען מיך ביי מארקוסן.

איך האב אין באלטע געהאט קרובים אויך פון מיין זיידנס צד.איך האב שוין פריער דערמאנט,אז דארט האבן געוווינט מיי-נע עלטער-זיידעס,די פאזנאנסקיס. אבער די ברידער און שוועס-טערס פון מיין זיידן האבן נאך געהאט פריער פארלאזט באלטע. מ'האט מיר דארט אנגעוויזן אויף נאך קרובים,אבער איך בין צו קיינעם פון זיי נישט געגאנגען.

ביי די יידן איז דעמאלט די שטימונג געווען א געדריקטע, ווי בכלל אין גאנץ אוקראינע. אין שטאט איז שוין געווען א געוויילטער שטאט-ראט,א דעמאקראטישער,מיט א יידישער מערהייט, אבער מיט אן אוקראינישן דאקטאר אלס שטאט-גאלאווא (פרעזי-דענט). ארער עס האבן שטארק ארומגערודערט די יוגענטלעכע באלשעוויקעס,וועלכע האבן אפט ארויסגערופן געשלעגן מיט אוק-ראינישע נאציאנאליסטן (סאמאסטייניקעס,שפעטערדיקע פעטלורא-ווצעס). עס פלעגן אויך פארקומען "נאליאטן" (איבערפאלן)אויף יידישע געשעפטן,אויף יידישע הייזער. עס האבן זיך ארומגע-דרייט א פאר פאליציאנטן,אבער די יידן האבן געשאפן א סאמא-אבאראנע (זעלבסטשוץ),צו וועלכער מ'האט צוגעצויגן אויך גע-וועזענע סאלדאטן,וועלכע האבן באקומען ביקסן.

שוין אויפן דריטן טאג פון מיין זיין אין באלטע,האט מען

אויך מיך ארייננעצויגן אין זעלבסטשוץ,געגעבן א ביקס און כ'האב יעדן טאג (אויך ביינאכט) געהאט א פאר שעה דינסט אויף דער הויפט-גאס. כ'זאל זאגן,אז איך בין געווען צופרידן דער-פון,וואלט געווען א ליגן. אדויס גאנץ פון דער מלחמה - און אויפסניי איינשטעלנדאס לעבן,האט זיך נישט געגלוסט; נאך ווייניקער דערפון איז געווען צופרידן מיין מיידל,מלכה,- גראד דעמאלט,ווען זי איז געווען פריי פון דער ארבעט,בין איך געשטאנען אויף דער וואך. איך האב אבער נישט געהאט קיין עצה.

די אוקראינער פלעגן גאנץ אפט אין גרעסערע גרופן און אויף פערד ארייגפאלן אין דער שטאט אריין,אויך ביינאכט,און ראבעווען. ס'איז געווען אויך א פאר פאלן פון פארגוואלטיקן פרויען. ווען מ'האט דערהערט זיי פארן,פלעגט ווערן א טרעווא-גע,א פאניק. אין דעם גרויסן הויז,ווו עס האט געוווינט די משפחה,האט מען זיך גרופירט אין א גרויסן,זייטיקן צימער. אז עס פלעגט זיך מאכן א טרעוואגע,איז מען אריין אין דעם דאזיקן גרויסן צימער. עס עס פלעגט אויך אפט אויסקומען צו בלייבן א גאנצע נאכט אין דעם צימער - האט מען געמאכט דארט געלעגערס אויף דער פאדלאגע און מ'איז אזוי אפגעשלאפן א גאנצע נאכט אין די מלבושים.

איך דערמאן זיך אן עפיזאד. איך האב איינמאל געהאט דינסט ביינאכט. זיינען מיר דריי פון דער זעלבסטשוץ געשטאנען אויף דער הויפט-גאס און מיר האבן דערהערט א געלויף פון פערד. האבן מיר פארשטאנען,אז דאס קומט אן די חברה אוקראינער. פאר-שטעקן מיר זיך אין א זייט און אבסערווירן ווו וועלן זיי זיך אפשטעלן. נישט ווייט איז געווען דער האטעל "קאנטינענ-טאל". דארטן האבן די באלשעוויקעס געהאט זייער קווארטיר. מיטאמאל האבן מיר דערהערט לעבן דעם האטעל א געדיכטע שיסע-ריי. דאס האבן די באלשעוויקעס אזוי אויפגענומען די אוקרא-

ינער,וואס האבן זיך אפגעשטעלט פארן האטעל. די באלשעוויקעס זענען שנעל ארויף אויף א העכערן שטאק און פון אויבן אנגע- הויבן פון א פולעמיאט צו באשיסן די אוקראינער,וואס האבן געוואלט פארנעמען דעם האטעל. די שיסעריי האט אנגעהאלטן א 15 מינוט. שפעטער האבן מיר געזען,אז די אוקראינער זענען צוריק ארויף אויף די פערד,נעמען מיט זייערע פארוואונדעטע און פארן שנעל אוועק. אז עס איז געווארן שטיל,זענען מיר צוגעגאנגען צום האטעל און האבן דערזען ליגן אויפן פולעמיאט צוויי הרוגים,און איינעם א שווער פארוואונדעטן אויף די טרעפ. איינער פון די געהרגעטע איז געווען דעראנפירער פון די באל- טער באלשעוויקעס -סאווראנסקי- א א בחור פון עטלעכע צוואנ- ציק יאר. פארטאגס האבן זייערע חברים זיי צוגענומען.

מיט מיין מלכהן האב איך זיך וואס אמאל מער און מער דער- נעענטערט;מיר האבן באשלאסן זיך צו פארבינדן,און ווי נאר עס וועט זיין מעגלעך,וועט זי קומען צו מיר קיין לאדזש.

נאך דעם,ווי דאס רוסישע מיליטער האט פארלאזט דעם גאנצן דרומדיקן פראנט,זענען די דייטשן (אייגענטלעך,אין זייער מער- הייט עסטרייך-אונגארישע מיליטערישע איינהייטן) דעם אפטרעטנ- דיקן רוסישן מיליטער נאכגעגאנגען טריט ביי טריט און שטופנ- ווייז וואס אמאל טיפער אריין אין אוקראינע.

די באפעלקערונג,און ווער זאגט נאך די יידן,האט באמת זיך געפילט גליקלעך מיטן אריינקומען פון די אונגארישע האנוועדן (רעזערוו מיליטער) און מ'איז באפרייט געווארן פון די ווילדע סאמאסטיניקעס און אויך פון די בלוטיקע שלעגערייען צווישן זיי און די באלשעוויקעס. אויך קיין באלטע זענען אריינגעקו- מען די האנוועדן,וואס איז באשטאנען פון עלטערע,אפגעצערטע סאלדאטן. עס איז געווען א רחמנות אויף זיי צו קוקן. זיי זע- נען קיין אוקראינע געקומען זיך אנעסן. עס איז אבער געווען א חרפה צו זען,צו וועלכן מצב עס איז דערגאנגען דאס גרויסע

רוסלאנד,מיט איר נייער באלשעוויסטישער "פאלקס-רעגירונג".

איך האב מיך גלייך דערפרעגט צו דעם דייטשן קאמענדאנט און אים דערציילט,אז איך בין פון פוילן און געבעטן אים,אז ער זאל מיר געבן א פאר-שיין אהין. ער האט מיר גאנץ העפלעך דערקלערט,אז ביז קאוועל דארף איך נישט האבן קיין דערלויבעניש און פון דארט אויס וועל איך שוין קענען פארן קיין לאדזש.

גראד האט זיך דערנענטערט דער יום-טוב פסח. מיין משפחה, און דערהויפט מיין כלה,מלכה עליאש,האבן אויסערגעוויינלעך באדויערט,וואס איך בלייב נישט מיט זיי איבער יום טוב. איך האב זיי דערקלערט,אז יום טוב וויל איך שוין פראווען אין קרייז פון מיינע עלטערן,און פון מיינער גאנצער דארטיקער משפחה. כ'האב זיך געזעגנט,עס האבן נישט געפעלט קיין טרערן, און כ'האב זיך געלאזט קיין קאוועל.

איך בין אפגעפארן מיט דער באן ביז עטלעכע סטאנציעס פאר קאוועל און דארט איז אונדזער צוג געבליבן שטיין,כדי אדורכ-צולאזן א צוג,וואס איז אנגעקומען פון קאוועל. מיר,א גרופע סאלדאטן,שטייען אויפן פעראן און ווארטן. פונעם צוג,וואס איז אנגעקומען פון קאוועל ,זענען אראפגעשפרונגען א פאר יידי-שע סאלדאטן און אונז געזאגט: חברה,פארט נישט קיין קאוועל, מיר זענען שוין דארט געווען און האבן קוים זיך ארויסגעדרייט פון די דייטשע לאפעס; די דארטיקע יידן האבן אונדז געווארנט, אז די רוסישע סאלדאטן ווערט נישט דערלויבט צו פארן ווייטער אין פוילישן לאנד אריין,נאר מ'שיקט זיי גלייך פון קאוועל, אין פארמאכטע וואגאנען,קיין דייטשלאנד,אויף צוואנגס-ארבעט.

## א י ך  ב י ן  ו ו י ד ע ר  א י ן  ב ע ר ד י ט ש ע ו

נישט לאנג קלערנדיק,האבן מיר אויסגעדרייט דעם דישל און "השיבנו נאזאד". מיטן זעלבן צוג וואס איז אנגעקומען פון קאוועל,זענען מיר אנגעקומען קיין קאזאטין. האב איך באשלאסן פון דאנען צו פארן קיין בערדיטשעוו,וואס ליגט נישט ווייט

פון קאזאטין. און צוויי טעג פאר פסח בין איך שוין געזעסן
ביים טיש פון מיין טייערן פעטער יששכר מיט דער מומען דינהן
און מיט זייער ליבער משפחה. זיי האבן דאך מיך,אנהויב 1915,
באגלייט צום פראנט און איצט זעען זיי מיך צוריק א געזונטן,
מיט רויטע בעקלעך און לאנגע וואנצעס. די פרייד איז געווען
אן אויסערגעוויינלעכע. מיט פרייד האט מען געפראוועט פסח;
מיט התלהבות האט מען געזאגט די הגדה און געטרונקען די אמתע,
גרויסע כוסה און מ'האט זיך מיט מיר געקעכלט און געפרייט.

דא האט נאך רעגירט די אוקראינישע ראדע. בערדיטשעוו איז
געווען א גרויסע יידישע שטאט (כמעט 100 טויזנט יידן). די
יידן האבן זיך דעמאלט געפילט פריי. כ'בין א פאר מאל געווען
אין בונדישן לאקאל,ווו מ'האט געגעבן לעקציעס און רעפעראטן
וועגן אקטועלע פראגן. מ'האט אנגעהויבן צו בויען די ערשטע
יידישע שולן.כ'בין געווען אויף א פאר מיטינגען,געהערט משה
ראפעסן,ליפעצן (דער בונדישער זשארעס),דאס פארפאלק נירענבערג
(געוועזענע פארמלחמהדיקע לערערס אין לאדזש)און פיל אנדערע.
אין בערדיטשעוו האט מען זיך ערשט געגרייט צו שטאט-ראט וואלן.

דערווייל איז פון כארקאוו געקומען מיין פעטער יששכרס זון
יאנקל,וואס האט זיך מיט א צוויי יאר פאר דער מלחמה באזעצט
אין לאדזש און מיטן אויסברוך פון דער מלחמה,אוועק צוריק קיין
בערדיטשעוו און שפעטער קיין כארקאוו. ער האט מיר דערציילט,
אז אין כארקאוואיז שוין טעטיק א פוילישער רעעמיגראציע-קא-
מיטעט און האט מיך מיסגעצוומען קיין כארקאוו. (אויך כארקאוו
האט נאך געהערט צו דער אוקראינישער ראדע). מיר איז געגאנגען
אין דעם,אז איך זאל באקומען א פוילישן דאקומענט,מיט וועלכן
איך זאל וואס שנעלער קענען קומען אהיים,קיין לאדזש,ווו עס
איז נאך געווען די דייטשע אקופאציע-מאכט. איך האב אין דעם
רעעמיגראציע-קאמיטעט אנגעטראפן א גרעסערע צאל יידן ווי אויך
פאלאקן.

צווייי פרעמדע יידן,האבן באשטעטיקט אז איך בין א לאד-זשער,און מ'האט מיר געגעבן א פאס מיט א פוילישן אדלער. איך האב נאך געדארפט פארן זיך רעגיסטרירן קיין מינסק,פון וואנען עס זענען אפגעגאנגען עשאלאנען קיין פוילן.

אין כארקאוו בין איך געווען א פאר טעג. איך האב דארט באזוכט דעם בונדישן קלוב. א קליינער,אבער א באקוועמער לא-קאל. אויף די ווענט בילדער פון בונדישע טוערס. איך האב דארט געפונען בונדישע פעריאדישע אויסגאבעס; געטראפן דארט דעם לערער גיליגיטש,וואס איז שפעטער פארוואנדלט געווארן קיין אויסטראליע - היינט שוין אן אלטער מאן,אבער נאך אלץ טעטיק אין דעם דארטיקן שול-וועזן. איך בין אויך אריינגע-פארן קיין קיעוו,ווו עס איז שוין געווען טעטיק דער פאר-לאג "קולטור-ליגע" און דארט געטראפן נחמן מייזעל,קלמן מר-מור,יעקב לעשטשינסקי א.א.

## איך פאר אהיים - קיין לאדזש

איך האב זיך געשמוגלט קיין מינסק,און רעגיסטרירט אין פוילישן קאמיטעט. איך האב באקומען א דאטע און א נומער פון א וואגאן,מיט וועלכן איך וועל דעם 15-טן מאי (1918) קענען פארן קיין לאדזש (דורך ווארשע). איך האב דארט געטראפן א פאר לאדזשער,וואס זענען מיט א פאר טעג פריער געפארן מיט אן עשאלאן אהיים,קיין לאדזש,און איינער פון זיי האט מיר צוגעזאגט צו געבן צו וויסן מיינע עלטערן,אז איך קום אן.

ענדלעך איז געקומען דער טאג פון אפטארן. די באן שלעפט זיך,זי בלייבט שטיין אויף גאנצע שעהן אויף גרעסערע און קלענערע סטאנציעס. דעם 18-טן מאי,8 א זייגער אינדערפרי, קומען מיר אן אויפ דעם מזרח-וואקזאל אין ווארשע. דער צוג איז שטיין געבליבן אויף א זייטיקער ליניע און מ'האט אונדז געזאגט,אז ער וועט דא שטיין דריי שעה. טראכט איך,אז עס

איז א יושר צוצוגיין צו מיין טייערן חבר קשיאנסקי,וואס ווווינט אויף מוראנאווער 50. לויט מיין אויסרעכענונג האט ער שוין געדארפט זיין אין דער היים. איך בין צוגעגאנגען צום טויער,כ'זע,אז עס שטייט א שלאנקע אויסגעמאגערטע פרוי,האלט אין דער האנט א קוישל מיט לימענעס און האנדלט דערמיט. בין איך צו איר צוגעגאנגען און זיך געפרעגט: ווו וווינט דא חיים קשיאנסקי? די פרוי איז געווארן צעטומלט,דאס קוישל פאלט איר ארויס פון דער האנט,די לימענעס צעשיטן זיך און זי שטאמלט: איר קענט חיים קשיאנסקין,דאס איז דאך מיין מאן,איך האב שוין פון אים לאנג נישט קיין ידיעות,לאנגע,לאנגע יארן,זייט עס איז אויסגעבראכן די מלחמה. עס קומען דערווייל צו א פאר מענ-טשן,אויך צוויי יינגלעך. זי זאגט מיר,אז דאס זענען אירע קינדער;וויינט,כליפעט. איך באמי זיך זי צו בארויקן און פאר-זיכער איר,אז א לאדע טאג וועט אויך ער צוריקקומען. איך פאר-לאז זיי,איך איל מיך צו דער באן,אז איך זאל דערווייל נישט פארלירן מיין צוג. - אבער ווו איז דאך אהינגעקומען קשיאנסקי?

ערשט ווען די מלחמה האט זיך געענדיקט (דעם 11-טן נאוועמ-בער 1918) איז אין א צייט ארום צו מיר קיין לאדזש געקומען חיים קשיאנסקי און ער האט מיר דערציילט,אז אויך ער האט זיך דורך קאוועל,געלאזט,אין חודש מערץ,אהיים,קיין ווארשע,האבן אים די דייטשן פארהאלטן און געשיקט אויף צוואנגס-ארבעט קיין דייטשלאנד,קיין מאגדעבורג. ער האט דארט געארבעט אין א גרוי-סער מעטאל-פאבריק. דארט האט אים א מאשין אפגעהאקט א פינ-גער פון דער לינקער האנט. ער איז אפגעלעגן נאכדעם צוויי חדשים אין שפיטאל און ערשט אין יאנואר 1919 איז ער אהיים געקומען.

א זייגער 4 נאך מיטאג (דעם 18-טן מאי 1918) בין איך אנ-געקומען אויפן קאלישער וואקזאל אין לאדזש. צוקומענדיק צו דער באן-סטאנציע האב איך באמערקט שטיין מיין טאטן מיט מיי-

נע צוויי ייִנגערע ברידערלעך,מארקוס און זיגמונט. דער טאטע
האט זיך געהאט נישט שטארק געענדערט,נאר א ביסל דארער גע-
ווארן,דאס קאמעץ-בערדל,וואס ער האט שטענדיק געטראגן,איז
גרויער געווארן. ביידע ברידער מיינע,וועלכע איך האב געלאזט
כמעט ווי קינדער,זענען אויגעוואקסן,האבן געטראגן שילער-אנ-
ציגלעך. דער לאדזשער יונגערמאן,וועלכער איז געפארן מיט אן
עשאלאן פריער,האט זיי טאקע געגעבן צו וויסן,אז איך קום אן,
און מיין קומען,איז שוין פאר זיי,נישט געווען אומפארהאפט.
די פרייד און דאס גליק מיך צו זען איז אבער גרויס געווען.
זיי האבן מיך דערזען א געזונטן,א גאנצן ,אן אפגעבריענטן און
א פריילעכן. די מאמע,די דריי שוועסטער,דער עלטערער ברודער
(וואס האט שוין באוויזן מיט א צוויי חדשים פאר מיין קומען
חתונה צו האבן),אלע האבן געוויינט און געכליפעט פון פרייד.
מיין טייערע מאמע האט נישט געקענט ארויסברענגען קיין איין
ווארט פון איר מויל. זי האט מיך געדריקט צו זיך,געהאלדזט,
געקושט און באקוקט און באטאפט מיך פון אלע זייטן. זי האט
געזוכט ביימיר שפורן פון דער שווערער קראנקהייט,וואס כ'האב
מיטגעמאכט אין ווארשע,פון די קלעפ,וואס איך האב באקומען
פון די קאזאקן אין לאוויטש. - עס איז געקומען דער זיידע,
דער פעטער ליאווא מיט דער מומען,חברים,און עס האט געדויי-
ערט א שיינע פאר טעגביז איך האב מיך געקענט בארויקן און
קומען צו זיך נאך דער הייסער אויפנאמע.

דערמיט שליס איך אפ דעם קאפיטל רוסלאנד,וואס די לעצטע
פאזע פון מיין זיין דארט,זענען געווען די ערשטע פאר חדשים
פון דער באלשעוויסטישערהערשונג,

ווי איך האב שוין פריער באמערקט בין איך פון די באלשע-
וויסטישע אידעען נישט פארכאפט געווארן. פארקערט,כ'האב גע-
ווייטיקט איבער דעם פאלן פון דער דעמאקראטישער ארדענונג
אין רוסלאנד. כ'בין געווען איבערצייגט,אז מיט די באלשעווי-

סטישע מעטאדן,וועט מען אין דעם דורכויס פויערישן רוסלאנד,
קיינמאל נישט קומען צום סאציאליזם. איך בין געווען אן אנ-
הענגער פון עוואלוציאנערן איבערגאנג פון קאפיטאליסטישן
סיסטעם צום סאציאליסטישן. רוסלאנד איז נאך צו יענער צייט
געווען טיף איינגעזונקן אין פעאדאלן סיסטעם. דער ארבעטער
קלאס,דער פאטענציעלער טרעגער פון דער נייער סאציאליסטישער
ארדענונג,איז אין רוסלאנד נאך געווען גאר שוואך און אומבא-
דייטנדיק,אין פארגלייך מיטן פויערנטום. לענין און זיינע
חברים האבן געגלייבט צו קענען איבערצושפרינגען דעם קאפיטא-
ליסטישן סיסטעם און קומען מיטן פויערנטום צום סאציאליזם.

די באלשעוויקעס,דערהויפט לענין,האבן נישט געוואלט איינ-
גיין אויף אן איינהייטלעכע סאציאליסטישע רעגירונג מיט די
באלשעוויקעס און סאציאל-רעוואלוציאנערן,וואס עס האט זיי
פארגעלייגט אבראמאוויטש (ריין) און סוכאנאוו. אזוי א נאך
וואלט אויסגעמיטן געווארן די דיקטאטור פון דער איין-איינ-
ציקער באלשעוויסטישער פארטיי.

איך וועל מיך נישט אפשטעלן א סך אויף דעם,ווי עס האט
שפעטער אויסגעזען די נייע ארדנונג אין רוסלאנד. פריער די
כלומרשטע דיקטאטור פון פראלעטאריאט,שפעטער פון דער פארטיי,
פון פאליט-ביורא און צום סוף פון דער פערזענלעכער דיקטא-
טור פון סטאלינען און אנדערע. דער דאזיקער סיסטעם האט גע-
מוזט ברענגען צו א "טשעקא" און צו א בירגער-קריג אין לאנד.
און אין דער וועלט - צו דער אנטשטייאונג פון פאשיזם און
שפעטער פונעם היטלעריזם,און אלס קאנסעקווענץ צו דער צוויי-
טער וועלט-מלחמה,וואס האט איינגעשלונגען א פאר צענטליק מי-
ליאן קרבנות,און דעם גרויסן מאטעריעלן און גייסטיקן חורבן
אין אייראפע, אבער די גרעסטע קרבנות האט געגעבן דאס יידישע
פאלק און מער פון אלעמען דאס פויליש יידנטום.

אס בין איך שוין ווידער אין דער היים. איך האב זיך דער-
ווזס,אז ביי אונדז האס מען זיך אין דער צייט פון דער מל-
חמה,יאקאש זיך אן עצה געגעבן: מ'האט איינגעצויגן דעם פא-
סעק,אבער נישט געהונגערט. מ'האט געהאט אפגעשפארט פונעם
ציימונגס-געשעפט א קאפיטאל,אין מזומנים,נישט קיין גרויסן,
אבער אין שטוב זיינען געווען אויסער טאטע-מאמע,זעקס עסערס.
מיט דער צייט האבן זיך ביים זיידן אויסגעלאזט זיינע אפשפא-
רונגען,און מ'האט געמוזט אויך זיי אויסהאלטן. דאס ציימונגס
געשעפט איז פאראליזירט געווארן. עס האבן וואס אן אמת אנגע-
הויבן אנצוקומען דער "בערלינער טאגעבלאט",די "פאסישע ציי-
טונג" - זיי פלעגן אבער קנאפ-וואס פארקויפט ווערן. האט זיך
מיין טאטע גענומען צום האנדל מיט סחורות,וועלכע מ'פלעגט
ברענגען (אפט געשמוגלטע)פון די געביטן,וואס זענען באזעצט
געווען פון זי עסטרייכער.

די עלטערע פון מיינע דריי שוועסטער,פאליא,האט באוויזן
אין יולי 1914 צו ענדיקן די לאדזשער רוסישע גימנאזיע. זי
איז געפארן אויף א שטיקל צייט אויף א פענסיע קיין קיעלץ
צו א בעסער -סיטואירטן יידישן ערד-באזיצער. דער עלטערער
ברודער האט באקומען א פאסטן אין א טראנספארט-געזעלשאפט,
וואס האט געפירט אפיציעל סחורות פון דייטשלאנד און עסטרייך.

איך האב מיך אינפארמירט,וואס עס האבן געטאן,בעת דער מל-
חמה,דער האנדלס-אנגעשטעלטער-פאראיין,ווי אויך די "הארפע",
צוויי אינסטיטוציעס,פון וועלכע איך בין געווען פון די מיט-
גרינדער. חברים האבן מיר דערציילט.אז זייערע טעטיקייטן זע-
נען באשטאנען פון צוטיילן הילף זייערע מיטגלידער און פון
פאנאדערטיילן באשיידענע מיטאגן,וואס די קיכן האבן געקאכט
פון די פראדוקטן,וואס דער מאגיסטראט האט צוגעטיילט פאר אלע
געזעלשאפטלעכע קיכן. ווינטערצייט,האט דער מאגיסטראט צוגע-

טיילט באהייצונגס-מיטלען און דער יונגער עולם האט גאנצע טעג פארבראכט אין די געהייצטע לאקאלן. די באדינונג אין די קיכן איז געווען א פריווילעגיע, אויך מיין מוטער, ווי אויך די שוועסטערס, האבן געהאט זייערע באשטימטע טעג אין האנדלס-אנגעשטעלטן-פאראיין - מיין מוטער אין דער קיך, און די שוועס-טערס ביים פאנאנדערטיילן די מיטאגן.

איך בין באלד געווארן א סטאבילער באזוכער אין ביידע לאקאלן. דער האנדלס-אנגעשטעלטער-פאראיין האט זיך איבערגע-צויגן אין א נייעם גרויסן לאקאל, אויף סענקיעוויטשא 22; אויך די "הארפע" איז איצט געווען אין א נייעם לאקאל אויף ווולטשאנסקא 21. - אויך אין דער "הארפע" איז שטענדיק געווען א גרויסער עולם באזוכער. אויך דא איז געווען א קיך, ווו מ'האט באקומען א טעלער ווארעמע זופ, און א טיי-האלע, ווו דער עולם האט פארבראכט ביי א הייס גלעזל טיי (צוגעגרייט פון א טיי-סורראגאט).

(פון דעם געזאגטן, דארף מען זיך נישט מאכן קיין בילד, ווי עס האט בכלל געלעבט, בשעת דער דייטשער אקופאציע, איר לאדזשער באפעלקערונג. נישט אין איין שטוב האט מען געהונ-גערט; גאר א גרויסער טייל אירער איז ארועק אויף צוואנגס, אדער פרייע ארבעט קיין דייטשלאנד).

איך האב אין די לאקאלן פון האנדלס-אנגעשטעלטן-פאראיין און אין דער "הארפע" געטראפן אלטע חברים, און אויך נייע פנימער פאר מיר. אין דער "הארפע" זיינען די הויפט-טוערס געווען די פאמיליעס: זעלמאנאוויטש, וועקסלער און מארגענטא-לער, אויך גאלדע זילבערגערג מיט איר פארצווייגטער משפחה, שמואל מילמאן, און נאך א סך אנדערע מיינע חברים און חברטעם, מיט וועלכע איך בין צוזאמען, פאר דער מלחמה, געווען טעטיק אויפן פארטייאישן און געזעלשאפטלעכן געביט. מיינע חברים בייגלמאן און עסקין זענען שוין געווען באווייבטע און זיי

זענען מיט זייערע פרויען געווען טעטיק איןביידע אינסטי-
טוציעס.

עס איז אויך צוגעקומען דער "שול און פאלקס-בילדונג "
פאראיין, וועגן וועלכן איך האב שוין דערמאנט פריער. ביים
האנדלס-אנגעשטעלטן-פאראיין איז געשאפן געווארן א קאנסום-
קאאפעראטיוו "אונדזער באפרייאונג" און אויך א בעקעריי.
מיטן קאאפעראטיוו האט אנגעפירט נחן בוימגארטן און מיט דער
בעקעריי - דאווגאלעווסקי. שפעטער-צו האט די פארטיי (דער
"בונד") באזונדערס געהאט געשאפן א קאנסום-קאאפעראטיוו
"אייניקייט" אויף פאלודניאווא 11.

די נשמה פון דער בונדישער באוועגונג זיינען געווען יש-
ראל ליכטענשטיין, מיין פעטער חיים לייב פאזנאנסקי און דער
דאקטאר אלעקסאנדער מארגאליס. זיי זיינען געווען פון די וויכ-
טיקסטע טוערס אין דער ארגאניזאציע.

פון די צווישן די האנדלס-אנגעשטעלטע האבן זיך ארויסגערוקט
א פאר אקטיווע חברים: שווארצמאן, גראנאווסקי, בוימגארטן, רו-
בינשטיין, שאצקין, גראנדא, כאנאווסקי, מינץ, ראווין און צענטלי-
קער אנדערע, וועמענס נעמען זענען מיר שוין ארויס פון זכרון.
(מיין אלטער חבר א.שמויש, איז שוין געהאט אוועק קיין ווארשע)
אין דער שול-באוועגונג זענען שטארק טעטיק געווען די ברידער
ראווין -שלמה-איטשע און יוסף-.

אויך חיים לייב פוקס, דער אריגינעלער פאעט, איז געווען אן
אפטער ארייננגייער אין דער "הארפע".

מ'האט מיך אויפגענומען מיט גרויס פריינטשאפט און נאכמער
נייגעריקייט. מ'האט געוואלט הערן פון מיר וואס מער וועגן
די געשעענישן אין רוסלאנד, וועגן דעם נייעם רעזשים. א גרוי-
סער טייל פון מיינע צוהערער זענען נישט געווען צופרידן פון
מיין אפשאצונג פון דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע; זיי הא-
בן זיך פארגעשטעלט, אז פון דארט קומט די אמתע ישועה פארן

ארבעטער-קלאס,און אז איצט וועט רעאליזירט ווערן און דאס נישט נאר דארט,נאר איבער דער גאנצער וועלט,דער סאציאליזם, פאר וועלכן מיר האבן געקעמפט אלע יארן.

איי ניקע,און איבערהויפט,אלעקסאנדר מינץ,האבן מיך פאר-שריגן ווי א קאנטר-רעוואלוציאנער,און נישט געוואלט אננעמען פאר ערנסט מיינע איינדרוקן איבער דעם,וואס איך האב ארויס-געטראגן פון דעם באלשעוויסטישן גן-עדן.

דער זעלבער מינץ איז מיט דער צייט געווארן איינער פון די הויפט-קאם-בונדיסטן און האט דער באוועגונג אונדזערער אנגעטאן געגוג צרות. געווען א צייט אן עמיסאר פון קאמינטערן, שפעטער א טראצקיסט,און אין יאר 1937 האט ער זיך אויסגעניכ-טערט,גענומען אן אקטיוון אנטייל אין אונדזער ארגאניזאציע אין פאריז און,אין דער מלחמה,אין דער פראנצויזישער רעזיס-טענץ-באוועגונג. מיט יארן שפעטער האבן מיר זיך ווידער גע-טראפן,דאסמאל,אין ארגענטינע,ווו ער איז מיט דער צייט געווא-רן דער רעדאקטאר פון דער דארטיקער בונדישער אויסגאבע "אונ-דזער געדאנק". מיר האבן אפט צוזאמען פארבראכט,זיך דערמאנט די יונגע יארן אונדזערע אין דער באוועגונג אין לאדזש.

ער איז אויך געווען דער,וואס האט מיר געגעבן דעם ערשטן שטויס דערצו,איך זאל"נעמען די פען אין דער האנט אריין" און פלעגט אויך דרוקן מיינע ארטיקלען אין "אונדזער געדאנק". ער האט געהאט א זון אין ישראל און מיט א יאר צען צוריק האט ער זיך געקליבן צו פארן צו אים. ער האט דאס שוין נישט באוויזן צו טאן - באקומען א הארץ אטאק און געשטארבן.

אין לאנד,כ'מיין אין פוילן,האט נאך דעמאלט געהערשט די דייטשע אקופאציע און אלע ידיעות פון רוסלאנד,וואס פלעגן דערשיינען אין דער דייטשער און פוילישער פרעסע,זיינען גע-גאנגען דורכן דייטשן גענעראל-שטאב און זייער צענזור.

אין מערב איז נאך אנגעגאנגען די מלחמה און די דייטשן

האט געלוינט פארצושטעלן די באלשעוויסטישע מאכטהאבער אלס אזעלכע,וואס ווילן שלום,און וואס וועלן ברענגען ארדענונג, רו און גליק אין לאנד,און נאר די קאנטער-רעוואלוציע וויל ווייטער מלחמה.

א טייל פון מיינע חברים,האבן מיר אויך נישט געוואלט גלויבן וועגן דער עקזיסטענץ פון דער "טשעקא". אלץ וואס עס איז פארגעקומען אין באלשעוויסטישן רוסלאנד,האבן זיי אנגנומען פאר גוט פאר די רוסישע ארבעטער און פויערים. אינצוויישן איז אונטערגעקומען די שלום-קאנפערענץ אין ברעסט-ליטאווסק און דער באקאנטער זאג פון טראצקין: נישט שלום און נישט מלחמה.

די דייטשע,עסטרייכישע און אונגארישע ארמייען,האבן,אן שטערונגען,מארשירט איבער אוקראינע. די אקופאציע-ארמייען האבן געראבעוועט די תבואות,וואס מען האט נאר וואס אראפגענומען פון די פעלדער. אין אינערן פון גרויסן רוסלאנד,האבן די קאנטער-רעוואלוציאנערע עלעמענטן אויפגעהויבן די קעפ און עס האבן זיך געשטארקט די טענדענצן פון די נאציאנאלע-טעריטאריאלע מינדערהייטן,זיך אפצורייסן פון רוסלאנד. דער פולשטענדיקער פאנאנדערפאל פון די רוסישע מיליטערישע כוחות און דער קנאפער דערפאלג פון טראצקין צו שאפן א נייע,רויטע ארמיי, האט זיך שטארק אויסגעווירקט אויפן צערודערטן רוסלאנד. און ווען נישט די נאוועמבער-רעוואלוציע אין דייטשלאנד און אין עסטרייך,דארף מען אננעמען פאר זיכער,אז דער באלשעוויסטישער רעזשים,וואלט זיך לאנג נישט געהאלטן.

דעם 11-טן נאוועמבער 1918,האט די "אנטאנט" (ענגלאנד און פראנקרייך)געשלאסן מיט דייטשלאנד א וואפנשטילשטאנד און פוילן האט באקומען איר באנייטע זעלבסטשטענדיקייט . פילסודסקי האט געשאפן די ערשטע פוילישע רעגירונג פון דער פ.פ.ס. און דער פויערים-פארטיי,מיט מאראטשעווסקין אין דער שפיץ.

עס האט אנגעהויבן אויפדאסניי פולסירן אן אלגעמיין און אויך א יידיש-געזעלשאפטלעך לעבן. יידן האבן זיך ווידער גע-נומען האנדלען און עפענען קליינע פאבריקלעך. עס האבן אנגע-הויבן ארויסצוגיין נייע יידישע און פוילישע צייטונגען און פעריאדישע אויסגאבעס. מיינע יינגערע ברידער און שוועסטער האבן ממשיך געווען אין זייערע איבערגעריסענע סטודיעס,אבער דערביי מיטגעהאלפן דעם טאטן אונדזערן אין זיין צייטונגס-געשעפט,וואס האט באנייט זיין טעטיקייט.אויך איך האב צוגע-לייגט א האנט.

דער "בונד" איז שוין איצט געווען א לעגאלע,פאליטישע פארטיי. פון דייטשלאנד זענען צוריקגעקומען פון דער צוואנגס-ארבעט,פוילישע און יידישע ארבעטער. די פאבריקן זענען דער-ווייל נאך געווען אומטעטיק. עס האבן געפעלט רוי-מאטעריאלן.

איבער דער ארבעטסלאזיקייט,האט די רעגירונג באשטימט צו עפענען איבערן גאנצן לאנד אמטן צו אונטערשטיצו די ארבעטס-לאזע. אויך אין לאדזש,זענען אין פארשידענע ראיאנען געעפנט געווארן ענלעכע ביוראס. דעם "בונד" זענען צוגעטיילט געווארן פינף פאסטנס אין די דאזיקע ראיאנען. נתן בוימגארטן,וועלכער איז צו יענער צייט געווען דער פארזיצער פון דער בונדישער ארגאניזאציע,האט מיך באשטימט איבערצונעמען אזא אמט אין ביורא אויף קאנסטאנטינער 86. אזעלכע פאסטנס זענען געווארן צוגעטיילט פאר אלע פאליטישע פארטייען - סיי לינקע און סיי רעכטע. דער לייטער פונעם ביורא,ווו איך האב געארבעט,איז גע-ווען פון דער רעכטער נ.פ.ר -ארגאניזאציע. עס האט אויך דארט געארבעט א מיידל מיט א יידיש פנים,א קאמוניסטקע (דעמאלט נאך די ס.ד.ק.פ.ל.).

עס האט זיך אנגעהויבן די רעגיסטראציע פון די ארבעטסלא-זע פון יענעם ראיאן,און עס האבן זיך פארשריבן א פאר טויזנט מאן,אויך א צאל יידישע. עס זענען באשעפטיקט געווארן אויך

א פאר קאנטראלערן,וואס האבן באזוכט דעם ארבעטסלאגער, כדי פעסטשטעלן צו ער איז טאקע אן ארבעטער און איז ארבעטסלאז.

און דא האבן זיך אנגעהויבן די שיקאנעס לגבי די יידישע מענטשן. אויף די מערסטע ווענדונגען פון די יידן,האבן די קאנטראלערן אנגעשריבן - געוועלבער,הענדלער,סוחר,- און דער פאראינטערעסירטער יידישער ארבעטסלאזער,איז גלייך געפסלט געווארן. אין א סך פאלן בין איך אליין געגאנגען נאכזען צי דער קאנטראלער איז געווען אביעקטיוו,און פאר א גרויסע צאל יידישע ארבעטסלאזע,האב איך געפועלט ביים ביורא-לייטער,אז מ'זאל זיי צוריקשטעלן אין זייערע רעכט.

דער קאסירער,א פ.פ.ס-אוויעץ,איז געווען ווינציק פראקטיש און די מענטשן,וואס זענען געשטאנען אין דער רייע לאנגע שעהן,האבן געווארטעט,פראטעסטירט. האט דער ביורא-לייטער מיר געהייסן עפענען א צווייטע קאסע און אזוי בין איך ביי די שפעטערדיקע אויסצאלונגען געווען קאסירער. בכלל,זענען מיר איך און דאס יידישע מיידל,געווען די גראמאטנע,און דער ביורא-לייטער האט שטארק זיך גערעכנט מיט אונדז.

<u>מיין כלה,מלכה עליאש,קומט קיין לאדזש און מיר האבן חתונה</u>

דערווייל איז געקומען צו אונדז מיין קוזינע און כלה,מל-כה עליאש,מיט וועלכער איך האב אפגערעדט אין באלטע,אז מיר וועלן חתונה האבן. איצט איז אין מיין לעבן פארגעקומען א ראדיקאלע ענדערונג. עס איז שוין געווען אין הארבסט פון יאר 1919. מיין כלה האט מיטגעבראכט א באשטעטיקונג פון דער קא-מעניעץ-פאדאלסקער גימנאזיע,אז זי איז א פארמאצעווטין און זי האט אויך גלייך באקומען א פאסטן אין א לאדזשער אפטייק (גארפיין,ווסכאדניא 40).

זי האט זיך קוים מיטן לעבן אפגעראטעוועט פון די פעטלו-רישע פאגראמען,פון וועלכע עס זענען אומגעקומען א טייל פון

אירע און אונדזערע אוקראַיִנישע משפחות. זי איז געווען שטאַ-
רק דערדריקט. ערשט ביי אונדז אין שטוב, צווישן דער גאַנצער
יוגנט אונדזערער, איז זי צו ביסלעך געקומען צו זיך.

מיין באָבע, איר מומע, ווי אויך מיין מאַמע, איר קוזינקע, האָ-
בן זי צוגעטוליעט; אויך מיינע שוועסטער און ברידער האָבן איר
אַרויסגעוויזן דעם מאַקסימום פון נאָענטקייט און פריינטשאַפט,
איז איר לייכטער געוואָרן. מ'האָט איר אַריינגעגעבן אַ נייעם
חשק צום לעבן. - מיר האָבן באַשלאָסן חתונה צו האָבן און אָנגע-
הויבן צו זוכן אַ צימער ביי אַ פאַמיליע, מחמת אַ וווינונג איז
בכלל געווען זייער שווער צו באַקומען. חוץ דעם האָט מען גע-
דאַרפט באַצאָלן אַ גרעסערע סומע שליסלגעלט און טאַקע אין דאָלאַ-
רן, ווייל דער זלאָטי האָט שוין אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן סימ-
נים פון דעוואַלואַציע.

בנו לבינו, האָט דער חבר בוימגאַרטן, פאַרלאַנגט פון מיר, אַז
איך זאָל פאַרלאָזן דעם פּאָסטן אין דעם אַרבעטסלאָזן אונטערשטי-
צונגס-ביוראָ, און איבערנעמען די לייטונג פונעם קאָנסום-קאָאָ-
פּעראַטיוו "אייניקייט", ווייל דער לייטער אירער, דער חבר ביי-
גלמאַן, איז ערנסט קראַנק געוואָרן און וועט אַ לענגערע צייט
נישט קענען אַרבעטן. "אייניקייט" האָט געהאַט איבערגענומען
די געוועלבער און בעקעריי פונעם האַנדלס-אָנגעשטעלטן-פאַראיין,
אַזוי אַז צוזאַמען מיט די פּאָר געוועלבער פון "אייניקייט",
איז דאָס שוין געווען אַ גרעסערע אונטערנעמונג, מיט אַ 12-
15 אָנגעשטעלטע. איך האָב דעם פּאָסטן אָנגענומען.

דאָס איז שוין געווען אין אָנהייב פון יאָר 1920. מיר האָבן
געפונען אַ צימער אויף בענעדיקטאַ 33 ביי דער פאַמיליע וואָלאַך,
אַ קוזין פון דעם באַרימטן באָלשעוויסטישן מיניסטער מאַקסים
ליטווינאָוו (מאַקסימאָוו, וואָלאַך). די חתונה אונדזערע איז באַ-
שטימט געוואָרן אויפן 18-טן מאַי 1920. מיר זענען דעם טאָג
אַרויפגעגאַנגען אין ציווילן אַמט, אויף זאַכאָדניאַ 54, מיט צוויי

עדות,עסקין און קארן,און דעם זעלבן אוונט איז אין שטוב פון מיינע עלטערן פארגעקומען אן אויפנאמע פאר אונדזער משפחה און נאענטע חברים און פריינט.

איך האב זיך שנעל איינגעאיבט אין דער ארבעט אין קאאפע- ראטיוו. די מיטארבעטער זענען געווען בלויז חברים,מענטשן פאראנטווארטלעכע,צווישן זיי: אפרים לאזער זעלמאנאוויטש, אברהם וועלוול יאסני,יאנקל ווארגאן,אברהם זילבערבערג,ג.קארן קאלינסקי,ביילע מאנדלקערן,דאווגאלעווסקי א.א.

<u>פילסודסקיס קיעוו-אוואנטורע; מיין ארעסט און פארשיקונג קיין דאמביע (קראקע)</u>

פילסודסקיס רעגירונג האט געפירט אן אולטרא-נאציאנאלי- סטישע פאליטיק. מ'האט זיך ליציטירט מיט די רעכטע פאליטישע פארטייען. מיט די באלשעוויקעס האט מען נישט געקענעט פארטיק ווערן וועגן די גרענעצן,און פילסודסקין האט זיך פארגלוסט צו קריכן מיט דער נייער פוילישער ארמיי,וואס טיפער צו מז- רח. פאר דער צייט איז שוין ארגאניזירט געווארן די נייע רו- סישע ארמיי. אין איר שפיץ איז געשטאנען דער גענעראל טוכא- טשעווסקי,וועלכער האט מיט זיין ארמיי אנגעהויבן צוריקצו- שטויסן די פוילישע באוואפנטע כוחות און איז דערגאנגען שוין כמעט ביז צו דער ווייסל.

ס'איז געווארן א מהומה,א צעטומלניש אין די פוילישע רע- גירונגס-קרייזן. מ'האט געזוכט שונאים און קעגנערס אין אלע קרייזן פון דער פוילישער געזעלשאפט,אומעטום האט מען געזען רק קאמוניסטן. אין יענער צייט האט דער ח'הענריק ערליך,ווי אויך אונדזער פארטיי-פרעסע אין שארפע ארטיקלען,צווישן אנדערעס,פארגעווארפן פילסודסקין,אז ער האט נישט געטארט גיין צום מזרח,מחמת דארט ווינען נישט קיין פאלאקן,נאר פוילישע פריצים און מ'האט נישט געמוזט דיך אננעמען זייער קריוודע און גיין פארטיידיקן זייערע מאיאנטקעס.

פארשטענדלעך,אז דאס האט ארויסגערופן צארן צווישן די רע-גירונגס-לייט. נאך דער דאזיקער רעדע האט מען די בונדיסטן שוין אויך צוגערעכנט צו די קאמוניסטן.

דאס דערנענטערן זיך פון טוכאטשעווסקין מיט זיין ארמיי צו דער ווייסל,האט ארויסגערופן אן אומרו צווישן די לענדער פון מערב-אייראפע,וואס האבן געוואלט האבן די באלשעוויקעס וואס ווייטער פון זיך. און פראנקרייך האט געשיקט קיין פוי-לן איר גענעראל ווייגאנד מיט באוואפנטע אפטיילונגען,מיט נייע געווער מכשירים און ביי דער ווייסל איז פארגעקומען א דעצידירנדיקע שלאכט און די באלשעוויקעס האבן זיך אין געאייל צוריקגעצויגן. אבער איידער די פראנצויזן האבן זיך אריינגעמישט און געגעבן פוילן די נייטיקע הילף,איז די רע-גירונג אריינגעפאלן אין אזא צעטומלעניש,אז זי האט פאראדנט צו ארעסטירן אלע פארדעכטיקע אין אפאזיציע,צווישן זיי,חוץ די קאמוניסטן,אויך בונדיסטן,פועלי ציון און אפילו אייניקע ציוניסטן; אויך פעפעסאווצעס,וואס זענען נישט געווען איינ-שטימיק מיט פילסודסקיס פאליטיק.

אינצווישן האט די רעגירונג מאביליזירט אלע מענער ביזן יארגאנג 1895 איינגעשלאסן. האט מען אויך מיך געמיינט,אז אויך איך מוז צושטעלן דעם 29-סטן יוני 1920 אין די מיליטערישע קאשארן. איך האב אנגעהויבן זוכן מיטלען און וועגן זיך אר-ויסצודרייען פון דער אנשיקעניש. כ'האב אפילו שוין געהאט גע-קויפט א פאס אויף א פרעמדן נאמען,ווי א געבוירענער אין יאר 1890.

דערווייל האט די פארטיי באקומען א פארטרוילעכע ידיעה פון א פאר פריינטלעכע פ.פ.ס.-אווצעס,אז עס איז דא א פאראר-דענונג צו ארעסטירן בונדיסטן און די פאליציי וועט דאס דורכ-פירן אין דער נאכט פון 15-טן יוני. אין דער געהיים-פאליציי זענען געווען רעגיסטרירט,צוגלייך מיט אנדערע, אויך א ריי

אקטיווע טוערס פון פארשידענע בונדישע אינסטיטוציעס,און
בחוכם אויך מיך,ווי דער לייטער פון בונדישן קאאפעראטיוו.
האבן מיר באשלאסן נישט צו נעכטיקן צוויי-דריי נעכט אין
דער היים,אבער אין דער נאכט פון 22-סטן יוני,ווען מיר הא-
בן זיך שוין נישט געריכט אויף קיין ארעסטן,האט פאליציי אג-
געקלאפט ביי מיר אין שטוב,דורכגעפירט א רעוויזיע און מיך
מיטגענומען אין פאליציי-רעוויר. ( די ראטמענער אונדזערע -
ליכטענשטיין,פאזנאנסקי און ד"ר מארגאליס,האט מען די נאכט
נישט געטשעפעט).

מ'קען זיך פארשטעלן,וואס מיין פרוי האט איבערגעלעבט.
זי איז גלייך פארטאגס צוגעלאפן צו מיינע עלטערן אנזאגן די
גוטע בשורה. מ'האט זיך דערוווסט דערווייל דערוווסט וועגן ארעסט פון
נאך 12 בונדיסטן ( זיי האבן געזוכט מער,אבער קיינעם נישט
געטראפן און א טייל האט בכלל פארלאזט לאדזש). אין פאליציי
רעוויר האב איך געטראפן נאך א פאר ארעסטירטע בונדיסטן,און
אויך קאמוניסטן און פועלי-ציוניסטן. שפעטער האט מען אונדז
אפגעפירט אין דער צענטראלע פון דער געהיים-פאליציי.
צום אויספארשונגס-ריכטער האט מען מיך גערופן נאר איין מאל.
דער ריכטער האט מיר פארגעווארפן,אז איך בין א קאמוניסט-רע-
וואלוציאנער און אז מיר ווילן אין פוילן איינפירן א באלשע-
וויסטישע ארדנונג. האב איך אים דערקלערט,אז איך בין א בונ-
דיסט און א קעגנער פון באלשעוויזם. ער האט אויף מיר געשריגן
און געטופעט מיט די פיס,און געוואלט מיט כוח מיר איינרעדן,
אז איך בין א קאמוניסט. איך האב אים געזאגט,אז ער האט דאך ביי
זיך ידיעות וועגן יעדן איינעם פון אונדז,אבער ער האט ווײי-
טער געשריגן,אז מיר זענען אלע קאמוניסטן און האט מיך צוריק-
געשיקט אין דער תפיסה-קאמער.

מ'האט אונדז,אן עולם פון איבער 350 ארעסטירטע געהאלטן
אין די צעלעס קנאפע דריי וואכן. מ'האט יעדן טאג געבראכט

נייע פאליטישע ארעסטירטע פון פארשידענע ריכטונגען,אויך בונדיסטן פון דער נאענטער פראווינץ. מ'האט צו אונדז קיינעם נישט צוגעלאזט און מיר האבן נישט געוווסט,וואס מ'גייט מיט אונדז מאכן. ביז,א געוויסן טאג האט מען אונז געמאלדן,אז ביינאכט וועט מען אונדז ארויספירן מיט דער באן אין א לאגער, אבער וווהין,האט קיינער נישט געוווסט.

ארום האלבע נאכט,האט מען אונדז ארויסגעגעבן אונדזערע זאכן,מ'האט אונדז אויסגעשטעלט אין א לאנגן קארידאר,און אויס-גערופן אונדזערע נעמען. עס איז באלד געקומען געקומען א מי-ליטערמאן,וועלכער האט אונדז געדארפט עקסקארטירן. איך קוק מיך צו אים - ס'איז דאך מיין שול-חבר,דער קאמיסאר פיכנא. אויך ער דערזעט מיך און ער עפנט ברייט די אויגן,ווי איינער זאגט,ווי קומסטו צו דער חברה? מ'פירט אונדז מיט א גרויסן עקסקארט צו דער באן. ס'איז האלב פינסטער,איך באמערק מיין חבר פיכנא,איך גיי צוצו אים. איך קלער אים אויף,אז איך בין א בונדיסט און דאס,זעט אויס,איז די סיבה פון מיין ארעסט. ער האט מיר נישט געזאגט וווהין מ'פירט אונדז,ער האט מיר אבער צוגעזאגט גלייך נאכן צוריקקומען צו באזוכן מיינע על-טערן,אפגעבן א גרוס פון מיר און זאגן ווו איך געפין מיך.

די שטוב פון מיינע עלטערן האט ער גאנץ גוט געקענט.נאך פון יענע שילער-יארן,ווען ער פלעגט קומען צו אונדז,מאכן צוזאמען מיט מיר די לעקציעס און אפט פארברענגען מיט מיינע ברידער און שוועסטער און דערביי שוין מיטעסן מיט אונדז. ער האט געשטאמט פון א בעאמטן-פאמיליע,זיין עלטערער ברודער איז שפעטער געווארן סיים-דעפוטאט פון דער רעכטער ארבעטער-פארטיי נ.פ.ר. - ער האט געהאלטן ווארט און שוין אין א פאר טעג ארום האט ער באזוכט מיינע עלטערן און געטראפן דארט מיין פרוי,וועלכע איז נאך מיין ארעסט איבערגעגאנגען וווינען צו מיינע עלטערן. ער האט זיי איבערגעגעבן,אז איך געפין מיך

אין א קאנצענטראציע-לאגער - ד א מ ב י ע - הינטער קראקע.

עס האט לאנג נישט געדויערט און מיין שוועסטער פאלא,האט סאקע ביי דער מיסהילף פון פיכנא,באקומען א דערלויבעניש מיך צו באזוכן אין דעם דאמביע-לאגער. זי האט מיר אויפגעקלערט די סיבה וואס זי איז געקומען און נישט מיין פרוי,מחמת מיין פרוי פילט זיך נישט גוט,ברעכט,און לויט דעם דאקטאר,געפינט זי זיך אין צווייטן חודש פון שוואנגערשאפט. פון איין זייט האב איך מיך שטארק דערפרייט פון דער ידיעה,אבער פון דער אנדערער זייט האב איך געווייטיקט איבער די אומשטענדן אין וועלכער מיין פרוי געפינט זיך - נישט ביי זיך אין שטוב,און נייטיקער אויפזיכט,איך - ווידער,בין פון דער ווייטנס,און ווער ווייסט,ווי לאנג מ'וועט מיך האלטן דא.

מלחמה-צייט,איז דאמביע געווען א לאגער פאר קריגס-געפאנגענע. זענען פון יענער צייט דארט געבליבן א גרויסע צאל באראקן,הייזקעס,קיכן,און פארשידענע אנדערע איינריכטונגען.
אין דעם דאזיקן לאגער,וואס האט פארנומען א גאר גרויסן שטח, האט מען פאר דער צייט,וואס מיר זיינען דארט געווען,אריינגעבראכט א צען טויזנט מענטשן,מענער פרויען און אפילו קינדער, און דאס נישט נאר פאליטישע ארעסטירטע. מען האט פארשלעפט אהין ווייסרוסן,אוקראינער,פאלאקן,יידן,ארבעטער,פויערים, אינטעליגענטן און סתם מענטשן,וועלכע מ'האט באשולדיקט אין די אויסטערלישסטע,אנטי-רעגירונג-האנדלונגען.
מ'האט אויך געבראכט אהין א פאר הונדערט דעזערטירן,וועלכע מ'האט געכאפט אין דער שטאט קאטאוויץ,בעתן פלוצימדיקן איבערפאל אויף שלעזיע. עס זענען אין דאמביער לאגער אויך אינטערנירט געווארן א גרויסע צאל זעלנער פון פעטלורעס ארמיי, וועלכע זענען אפגעטראטן פון אוקראינע צוזאמען מיטן פוילישן מיליטער.

אין אט דעם תוהו-ובוהו לאגער האט מען אונדז אריינגעוואר-

פון,און איינקוואַרטירט אין פאַרשידענע באַראַקן. זיי זענען גע-
ווען נישט קיין געשלאָסענע,מ'האָט געקענט גיין פון איין באַ-
ראַק אין צווייטן. אַרום די באַראַקן פלעגן זיך גרופּירן קופּקע-
לעך פון מענטשן,מ'האָט געהערט פאַרשידענע לשנות; מ'האָט גע -
שפּילט צווישן זיך אין קאָרטן,אין באַקאַראַ.

די אַדמיניסטראַציע פון לאַגער האָט אונדז,לאָדזשער,צעטיילט
אין פאַרשידענע באַראַקן. עס זעט אויס,לויט דער בילדונג וואָס
יעדער האָט געהאַט.די פּאָליציי האָט געהאַט גענויע דאַטעס וועגן
יעדן פון אונדז,ווייל אין דעם באַראַק צו וועלכן מ'האָט מיך
צוגעטיילט,האָב איך אָנגעטראָפן לרוב מענטשן מיט בילדונג,צווי-
שן זיי אויך אַ גרופּע קראַקאָווער חברים אונדזערע,וועלכע מ'האָט
אָבער,אין עטלעכע טעג אַרום באַפרייט. איך בין אויך שנעל גע-
וווּיר געוואָרן,אַז אין לאַגער זענען דאָ נאָך בונדיסטן פון
פאַרשידענע שטעט,איז סאַקע היימלעכער געוואָרן אויפן האַרצן.
ווי איך האָב שוין דערמאָנט,זענען מיר אין לאַגער געווען קנאַ-
פּע 200 בונדיסטן. עס איז מיר שווער זיך צו דערמאָנען,נאָך
אַזוי פיל יאָרן,די נעמען זייערע. איך וועל נאָר דערמאָנען
עטלעכע פון זיי,מיט וועלכע ס'איז מיר אויסגעקומען זיך צו
טרעפן ביי פאַרשידענע שפּעטערדיקע געלעגנהייטן.

אָט איז אַברהם וועלוול יאַסני,וואָס האָט מיך,ווי איך האָב
שוין דערמאָנט אין איינעם פון די פריערדיקע קאַפּיטלען,(צוזאַ-
מען מיט אַברהם שמויש) אין יאָר 1912 אַריינגעפירט אין דער
בונדישער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש, יאַסני איז אויך געווען אַן
אָנגעשטעלטער אין קאָאָפּעראַטיוו "אייניקייט",פון וועלכער איך
בין געווען דער פאַרוואַלטער.

עס איז אויך געווען אַברהם זילבערבערג (זיין פרוי איז גאָל-
דע,וואָס איז געווען זייער אַקטיוו אין דער באַוועגונג). אויך
זיין פרוי איז געווען אין "אַנדערע אומשטענדן",ווען מען האָט
אים אַרעסטירט,און מיר ביידע האָבן זיך,אָבער,באַמיט אַז מ'זאָל

אונדז באפרייען,אנגעבנדיק אין די ביטעס אונדזערע דעם דא-
זיקן מאטיוו.

צום גרויסן באדויערן איז פון זילבערגערגס קיינער נישט
געבליבן לעבן. זיי זענען געווען מיט אונדז אין לאדזשער גע-
סא. אין יענער צייט איז שוין זייער זון געווען א דרייסיק-
סענער בחור פון 20 יאר. ער האט אין געטא אנגעהויבן צו ליי-
דן אויף שווינדזוכט און מ'האט אים אריינגעגעבן אין געטא-
שפיטאל. ווען די דייטשן זענען אין א נאכט אין יאר 1943
באפאלן דעם שפיטאל און ארויסגעפירט אלע קראנקע. איז ער אויך
געפאלן א קרבן. דער טאטע,די מאמע מיט א שוועסטערל זענען
שפעטער אומגעקומען אין אשוויענטשים.

איך וויל אויך דערמאנען דעם חבר שריה חפץ,וואס איז אויך
געווען צווישן די פארשיקטע לאדזשער אין דאמביע. מ'האט אים,
אייגענטלעך,שוין אהין געבראכט א קראנקן. ער האט געליטן
אויף שווינדזוכט (ביי 34 יאר) און מ'האט אים דארט גלייך
אריינגעגעבן אין א שפיטאל. ער איז געווען אין יענע יארן
דער סעקרעטאר פון דער "הארפע",דער ביבליאטעקאר פון איר
גרויסער ביבליאטעק און בכלל די נשמה פון דער דאזיקער קול-
טור-געזעלשאפט. די אדמיניסטראציע פון לאגער האט אים דארט
געהאלטן ביזן סוף פון חודש דעצעמבער 1920 און כמעט א גוסס-
דיקן אפגעשיקט קיין לאדזש,ווו ער איז אין א פאר טעג ארום
געשטארבן.

איך דערמאן מיך נאך א פאר נעמען,וואס זענען געווען מיט
אונדז אין דאמביע: די ח"ח ראדזאנאווער פון קרושנעוויץ און
משה יאקובאוויטש פון גארוואלין,וועלכע איך שפעטער געטראפן
אין ארגענטינע; אויך די ח"ח וויגדארטשיק,מידלאק. א גרעסע-
רע גרופע איז געווען פון ווישקאוו: אהרן אראנעק,ש.קרויזע,
מאלעוואנטשיק,רובין; יאקובאוויטש - פון פולטוסק; פערלמו-
טער,קובעל - פון נאשעלסק.

מיט נאך איינעם - א דאמביער - האב איך זיך אין יארן ארום געטראפן אין ארגענטינע. דאס איז -מאנדזשע קלעטשעווסקי, אבער אים וועל איך שפעטער ווידמען א באזונדער קאפיטל.

מער פלאץ וועל איך אויך שפעטער ווידמען נאך א חבר, וואס איז געווען מיט מיר אין דאמביער לאגער. דאס איז אהרן אראנעק, מיט וועלכן איך האב מיך געטראפן נאך 53 יאר אין מיאמי-ביטש.

ווי שוין געזאגט, זענען מיר אין דאמביע געווען קרוב צו צוויי הונדערט בונדיזטן. איך האב דארט דעמאלט דורכגעפירט אן אנקעטע צווישן אונדזערע חברים און זי נאך דער באפרייאונג איבערגעגעבן מיין פעטער, דעם ח'פאזנאנסקי, וועלכער האט זי איבערגעשיקט קיין גערלין דעם חבר קורסקי, פארן בונדישן ארכיוו. אפשר געפינט זי זיך טאקע אין בונדישן ארכיוו אין ניו-יארק.

ווי שוין דערמאנט, זענען מיט אונדז געזעסן אין דאמביער לאגער א גרופע פועלי-ציוניסטן, ווי אויך א גרויסע צאל קאמוניסטן און דווקא די דעמאלסטיקע פני זייערע - ווארסקי (ווארשאווסקי, הארוויץ, לאוער, צענטרשווער, קראליקאווסקי, טריסקער, מאנדערשטאם, דאמבסקי, שטיין און א סך אנדערע פירער זייערע.

פון מינסק איז פארשלעפט געווארן קיין דאמביע א גרופע בונדיסטן, מיטן ח' נח ראפאפארט בראש. זיי זענען שוין דעמאלט געווען קאמבונדיסטן און געפרווט, אמת אין גוטן מוט, אונדז איבערצייגן אין אונדזער "אפארטוניסטישער"שטעלונג אין שייכות צום רעוואלוציאנערן רוסלאנד. (ווי עס האט מיר, דא אין מיאמי-ביטש, דערציילט דער ח'אראנעק, האט ער מיט יארן שפעטער דעם ח'ראפאפארטן געטראפן אין ניו-יארק; ער איז געבליבן א קאמוניסט).

די באראקן פון די פאליטישע ארעסטירטע זיינען געווען אפענע און מ'האט זיך געקענט קאמוניקירן צווישן זיך.

מיר איז אפט אויסגעקומען צוצוהערן זיך צו די אינטערע-סאנטע דיסקוסיעס,וואס זענען אנגעגאנגען צווישן די פוילישע קאמוניסטישע פירער גופא. דער שטרייט איז געגאנגען ארום דעם צי האבן די רוסישע באלשעוויקעס געדארפט ברענגען די רעוואָ-לוציע קיין פוילן,מיט דער הילף פון די רוסישע שטיקעס.
ווארסקי,קרוליקאווסקי,סרוסקער,מאנדעלשטאם און אנדערע זע-נען געווען שארפע קעגנערס קעגן דער דאזיקער רוסישער טאקטיק; דאקעגן הארוויץ,לאוער,דאמבסקי,האבן פארטיידיקט די רוסישע טאקטיק. ווען איך האב אין יאר 1938 געלייענט וועגן די גרוי-סע רוסישע פראצעסן,איז דער דאזיקער חטא זיי,די פוילישע פי-רער,דערמאנט געווארן.

אלע פאליטישע אינטערנירטע אין דאמביע האבן זיך געפונען אונטערן פאטראנאט פון א הילפס-קאמיטעט פאר פאליטישע ארעס-טירטע אין קראקע,אין וועמענס שפיץ עס זענען געשטאנען דער ד"ר דראבנער און סטעפאניא סעמפאלאווסקא (די לעצטע איז גע-ווען פון פילסודסקיס פערזענלעכע פריינט). זיי פלעגן אפט באזוכן דעם לאגער,אינטערווענירן אין פארשידענע ענינים, פראטעסטירן ביים קאמענדאנט פון לאגער קעגן פארשידענע עוו-לות,שיקאנעס,וועלכע די היטער,די זשאנדארמען (קאנארקעס, האט מען זיי גערופן),פלעגן איבער אונדז באגיין.

דער פאטראנאט פלעגט אויך אריינשיקן פאר אונזערע קיכן צוגאב-שפייזן, צוליב אט די צוגאב-שפייזן איז איינמאל ארויס-גערופן געווארן א הונגער שטרייק,וועלכער איז אבער איבערן פעלן פון סאלידאריטעט,נאך א פאר שעה מאוס פארשפילט געווארן.

אגב. איך באשרייב די פארהעלטענישן אין דאמביער קאנצענ-טראציע לאגער און עס קומען מיר גלייכצייטיק אויפן זכרון די באשרייבונגען פון די באלשעסטישע ג ו ל א ג ס און קלער ביי מיר - אז דאמביע איז דאך,אין פארגלייך,געווען אן אמתער גן עדן....

אין לאגער זענען מיר אפגעווען א 8 חדשים,איינער לענגער, איינער קירצער. ערשט נאכן ריגער שלום-אפמאך,צווישן פוילן און רוסלאנד,איז דער לאגער שטופנווייז ליקווידירט געווארן.

איך וויל נאך צוגעבן,אז פון לאדזש זענען,אויסער די דער-מאנטע,געווען מיט אונדז אין דאמביע,אויך די בונדיסטן:הער-שקאוויטש (דער בעקער),וויינבערג ( א וועבער) און נאך עטלעכע. כ'געדענק נישט מער זייערע נעמען. אויך די פועלי-ציוניסטן: ציטרינאווסקי,מאנעלא,גרינבערג. אויך בונדיסטן פון אנדערע שטעט: - פון זדונסקע וואלא -סמיעכאוו,יאנקעלעוויטש,קאלמא-נאווסקי,און דער יידשער פ.פ.ס.-אוויעץ,לובאשין; פון קוטנע: די ברידער קירשענבוים,הערמאן און קאפל,און קאפלס פרוי-עווא; דוד באטיסט פון טארנאוו; שיע געזונט פון לעמבערג; ד"ר פענ-ציק פון סאנאק; דער ד"ר זייבנפעלד פון סטאניסלאוואו; מאנ-דזשע קלעטשעווסקי פון קאליש. און נאך און נאך צענטליקער חברים,וועמענס נעמען איך דערמאן מיך נישט מער.

אין איצט וויל איך ווידמען א פאר לענגערע דערמאנונגס-ווערטער דעם דאמביער חבר - מאנדזשע קלעטשעווסקי.

ער איז געווען מיט א פאר יאר עלטער פון מיר. א געבוירענער אין לאדזש,איז ער צוזאמען מיט זיין גרויסער פאמיליע,נאך אלס קינד,געקומען קיין קאליש. מיט דער צייט איז זייער שטוב געווארן א בונדישע היים,ברידער און שוועסטער,אלע בונדיסטן. אויך מאנדזשע איז געווען א בונדיסט,אבער א חבר זיינער,אויך א בונדיסט,האט אים "אפגעשלאגן" דאס ווייב,האט ער באשלאסן צו טוישן די סביבה און האט זיך אנגעשלאסן צו די פועלי-ציון, און אלס אזעלכער איז ער ארעסטירט און פארשיקט געווארן קיין דאמביע. ער האט שוין מער נישט חתונה געהאט.

נאך דער צווייטער וועלט-מלחמה,ווען איך מיט מיין טאכטער האבן סוף 1947 באשלאסן פון שוועדן צו פארן קיין ארגענטינע, האבן מיר דאס געמוזט מאכן דורך פאראגוויי, ווייל קיין די-

רעקטע ארײנפאר-װיזעס קײן ארגענטינע האבן ייִדן נישט גע-
קענט באקומען.

( איך דערמאן מיך, אַז א שפאר ביסל ייִדן האבן זיך פארזארגט
מיט דאקומענטן אלס קריסטן, און אזוי אנאך ארײנגעקומען קײן
ארגענטינע).

אין ארגענטינער קאנסולאט אין שטאקהאלם האבן מיר באקו-
מען נאר טראנזיט-װיזעס קײן פאראגװײ. חברים האבן מיר
באזארגט מיט אן אדרעס אין אורוגװײ, און דאס איז געװען
פרץ קלעטשעװסקי, א בונדיסט. מיר האבן געמוזט זוכן א װעג,
בכדי אומלעגאל ארײנצוקומען קײן ארגענטינע. פרץ קלעטשעװ-
סקי האט זיך שטארק פאראינטערעסירט מיט אונדז, געזוכט מאכערס
און נאך א פארװאכן פארברענגען אין פאראגװײ, האט זיך אונדז
אײנגעגעבן צו קויפן פאלשע פאפירן אלס געבוירענע פאראגװײ-
ער, און מיט א הידרא-אװיאן זענען מיר בשלום ארײנגעקומען
קײן בוענאס-אײרעס. - מיר האבן זיך מיט פרץ קלעטשעװסקי
און זײן פרוי, שרה, פאר דער צײט נעענטער באקאנט און באפ-
רײנדעט. ער האט דארט געפירט א סטאלערײ-פאבריקל. ער האט
מיר דערצײלט, אז ער האט אין ב.אײרעס א ברודער, געגעבן זײן
אדרעס און טעלעפאן און רעקאמענדירט זיך מיט אים נעענטער צו
באקענען. װען מיר זענען אנגעקומען קײן ב.אײרעס, האב איך
צו אים אנגעקלונגען, אפגעגעבן א גרוס פון ברודער, און אײדער
איך האב מיך אומגעקוקט, איז ער שוין געװען בײ מיר, אין דעם
גאסטהויז, װוּ מיר האבן זיך אײנקװארטירט.

ארײנקומענדיק, האט ער מיך גוט באקוקט, און זאגט צו מיר:
יא, איר זײט דערזעלבער, איר דערקענט מיך נישט? מיר זענען
דאך געװען צוזאמען אין דאמביע. איך האב אים טאקע נישט דער-
קענט, ער -מיך- יא. - עס האט זיך פארבונדן צװישן אונדז א
נאענטע פרײנטשאפט, װעלכע האט אנגעהאלטן א שײנע פאר יאר,
ביז ער איז קראנק געװארן אויף א ראק און געשטארבן אין־יסורים.

ווי ס'איז דער שטייגער,האלטן און שיף-ברידער,שיף-שוועס-
טער, א נאענטע פריינטשאפט זייער גאנץ לעבן,אזוי איז אויך
מיט ארעסטאנטן פון טורמעס,פארשיקטע. נישט נאר זכרונות פון
די צוזאמען פארבראכטע ביטערע צייטן,נאר עפעס און אינערלעכע
אינטימיטעט פארבינדט די דאזיקע מענטשן.

קלעטשעווסקי איז שוין געווען אין ב.איירעס עטלעכע צוואנ-
ציק יאר. ער איז געווען אן איינזאמער מענטש. איך האב גע-
וווינט צוזאמען מיט מיין טאכטער אויך נאכדעם,ווי זי האט
חתונה געהאט; איך האב ערשט צום צווייטן מאל חתונה געהאט
מיט דריי יאר שפעטער,אזוי אז איך בין ביז דאמאלס אויך גע-
ווען א פרייער מענטש. קלעטשעווסקי האט גוט געקענט אלע
ב.איירעסער פארוויילונגס-ערטער: קינאס,טעאטערן,אפערע,און
בכלל קולטור-הייזער. האט ער מיך געפירט אומעטום.
איין זומער האבן מיר אויך פארבראכט צוזאמען די וואקאציעס
אין די בערג. ער איז בכלל געווען זייער א קארעקטער מענטש
און אן אמתער פריינט,וואס איז שטענדיק גרייט געווען צו
טאן א טובה. ער איז געווען אן אנגעשטעלטער אין א פירמע,
וואס האט אים געגעבן א צימער נעבן דעם געשעפט ווו ער האט
געוווינט. קיין גרויסער פארדינער איז ער נישט געווען,אבער
קיינמאל נישט געלאזט צאלן פאר זיך.

ער האט זיך גוט געפילט אין דער שטוב פון מיין טאכטער,
און אויך שפעטער היימיש געווארן מיט מיין פרוי,און מירפלעגן
שוין צוזאמען פארברענגען. ליידער,האט ער אונדז פארלאזט
אויף אייביק,צוליב א שווערער קראנקהייט.

און איצט,עפעס וועגן א צווייטן דאמביער - אברהם וואלף
יאסני. זיין ריכטיקער פאמיליען נאמען איז געווען -ציפערמאן;
פון זיין אמתן נאמען האט ער זיך געמוזט באפרייען אין לאדזש
אין די צייטן פון די צארישע פארפאלגונגען. ער האט זיך פאר-
שאפט א פאס אויפן נאמען- יאסני,און ביי אים איז ער געבליבן

שוין אויף שטענדיק. צו עלף יאר איז ער געקומען קיין לאדזש פון זיין געבוירן-שטעטל,זשעלעכאוו. צו זעכצן יאר איז ער שוין געווען א וועבער- געזעלן,אזוי,אז קיין סיסטעמאטישע אלגעמיינע בילדונג האט ער נישט באוויזן צו באקומען. מיט זיין איינגעבוירענער אינטעליגענץ,האט ער,ווי אן אויטאדי-דאקט,זיך אויסגעלערנט פויליש און דייטש און מיט דער צייט "פאמיליזירט" זיך אפילו מיט דער קונסט פון זשורנאליסטיק און שרייבעריי און איז געווארן א וועדספולער מיטארבעטער אין פארשידענע בונדישע אויסגאבעס פון יענער צייט.

די בונדישע באוועגונג איז געווען זיין חדר,ישיבה און אוניווערסיטעט. דא האט ער געשליפן זיין באוווסטזיין,זיין אינטעליגענץ. ווי שוין פריער דערמאנט, האב איך זיך מיט אים באקאנט אין יאר 1912. ער,צוזאמען מיט שמוישן האבן מיך אריינגעפירט אין דער בונדישער באוועגונג. ער איז גע-ווען אין מיינע יארן. להיפוך צו מיר,וואס כ'בין דערצויגן געווארן אין א בירגערלעכער שטוב און שוין אלס שילער אנגע-הערט צו סאציאליסטישע קרייזן (רוסישע),איז ער,יאסני,געווען פאר מיר,דער טיפישער פארשטייער פונעם אונטערדריקטן,פארשמאכ-טן יידישן פראלעטאריאט.

די מלחמה-יארן 1914-1918 האבן אונדז צעטיילט: איך בין אוועק קיין רוסלאנד,ער ווידער,האט כמעט די אלע יענע יארן אפגעשמאכט אויף שווערע צוואנגס-ארבעט אין דייטשלאנד. דער גורל האט אונדז ווידער,אין יאר 1920,צוזאמענגעפירט -דאס מאל אין קאאפעראטיוו "איניקייט" און שפעטער אויך אין לא-גער דאמביע. אין פארגלייך מיט אנדערע,האט ער זיך דארט פי-זיש געהאלטן געגוג גוט.

ער האט געלייענט א סך (פויליש,יידיש,דייטש) און געחלומט צו באקומען א סטאבילע זשורנאליסטישע ארבעט,צו וועלכער עס האט אים שטארק געצויגן.ער האט טאקע,נאכן צוריקקומען קיין

לאדזש פון דאמביע,באקומען ארבעט אין דער לאדזשער יידישער טאג-צייטונג "נייעס טאגעבלאט" (אונטער בראדערסאנס רעדאק-ציע) און איז גלייכצייטיק געווארן דער שטענדיקער מיטארבע-טער פון דער בונדישער ווארשעווער "פאלקסצייטונג",ווי אויך פונעם בונדישן "וועקער" אין לאדזש.

מיר האבן זיך אפט געטראפן,נאך צוליב דעם,וואס ער האט געוווינט אין צווייטן הויז פון מיר. (ער האט שוין דעמאלט געהאט חתונה געהאט). ער האט זיך פארמאסטן אנצושרייבן אן ארבעט וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער-באווע-גונג אין לאדזש. ער האט צונויפגעזאמלט מאטעריאלן פאר דריי בענד,אבער ארויסצוגעבן האט ער באוויזן נאר דעם ערשטן באנד, וועלכער האט,אגב,ארויסגערופן א פארדינטע אנערקענונג.

ווען עס האט אויסגעבראכן די צווייטע וועלט-מלחמה,איז ער,ווי א סך אנדערע,געלאפן קיין מזרח. אבער די באלשעווי-קעס האבן אים פארהאלטן און אים פארגעווארפן זיינע בונדישע חטאים און אים פארשיקט אויף אכט יאר אין אן אויסבעסערונג-לאגער. נאך צוואנציק חדשים פארשיקונג און אין תפיסות,איז ער געווארן באפרייט א דאנק דער סיקארסקי-אמנעסטיע,אבער ער איז געבליבן אין סיביר און די אמתע באפרייאונג האט ער ערשט דערלעבט אין יאר 1946.

ער מיט זיין פאמיליע זענען צוריקגעקומען קיין לאדזש. ער האט באקומען ארבעט אין דעם פרעסע-רעפעראט פון דער "לאד-זשער יידישער היסטארישער קאמיסיע". ער האט זיך ארומגעטראגן מיטן געדאנק אנצושרייבן א בוך וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין לאדזש אין די יארן פון דער דייטשער היטלעריסטי-שער אקופאציע און האט מיט גרויס אייפער אנגעהויבן זאמלען מאטעריאלן פאר דעם דאזיקן צוועק.ער האט געגנישטערט אין די ארכיוון - פוילישע און דייטשע,אויך געזוכט זיי צווישן די געבליבענע דאקומענטן פון דער געטא אא"וו.דאס איז געווען

א שווערע און זשמודנע ארבעט. שפעטער,שוין זייענדיק אין ישראל,האט ער ארויסגעגעבן צוויי בענד מיט אייגענע כוחות, נישט ווערלנדיק געניסן פון די דייטשע קליימס-געלטער.

ווען ער,יאסני,איז געקומען צוריק קיין פוילן,בין איך שוין בעווען אין שוועדן. ער האט זיך געשטעלט מיט מיר אין פארבינדונג,אויך שפעטער,שוין פון ישראל. מיר האבן אנגעהאל-טן דעם קאנטאקט אויך ווען איך בין שוין געווען אין ארגענ-טינע. איך האב אים צוגעהאלפן צו פארשפרייטן זיינע ביכער.

אין ישראל איז ער געווארן א סטאבילער מיטארבעטער פון דער יידישער צייטונג "לעצטע נייעס" און דערשלאגט זיך דארט צו דער פאזיציע פון רעדאקטאר פון דער ליטעראַרישער אפטיי-לונג. אויך זיין פרוי,חוה לעווקאוויטש-יאסני,איז געווען באשעפטיקט אין "די לעצטע נייעס",ווו זי האט אנגעפירט מיט דער פרויען-זייט. זייערע צוויי קינדער האבן געדינט אין ישראל-מיליטער און שפעטער האבן זיי שטודירט אין אוניווער-סיטעט,מיט א סטיפענדיע פון דער זשעלעכאווער לאנדסמאנשאפט.

נאך 20 יאר,אין יאר 1958, האבן מיר זיך געטראפן,דאס מאל אין ישראל. מיר האבן זיך דערמאנט די אמאליקע,יונגע יארן,געטיילט זיך די איבערלעבונגען פון די שפעטערדיקע יארן, דיסקוטירט. ער האט זיך דארט,אין ישראל,געהאלטן פון דער ווייסנס פון "בונד" (די פרוי נישט),אבער ווען די לאדזשער בונדיסטן אין ישראל האבן פאר מיר געמאכט אן אויפנאמע,איז ער געקומען און געהאלטן דערביי א הארציקע,חברישע רעדע.

אין א צייט ארום איז ער קראנק געווארן און דעם 5-טן פעברואר 1968,האט ער צו,צו די 74 יאר,פארענדיקט זיין פיל-פארביק,אבער גארנישט קיין לייכט,לעבן.

צום ערשטן יארצייט נאך זיין טויט,האב איך אין דער ארגענ-טינער "די פרעסע" אפגעדרוקט אן ארטיקל,וואס איז געווען געווידמעט דעם אינטערעסאנטן לעבן פון א.וו.יאסני.

אין יאר 1972 האבן מיר זיך באזעצט אין מיאמי-ביטש. אין דעם זעלבן אפארטאמענטן-הויז, האט אין שכנות מיט אונדז גע-ווינט דאס פארפאלק שאלעק און אסתר אלטמאן, אפשטאמיקע פון זשעלעכאוו. ש. אלטמאן איז געווען דער רעדאקטאר פון דעם "זשע-לעכאווער ביולעטין", וואס די לאנדסמאנשאפט זייערע האט ארויס-געגעבן א פאר יאר צייט.

אלטמאן איז געקומען אהער פון פאנאמא, נישט אנגאנצן קיין געזונטער. ער האט, אבער, זיין ארבעט אלס רעדאקטאר אויסגעפירט בשלימות. ער האט געהאט געענדיקט דעם יידישן לערער-סעמינאר אין ניו-יארק, האט געהאט א שיינע ביבליאטעק, איז געווען א ליבהאבער פון קלאסישער מוזיק. מיר האבן זיך שנעל באפריינ-דעט און פלעגן יעדן טאג אינדערפרי ארויסגיין שפאצירן ביים ברעג פון ים און געניסן פון דער ווארעמער מיאמער לופט.

ווען ער האט זיך שלעכט געפילט און עס איז אים שווער געווארן צו טאן די ארבעט ארום דעם "זשעלעכאווער ביולעטין", האב איך אים פארגעלייגט צו העלפן אים ביי דער דאזיקער אר-בעט. ביי א שמועס מיט אים, האב איך אים דערציילט וועגן מיין נאענטער פריינטשאפט מיט זיין לאנדסמאן יאסני. ער האט מיך געבעטן, אז איך זאל עפעס אנשרייבן וועגן אים פאר זיין ביו-לעטין. אזוי ווי איך האב געהאט א קאפיע פון מיין ארטיקל, וואס איז געדרוקט געווארן אין דער אגענטינער "די פרעסע" צום ערשטן יארצייט פון יאסנין, האב איך אים דאס געגעבן און ער האט, צוזאמען מיט אנדערע מאטעריאלן, דאס צוגעגרייט פארן נאענטסטן נומער פון זיין ביולעטין.

בעת ער, מיט זיין פרוי, זענען געווען אויף א דיסקוסיע-אוונט אין א ליטעראריש קלוב, האט ער גענומען א ווארט אין דער דיסקוסיע און מיט א מאל איז אים געווארן שלעכט, און איידער וואס-און-ווען איז ער אויסגעגאנגען.

צו די שלושים פון אלטמאנען, האט זיין פרוי צוזאמענגערופן

זיינע נאענטע פריינט,קרובים,קלוב-חברים.אויך מיך מיט מיין פרוי. נאך דער אזכרה,האט די אלמנה פאנאנדערגעטיילט צווישן די אנוועזנדיקע דעם לעצטן נומער פונעם "זשעלעכאווער ביולע-טין",אין וועלכן עס זענען שוין אריין א פאר דערמאנונגס-אר-טיקלען וועגן דעם נפטר. אין דעם זשורנאל האט זיך אויך גע-פונען מיין ארטיקל וועגן א.וו.יאסני.

צו מארגנס אינדערפרי,איז צו מיר געקומען א ייד,און זיך פארגעשטעלט אז ער הייסט אראנעק,און איז צוזאמען מיט מיר, אין יאר 1920,געזעסן אין דאמביער לאגער. - געקומען דערויף איז ער דורך דעם ארטיקל מיינעם וועגן א.וו.יאסני אין זשע-ליכאווער ביולעטין". לייענענדיק דעם ארטיקל,אין וועלכן איך האב געשריבן וועגן מיין זיין צוזאמען מיט יאסני אין דאמביער לאגער,האט ער געוואלט זיך זען מיט א לאגער-חבר און אנקניפן מיט אים א נעענטערע פריינטשאפט.

עס האט זיך ארויסגעוויזן,אז ער,מיט זיין פרוי,זענען אל-טע פריינט פון די אלטמאנס,אז ער האט געלערנט צוזאמען מיט אלטמאנען אין דער זעלבער צייט אין יידישן לערער-סעמינאר אין ניו-יארק.אז זיי האבן באלאנגט דא,אין מיאמי-ביטש,צום זעלבן ליטעראריש קלוב און איז אויך געווען אויף די שלושים נאך שאלעק אלטמאן. ער האט מיך דארט געהערט רעדן וועגן אלטמאנען אין נאמען פונעם קולטור-קלוב פון אונדזער אפארטאמענטן-הויז.

קיין דאמביע האט מען אראנעקן געבראכט פון ווישקאוו,א 20 יאריקן בחור,א בונדיסט. גלייך נאך דער באפרייאונג,האט ער געזוכט דעם וועג קיין אמעריקע און געפינט זיך שוין דא, אין די פאראייניקטע שטאטן,זייט דעם יאר 1921. ער האט דא חתונה געהאט; זיי האבן געהאט זייער א געראטענעם זון,אן או-ניווערסיטעריער,וועלכער איז מיט א פאר יאר צוריק געשטארבן. ער האט טאקע געענדיקט דעם ניו-יארקער יידישן לערער-סעמינאר, אבער פון לערעריי האט ער נישט געקענט האבן קיין פרנסה,איז

ער געווארן א מענער-שניידער אין א פאבריק אין ניו-יארק. איצט איז ער שוין א רעטאיערטער און וווינט צוויי בלאקס פון אונדז, אין אן אפארטעמענטן-הויז. אויף דער עלטער האט ער אנטדעקט ביי זיך פעיקייטן צו סקולפטור און ער פארנעמט זיך דערמיט מיט גרויס ליבע און איבערגעגעבנקייט. די שטוב איז ביי אים פול מיט שיינע, קינסטלערישע פיגורן, דערהויפט יידישע טיפן און מאטיוון. דא אין אמעריקע איז ער אריבער צו די קאמוניסטן; האט זיך שוין אבער אין א גרויסער מאס אויסגעהיילט פון דער דאזיקער קרענק.

איך האב אים צוגעצויגן צו דעם יידישן קולטור-קלוב פון אונדזער ראיאן, ווו ער איז זער טעטיק אלס קאסירער פון קלוב.

## די באפרייאונג פון דאמביע; איך באקום א פריוואטן פאסטן

אנפאנג פון יאר 1921, בין איך באפרייט געווארן פון לאגער און געקומען צוריק אהיים קיין לאדזש.

איך האב געטראפן מיין פרוי אין די הויכע חדשים פון איר שוואנגערשאפט. זי האט זיך געפילט גוט. די גאנצע צייט פון מיין אפוועזנהייט, איז זי געוועזן ביי מיינע עלטערן. איצט זיינען מיר צוריק אריין אין אונדזער וווינונג ביי די וואלאך'ס.

אין א געוויסן פרימארגן האב איך מיך צופעליק געטראפן מיט מיינעם אן אלטן באקאנטן פון פאר דער מלחמה - מאקס יודעלעוויטש. אווארט צו א ווארט, און ער האט מיר פארגעלייגט, אז איך זאל איבערנעמען די אדמיניסטראציע פון זיין טעקסטיל-הורט-געשעפט, אין וועלכן ער האט באשעפטיקט קרוב צו פופצן פערזאן. איך האב אים דערציילט, אז איך ארבעט אלס בוכהאלטער אין א קאנסום-קאאפעראטיוו, אבער אז איך בין נארוואס ארויס פונעם לאגער אין דאמביע, האב איך פארשוויגן. אין עטלעכע טעג ארום האב איך אנגעהויבן ביי אים צו ארבעטן.

מיט דער צייט, האבן אויף דאס ניי אנגעהויבן ארבעטן א גרויסער טייל פון די לאדזשער פאבריקן. די טעקסטיל-אינדו-

סטריע - די באזע פון דער לאדזשער אינדוסטריע -,און אין דער גאנצער לאדזשער עקאנאמיע איז געקומען צו אן אויפלעבונג. פוילן האט באקומען די ערשטע אויסלענדישע קרעדיטן און אויך רוי-מאטעריאלן זענען אנגעקומען פון ענגלאנד,פראנקרייך און פון אנדערע לענדער. מ'האט געבראכט גרעסערע טראנספארטן פון וואל,בייִנוול,פארבן און אנדערע כעמישע ארטיקלען,נייטיקע פאר דער לאדזשער טעקסטיל-פאבריקאציע. עס זענען אויך אנגע-קומען נייע טעקסטיל-מאשינען אויפן ארט פון די מאשינען,וואס די דייטשע אקופאציע-מאכט האט אויסגערויבט פון לאדזש.

פון די אלטע לאדזשער פאבריקס-קוימענס זענען ווידער אויפ-געשטיגן רויכיקע קנוילן,וואס האבן פארוואלקנט און פארשיט מיט סאדזע די לאדזשער גאסן. עס האבן אויפגעלעבט די קראמען. די שויפענסטערס זענען ווידער פול געווען מיט שיינע קליידער, מיט מעבל,הויז-ארטיקלען א.א.וו. אויך פאר די צענטראלע גא-סן איז געקומען אן אויפריכטונג: יונגע פארלעך,מאמעס מיט קליינע קינדער,שטיפנדיקע יוגנטלעכע,האבן פארפולט די גאסן. דאס קולטור-לעבן האט באקומען אן אויפשוואונג. ס'איז איינגע-פירט געווארן אן אבליגאטארישע פאלקס-שול; עס האבן אנגעהויבן צו פונקציאנירן די קראנקן-קאסעס.

עס האבן זיך באוויזן נייע צייטונגען,זשורנאלן אין פוי-ליש,יידיש און דייטש (אין לאדזש האבן געווען 100 טויזנט דייטשן). - אויך דאס געשעפט פון מיין פאטער האט שטארק אויפ-געלעבט. אויפן ארט פון רוסישע אויסגאבעס פון פאר דער מלחמה, זענען אנגעקומען צייטונגען,זשורנאלן פון דייטשלאנד,פון אמא-ליקן עסטרייך,אויך ענגלישע און פראנצויזישע,אויך דער אמע-ריקאנער "פארווערטס". מיין טאטע האט באקומען די פארטרעטער-שאפט פון דער האלב-אפיציעלער אגענטור "רוך",וואס האט זיך פארנומען מיט דער פארשפרייטונג פון אלערליי פוילישע אויס-גאבעס. אבער די הויפט-פרנסה זענען געווען די יידישע אויס-

גאבעס: " דער מאמענט","פאלקסצייטונג","אונדזער עקספרעס", דער פוילישער "נאש פשעגלאנד".

עס זענען צוגעקומען נייע צייטונגס-פארקויפער,נייע לייענער. א חוץ טעגלעכע אויסגאבעס זענען אנגעקומען וועכנטלעכע זשורנאלן,אויך אילוסטרירטע און אויך בראשורן,ביכלעך א.אוו. אין דעם געשעפט פון טאטן איז,אויסער פערסאנאל,געווען באַשעפטיקט אויך אלע קינדער (אויך איך פלעג צולייגן א האנט) און מיינע עלטערן האבן געפירט א שיין,באלעבאטיש לעבן.

מיין פרוי האט זיך געגרייט אין קימפעט. איך האב געוואלט, אז זי זאל פון דער געבורטס-קליניק אהיים קומען שוין נישט אין דעם "קאוואלערסקע צימער" ביי די וואלאכס,נאר אין אן אייגענער דירה. אין דער פירמע אין וועלכער איך האב געארבעט, בין איך גאר שנעל געווארן היימיש און ווען איך האב נאר אנגעטראפן,האב איך געבעטן מ'זאל מיר העלפן צו געפינען א דירה פון צוויי צימערן מיט א קיך. און כך הווה: מ'האט מיר רעקאמענדירט א שיינע דירה,וואס אן אמת א צוואנציק בלאקס פון דער ארבעט,פאר וועלכער מ'האט נאך פארלאנגט 500 דאלאר שליסל-געלט. איך האב גערעדט מיט מיין באלעבאס,און ערהאט מיר דאס געלט געבארגט און מיר האבן די דירה גענומען.

מיר האבן נאך באוויזן זי צו ביסלעך אויך אויסצומעבלירן און דעם 13-טן פעברואר 1921 האט מיין פרוי געבוירן א גע-זונט,שיין יינגעלע. האב איך איך זיי שוין געקענט אריינברענגען אין א ליבטיקע,לופטיקע,ציכטיקע און באקוועמע דירה. אונדזער גליק איז נישט געווען צו באשרייבן.

איך האב דערווייל אנגעהויבן צו פארדינען וואס א מאל מער אויסער דעם געהאלט,האב איך נאך באקומען פראצענטער פון אומזאץ,און מיר האבן נאך מער איינגעארדנט און אויסגעשענערט אונדזער דירהלע.

דאס קינד האבן מיר א נאמען געגעבן נאך מיין פרויס פא-

טער - לעאן,(לייב,האט ער געהייסן). ווי,אין יענע יארן,האבן מיר געהאט א דינסטמיידל אין שטוב,און מיין פרוי האט זיך געקענט רויק פארנעמען מיטן דערציען דאס קינד. מיר האבן אויך געקענט ארויסגיין צו אונטערנעמונגען,באזוכן קאנצערטן,טעאטערס,קינאס,לעקציעס א.א.וו. - די מלחמה-יארן,דאמביע, זענען אוועק אין דער פארנעפלונג.

די חברשאפט און פריינטשאפט מיט מיינע אלטע חברים עסקין, בייגלמאן,קארן (ביז זיין פארן קיין אמעריקע),זענען נאך מער ענגער געווארן,ווייל אויך די פרויען האבן זיך קעגנזייטיק גוט פארשטאנען. עס זענען נאך צוגעקומען נאך אנדערע: ערשטנס, די נאענטע שכנים-חברים -מאראנץ און שוסטער. אויסערדעם די פאמיליעס - לאנדקאפ,גליקסמאן,שניידער,יאקובאוויטש א.א.

די פרוי לאלא לאנדקאפ (פון דער היים דובאוסקא),איז געווען א שול-חברטע פון מיין שוועסטער פאלא. זי האט מיטגעארבעט מיט מיר אויף א פאסטן ביי יודעלעוויטשן. זי האט חתונה געהאט מיטן ד"ר אברהם לאנדקאפ. ביי די שטאט-ראט-וואלן אין לאדזש אין יאר 1936 איז ער אויסגעוויילט געווארן אלס בונדישער ראטמאן. ער איז געווען זער א סימפאטישער מענטש און גוטער דאקטאר. ליידער,איז ער געשטארבן אין יאר 1938.

עס איז געווארן א טראדיציע,יעדן שבת,באלד נאך מיטיק,צו גיין מיט די קינדער צו מיינע עלטערן. אויך מיין ברודער פלעגט ברענגען זיינע צוויי קינדער. דאס קליינווארג האט איבערגעדרייט די שטוב,אבער די באבע מיטן זיידן זענען געווען גליקלעך. שבה צו נאכט האבן מיר אלע צוזאמען - די יונגע פארפעלקער מיט זייערע קינדערלעך,ברידער און שוועסטער, געפראוועט א יום טובדיקן אווענטברויט. דאס האט אזוי אנגעהאלטן יארן.- ווען מיין שוועסטער,פאלא,פלעגט קומען צו גאסט פון פאריז מיט איר יינגעלע,האט ער זיך שנעל איינגעלעבט מיט די רעשט קינדער.

## מיינע שוועסטערס: פאלא, בערטא און סאניא

מיין שוועסטער פאלא, איז מיט צוויי יאר יינגער פון מיר. אין אירע יינגע יארן איז זי געווען א שיין און א גוט אנט-וויקלטע מיידל, אין אלע הינזיכטן. אויפן הויף, ווו מיר האבן פארבראכט אונדזערע קינדער-יארן, פלעגט זי אין די שפילערייען נישט אפשטיין פון די יינגלעך. שפעטערצו פלעגט אויך זי מיט העלפן דעם טאטן אין דעם צייטונגס-געשעפט.

נאך אין דער צייט פון דער דייטשער אקופאציע, ווען מ'האט געעפנט אין ווארשע דעם אוניווערסיטעט, האט זי זיך פארשריבן אויף דעם הומאניסטישן פאקולטעט. זי האט אין ווארשע געוווינט צוזאמען מיט צוויי לאדזשער חברטעס, וועלכע האבן צוזאמען מיט איר אין יאר 1914 געענדיקט די לאדזשער רוסישע גימנאזיע - לאלא דובאווסקא און העלא סאראנטשיק.ביידע חברטעס האבן זיך פארשריבן אויפן דענטיסטישן פאקולטעט. זיי האבן זיך אויפן אוניווערסיטעט באקאנט מיט לאדזשער בחורים און יעדע פון די דריי מיידלעך האט זיך אויסגעקליבן איר "סימפאטיע". נאכן סוף פון דער דייטשער אקופאציע, האבן די חברטעס באוויזן צו ענדיקן זייערע סטודיעס, מיין שוועסטער ווידער, האט נישט באוויזן צו ענדיקן, ווייל איר בחור - זאלעק פאגעל - האט אין דער צווישנצייט געמוזט פארלאזן פוילן, מחמת ער האט געוואלט אויסמיידן דאס מיליטער-דינסט, און איז אוועק פריער קיין טשעכיען און שפעטער קיין פאריז, ווו ער האט שטודירט ארכיטעקטור. זיי האבן צווישן זיך געפירט א קארעספאנדענץ און סוף באשלאסן, אז מיין שוועסטער, זאל קומען קיין פאריז, ווו זיי וועלן חתונה האבן. און אין פרילינג 1922, איז זי געפארן צו אים קיין פאריז. מ'האט איר געמאכט אין דער שטוב פון מיינע עלטערן א שיינעם געזעגנונגס-אוונט, א יום טוב, וואס די מאמע האט איר צוגעגרייט.

לערנען אין פאריז און אויסהאלטן א פאמיליע,ווער זאגט
נאך,ווען אין א יאר-צוויי ארום איז צוגעקומען א קינד,איז
זיי נישט לייכט אנגעקומען. גאנץ אפט פלעגן מיינע עלטערן
זיי ארײנשיקן א גרעסערע,אדער א קלענערע סומע געלט און
אויך אויף הוצאות,כדי זי,פאלא,מיטן קינד,זאלן קומען אויף
זומער צו גאסט קיין לאדזש.

אין יאר 1929,ווען איך בין געווען ביי מיין פעטער סאלא-
מאן פאזנאנסקי אין באד הארצבורג,אין דייטשלאנד,בין איך
ארײנגעפארן צו מיין שוועסטער אין פאריז. זיי האבן געוווי-
נט אין לאטײנישן קווארטאל,אין א זייער באשיידן דירהלע.
דער שוואגער האט שוין דעמאלט געהאט געענדיקט דעם " עקאל
דע באזארט" און האט אלס ארכיטעקט געארבעט ביי א גרויסער
ארכיטעקט-אונטערנעמונג. די פארדינסטן זענען געווען באגרע-
נעצטע. זיי זענען אבער געווען צופרידן,האבן זיך שוין דארט
געשאפן א סביבה; מיין שוועסטער האט באזוכט קורסן אין דער
סארבאנע.

אין פראנקרייך,האט מיין שוואגער נישט געקענט ארבעטן אלס
א זעלבסטשטענדיקער ארכיטעקט,האט ער געארבעט ביי יענעם. ער
האט אנטײלגענומען אין פארשידענע קאנקורסן ,און אזוי ביזן
סוף יאר 1934,ווען מיין פעטער מנחם פאזנאנסקי פון ישראל,
האט זיי ארײנגעשיקט אפידייוויטן,זענען זיי אריבערגעפארן
אהין. אין ישראל האט מיין שוואגער,נאך מיט א לאדזשער אר-
כיטעקט,געשאפן אן ארכיטעקטן-ביורא און צו ביסלעך זיך איינ-
געארבעט און שיין פארדינט. בינו לבינו איז אויסגעבראכן די
מלחמה פון 1939. אויך אין ישראל האט זיך געפילט די מלחמה.
ארבעט איז געווארן ווינציקער,האט מיין שוואגער אנגענומען
א פאסטן אלס ארכיטעקט אין דער שטאט-פארוואלטונג אין תל-
אביב. ער האט זיך ספעציאליזירט אין שפיטאל-בוי. ער האט
געארבעט גאנץ אינטענסיוו און איז געווען צופרידן. ער האט

זיך געקויפט א באקוועמע דירה,ביים דיזנהאף-צירקל. דער יונגל האט באזוכט די שולע און האט זיך אנטוויקלט נארמאל. מיין שוועסטער האט נאך אין פאריז געהאט אן אקצידענט מיט אן אויטא און עס איז איר פארבליבן א וויטאק אין א קני. אלס מיידל,איז מיין שוועסטער געווען זייער א שיינע,אבער שפעטער האט דאס שווערע לעבן אין פאריז,ווי אויך אין ישראל,זיך שטארק אפגערופן אויף איר,אויף איר גאנצן אויסזען. זי פלעגט זיך זייער באשיידן אנטאן,די האר געטראגן מיט א שרינט און ווען מיר זענען אין יאר 1958 געווען אין ישראל,האב איך אויף איר שוין נישט אנגעטראפן קיין סימן פון איר אמאליקער שיינקייט און גראציעזקייט. זי האט געלייענט א סך און אין פארשידענע שפראכן. געווען באהאוונט אין ליטעראטור,מוזיק, מאלעריי-קונסט.

..................

די צווייטע שוועסטער מיינע,בערטא,איז געווען מיט פינף יאר יינגער פון מיר,איז געווען גאר ענלעך צו מיר,סיי אין אויסזען,סיי אין כאראקטער; דאסזעלבע אויך מיין יינגערער ברודער,מארקוס (מארעק). בכלל זענען מיר אין שטוב געווען צוויי טיפן. חוץ מיין שוועסטער פאלא,וואס איז אין אויסזען געווען ענלעך צו מיין טאטן,זענען מיר,די רעשט קינדער,ענלעך געווען צו דער מאמען. אבער אין כאראקטער בין איך,בערטא און מארקוס,געווען גאנץ אנדערש,ווי ארנאלד,זיגמונט און סאניא. אינטערעסאנט,אז מיר דריי, האבן פון דער יוגנט אן, געהאט שטרעבונגען אלטרואיסטישע,געהאט נייגונגען צו געזעלשאפטלעכע פראבלעמען,געליטן אויף דעם אזוי גערופענעם וועלטשמערץ. אויך זענען מיר דריי געווען מער עקספולסיוו,פילבארער אויף ליידן. די אנדערע דריי ( צו זיי האט מען,אין א געוויסער מאס, אויך געקענט צורעכענען פאלאן ) זענען געווען מער עגאיסטישע טיפן,כמעט אן אינטערעס פאר אלגעמיינע פראב-

לעמען; מיר דריי זענען געווען טיפן ערנסטע,זיי -לייכטע.
אלע קינדער האבן באקומען מיטעלע בילדונג: די ערשטע דריי
- ביי דער צארישער ארדענונג,די לעצטע פיר- האבן די שולן
געענדיקט שוין ביי דער פוילישער ארדענונג.

ווי איך האב שוין דערמאנט אין אנהייב,האבן אונזערע על-
טערן אונדז געגעבן א פולשטענדיק פרייע דערציונג,אן קיין
שום שפורן פון רעליגיעזער צוגעבונדנקייט,אדער השפעה.אויך
די טראדיציאנעלע יידישע דערציונג איז אונדז געגעבן געווא-
רן אין א שוואכער פארם,אויפן שפיץ מעסער. - מיר האבן זיך
נישט אסימילירט,ווייל מיר האבן זיך שטענדיק געפונען אין
א יידישן קרייז (אפילו אין די שולן,ווו עס זענען געווען
אויך קריסטן.)

אין דעם צייטונגס-געשעפט פון מיין טאטן,האט מען גערעדט
צו טאן,פון איין זייט,מיט יידישע גאזעטן,זשורנאלן און,פון
דער צווייטער זייט - מיט קערנדיקע יידישע מענטשן -צייטונגס
פארקויפער פון דער גאנצער פוילישער פראווינץ מיט זייערע
דיאלעקטן און געווויינהייטן. די גאס,די שטוב - אומעטום האט
מען געהערט יידיש,און דאס איז ביי אונדז,ביי די קינדער,גע-
בליבן איינגעבאקן אין גאנצן ווען ( ביי די עלטערע מער,ביי
די יינגערע -ווייניקער.). פארשטענדלעך,אז אויך דער זיידע,
די באבע, די פעטערס און אנדערע קרובים,ווי אויך די גאנצע
סביבה - חברים,פריינט,די יידישע גאס אין דעם קאמפאקטן
יידיש-יידישן לאדזש, האבן צוגעטראגן און באווירקט,אז מיר
זאלן בלייבן,דאס וואס מיר זענען. - נישט געקוקט אויף דער
פרייער דערציונג,וואס מיר האבן באקומען,זענען מיר אלע קינ-
דער,אן אויסנאם,געבליבן קערנדיקע יידן.

בערטא איז געווען דער ליבלינג פון דער גאנצער משפחה.
זי איז געווען די רעכטע האנט ביי דער מאמען און אויך איר
שטענדיקער בעל-יועץ. זי האט זיך גוט געלערנט. אנגעהויבן

די שולע האט זי נאך אין די צארישע צייטן,זי האט געלערנט אין דער גימנאזיע פון יאשונסקא-זעליגמאן,און שפעטער,אין די פוילישע צייטן,האט זי געענדיקט די גימנאזיע פון י.אב. דערנאך איז זי געפארן קיין ווארשע אין אוניווערסיטעט אויפן נאטורוויסענשאפטלעכן פאקולטאט. זי האט אים אבער נישט פארענדיקט. זי האט אנגענומען א פאסטן אין דער לאדז-שער בונדישער מעדעם-שול,ווו זי האט געלערנט מיט די קינדער פון די העכערע קלאסן נאטור-וויסנשאפט און געאגראפיע. זי איז אין דער שולע געווען שטארק באליבט סיי פון די שילער, סיי פון פערסאנאל. זי האט געפירט די שילער אויף אויספלוגן אין די אינטערעסאנטסטע ערטער פון פוילן. זי פלעגט אויך געבן דעם טאן ביים ארגאניזירן חלמידים-טעאטער-פארשטעלונגען און עפענטלעכע ארויסטרעטונגען ביים שלוס פון שול-יאר.

א קליינע צאל פון אירע שילער האבן זיך געראטעוועט,און זיי דערמאנען ביי יעדער געלעגנהייט זייער באליבט לערערין, בערטא ווינאגראד. איר שילערין - לילקע גוטקעוויטש-מייזנער (איצט אין לאס-אנדזשעלעס) - האט בערטאן אין דעם בוך "פון די אומגעקומענע "צישא" -לערער",געווידמעט א הארציקע דער-מאנונגס-שריפט. אויך,אירע שילער,יצחק ליפסקי און שמואל לעווין (איצט,אין ארגענטינע) דערמאנען בערטאן מיט גרויס פארערונג און ליבשאפט.

בערטא,האט זיך אבער איר אייגן פאמיליען-לעבן נישט גע-שאפן,און די מאמע האט געהאט גרויס עגמת נפש,וואס זי האט נישט חתונה געהאט. לויט דער מאמען ,איז בערטא געווען א שטערונג,אז די יינגערע ברידער-שוועסטער,זאלן זיך שאפן זייער אייגן לעבן. די מאמע פלעגט טעהנען מיט איר וועגן דעם, האט זי איר חמיד געענטפערט - זאל די רעשט קינדער נישט ארן, וואס איך קען בלייבן אן עלטער מיידל,איך שטער קיינעם נישט.

מ׳האט זי אבער שטארק ליב געהאט אין דער שטוב און מ׳האט גע-
ווארט. איז דער מאמען איינגעפאלן א געדאנק - זי וועט בער-
טאן שיקן קיין ישראל צו איר ברודער מנחם,אפשר וועט זי דארט
טרעפן איר באשערטן און דערווייל וועלן אפשר חתונה האבן די
ייננערע. דערהויפט האט זיך געהאנדלט־וועגן דער יינגסטער
שוועסטער,סאניא.

מנחם האט מיט גרויס חשק איינגעלאדן בערטאן צו זיך קיין
ישראל,און זי איז אין די ערשטע דרייסיקער יארן,געפארן אהין.
דאס דארטיקע לעבן איז איר נישט געפעלן,אויך דער קלימאט האט
איר נישט געדינט,און זי איז נאך 15 חדשים צוריקגעקומען א
היים. מ׳האט זי גערן צוריק אריינגענומען אלס לערערין אין
דער מעדעם-שולע. זי האט אויך אין דער פרייער צייט מיטגע-
האלפן אין דעם צייטונגס-געשעפט פון טאטן.

מיין יינגסטע שוועסטער -סאניא- איז געווען א געראטן מיי-
דל,א לאכערקע,א שטיפערקע,האט געהאט א גרויסן קרייז שול-
חברטעס,מיט וועלכע זי פלעגט ארויסגיין פארברענגען,טאנצן.זי
האט געוואלט חתונה האבן און פארלאנגט פון דער מאמען מ׳זאל
איר רעדן א שידוך. אבער,ווי דערמאנט,איז איר בערטא געשטא-
נען אין וועג. ווען בערטא איז אוועקגעפארן קיין ישראל,איז
די מאמע נאכגעקומען סאניאס ווילן און סוף 1936 האט זי חתונה
געהאט מיט א ווילן,סימפאטישן בחור,מיעטעק לעווענבערג,פון
אן אלט איינגעזעסענער יידיש-פוילישער פאמיליע פון קאלא-קא-
נין. ער איז געווען אן אנגעשטעלטער; אויך מיין שוועסטער
האט געארבעט אויף א פאסטן,אבער נאך דער חתונה האט זי געאר-
בעט אין געשעפט פון טאטן און באקומען דארט געהאלט.

מיינע ברידער - ארנאלד,מארקוס און זיגמונט

מיין עלטערער ברודער,ארנאלד,איז געווען מיט א יאר און
א האלב עלטער פון מיר. ווי דער בכור,איז ער לאנגע יארן

געווען דער ליבלינג פון טאטע-מאמע. איך פלעג נישט איינמאל ארויסווייזן מיין אומצופרידנקייט צוליב דער דיפערענץ אין דער באציונג, וואס מ'פלעגט צוטיילן אים, אין פארגלייך מיט מיר. ער איז טאקע געווען לעבעדיקער, רירעוודיקער פון מיר. אויפן הויף, צווישן די קינדער, איז ער געווען דער שטענדי-קער רעדל-פירער. איך בין געווען א געלאסענער, מער סענסיטיוו, פילעוודיקער פון אים. אין די שפעטערדיקע יארן, ווען מ'איז שוין געגאנגען אין די שולן, האט ער ליב געהאט צו גיין אין טאנץ-זאלן, פארברענגען מיט מיידלעך, שפילן אין קארטן; איך בין אוועק אויף ערנסטע וועגן, עס האבן מיך אינטערעסירט וועלט-פראבלעמען, געליטן אויף וועלט-שמערץ.

ער האט חתונה געהאט נאך אין דער צייט פון דער ערשטער מלחמה. שפעטער, שוין ביי די פאליאקן, איז ער אריין ארבעטן אין געשעפט פון זיין שווער (ראזענטאל), וואס האט געהאט א פאבריק פון דאמען-וועש, ווו עס האט מיטגעארבעט כמעט זייער גאנצע צאלרייכע משפחה: ברידער, שוועסטער, איידעמס. מיין שווע-גערין לאטשא (לאה), האט געענדיקט א פוילישע פענסיע. דאס איז געווען א טיפישע פויליש-יידישע שטוב, נישט קיין רעליגיעזע, (א פאסטעמפאווע, ווי מ'האט דאס גערופן).

מיט דער צייט, זענען ביי זיי געבוירן געווארן דריי קינ-דער: צוויי מידעלעך - אירענע און סטעפא, און א יינגעלע, וואס איז געשטארבן נאך אלס 10 חדשימדיק קינד.

ווי עס איז דער שטייגער, האט מיין ברודער ארנאלד, זיך דערנענטערט צו דער פאמיליע פון זיין פרוי, אבער אינגאנצן האט ער זיך נישט דערווייטערט פון אונדזער שטוב; ער פלעגט קומען צום טאטן אין געשעפט אויף א פאר שעה אינדערפרי.

נאך מיין צוריקקומען פון דאמביע, בין איך געווארן דער הויפט בעל יועץ ביים טאטן אין געשעפט, ווי אויך ביי דער מאמען - אין פאמיליען-ענינים. הגם איך האב שפעטער געפירט

מיינע אייגענע געשעפטן, פלעג איך אבער שטענדיק באגלייטן דעם טאטן אין זיינע געשעפטס-רייזעס קיין ווארשע.

..................

דער ברודער מארקוס (מארעק), געבוירן אין יאר 1903, האט פון קליינערהייט אן געהאט אן אפענעם קאפ, האט שטארק ליב געהאט אלערליי ווערקצייג. מ'האט אים שוין ביי די 4-5 יאר געמוזט קויפן א העמערל, א צווענגל, א זעגל, דראט, שרויפן און... ער האט געמייסטרעוועט, געקלאפט, געבויט.
שוין ביי דער פוילישער מאכט, האט ער געענדיקט טולינס האנ-דלס-שולע; איז שפעטער אנגעקומען אין דער ערשטער טעכנישער טעקסטיל-שול, וועלכע ער האט פארענדיקט מיט אן אויסצייכענונג, אלס טעקסטיל-טעכניקער.

אין יאר 1922, איז ער געגאנגען, פאר דער צייט, דינען אין דער פוילישער ארמיי. אויף צו דינען ווייניקער, איז ער אריינ-געטרעטן אין דער פאדכאראזשעסקע. דארט האט מען געדינט נאר איין יאר און פארענדיקט אלס רעזערוו-אפיציר. (דעמאלט האט מען נאך דערלאזט דערצו, אז יידן זאלן ווערן אפיצירן אין דער פוילישער ארמיי).

נאכן פארענדיקן דאס מיליטער-דינסט, איז ער אנגעקומען אלס טעקסטיל-טעכניקער אין דער גרויסער ווידזעווער טעקסטיל-פאבריק "ווידזעווסקא מאנופאקטורא" (פון אסקאר קאן), וואס האט געבראכט פון ענגלאנד א נייע שפינערייי, מיט איבער 150 מאשינען. עס זענען מיטגעקומען א צענטליק טעכניקער, וואס האבן געדארפט מאנטירן די מאשינען; זיי האבן רעקאמענדירט, אז מ'זאל זיי צוגעבן א צאל היימישע, יונגע טעכניקער. אויך מיין מארעק איז געווען צווישן זיי. ווען אלץ איז שוין גע-ווען אין ארדענונג, זענען די אויסלענדער צוריקגעפארן און די אייגענע טעכניקער האבן איבערגענומען די טעכנישע לייטונג איבער די נייע מאשינען.

מארעק האט זיך פאראינטערעסירט מיט דער פארשפרייטונג פון דער עספעראנטא-שפראך. ער איז געווארן אן אפטער ארייג-גייער אין דער עספעראנטא-געזעלשאפט. ווען עס האט זיך דארט אריינגעכאפט פאליטיק, און עס האט זיך געשאפט א "לאבאר-פראק-ציע", איז ער געווארן אן אנהענגער פון דער פראקציע.

יעדע יאר פלעגן פארקומען צוזאמענפלוגן פון די מיטגלידער פון דער עספעראנטא-געזעלשאפט, און יעדעס מאל אין אן אנדער לאנד, פלעגט מיין מארעק פארן אויף די צוזאמענפארן און דער-ביי זיך באקאנט מיט פארשידענע אייראפעישע גרויסע שטעט.

אין שכנות, ווו מיינע עלטערן האבן געוווינט, טיר אנטקעגן א טיר, האט געוווינט א פאמיליע -קאזאק. מיט זייערס א טאכ-טער, בעלא, וואס איז געווען א חברטע מיט מיין שוועסטער סאניא, האט מארעק שטארק סימפאטיזירט. זי איז דערווייל אוועקגעפארן שטודירן באקטעראלאגיע קיין שטראסבורג (פראנקרייך). האט ער געווארט און אין יאר 1937 האבן זיי חתונה געהאט, זי האט באקומען א פאסטן אלס דאקטאר-ביאלאג אינם גרויסן מאשטשיצקי-שפיטאל אין לאדזש. מארעק האט נאך פריער פארלאזט דעם פאסטן אלס טעקסטיל-טעכניקער, און צוזאמען מיטן יינגערן ברודער, זיגמונט, געעפנט אן אפטיילונג פון מיין טאטנס געשעפט. דאס נייע געשעפט האט זיך פארנומען מיט דער פארשפרייטונג פון בלויז פוילישע און אויסלענדישע אויסגאבעס. די יידישע אויס-גאבעס זענען, ווי פריער, געבליבן ביים טאטן. און בערטא און סאניא, ווי אויך מיין עלטערער ברודער, ארנאלד, מיטן געבליבע-נעם פערסאנאל, האבן אים מיטגעהאלפן. ביידע געשעפטן האבן געגעבן גוט פרנסה פאר דער גאנצער משפחה. איך בין געווען בלויז א בעל יועץ ביים טאטן.

דעם 15-טן יאנואר 1940, איז ביי מיין ברודער מארעק גע-בוירן געווארן א שיין מיידעלע - אילאנא. די דייטשן זענען שוין דעמאלט געווען אין לאדזש.

דער יינגסטער ברודער מיינער,זיגמונט,איז געווען יינגער פון מארעקן מיט צוויי יאר. אויך ער האט געענדיקט די טולין-האנדלס-שולע. א וווילער און סימפאטישער בחור. ער איז געווען אלע יארן די רעכטע האנט פון טאטן אין זיין ציייטונגס-אונטערנעמונג. געהאט א גוטע אריענטאציע אין געשעפט און די צייטונגס-פארקויפער האבן אים ליב געהאט. ער האט חתונה געהאט אין זעלבן יאר,וואס מארעק,מיט א טאכטער פון אונדזערס אן אלטן באקאנטן,מיט א דענטיסטקע,רעלא פעפער.

איצט,איז אין שטוב פון מיינע עלטערן געבליבן בלויז בערטא. די מאמע האט שטארק געליטן דערפון,אבער געהאט אין איר א געטרייע,גוטע און איבערגעגעבענע נשמה.בערטא איז געווען די גוטסקייט אליין.

איך האב מיט פרייד און נאסטאלגיע זיך אפגעשטעלט לענגער אויף דער הארציקער און געמיטלעכער שטוב פון מיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער. מיר וועט נאך אויסקומען אין די ווייטערדיקע קאפיטלען,צו דערמאנען און פארצייכענען די שפעטערדיקע גורלות זייערע. - און איצט וועל איך מיך אומקערן צו מיין פערזענלעכן לעבן,נאכן געבורט פון מיין ערשטן זון.

## דיווירטשאפטלעכע קאניונקטור אין נייעם פוילן

עס האט זיך געשטעלט אין לאנד א גוטע ווירטשאפטלעכע קאניונקטור. די טעקסטיל און אנדערע אינדוסטריען האבן אנגעהויבן נארמאל צו ארבעטן. די ארבעטסלאזיקייט האט זיך סיסטעמאטיש ליקווידירט. פוילן האט זיך אויסגעשפרייט אין אירע גרעניצן,ס'זענען צוגעקומען די פויזנער און פאמערן-געביטן,ווי אויך מערב און מזרח-גאליציע. אויך טיילן פון ליטע און ווייס-רוסלאנד,און מיט דעם איז אויך דער אפזאץ-מארק געווארן א גרעסערער. וואס שייך דער לאדזשער טעקסטיל-אינדוסטריע,האט זי נישט געהאט מער די גוואלטיק-גרויסע עקספאנסיע-מעגלעכ-

קייטן,ווי אין אמאליקן רוסלאנד. דער רוסישער מארק איז גע-
ווארן,זייט די באלשעוויקעס זענען געקומען צו דער מאכט,הער-
מעטיש פארמאכט,אבער צוליב די מלחמה-יארן,האט נאך געגומען
א שיינע פאר יאר ביז דאס נייע פוילן איז אנגעזעטיקט געווא-
רן. עס איז אויך צוגעקומען א גרויסער פראדוציר-צענטער פון
טעקסטיל-אויסארבעטונגען אין ביאלא-ביעלסקא,אין גאליציע,
וואס האט פראדוצירט בעסערע וואלענע שטאפן; אויך די ביאליס-
טאקער טעקסטיל-אינדוסטריע פון ביליקערע וואלענע שטאפן,האט
זיך צוגעפאסט צום נייעם פארברויכס-מארק. פארשטענדלעך,אז
צוזאמען מיט דער טעקסטיל-אינדוסטריע האט אויפגעלעבט אויך
דאס גאנצע ווירטשאפטלעכע לעבן אין דער שטאט,ווי אויך אין
דער גאנצער ארומיקער געגנט,וואס איז שטענדיק געווען א טייל
פון דער לאדזשער אינדוסטריע. כ'מיין אזעלכע שטעט און שטעט-
לעך ווי זגערזש,פאביאניץ,בעלכאטאוו,זדונסקא-וואלא,טאמאשאוו-
מאזאוויעצק א.א.

דערווייל האט זיך אנגעהויבן דער אינפלאציע-פראצעס אין
לאנד. דער זלאטי,האט אנגעהויבן צו פאלן. אין א גרויסער מאס
איז דאס געווען אן אפקלאנג פונעם גוואלטיקן פאלן פונעם דויי-
טשן מארק,וואס האט דארט אנגענומען א קאטאסטראפאלן כאראק-
טער. די אינפלאציע אין פוילן,האט,וואס אן אמת, שטארק אויפ-
געלעבט דעם גאנצן האנדל און אינדוסטריע אין לאנד;די פרייזן
זענען געשטיגן אן א מאס און אן א קאנטראל. אבער די פארדינ-
סטן און די לוינען האבן פון טאג צו טאג פארלוירן זייער
ווערט. איך האב יעדע פאר חדשים פארלאנגט ביי מיין באלעבאס
צו העכערן מיר דאס געהאלט. אין דער זעלבער צייט,האט ער מיר
איבערגעגעבן די פירונג און פאראנטווארטלעכקייט פאר דער אד-
מיניסטראציע פון געשעפט. איך בין געווארן זיין פארטרעטער
(פראקוריסט),מיטן רעכט אליין אונטערצושרייבן אלע טשעקן,
וועקסלען,דאקומענטן אין נאמען פון דער פירמע. אין א פאר

חדשים ארום האט ער מיר אויך געשאנקען דעם חוב פון די עטלע-
כע הונדערט דאלאר,וואס ער האט מיר אויסגעליען צו דער דירה.
איך האב אנגעהערט צום האנדלס-אנגעשטעלטן פאראיין און גע-
זארגט דערפאר,אז אלע הוספה-פאדערונגען,וואס דער פאראיין
האט ארויסגעשטעלט פאר די פערסאנאלן,זאלן גלייך אנגענומען
ווערן דורך מיין באלעבאס.

איך האב געהאט פארשידענע פארשלאגן פון סוחרים,איך זאל
צוטרעטן אלס א שותף צו ענלעכע האנדלס-אונטערנעמונגען,אבער
די באציונג פון מיין באלעבאס צו מיר און דאס נאכקומען מיי-
נע עקאנאמישע פאדערונגען,האבן מיך צוריקגעהאלטן פון צו
ווערן זעלבסטשטענדיק. איך האב נאר אפגעמאכט מיין געהאלט
אין א פעסטער וואלוטע - אין דאלארן,אויף צו פארשפארן יע-
דע פאר חדשים צו פארהאנדלען מיטן באלעבאס,וועגן העכערן
דעם געהאלט.

האט זיך אונדז טאקע אין יענער צייט גוט געלעבט. ביסלעכ-
ווייז,האבן מיר אין שטוב אריינגעקויפט נייע זאכן,שענער
מעבל,בלדער,זיך באקליידט און באנייט. כ'האב מיר אריינגע-
שטעלט א שיינע און רייכע ביבליאטעק. מיר זענען געפארן אויף
זומער-וווינונגען,אין שיינע און גוטע פענסיאנאטן,אויפגע-
נומען געסט,געגאנגען אויף קאנצערטן,טעאטער און אויף אלער-
ליי קולטור-אונטערנעמונגען. אזוי איז געפלאסן אין פרייד
און הארמאניע אונדזער פאמיליע-לעבן. אונדזער יינגעלע,לעאן
(לאלעק) האט זיך אנטוויקלט געזונט און נארמאל און האט או-
נדז דאס לעבן געמאכט זיסער און אנגענעמער.

מיט אמאל בין איך קראנק געווארן אויף א שווערן אישיאס
כ'בין געגאנגען איינגעבויגן און געליטן גרויסע ווייטיקן
און נישט געקענט זיך אויסגלייכן. ווי דער דאקטאר האט מיר
געזאגט,איז דאס מיר געבליבן פון די מלחמה-יארן,ווען כ'בין
געלעגן א לאנגע צייט אין פייכטע בונקערס (בלינדאזשן).

איך דערמאן דאס צוליב דעם,ווייל זייענדיק אין שטובקנא-
פע פיר וואכן האב איך באוויזן זיך צו באקענען מיט דער יידי-
שער געשיכטע,מיט וועלכער איך בין געווען ווייניק באקאנט.
זי איז מיר נעענטער געווארן נאכדעם,ווען איך האב געליינט
גרעצן (אויף יידיש) און יאזאפוס פלאוויוסן (אין פויליש),
איבערזעצט דורך דעם משומד נויווערט-נאוואטשינסקי,מיט זיינע
גאנץ אינטערעסאנטע קאמענטארן. ווי געזאגט,זענען מיינע
יידישע געשיכטע קענטענישן געווען גאנץ שוואכע און איך האב
מיט גרויס נייגער געליינט און איינגעטראכט אין דער אלטער
יידישער געשיכטע. אין דער יידישער רעליגיע-שעה אין דער שו-
לע,האבן מיר געלערנט קיצורים פון שמעון דובנאווס "געשיכטע
פון יידישן פאלק" (אין רוסיש) און צום טיפסטן בין איך ערשט
אריינגעדרונגען אין דער יידישער געשיכטע שפעטער,אין ארגענ-
טינע,ווען כ'האב איבערגעליינט די 10 בענד פון דובנאווס
"יידישער געשיכטע",וואס איז דערשינען אין דעם ארגענטינער
אפטייל פון אלוועלטלעכן יידישן קולטור-קאנגרעס.

איך קום צוריק צו מיין פארטיי-טעטיקייט. איך מוז אנער-
קענען,אז איך בין געווארן ווייניקער אקטיון אין דער פארטיי
און דאס פשוט צוליב דעם,וואס איך האב ביי מיר נישט געקענט
פועלן,אז איך זאל מיטגיין מיט דער שטעלונג פון אונדזער
פארטיי צו די פראבלעמען פון 3-טן אינטערנאציאנאל,אפילו
נישט מיט דער צענטער-גרופע,וואס ערליך,אלטער,נח און אנדערע
חברים,האבן רעפרעזענטירט אין דער פארטיי. אבסערווירנדיק
די געשעענישן אין סאוועט-רוסלאנד,בין איך נאך מער ביי זיך
געווארן אן אנטשיידענער קעגנער פון דעם דארטיקן פארפירע-
רישן סיסטעם און עס האט מיר שטארק וויי געטאן די רייזע פון
ח'אלטער קיין מאסקווע און זיינע אונטערהאנדלונגען מיטן קא-
מינטערן,וועגן 21 און 23 פונקטן פונעם אריינטריט-רעגולאמין.

איך דערמאן מיך, אז אויף א פארזאמלונג פון האנדלס-אנגע-שטעלטן-פאראיין, אין וועלכן איך בין געווען א פארוואלטונגס-מיטגליד, האט איינער, א גאנץ אקטיווער חבר כאנאווסקי, פארגע-לייגט צו באגריסן די אנפירונג פון דריטן אינטערנאציאנאל (דער שפעטערדיקער קאמינטערן) און ווינטשן איר דערפאלג אין אירע באמיונגען צו פאראייניקן דעם גאנצן וועלט-פראלעטאריאט. איך האב געהאט דעם קוראזש, צוזאמען מיט נאך עטלעכע חברים, אויף דער פארזאמלונג עפנטלעך צו שטימען קעגן דעם פארשלאג. כאנאווסקי האט מיין האנדלונג צוגעטראגן צום פארטיי-קאמיטעט, און דער סעקרעטאר -שלמה איטשע ראווין- האט מיך געווארנט, אז מ'וועט מיך אין דער צוקונפט אויסשליסן פון דער פארטיי פאר דיסציפלין ברוך.

איך וויל נישט זאגן, אז איך האב מיך אנטוישט אין די הויפט-פרינציפן פון דער פארטיי; כ'האב ווייטער געטראגן די פליכטן פון א פארטיי-מיטגליד, אונטערשטיצט זי מאטעריעל, אבער א שיינע פאר יאר נישט געווען אקטיוו אין דער ארגאניזאציע.

מיין פאמיליע פארגרעסערט זיך; איך ווער א זעלבשטענדיקער סוחר

איך האב איצט מער צייט אפגעגעבן פאר מיין פריוואט-לעבן, פאר מיין פרוי און קינד. געלייענט א סך. אין יולי 1924 ווערט ביי אונדז געבוירן א צווייט יינגעלע. מיר האבן אים א נאמען געגעבן -אלעקסאנדער. דאס קינד איז געבוירן געווארן אין שטוב, נישט אין קיין קליניק. מיר האבן געהאט א באקאנטע אקושערקע, די פרוי פון מיינעם א שול-חבר, סטערליץ. מיין פרוי האט די גאנצע צייט פון דער שוואנגערשאפט זיך געפונען אין דער באהאנדלונג פון דער באקאנטער גינעקאלאגין רייטער-קוריאנסקא.

עס איז געבוירן געווארן א שיין יינגעלע. מיין פרוי האט אים אליין געניערט, מיר האבן אבער אנגעהויבן צו באמערקן, אז די אנטוויקלונג פונעם קינד גייט נישט צו נארמאל: ער לאכט

נישט,ער זעצט זיך נישט. פיזיש האט ער זיך גוט אנטוויקלט, אבער גייסטיק נישט אזוי,ווי מ'דארף. זענען מיר געגאנגען צו א גרויסן דאקטאר,א פרוי,א ספעציאליסטקע פון קינדער-קראנק-הייטן -פרענקלאווא- . איר דיאגנאסטיק איז געווען,אז דאס קינד איז א ס פ א ס ט י ש . מיר זענען געווען צעבראכן. און האבן אנגעהויבן נאכצוטראכטן וועגן די סיבות פונעם גע-בורט פון א נישט נארמאל קינד. די דאקטארין האט אונדז גע-זאגט,אז עס איז נישט אויסגעשלאסן, אז די שולד טראגט די אקושערקע,וואס האט ביים אפנעמען דאס קינד אים געגעבן,אומ-פארזיכטיקערהייט,א קוועטש אין אן ארט פון קעפעלע,וואס האט געקענט ארויסרופן די ספאסטישע קראנקהייט. די דאזיקע קינדער אנטוויקלען זיך זייער שווער; ערשטנס זענען זיי געליימט,פא-ראליזירט, רעדן זייער שווער,כמעט אומפארשטענדלעך,ווייסן נישט פון קיין גרימאסן,לאכן נישט; פארדייען שווער דאס עסן, קאנטראלירן נישט דעם מאגן און אורין-בלאז.

מיר האבן זיך מיט אונדזער קראנק יינגעלע אנגעמאטערט אנ-דערטהאלבן יאר. - דאס עלטערע קינד האט זיך צוגעקילט,און מיר זענען מיט זיי ארויסגעפארן אויף א זומער-וווינונג הינ-טער לאדזש. דארט האט דאס עלטערע יינגעלע באקומען א לייכטן קאקלוש,און דאס צווייטע קינד,דאס קראנקע,האט זיך אנגעשטעקט און איז אין א צוויי-דריי וואכן ארום שטיל אויסגעגאנגען.

די פרוי מיינע האט מיטגעקרענקט צוזאמען מיט אים. מיר האבן,וואס אן אמת,געהאט א דינסט-מיידל אין שטוב,אבער די גאנצע לאסט פונעם קראנקן קינד,איז געפאלן אויף דער מוטער. זי האט כמעט ווי פארגעסן אינעם עלטערן יינגעלע,איך ווידער בין געווען באשעפטיקט און ווייניקער צייט געקענט אוועקגע-בן די קינדער,האבן מיר דאס עלטערע קינד ארייגעגעבן אין א פרעבל-שולע.

מיט דער צייט האט זיך מיין פרוי בארויקט און מיר האבן

אנגעהויבן צו פירן א נארמאל פאמיליען-לעבן. מיר האבן גע-
טוישט די וווינונג,נעענטער צום צענטער,א גרעסערע,א באקווע-
מערע. עס האבן ווידער אנגעהויבן צו קומען צו אונדז פריינט,
חברים,באקאנטע און מיר פלעגן גיין צו זיי; מיר האבן אויך
באנייט אונדזערע באזוכן אויף קאנצערטן,טעאטער,קינא.
דאס לעבן האט זיך נארמאליזירט. און ווי פריער,האבן די
שבתים,פון נאכמיטאג און ביז שפעט אין אוונט,געהערט צו מיי-
נע עלטערן; ווי פריער,פלעגן ביי זיי זיך צוזאמענקומען שבת
בייטאג די אייניקלעך און אויף דער נאכט,צום אוונטברויט,
אלע קינדער.

מיר האבן נישט געוואלט בלייבן נאר מיט איין קינד,איז
טאקע דעם 9-טן סעפטעמבער 1927 געבוירן געווארן ביי אונדז
א שיין און געזונט מיידעלע. זי האט באקומען דעם נאמען יהו-
דית,נאך מיין פרויס מוטער (די רבצין). אט די דאזיקע טאכ-
טער מיינע איז מיר פארבליבן נאכן גרויסן חורבן,וואס מיר
האבן מיטגעמאכט. פון איר פארמאג איך צוויי גרעסערע אייניק-
לעך און צוויי אור-אייניקלעך. דאס איז מיין נחת און אנשפאר
אויף די עלטערע יארן.

....................

אבער נאך פאר דער געבורט פון דער טאכטער,שוין אין יאר
1925,בין איך געווארן א זעלבסשטענדיקער סוחר,בשותפות מיט
דעם איינקויפער,פרידמאן,מיט וועלכן איך האבן צוזאמען געאר-
בעט ביי יודעלעוויטשן.
מאקס יודעלעוויטש איז שוין געווען פארבונדן מיט נאך אנדע-
רע אונטערנעמונגען,אויך אין רוסלאנד,אין רומעניע און יוגא-
סלאוויע. מאכט זיך,אז דער לאדזשער שטייער-אמט "כאפט"אים
ביי א "זינד" און אים איינגעזעצט אויף עטלעכע טעג,האט ער
באשלאסן אויפצוגעבן די אונטערנעמונג זיינע,אין וועלכער מיר
זענען געווען באשעפטיקט.

איך האב מיט אים געהאט א קאנטראקט,אז אין פאל,ווען ער זאגט מיך אפ פון פאסטן,אדער ליקווידירט דאס געשעפט,דארף ער מיר אויסצאלן א גראטיפיקאציע,וואס האט אויסגעמאכט אזע-לכע פיר טויזנט דאלאר. ער האט זיך מיט מיר געדונגען,אבער אזוי,ווי ער האט מיך באדארפט האבן צו דער ליקווידאציע,זע-נען מיר אדורכגעקומען.

מיין שותף האט אויך געהאט אן אפגעשפארטן קליינעם קאפי-טאל און מיר האבן צוזאמען געשאפן א הורט-אונטערנעמונג פון וואלענע שטאפן,ענלעך צו דעם געשעפט פון אונדזער פריערדיקן באלעבאס. מיר האבן געדונגען א לאקאל אויף א ערשטן שטאק, אויף פעטריקאוואר 27 (שפעטער איבערגעגאנגען אין א גרעסערן לאקאל,אויף פעטריקאווער 16). מיר האבן באשלאסן אין הורט צו ארבעטן נאר אין די צוויי נייע פוילישע פראווינצן -פויזן און פאמערן,ווו די קונדשאפט איז געווען מער א סאלידע. מיר האבן אויך איינגעפירט א דעטייל-פארקויף און אנגעשטעלט דער-צו א פאר מענטשן. אונדזער אונטערנעמונג האט געהייסן "וולוק-נא קראיאווע".

דאס געשעפט האט געגעבן שיין פרנסה. מיר פלעגן יעדן זו-מער ארויספארן,אדער אין די בערג -קיין זאקאפאנע,אדער קיין קריניצע,פיווניטשנא,מושינא (אויפן פאפראד,אין גאליציע). צייטנווייז,אויך קיין טשעכאטשינעק,בוסק,שטשאווניצא (צוליב מיינע ארטרעטישע נאוויעניש פון דער צייט פון דער מלחמה).

ווען עס איז געקומען די צייט פון צו שיקן אונדזער זון, לעאנען,אין דער מיטל-שולע,האבן מיר אים פריער געשיקט אין דער "ספאלעטשנע גימנאזיע" (אין די נידעריקע קלאסן) און שפעטער אין דער "גימנאזיום פילסודסקיעגא",וואס איז אנגע-גאנגען פאר א נאך א בעסערע שולע. ער האט זיך גוט געלערנט און ארויסגעוויזן אינטערעס פאר מאטעמאטישע לימודים.

...............

## מיין טעטיקייט אין "ארט"

איך בין געווינט געווען צו געזעלשאפטלעכער ארבעט. אין דער פארטיי,אויך אין האנדלס-אנגעשטעלטן-פאראיין (ביז כ'בין געווארן זעלבסטשטענדיק),האב איך,ווי איך האב שוין פריער דערמאנט,צוליב ערנסטע פאליטישע מיינונגס-פארשידענקייטן, נישט געקענט זיין מער טעטיק.

איך האב צו יענער צייט געלייענט א פאר אפהאנדלונגען וועגן דער טעטיקייט פון "ארט". דאס איז געווען אנפאנגס 1925. מיינער א געשעפטס-פריינט,איינער שערשענאווסקי,וואס איז געווען א פארוואלטונגס-מיטגליד פון דער לאדזשער אפ-טיילונג פון "ארט",האט מיך רעקאמענדירט אהין; די צילן, וועלכע די געזעלשאפט האט זיך געשטעלט,האבן מיך שטארק פאר-אינטערעסירט,און איך בין זייט דעמאלט געווארן גאר אקטיוו אין דער טעטיקייט פון דער געזעלשאפט.

איך פלעג דארט קומען גאנץ אפט; אויסער אויף די וועכענ-טלעכע זיצונגען פון דער פארוואלטונג,פון וועלכער איך בין גיך געווארן א מיטגליד,פלעג איך קומען אויף די באזונדערע קורסן,וואס האבן מיך אינטערעסירט (אין די אווענטן).

אין לאדזש איז דער "ארט" געווען פאראינטערעסירט אויס-צולערנען און איבערפירן די יידישע וועבער פון האנט-וועבע-ריי צו דער מעכאנישער,ווי בכלל וועגן איבערפירן יידן פון האנדל-וואנדל און לופט-פרנסות,צו פראדוקטיווע פאכן און אר-בעטן. - מ'האט געדארפט די וועבער נישט נאר אויסלערנען ווי זיך אומצוגיין און ארבעטן אויף א מעכאנישן וועבשטול,נאר זארגן אויך דערפאר,אז דער אויסגעלערנטער וועבער זאל שפע-טער קענען ארייננקומען אין דער מיטעלער און גרויסער טעקס-טיל-אינדוסטריע,וווהין א גרויסער טייל פון די פוילישע אר-בעטער האט נישט צוגעלאזט יידישע ארבעטער צו דער דאזיקער ארבעט. דאסזעלבע איז געווען מיט די יידישע שטול-מייסטערס;

די שטול-מייסטערס זענען געווען וועבערס,וואס האבן באדינט טעכניש די מאשינען,צורעכטגעמאכט,ווען די מאשין האט שלעכט געארבעט א.א.וו. ענלעכעס איז פארגעקומען ביי די זאקן-מאשינען,שטריקער-מאשינען,צווירן-מאשינען א.א.

דער "ארט" האט איינגעקויפט די נייטיקע מאשינען און געלערנט אויף זיי די שילער,וואס זענען באשטאנען פון מענטשן אין פארשידענער עלטער,טיילווייז אויך אין לאנגע קאפאטעס און לאנגע בערד. מ'האט אויך געלערנט,אז באלעמאלאכעס זאלן זיך פערפעקטציאנירן אין זייערע פאכן,אזוי אין שניידעריי, קירזשנעריי,שלאסעריי א.א.; עס זענען אויך געווען ספעציעלע קורסן פאר פרויען-פאכן,ווי וועש-נייען,שטאפעריי און נופעריי (ביי טעקסטיל),מאניקור,הוטן-פוצעריי,האנט און מאשין-האפטן א.א.

חוץ די אלע פאך-קורסן האט "ארט"געשאפן א גרויסן וועבער-קאאפעראטיוו,וואס האט זיך געפונען אין סאמע הארץ פון באלוט, אויף באזארנע 5. דער קאאפעראטיוו האט געארבעט אויף לוין און באקומען ארבעט פון פארשידענע פאבריקאנטן ,וואס האבן נישט געהאט קיין אייגענע מאשינען.

אין אנפאנג פון דער געטא-צייט,האט רומקאווסקי אין דעם פאבריקס-לאקאל איינגעארדנט א שפיטאל; שפעטער,ווען מ'האט דעם שפיטאל איבערגעפירט אין א גרעסערער געביידע,איז אויף דעם ארט ארגאניזירט געווארן א מעכאנישע סטאלעריי,וועלכע איז אין יאר 1943 פארברענט געווארן און דער שרייבער פון די שורות,וואס איז דאן געווען דער פארוואלטער פון דער סטאלעריי, האט געהאט פון די דייטשן צו זינגעןאון צו זאגן.

די פארוואלטונג פון "ארט" איז באשטאנען פון 15 מיטגלידער.אלץ מענטשן מיט א געזעלשאפטלעכן סטאזש,דערביי מערסטנס אזעלכע,וואס זענען אין די יונגע יארן דורכגעגאנגען פאליטישע שולן -איינינקע פון זיי,געוועזענע ס.ס.(פאראייניקטע),

# מיינע ברידער און שוועסטער



בערטא, אומג. אין מײַדאַנעק



מאָרדכי, אומג. ?



סאָניע, אומג. אין אוישוויץ?



זיגמונט, אומג. אין טרעבלינקי



אַבֿרהם, שוואָגער־ישׂראל



פּאָליע, ישׂראל

## מיינע פעטערס:



חיים לייב בראנזאנסקי
באַסטיאַליש אומגעבראַכט דורך די דייטשן 1939



מנחם בראנזאנסקי, געשט. אין ישראל 1957



סאָלאָמאָן בראנזאנסקי, געשט. אין ישראל 1959

# מיין פרוי און אונדזערע קינדער



מיין פרוי מיט אונדזער זון לייזער



מיין פרוי, אלכה, אלס יונג מײדל





אונדזער זון לײזער, 15 יאָר אַלט
אומגעק. אין סאָבאָניעטשאָוואַ 1943 אונדזערע קינדער - זײַ אָן אַן ירושה

# משפחה-קברים אויפן לאדזשער בית-עולם


















יידישע געלטער פון לאדזשער געטא

# נאך דער מלחמה - א נייַ לעבן - ארגענטינע



מיין אייניקל - אַניקאַ!



מיין טאכטער
מיט איר משפחה



מיין אייניקל
אלעקסאנדער
מיט זיין כּלה · א

# נייע פו רות־אַרגענטינע



איין טאָכטער מיט אירע אייניקלעך –
איינע אור־אייניקלעך.

א צוויי פועלי-ציוניסטן און עטלעכע בונדיסטן -סאלאוועי, ראטנער,וועקסלער און איך. עס פלעגן קומען אויף א באזוך קיין לאדזש,צום "ארט" - דער ד"ר בראמסאן,דער פארזיצער פון "וועלט-ארט",דער ד"ר סינגאלאווסקי,דער ענערגישער לאנגיא-ריקער גענעראל-סעקרעטאר פון ארט,איינמאל איז אויך געקומען ב.וולאדעק פון אמעריקע,דער פארזיצער פון דארטיקן "ארט".

אויף צו פירן פינאנסיעל די טעטיקייט פון "ארט"פלעגן פארקומען יעדעס יאר זאמלונגען,און אזוי פיל וויפל ס'איז געזאמלט געווארן,פלעגט צוגעבן די צענטראלע פון "ארט". צו די זאמלונגען פלעגט קומען דער ד"ר באריס סוראוויטש. ער איז געווען אן אינטערעסאנטער מענטש און מיינער א פער-זענלעכער פריינט. איך וועל מיך שפעטער ברייטער אפשטעלן וועגן אים.

איך בין געבליבן דער איין-און-איינציקער לעבנסגעבליבע-נער פארוואלטונגס-מיטגליד פון לאדזשער "ארט". האב איך גע-פונען פאר וויכטיק צו לאזן אויפן פאפיר א שפור,א זכר פון דעם גאר אינטערעסאנטן פעריאד פון דער "ארט"-טעטיקייט אין לאדזש פאר די לעצטע 15 יאר פון פאר דער מלחמה. האב איך אנ-געשריבן א גרעסערע ארבעט וועגן דעם,און דורך מילמאנען,איז די ארבעטע מיינע אין יאר 1975 געקומען אין דער שווייץ צו דער צענטראלע פון "ארט". סוף חודש אויגוסט 1976 באקום איך מיטאמאל,א בריוו פון פראפעסאר ד"ר ש.חפות,פון תל אביבער אוניווערסיטעט,אין וועלכן ער שרייבט מיר,אז ער האט באקו-מען די אויפגאבע אנצושרייבן די געשיכטע פון "ארט" פאר די 100 יאר פון איר עקזיסטענץ,און די צענטראלע האט אים ארייג-געשיקט מאטעריאלן דערצו,און צווישן זיי אויך מיין ארבעט וועגן לאדזשער "ארט". ער דאנקט מיר,וואס ער האט פארטיק א טייל פון זיין ארבעט,און פרעגט מיך,צו איך האב נאך וואס צוצוגעבן.

די דאזיקע געשיכטע,איז אייגענטלעך.געווען פאר מיר אן אנרעגונגס-קראפט,איך זאל זיך אורעקזעצן,אנשטרענגען מיין זכרון און שרייבן,שוין ביי דער שקיעה פון מיין לעבן,מיין לעבנס-געשיכטע. גראדווי די "ארט-געשיכטע",קענען אמאל גע-וויסע געשעענישן,אין וועלכע איך האב גענומען א דיקערטן אנטייל,זיין א גוטער מאטעריאל פאר א היסטאריקער,וואס וועט זיין פאראינטערעסירט אין דער עפאכע.

## דער באזוך ביי מיין שוועסטער אין פראנקרייך

ווי שוין דערמאנט אין דעם קאפיטל וועגן מיינע פעטערס, בין איך אין זומער 1929 געפארן קיין באד-הארצבורג,אין דייט-שלאנד,צו מיין פעטער סאלאמאן פאזנאנסקי. איך האב אבער גע-וואלט אריינפארן אויך צו מיין שוועסטער,פאלא,קיין פאריז. אין ווארשע האט מיר דער פראנצויזישער קאנסול נישט געוואלט געבן קיין וויזע. זייענדיק אין באד-הארצבורג,האט מיר מיין פעטערס א באקאנטער געזאגט,אז אין קעלן,וואס געפינט זיך נאך אונטער דער פראנצויזישער אקופאציע,גלויבט ער,קען מען יא באקומען א וויזע קיין פראנקרייך. בין איך געפארן קיין קעלן.

איך בין אנגעקומען קיין קעלן א שבת פארטאגס. גאר נאענט פון דער באן-סטאנציע שטייט דער גרויסער קעלנער דאום (קלוי-סטער). וועגן דעם דאום האב איך שוין געהאט געלייענט,האב איך זיך איצט מיט אים געוואלט נאענטער באקענען. צייט האב איך געהאט,האב איך מיין וואליזקע געלאזט ביי דער באן און בין אריין אין קלויסטער. עס איז דא געווען שא-שטיל,עס זע-נען געווען דא גאנץ ווייניק דאווענערס. עס איז דא וואס צו באוואונדערן; דער קלויסטער איז אויך אינדרויסן אימפאנירנדיק.

עס איז געווען זיבן א זייגער אינדערפרי. עס האבן זיך באוויזן די ערשטע טראמווייען. עס האט זיך מיר געווארפן אין די אויגן,אז דא ליגן די עלעקטרישע דראטן צווישן די

שינעס (רעלסן) און די עלעקטרישע פארבינדונג געפינס זיך
אונטער דעם טראמוויי. - איך האב שפאצירט איבער די גאסן;
כ'האב זיך דערמאנט,אז אין קעלן איז א מאל געווען א יידי-
שער קווארטאל. האב איך מיך נאכגעפרעגט ביי א פאליציאנט
ווו דער קווארטאל געפינט זיך. דער פאליציאנט האט מיך,אוי-
פן דייטשן שטייגער,געשיקט רעכטס-לינקס א.א.וו. ענדלעך בין
איך צוגעקומען צום אנגעוויזענעם ארט. איך האב באמערקט
ארויסגיין פון א הויז צוויי יידן מיט בערד און פאות אין
ווייסע זאקן און שטריימלעך,און צוזאמען מיט זייע קינדערלעך
מיט פאות,אויפן גאליציאנער שטייגער. איך האב זיך געוואנדן
צו זיי אויף יידיש,האבן זיי מיך אפגעמאסטן פון קאפ ביז צו
פיס,און מן הסתם געזעען אין מיר,אז איך בין פון "יענע יידן"
האבן זיי מיך געלאזט שטיין און זיינען אוועק. כ'האב געזען
נאך א פאר יידן,אבער קיינעם מער נישט געטשעפעט.
די הייזער אין יענער געגנט זיינען געווען נידעריקע,אלטע,
זעט אויס,שוין פון לאנגע יארן צוריק.
עס איז שוין געווארן אכט א זייגער. א פאליציאנט האט מיך
אינפארמירט וועלכן טראמוויי איך דארף נעמען צום פראנצוי-
זישן אקופאציע-קאנסולאט. אין טראמוויי האב איך באמערקט,אז
אימיצער פון קעגנאיבער אבסערווירט מיך. ער האט דערקענט אין
מיר א יידן,האט ער זיך נעבן מיר אוועקגעזעצט און גענומען
אויספרעגן אויף יידיש פון וואנען איך בין,וואס טו איך דא
אאוו.; לאזט זיך אויס,אז ער איז א לאדזשער,און אז איך קען
זיין פאטער (שעראדסקי) ,וואס וווינט אויף איין הויף מיט
מיין ברודער. ווערט ער שוין היימישער מיט מיר,און זאגט
מיר,אז אויב מ'וועט מיר נישט געבן די אפיציעלע פראנצויזי-
שע וויזע,וווינט ער אינגאנצן צוויי בלאקס פון קאנסולאט,
זאל איך ארויפקומען צו אים און ער וועט שוין זען,וואס עס
זאל געטאן ווערן,אז איך זאל קענען פארן קיין פאריז.

איך בין אנגעקומען צום פראנצויזישן קאנסולאט און געט-
ראפן אינדרויסן בייט ארייגאנג,א ריי פון עטלעכע מענטשן.
אין ביורא,וווּ מ'האט אויפגענומען אינטערעסאנטן,איז געזעסן
א יונג מיידל,איך האב איר דערלאנגט מיין פאס און זי האט
ארויפגעלייגט א שטעמפל און דעם פאס איבערגעגעבן אן אפיציר,
וועלכער האט אים אונטערגעשריבן,נישט ארייגקוקענדיק אין
פאס,און אפילו נישט אנקוקענדיק דעם פעטענט. הייסט דאס,
אז איך קען שוין פארן קיין פאריז.

איך בין צוגעגאנגען צו מיין נייעם באקאנטן און כ'האב
אים געוויזן דעם וויזירטן פאס. ער איז געווען צופרידן,
וואס כ'האב נישט געמוזט אנקומען צו קיינעם. ער האט טעלע-
פאניש איבערגעגעבן א טעלעגראמע צו מיין שוועסטער קיין פא-
ריז,אז זי זאל מיך אפווארטן אויפן פאריזער וואקזאל,ווען
איך וועל אנקומען. אין צווישנצייט האב איך מיך דערמאנט,
אז מיין פרוי האט אין קעלן א קוזינע -אבראמאוו-,וואס איז
אהין אנגעקומען נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה. איך האב זיך
געפרעגט ביי מיין נייעם באקאנטן,אפשר ווייסט ער,צופעליק,
וועגן אזא פאמיליע. ער האט טעלעפאנירט צו עטלעכע פון זיי-
נע באקאנטע,און לסוף האט ער מיך טעלעפאניש פארבונדן מיט
א פאמיליע אבראמאוו און ס'האט זיך טאקע ארויסגעוויזן,אז
כ'בין אויפן ריכטיקן וועג.

איך האב זיך געזעגנט מיט מיין נייעם באקאנטן און אים
צוגעזאגט אפצוגעבן גרוסן זיינע עלטערן אין לאדזש. מיט א
טאקסי בין איך צוגעפארן צו די אבראמאווס,איך בין מיט זיי
שנעל געווארן היימיש,כ'האב ביי זיי געגעסן מיטאק און זיי
האבן מיך צוגעפירט צו דער באן,כדי צו נעמען דעם צוג,וואס
גייט קיין פאריז. - איך בין אנגעקומען קיין פאריז נאך האל-
בער נאכט און אויפן וואקזאל שוין געטראפן מיין שוועסטער
און מיין שוואגער.

מיין שוועסטער, ווי איך האב שוין דערמאנט, האט געוווינט אין פאריז אין גאנץ באשיידענע באדינגונגען. זיי האבן זיך געפילט צופרידן און געהאפט אויף א גוטע צוקונפט, וואס שטייט פאר מיין שוואגער אלס ארכיטעקט

מיין שוואגער האט געארבעט און איך האב נישט געוואלט, אז ער זאל פארלירן צייט צוליב מיר; דאך האט ער מיך געפירט אין לוווער, צום נאטר-דאם דע פאריז, צו נאפאלעאנס קבר און אנדערע אינטערעסאנטע ערטער, וואס עס איז ווערט געווען צו זען אין פאריז. מיין שוועסטער האט געהאט א קליין קינד און זי האט געהאט גרויס עגמת נפש, וואס זי האט נישט געקענט אינגאנצן זיך אפגעבן מיט מיר. אבער אויך זי האט מיך געפירט אין פארשידענע אינטערעסאנטע ערטער. דערפאר, זענען מיר אין די צוויי זונטיקן, וואס איך בין געווען מיט זיי, ארומגעפארן אלע פיר צוזאמען. איין זונטיק האבן מיר פארבראכט אין ווערסייל, ווו מיין שוואגער האט מיר געגעבן אלע אויפקלערונגען וועגן דעם אלטן קעניגלעכן שלאס. מ'האט אונדז דארט געוויזן די פאלאצן פון אלע גרויסע לייט, פון דער מאדאם פאמפאדור און אנדערע מעטרעסן. מיר האבן אויך געזען די זאלן, ווו עס איז אונטערגעשריבן געווארן אין יאר 1918, דער ווערסאלער שלום-טראקטאט. איך האב אויך געזען שיינע סקולפטורן אין גרויסן ווערסאלער פארק.

צום אייפל-טורעם בין איך געפארן אליין. געפארן מיטן מעטרא פונעם לאטיינישן קווארטאל, ווו מיין שוועסטער האט געוווינט. מיין שוואגער האט מיר געגעבן א גענויע ליסטע פון אלע סטאנציעס, וועלכע דער מעטרא פארט אדורך און אנגעגעבן, ווו איך דארף ארויסגיין. דער מעטרא פארט טיילווייז אויך אינדרויסן און צוקומענדיק נעענטער צום אייפל-טורעם., האב איך אים איינציקע מאל געזען, אבער ארויסגייענדיק פון דער אנגעוויזענער מעטרא-סטאנציע, האב איך דעם אייפל-טורעם

נישט געהאט פאר מיינע אויגן. בין איך געווארן א ביסל צע-
טומלט,די שפראך האב איך נישט געקענט - טראכט איך,אפשר בין
איך ארויס פון מעטרא אויף א שלעכטער סטאנציע. איך זע אבער,
אז מענטשן שטראמען אין א ריכטונג צו טרעפ,גיי איך מיט זיי.
ארויפקומענדיק,אפשר אויפן צענטן-צוועלפטן טרעפל,האט זיך
אין דער פערספעקטיוו באוויזן דער אייפל-טורעם אין זיין
גאנצער גרויס און פארנעם,מיט דער שיינער אלעיע,וואס פירט
צו אים. איך בין נאכגעגאנגען די מענטשן,און אז איך בין
צוגעקומען צום טורעם,האם איך מיך געשטעלט אין דער רייע.
צוקומענדיק צום קאסע-פענסטערל,האט מיך עפעס די קאסיערקע
געפרעגט,אבער איך האב נישט פארשטאנען,וואס זי וויל.אבער
ס'האט זיך מיר אויסגעוויזן,אז זי פרעגט מיך אויף וועלכער
הייך,איך וויל פארן (עס זענען דא דריי),ווייז איך מיט די
פינגער - דריי.

זי האט מיר געגעבן דריי בילעטן,אבער,לויט מיין מיינונג,
צו ווייניק געגעבן מיר רעשט פון די צוואנציק פראנק. איך
האב געוואלט זיך אויסטעהנען מיט איר און מיט שטום-לשון
איר געפרווט אויפקלערן. אבער זי האט מיך סיי-ווי נישט
פארשטאנען און האט זיך דעריבער דענערווירט. נעבן מיר האט
א מאן מיך א פרעג געטאן אויף דייטש,וועגן וואס עס האנדלט
זיך,און ער האט מיט עטלעכע ווערטער אויפגעקלערט דער קאסיער-
קע דאס מיספארשטענדעניש. די קאסיערקע האט געמיינט,אז איך
פארלאנג דריי בילעטן,און דערביי,אויף אלע דריי הויבן פון
דעם אייפל-טורעם,דערפאר האט זי גענומען אזויפיל געלט.

דער ענין איז געווארן אויפגעקלערט. מיט אן עלעווייטער
איז דער עולם ארויף אויף דער ערשטער הויך פונעם טורעם .
ס'איז אן ערך הונדערט פוס הויך. מען זעט שוין געוויסע טיי-
לן פון דער פראנצויזישער הויפט-שטאט. אויף דער צווייטער
הויך זענען שוין דא טעלעסקאפן,דורך וועלכע מען זעט די

פראכט פון פאריז; עס זיינען דארט פאראן אויך קראמען מיט אנטיקן,קאפע-בארן,ווו מען סערווירט די געסט שטייענדיק.

איך באמערק א פאטאגראפישע אטעליע. פארן אריינגאנג זע איך בילדער פון מענטשן,וואס הענגען זיך כלומרשט אן אויפן אייפל-טורעם און שיקן פון דארט גרוסן. ווי איך שטיי אזוי און טראכט,אז עס וואלט געווען אן ענין צו שיקן אזא עקזאלטירט בילד צו מיין משפחה,באווייזט זיך ביים אריינגאנג פון אטע-ליע א גראבער פראנצויז און מיט שטום-לשון רופט ער מיך אר-יין אין ווייזט מיר ווי א נאך אזא בילד ווערט געמאכט.

דעם קאפ שטעקט מען אריין אין א דעקארירטער טאוול פון אייפל-טורעם,און אויסגעמאלטע פיס הענגען זיך נאך אויפן טורעם.

פאר 12 שטיק וויל ער האבן 10 פראנק,פאר 6 שטיק - 8 פר. פאר 3 שטיק - 5 פראנק. אויף שטום-לשון,מיט דיפינגער,באשטעל איך ביי אים 3 שטיק פאר 4 פראנק. ער מאכט די אויפנאמע און ווייזט מיר,אז אין א האלבער שעה ארום,ווען כ'וועל צוריק-פארן פון דער דריטער הויך,וועלן די בילדער שוין זיין פארטיק.

איך בין אויף דער דריטער הויך פון טורעם. א הערלעכע פא-נאראמע. דער טייך סען באווייזט זיך מיט זיין גאנצער פראכט, ער שלענגלט זיך איבער דער גאנצער לענג פון פאריז. די טראם-ווייען,די מענטשן,די הייזער,זעען אויס ווי קליינע פונקטן, די מענטשן זעען אויס ווי אומבאוועגלעך. איך טרינק נאך אויס א טעפעלע קאווע און לאז מיך שוין אויף צוריק.

איך בין ווידער ביים פאטאגראפיסט. די בילדער מיינע ליגן אויפן טיש.איך גיב א קוק - גאנצע צוועלף. שאר איך אוועק ניין,לייג אוועק פיר פראנק און הייס מיר איינפאקן די דריי באשטעלטע בילדער. ער הויבט אן איינטעהנען מיט מיר,אז ער האט שוין געמאכט 12 און איך זאל זיי אלע ביי אים צונעמען. אהין-אהער,אלץ אויף שטום-לשון און מיט די פינגער,האב איך איינגעהאנדלט א מציאה - כ'האב צוגענומען אלע צוועלף ביל-

דער פאר 6 פראנק. האב איך שוין געהאט איינצוטיילן בילדער אי פאר דער משפחה,אי פאר עטלעכע פריינט און חברים. און דער עולם האט געלאכט סיי פון די אריגינעלע בילדער,סיי פון דעם פראנצויזישן אופן פון "באארבעטן" א קליענט.

נאך א צווייט אינטערעסאנט ארט,האב איך באזוכט אין פאריז אן באגלייטונג,מחמת מיין שוועסטער האט נישט געהאט ביי וועמען איבערצולאזן דאס קינד. דאס איז דאס ווארייעטע "פאלי בערזשער". איך האב אפגערעדט מיט מיין שוואגער,אז מיר וועלן זיך טרעפן אין פאיע פון טעאטער. מיין שוועסטער האט מיך צוגעפירט צום געהעריקן טראמוויי און אנגעזאגט דעם קאנדוקטאר, ער זאל מיך ארפלאזן ביים "פאלי בערזשער". זי האט אים געזאגט,אז איך בין א פרעמדער,און כ'פארשטיי נישט קיין פראנצויזיש. איך האב מיך אוועקגעזעצט אין טראמוויי באלד ביי דער טיר,בכדי איך זאל דעם קאנדוקטאר זיך ווארפן אין די אויגן. עס איז געווען א גענוג ווייטע שטרעקע. דער וואגאן האט זיך אנגעפילט מיט פארנדיקע.מיט א מאל האב איך באמערקט פון דער ווייטנס א גרויסע שילד,מיט דער אויפשריפט "פאלי בערזשער",שטארק באלויכטן מיט עלעקטרישע לעמפלעך,האב איך געמיינט,אז איך בין שוין אויפן ארט. כ'האב געגעבן א טארע דעם קאנדוקטאר,און געוויזן אויפן ליכט-שילד,אבער דער קאנדוקטאר מאכט מיט דער האנט,ווי איינער זאגט,זיץ,איך ווייס. מיר זיינען ווייטער געפארן,דער וואגאן איז שוין איבערפולט. איך האב דערזען אן עלעקטרישן שילד מיט "פאלי בעאזשער",און געטראכט,אז ביי אזא עולםהאט דער קאנדוקטאר אין מיר זיכער פארגעסען. האב איך אים ווידער געגעבן א טארע,און ער,שוין אן אויפגערעגטער,מאכט ווידער מיט דער האנט - זיץ. נאך א צוויי-דריי מאל האב איך געזען די רעקלאמע פון דעם ווארייעטע ביז איך הער אויסשרייען פון קאנדוקטאר: "פאלי בערזשער", און א גרויסער עולם גייט אראפ. אויך איך מיט זיי.

מיין שוואגער האט שוין געווארט אויף מיר. די פארשטעלונג האט מיך באמת איבערראשט. נישט אזוי ווייט די האלב-נאקעטע, יונגע,געזונטע פרויען,נאר די טעכניק. מ'האט אויף דער סצע- נע געוויזן א קאפע-הויז,באזעצט מיט א צען פארלעך. מיטאמאל האט אנגעהויבן צו בליצן און דונערן און עס גיסט א שלאקס- רעגן. די סצענע לאזט זיך אראפ וואס אמאל נידעריקער. מ'זעט די ארטיסטן בלייבן זיצן ביי די טישלעך,דאס וואסער פארדעקט זיי; קעלנערס גייען אהין און צוריק אריין אין וואסער,דער- לאנגען די געסט ביי די טישלעך קאווע,צובייס. אזוי האלט דאס אן א 15-20 מינוט. עס באווייזט זיך כלומרשט די זון, דאס וואסער פארשווינדט,די סצענע הייבט זיך צוריק,די טישן ווערן אפגערוקט און די פארלעך טרוקענע טאנצן א שיינעם וואלס. מ'האט געוויזן נאך אנדערע עפעקטפולע נומערן און איך האב געהאט וואס צו דערציילן,ווען כ'בין צוריקגעקומען אהיים,קיין לאדזש. מיין שוועסטער האט מיך געפירט צו לאפא- יעטן און אנדערע שיינע געשעפטן. כ'האב געקויפט שיינע זאכן פאר דער פרוי,קינדער און משפחה און א צופרידענער בין איך אין א פאר טעג ארום צוריקגעפארן אהיים.

פאריז אימפאנירט מיט איר גרויסקייט,מיט אירע אלטערטים- לעכקייטן,מיט שיינער קונסט,אבער די הייזער זענען אלטע,פאר- ווארלאזטע,די דירות קליינע,אן ווינדעס (עלעוועטערס),די קיכן פיטשינקע. איך בין אויך געווען אין דער יידישער געגנט,אויפן "פלעצל",ווי די יידן האבן דאס גערופן. דא האט מען געהערט אויף שריט און טריט א געשמאקן יידיש,יידישע שילדן; מ'האט זיך געפילט דא,ווי ביי זיך אין סטריקאוו,אדער ווישקאוו.

ווי שוין געזאגט,האט מיין שוואגערזיך נישט געקענט איינ- ארדנען דארט אלס ארכיטעקט (אלס זעלבסשטענדיקער) און זיי האבן סוף 1934 עמיגרירט קיין ישראל.

איך האב געהאט באזוכט די צוויי היפש-לענדער פון צענט-ראל-אייראפע. כ'בין געווען אין בערלין,וווּ איך האב פארב-ראכט א פאר טעג איידער איך בין געפארן קיין באד-הארצבורג. בערלין איז א ריזן-שטאט,טעכניש פארטגעשריטענער ווי פאריז. איך האב געוואלט אין בערלין מיך טרעפן מיט מיינעם א שול-חבר,טעמקין; איך האב געהאט זיין אדרעס -ער האט געוווינט אין דער מאאביט-געגנט-. מ'האט מיר געראטן אים שיקן א בריוו מיט דער פנעאמאטישער רויר-פאסט. 9 א זייגער אינדערפרי האב איך דעם בריוו אריינגעווארפן אין אזא "ראר-פאסט-קעסטל" און שוין 12 אזייגער מיטאג-צייט,האט ער געקלונגען צו מיר אין האטעל ארײַן. איך האב אין בערלין,אין ריינהארדס טעא-טער,דעזען שפילן "הינקעמאן". כ'בין געווען אין קראל-ציר-קוס. ביידע ויזיקע,אימפאנירנדיקע פארשטעלונגען (אמת פאר-שידענע).איך האב אויך באזוכט דעם דארטיקן זאאלאגישן גארטן.

א גרויסער שאד,וואס מיין פרוי איז נישט מיטגעפארן מיט מיר. אויך זי וואלט געהאט א גוואלטיקן פארגעניגן פון דער רייזע. אבער מיר האבן געהאט א קליין קינד אין שטוב און דאס גרעסערע איז געגאנגען אין דער שולע. איך האב איר צו-געזאגט,אז מיר וועלן נאך מאכן רייזעס איבער דער וועלט. אבער,ליידער,איז דערצו שוין נישט געקומען.

## מ י י ן  ק ו ז י ן  -  ה א ר ר י  ו ו י נ א ג ר א ד

נאכן צוריקקומען פון פראנקרייך,האב איך געהאט א גאנץ אנגענעמען וויזיט פון מיין קוזין,האררי ווינאגראד,פון ניו-יארק. שרייבענדיק וועגן מיינע פעטערס,האב איך נישט דערמאנט מיין פעטער -ישראל ווינאגראד- ,מיין טאטנס איינ-ציקן ברודער. האררי האלט אן מיט אונדז אלע יארן א נאענטע, הארציקע פארבינדונג.

אין יאר 1906 איז דער פעטער ישראל,מיט דער מומען-רעבע-קא- געפארן קיין אמעריקע. אויפן וועג האבן זיי דעמאלט

אונדז באזוכט אין לאדזש. ( עס הענגט נאך ביי מיר דאס גרוי-פאמיליען-בילד, וואס איז דעמאלס געמאכט געווארן מיט זיי אין לאדזש.) מיין פעטער האט אין ניו-יארק געהאט א דרוקעריי.
אין יאר 1910 איז ביי זיי געבוירן געווארן א יינגל, הארי, לידער, איז דער פעטער אין צווייי יאר ארום געשטארבן פון א ראק-קאנקהייט, און די פרוי זיינע, רעבעקא, וואס איז שוין נישט געווען קיין יונגע, איז געבליבן מיט א קליין קינד. זי האט געהאט א שווער לעבן, געזארגט פאר דער דערציונג פון קינד, געדונגען א גרעסערע שטוב און פארדינגען צימערן. זי האט זיך שטענדיק ארומגעטראגן מיטן געדאנק, אז דער זון אירער, הארי, זאל זיך באקענען מיט דער גרויסער לאדזשער משפחה פון איר מאן, ווייל קיין אנדערע נאענטע קרובים האבן זיי נישט געהאט.
זי האט אלץ געטאן אויף צו פארווירקלעכן דעם דאזיקן חלום אירן. זי האט זיך דורכגעשריבן מיט מיין טאטן און ענדלעך, אין זומער 1930, האט זי איר זון געשיקט צו אונדז קיין לאדזש.
זי האט אים געלערנט יידיש רעדן, שיינע רוסישע און אוקראיני-שע לידער, בכדי ער זאל נישט זיין אפגעריסן פונם יידישן לעבן און זיך קענען פארשטענדיקן מיט דער משפחה, און איר געפעלן.

עס איז שווער איבערצוגעבן די פרייד און באגייסטערונג פון מיין טאטן, ווען ער האט דערזען דעם שלאנקן, שיינעם בחור, דעם איינציקן זון פון זיין ברודער, וואס האט נאך דערצו גע-רעדט א פליסיקן, געשמאקן בערדיטשעווער יידיש. אויך מיר האבן זיך דערפרייט צו האבן די מעגלעכקייט צו באקענען זיך מיטן איינציקן קוזין פון מיין טאטנס צד. ער איז דעמאלט אלט גע-ווען 20 יאר, און איז באמת געווען א ווילער, פריילעכער, לעבנס-לוסטיקער בחור, און מיר, אלע ברידער און שוועסטער, הא-בן אים געגעבן צו פילן אונדזער צוגעבונדנקייט און ליבע צו אים. ער האט זיך שנעל איינגעלעבט מיט אונדז און אויף יעדן טריט און שריט ארויסגעוויזן זיין צופרידנקייט און

דאנקבארקייט פאר דער ארויסגעוויזענער צו אים אויפמערקזאמ-
קייט. איך האב אים דעמאלט ארויסגענומען צו מיר אויף דער
דאטשע (ס'איז געווען זומער).; מיין שוועסטער בערטא און
דער ברודער זיגמונט האבן אים מיטגענומען אויף אן אויספלוג
אין די בערג,קיין זאקאפאנע,ווי אויך אין די טאטערן און
פיענינען-בערג,וואס עס האט געפירט דער ח'אייסוראוויטש.
ער האט מיט אונדז פארבראכט איבער דריי חדשים און איז א
באגייסטערטער צוריקגעפארן אהיים,קיין ניו-יארק,צו זיין מא-
מען. די מאמע איז געווען גליקלעך,וואס איר חלום איז פאר-
ווירקלעכט געווארן. פון דעמאלט אן האלטן מיר אן דעם קאנ-
טאקט מיט אים,וואס איז נאר אין די מלחמה-יארן איבערגעריסן
געווארן.
די מאמע זיינע איז אין א צייט ארום געשטארבן. ער איז
שוין אבער נישט געבליבן עלענד - ער האט געהאט אונדז. ער
האט געענדיקט די שטודיעס און געווארן א לערער. אין יאר
1937 האט ער חתונה געהאט מיט א מוזיק-לערערין -בערטא.
זיי האבן צוויי זין,ביידע דיפלאמירטע (איצט שוין חתונה
געהאטע) און פירן א גליקלעך לעבן.
איך שטעל מירמער אפ אויף הארריין,ווייל דער שיקזאל האט גע-
פירט דערצו,אז מיר זאלן זיך אין יארן ארום ווידער צוזאמענ-
טרעפן,און דאס שוין אין אמעריקע.
עס איז שוין נאך דער מלחמה. מיר,די לעבנגעבליבענע,איך,
מיין טאכטער און דער ברודער מארעק מיט זיין משפחה,זוכן א
קאנטאקט מיט דער אויסלענדישער משפחה אונדזערער. גראד, ווי
מ'האט זיך געשטעלט אין קאנטאקט מיט דער ישראל-משפחה,האט
מען אויך געזוכט אונדזער קוזין הארי,אבער נישט געהאט
זיין אדרעס. האב איך מיך געשטעלט אין פארבינדונג מיטן "ארט
אין ניו-יארק (דעם אדרעס באקומען אין לאדזשער יידישן קאמי-
טע) און דורך דעם ח'אייסוראוויטש באקומען דעם געזוכטן

אדרעס פון האררי.

עס האט לאנג נישט געדויערט,און איך באקום א בריוו פון האררים פרוי,בערטא,ווו זי שרייבט מיר,אז האררי געפינט זיך נאך אין דער אמעריקאנער ארמיי אין אייראפע,זי איז גליקלעך, וואס מיר האבן זיך געראטעוועט און שיקט אונדז ארויס א פעקל מיט אלערליי גוטע עס-ארטיקלען.(דאס זעלבע האט געטאן אייסוראוויטש). זענען מיר געבליבן צופרידן פון זייער אפרוף.

נאך האררים צוריקקומען האט זיך אויפסניי איינגעשטעלט צווישן אונדז א נארמאלע קארעספאנדענץ. זי איז אנגעהאלטן געווארן אויך שפעטער,ווען מיר זענען שוין געווען אין ארגענטינע,אויך אהער קיין מיאמי-ביטש.

יידיש האט ער גאו געקענט ועדן,אבער נישט שרייבן,אדער לייענען. פירן מיר די קארעספאנדענץ אויף יידיש מיט לאטייניש בוכשטאבן און מיר פאושטייען זיך גאנץ גוט. ער,מיט בערטא זיינען געווען ביי אונדז אין ארגענטינע,ווי אויך עטלעכע מאל דא,אין מיאמי-ביטש.

מיר זיינען ביי זיי געווען אין יאר 1962 בשעת אונדזער ערשטן באזוך אין די פאראייניקטע שטאטן,אויך עטלעכע מאל שפעטער. מיר האבן שטענדיק גוט פארבראכט מיט זיי. האררי האט מיר אויך געהאלפן צו באקומען די רעזידענץ אין מיאמי-ביטש. פארשטענדלעך,אז זיי האבן אויך נישט געפעלט אויף דער גרויסער שמחה פון מיין ווערן 80 יאר,וואס מיין טאכטער האט אין יאר 1975 איינגעארדנט דא,אין א מיאמער האטעל.

## די דרייסיקער יארן אין פוילן

ווער עס האט אין די דרייסיקער יארן געוווינט אין פוילן, קען,ווען ער שטעלט זיך אפ אויפן יידישן לעבן,פארצייכענען א געוואלדיקן אויפשוווּנג פונעם גייסטיקן לעבן פון דער יידישער באפעלקערונג,אבער גלייכצייטיק אויך דעם שטארקן וווקס פון אנטיסעמיטישע טענדענצן און מיאוסע מעשים מצד דער מאכט.

דאס יידישע געזעלשאפטלעכע לעבן, ניט געקוקט אויף דער שווערער עקאנאמישער לאגע, האט אין אלע הינזיכטן באקומען זיין קרעפטיקן קאלאריט, און דאס צווישן אלע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג, און נישט נאר אין די גרויסע שטעט, נאר אויך איבער דער גאנצער פויליש-יידישער פראווינץ.

פארשטענדלעך, אז איך וועל דעם דאזיקן וויכטיקן צייט-אפשניט אין יידישן לעבן אין פוילן נישט ארומנעמען היסטאריש - איך בין נישט קיין היסטאריקער. איך וועל דעם דאזיקן פעריאד בארירן נאר אויף אזוי פיל, אויף וויפל דאס האט א שייכות מיט די זכרונות פון מיין פערזענלעכן לעבן, ווי אויך, טיילווייז, פונעם געזעלשאפטלעכן לעבן, מיט וועלכן איך בין געווען פארבונדן.

די יידישע יוגנט האט זיך אין א גאר גרויסער מאס באפרייט פון דער רעליגיעזער אפוטרופסות; א גרויסע ראל האבן דערביי געשפילט די וועלטלעכע יידישע פאלקס-שולן, ארגאניזירט אין דער "צישא" (צענטראלע יידישע שול-ארגאניזאציע) וועלכע האט דערצויגן א נייעם דור פרייע מענטשן, מיט סאציאליסטישע טענדענצן.

עס איז געווען דער בלי-פעריאד פון דער יידישער ליטעראטור, פון יידישן צייטונגס-וועזן, יידישן טעאטער, קולטור און ספארט-קלובן. די יידישע פאליטישע פארטייען און אין דער ערשטער רייע דער "בונד", האבן דערהויבן דאס גייסטיקע לעבן פונעם יידישן ארבעטער און פאלקס-מענטשן, געשטארקט זיין מענטשלעכע און נאציאנאלע חשיבות. דורך די פראפעסיאנעלע פאראיינען געזארגט פאר דער אויסבעסערונג פון דער סאציאלער לאגע פונעם ארבעטס-מענטש, פארטיידיקט און געקעמפט פאר זיינע אינטערעסן.

איך דארף, ביי דער געלעגנהייט, באמערקן, אז אין שפיץ פון דער צענטראלע פון די יידישע פראפעסיאנעלע פאראיינען

אין לאדזש, איז געשטאנען דער ענערגישער חבר שמואל מילמאן, וואס איז גלייכצייטיק געווען א ראטמאן פון לאדזשער שטאט-ראט און שפעטער אויך א לאווניק פון מאגיסטראט. ער האט געשפילט אן אנגעזעענע ראלע אין דער בונדישער באוועגונג, ווי אויך אין אלגעמיין יידישן לעבן.

צוגלייך מיט אנדערע, וואס האבן געקענט רעכנען אויף דייטשע רעפרעסיעס, איז ער אנפאנג מלחמה געלאפן קיין מזרח און אין יאר 1940, דורך רוסלאנד און יאפאן, צוזאמען מיט אנדערע, מיט דער מיטהילף פון יידישן ארבעטער-קאמיטעט, אנגעקומען מיט זיין פאמיליע אין די פאראייניקטע שטאטן, ווו ער האט זיך געגנוג שנעל איינגעארדנט. ער איז דארט אלע יארן טעטיק אין "ארט". ער שטייט אין קאנטאקט כמעט מיט אלע לאדזשער חברים איבער דער וועלט. זייט מיין באפרייונג פון די דייטשע לאגערן, האלט איך אן מיט אים א ווארעמען חברישן קאנטאקט. --

דער "בונד" האט געפירט אומדערמידלעכע פאליטישע קאמפן אין די שטאט-פארוואלטונגען, ווי אויך אין איר הויפט-ארגאן "די פאלקסצייטונג", קעגן די רעאקציאנערע מאכטהאבער. עס איז געגנוג צו דערמאנען דעם ענין פון דעם שחיטה-געזעץ פון דער פרוי פריסטאר און די פשיטיק-פראטעסט-אקציע.

עס איז אין יענעם פעריאד אויסגעקומען צו פירן א ברייטן פאליטישן קאמף אויך קעגן די קאמוניסטישע מיטלויפערס, וואס זענען ליידנשאפטלעך פארכאפט געווארן פון די פארפירערישע אידעען, וואס האבן זיך געטראגן פון סאוועט-רוסלאנד.

די קולטור-ארבעט איז געפירט געווארן דורך דער "קולטור-ליגע. דער סעקרעטאריאט פון "בונד" פלעגט יעדע סוף וואך ארויסשיקן לעקטארן, רעדנערס אויף דער פראווינץ צו די קולטור-קלובן און פאראיינען. ס'איז געווארן געזארגט, אז עס זאל זיך הייבן דער קולטור-ניווא פון דער יידישער יוגנט,

פונעם פאלקס-מענטש. מ'האט געהאלפן שאפן דראם-קייזן,ספארט-קלובן.

די יידישע שפראך,מיט אירע גרויסע קולטור-ווערטן,איז געווען די נאטירלעכע קראפט אין אלע אנטוויקלונגס-פאזן פון דער יידישער באפעלקערונג פון לאנד,און נאכמער פון איר וועלטלעכן סעקטאר. אין דער ליטעראַרישער ביילאגע פון דער "פאלקסצייטונג",אין דער"וואכנשריפט פאר ליטעראטור",וואס איז רעדאגירט געווען דורך מלך ראוויטש,האבן געדרוקט זייערע שאפונגען א גרויסער טייל פון די שפעטער באוווסט געווא-רענע פאעטן,שרייבער.

..................

ביי מיר פריוואט איז דאס לעבן אנגעגאנגען נארמאל. די קינדער האבן זיך גוט אנטוויקלט. דעם זון מיינעם,לעאנען, וועלכער איז געווען א גוטער שילער,האב איך איבערגעפירט אין א בעסערער גימנאזיע - אין א שטאטישער,פילסודסקי גים-נאזיע - ווו דער לערער פערסאנאל און די דירעקציע,זענען באזטאנען פון מענטשן פארגעשריטענע,דעמאקראטיש-געשטימטע. די גימנאזיע איז איבערגענומען געווארן פון די רוסן און איז רעארגאניזירט געווארן פון דער ערשטער סאציאליסטישער שטאט-פארוואלטונג. געהאָלפן איבערצופירן לעאנען אין דער פילסודסקי-גימנאזיע,האט מיר מיין פעטער,חיים לייב פאזנאנ-סקי,וואס איז געווען אן אנגעזעענער מיטגליד פונעם שטאט-ראט,פון דער בונדישער פראקציע.

דאס מיידעלע מיינס,יהודית,אדער דזשוניא,ווי מיר האבן זי גערופן,וואס איז געווען מיט זיבן יאר יינגער פון לעא-נען,האט מיט איר לעבעדיקייט,שטיפערישקייט,געלעכטער און גוטמוטיקייט באשיינט אונדזער פאמיליען-לעבן. דער בחור אונדזערער איז געווען א שטילער,א געמיטלעכער. מיין פרוי, וואס האט שוין זייט דעם געבורט פונעם ערשטן קינד,אויפגע-

געבן איר ארבעט אין דער אפטייק,האט זיך שטארק אפגעגעבן מיט די קינדער,געזארגט פאר זייער פיזישער און גייסטיקער אנטוויקלונג. דאס מיידעלע האט מען שוין צו די דריי יאר אריינגעגעבן אין דער פרעבל-שולע צו די שוועסטער דודאווסקא. אויך איך האב א סך פון מיין פרייער צייט געווידמעט מיינע קינדער: ווינטער געפירט זיי אויפן אייז זיך גליטשן (אויף קאנסטאנטינער גאס,ווו עס איז געווען דער לייריקער פלאץ, נאכן אפגעברענטן גרויסן יידישן טעאטער,אדער גאר אינעם גארטן "העלענאוו"). איך פלעג אויך גיין מיט זיי,אין די זונטיק פארמיטאגס, הערן דעם שטאטיקן סימפאנישן ארקעסטער, וואס פלעגט געבן פאפולערע קאנצערטן אין קאנמערס-זאל אויף נארוטאוויטשא 18. מיטן בחור מיינעם בין איך אויך געגאנגען אויף פוטבאל-מעטשן (שפעטער פלעגט אים מיטנעמען אויף די מעטשן מיין יינגערער ברודער,זיגמונט).

מחוץ דער שולע,האבן די קינדער באקומען ביי א גוטער לערע-רין,לעקציעס פון ענגליש און פראנצויזיש.

מיט דער צייט האבן מיר געדונגען נאך א באקוועמערע און שענערע דירה אויף זאוואדזקא 49,אויפן ערשטן שטאק, (אונטער אונדז האט געוווינט דער באקאנטער יידישער פאעט און דראמא-טורג משה בראדערסאן מיט זיין פאמיליע). עס האט זיך פארגרע-סערט דער קרייז פון אונדזערע באקאנטע. גאר נאענט מיט או-נדז איז געווארן די פאמיליע באהם. זייער זון,לודוויק,איז געגאנגען אין פילסודסקי-גימנאזיע צוזאמען מיט אונדזער זון. זיי האבן זיך ביידע געחברט,איז שוין במילא אויך אונדזער פריינטשאפט געווארן נאענטער,היימישער.

די טאכטער אונדזערע,דזשוניא, האבן מיר אריינגעגעבן אין דער גימנאזיע פון י.אב (אויף זשעלאנא 8). די דאזיקע גימ-נאזיע איז געווען א משפחה-גימנאזיע. עס האבן אין איר,אין

די פריערדיקע יארן לערענט מיינע שוועסטערס -בערטע און סאניא, און אונדזער פעטער חיים-לייב פאזנאנסקי, איז געווען דער סע-קרעטאר און געשעפטס-פירער פון דער גימנאזיע (אין די ער-שטע יארן איז ער דארט געווען לערער פון בוכהאלטעריע). האט זיך שוין די קליינע אונדזערע געפילט דארט היימיש, ווער זא-גט נאך ווען די מאמע אירע איז געווארן א מיטגליד פון על-טערן-קאמיטעט פון דער גימנאזיע. די טאכטער האט זיך גוט געלערנט, און צוליב איר זארגלאזיקייט און פרייליכקייט גע-ווען דער ליבלינג פון קלאס.

.................

מיין געשעפטס-אונטערנעמונג איז געגאנגען נישט שלעכט. מיין שותף, פרידמאן, פלעגט מערסטנס זיין אונטערוועגס. אזוי האט דאס אנגעהאלטן א שיינע פאר יאר. ביז עס האט זיך אנגע-הויבן די אנטי-יידישע באיקאט -פראפאגאנדע, און אויך מיר האבן זי אנגעהויבן צו פילן, מחמת די באיקאט-פראפאגאנדע האט ערשט רעכט זיך פאנאנדערגעפלאקערט אין די פויזנער און פאמארזער-פראווינצן, ווו די "ענדעציע" האט געהאט איר שטארק-סטן אנשפאר. דאס איז די געגענט, וואס פוילן האט צוריקבא-קומען פון די דייטשן לויטן ווערסאלער טראקטאט, און דאס אינ-טערעסאנטסטע דערביי איז דאס, וואס אין די דאזיקע געביטן האט האט די יידישע באפעלקערונג זיך זער ווייניק אנגעזען.

די דארטיקע סוחרים-פאראיינען האבן אויף זייערס א צוזא-מענפאר באשלאסן זיך אנצושליסן צום אנטי-יידישן באיקאט און אונדזערע קונים, וואס זענען דורכויס באשטאנען פון דארטיקע קריסטן, האבן מיין שותף געגעבן אנצוהערענישן, אז זיי וועלן מער נישט קענען קויפן ביי אונדז קיין סחורות.

דאס האט געטראפן נישט נאר אונדז, נאר אויך א סך אנדערע, וואס האבן געפירט זייערע געשעפטן מיט די דאזיקע פראווינצן און עס איז באשלאסן געווארן אנצונעמען קעגנ-מיטלען.

עס איס צוזאמענגערופן געווארן א גרויסע פארזאמלונג אין רייזענדער-פאראיין (סענקיעוויטשא 3-5) אויף וועלכער עס איז באשלאסן געווארן אפצושטעלן די קרעדיטן ביי די קונים, וואס וועלן זיך האלטן ביים באיקאט, נישט באזוכן זיי און שטערן זיי איינצוקויפן סחורות דירעקט אין לאדזש, ביעלסק און אנדערע האנדלס-צענטערן.

די פארזאמלונג איז געווען א שטורמישע, מיט הייסע דעבאטן און האט זיך פארענדיקט שפעט אין דער נאכט. אויך איך מיטן שותף זיינען געווען אויף דער פארזאמלונג. דער שותף מיינער האט געוווינט אין א זייטיקער גאס, א ביסל ווייטער פון צענטער, אויף שקאלנא 30. אין יענע יארן האט מען נישט געהאט דעם שליסל פון טויער, נאר מ'האט געמוזט קלינגען צום סטרוזש (וועכטער) פון הויף, וואס האט געהאט די פליכט, נאכן גלאק, צו עפענען דעם איינוווינער דעם טויער. עס איז שוין געווען נאך צוויי ביינאכט; פרידמאן קלינגט צום סטרוזש, ער קומט נישט אזוי גיך. עס איז דער ערשטער שלאף און אפשר גאר נאך א כוסה. ווארט ער, פרידמאן, געדולדיק. עס גייט אדורך 5-10 מינוט - דער סטרוזש קומט נישט; קלינגט ער ווידער און ווידער אמאל. הייבט ער שוין אן צו קלאפן מיט די פיס אין טויער. עס איז שוין אדורך א האלבע שעה. א ליידיקע גאס, עס עפענען זיך דא און דארטן פענסטער. ביז א שכן פון הויף ווערט שוין אומרויק, און ער גייט צו נאענט צו דער וווינונג פון סטרוזש און וועקט אים אויף. פארשלאפענערהייט עפנט ער דעם טויער. אבער דערווייל האט זיך פרידמאן, פון דער גרויסער אויפרעגונג, פריער אויף דער שטורמישער פארזאמלונג און איצט ביים טויער, אנגעהויבן צו פילן שלעכט. מ'האט גלייך ארויסגערופן א דאקטאר, וואס האט פעסטגעשטעלט, אז פרידמאן האט באקומען א הארץ-אטאק, אן אינפארקט, וואס האט אים געהאלטן אין בעט קנאפע דריי חדשים.

מיר האבן שוין געהאט פריער באשלאסן,נישט צו זיין מיטן געשעפט אינאנצן אפהענגיק פון דער פראווינץ,און איינגעפירט אויך א דעטאל-פארקויף פון בעסערע וואלענע מענער און פרויען שטאפן. מיר האבן געגעבן אנאנסן אין די צייטונגען,צוגענומען נאך פערסאנאל און דער דעטאל,דער איינצל-פארקויף האט זיך צו ביסלעך איינגעפירט. פריער,האבן מיר די מיטהילף פון אונדזערע פרויען נישט געדארפט האבן,אבער איצט,ווען דער שותף איז קראנק געווארן און האט נישט געקענט מער פארן אויף דער רייזע און איך האב געמוזט אליין ארומפארן צו די פארבליבענע קונים אויף דער פראווינץ,האבן אויךביידע פרויען אונדזערע מיטגעהאלפן אין געשעפט.

א טייל קונים פונעם ראיאן האבן אויפגעהערט צו קויפן ביי אונדז (אויך ביי אנדערע יידן); אנדערע האבן פארלאנגט, אז מ'זאל קומען צו זיי אין די אוונט-שעהן און דאס דורך דער הינטער-טיר. איך האב מיר געלאזט נאר די מער קארעקטע קונים,וואס זענען אפשר אויך געווען אנטיסעמיטן,האבן דאס אבער נישט ארויסגעוויזן. האבן מיר געמוזט לייגן מער אויפמערקזאמקייט אויפן איינצל-פארקויף. די פארדינסטן זענען געווארן קלענערע,און מיר האבן געמוזט צוימען אונדזער לעבנס-שטאנדארט.

פ י ו ו נ י ט ש נ א

מיר האבן נאך באוויזן א יאר פארן באיקאט צו פארברענגען א זומער אין א שיינעם אפרו-ארט -פיוונישטנא- , וואס ליגט נישט ווייט פונעם קורארט,קריניצא,אין מערב גאליציע.מיר זיינען געפארן אהין די גאנצע משפחה - די פרוי,ביידע קינדער און איך. מיט אונדז זיינען אויך געפארן מיין חבר לאזאר מאראנץ,מיט זיין פאמיליע. - פון איין זייט האבן מיר געהאט דעם טייך פאפראד,און פון דער צווייטער זייט די פיעניני-בערג.

איינמאל,אין א שיינעם פרימארגן, האבן מיר,איך מיט מיין זון,און מאראנץ מיט זיין זון (זיי זיינען דעמאלט אלס גע-ווען צו 16 יאר),האבן מיר באשלאסן צו מאכן א שפאציר אין די בערג. די זון האט געשיינט און מ׳האט זיך נישט געקענט ריכטן אויף א ראדיקאלער ענדערונג פון וועטער. אפגעגאנגען א שיינע פאר קילאמעטער אין די בערג און געלאזט זיך אויף צוריק,שוין מיט אן אנדער וועג,צו דער באן-סטאנציע נאווי-סאנטש,פון וואנען מיר האבן געזאלט נעמען די באן קיין פיוו-ניטשנע (צוויי סטאציעס). אויפן וועג האבן מיר נאך געריסן מאלינעס,וואס זענען דארט געוואקסן אויף יעדן טריט און שריט. מיטאמאל,באמערקן מיר א שטארקע ענדערונג אין דער לופט: א ווינט,עס קומען אן געדיכטע,שווערע וואלקנס,עס הייבט אן צו בליצן און דונערן.

עס קאפען שוין גרויסע טראפנס רעגן. מיר האבן געפילט,אז מיר קענען ארייןפאלן אין א שטורם-וועטער אין די בערג,און, פריער מיט האסטיקע טריט,און שפעטער אין א גאלאפ געלאזט זיך לויפן בארג אראפ,נאך א צוויי-דריי קילאמעטער צו דער באן-סטאנציע. דורכגענעצטע ביזןביין,האבן מיר נאך גליק-לעכערהייט באוויזן צו נעמען דעם צוג קיין פיווניטשנע. קוים ליעבעדיקע זיינען מיר אין א האלבער שעה ארום געווען אין דער היים.

עס איז שווער צו באשרייבן,וואס דער שטורם האט דעמאלט אפגעטאן אין דער געגענט. דאס ערשטע מאל האב איך געזען, ווי עס צעשפילט זיך די נאטור. דער שטורם און שלאקס-רעגן האבן אנגעהאלטן ביז שפעט אין דער נאכט. הונדערטער ביימער, טעלעפאן און טעלעגראף-סלופעס צעבראכענע האבן זיך געוואל-גערט אויף די וועגן. א פארפלייצונג,דער טייך פאפראד האט זיך צעגאסן און אנגעמאכט דעם אמתן חורבן: כאטקעס,ברעטער, שאף,באלעבאטעשקייטן,האבן זיך געטראגן מיטן האסטיקן שטראם

פון וואסער. אפילו די באן-שינעס זענען געווען ארויסגעריסן און אויסגעדרייט אויף לאנגע קילאמעטערס.

אינדערפרי,נאכן שטורם,זענען מיר ארויסגעגאנגען פאר דער שטוב און דערזען דעם גרויסן חורבן און געקלערט ביי זיך , אז מיר דארפן "גומל בענטשן",ווייל כאפן מיר זיך נישט באצייטנס אויף דעם,וואס עס קומט אן,וואלטן מיר זיכער אלע פיר אומגעקומען אין דעם וועטער-שטורם.

דער שטורם האט אנבעמאכט געוואלטיקע שאדנס און עס האט געדויערט 10 טעג ביז די באן-קאמוניקאציע איז צוריקגעשטעלט געווארן און מיר האבן,גאנצע,נישט באשעדיקטע,געקענט פארן אהיים.

## מיין זון פארט שטודירן קיין פראנקרייך

דערווייל,האט אונדזער זון פארענדיקט די גימנאזיע און עס איז ביי אונדז געשטאנען די פראגע וועגן זיינע ווייטערדיקע שטודיעס. עס האט אים אינטערעסירט עלעקטראניק,עלעקטראטעכניק. ער האט געשיקט זיינע פאפירן קיין ווארשע אין פאליטעכניקום,אבער גלייכצייטיק אויך קיין פראנקרייך,אינעם אוניווערסיטעט אין נאנסי,ווייל עס איז געווען א גרויסער ספק צי אין ווארשע וועט מען אים,ווי א יידן,אויפנעמען. אויך זיין חבר לודוויק באהם האט געענדיקט צוזאמען מיט אים די גימנאזיע. זיין פאטער,מיין פריינט הערמאן באהם, האט אונדז פארגעלייגט,אז מיר זאלן ביידע יינגלעך שיקן קיין ענגלאנד,אין א אוניווערסיטעט אין מאנטשעסטער. אזוי ווי ער,באהם,איז אלע יארן געשטאנען אין געשעפטלעכע פארבינדונגען מיט ענגלאנד און געהאט דארט א סך גוטע פריינט, איז ער געווען איבערצייגט,אז ביידע סטודענטן וועלן אריינקומען אין א גוטער סביבה און זיינע פריינט וועלן זיי אויך זיין ביי־הילפיק,ווען דאס וועט זיין נייטיק.

א פלאן איז דאס געווען א גוטער,אבער אין ענגלאנד האט
דאס לערנען אין אוניווערסיטעט,געדארפט קאסטן מער ווי דא-
פלט,ווי אין פראנקרייך. אויך מיין זון איז געווען שטארקער
אין דער פראנצויזישער שפראך,ווי אין דער ענגלישער,האט ער
אויסגעקליבן נאנסי,אין דרום פראנקרייך,נישט ווייט פון
דער שווייצערישער גרעניץ.

דאס ווארשעווער פאליטעכניקום האט אים,ווי מיר האבן דאס
פארגעפילט,אפגעזאגט,און אונדזער זון האט זיך געגרייט צו
פארן קיין פראנקרייך. עס האט שוין דעמאלט איבער אייראפע
געשוועבט די מלחמה-שרעק. היטלער-דייטשלאנד איז געווארן
וואס אמאל חוצפהדיקער. עס האט זיך אנגעהויבן דער שטרייט
מיט טשעכאסלאוואקיע וועגן די סודעטן.

קורץ פאר מיין זונס ארויספארן,האב איך מיט אים געהאט
א ברייטערן געשפרעך וועגן דעם מעגלעכן מלחמה-אויסברוך
און אים אנגעזאגט,אז אויב אויך פראנקרייך וועט אריינטרע-
טן אין דער מלחמה,זאל ער זוכן דעם וועג אין דער שווייץ,
וועלכע וועט אפשר בלייבן נייטראל,ווי בעת דער מלחמה פון
1914. איך האב אים מיטגעגעבן די אדרעסן פון דער גאנצער
משפחה אונדזערער,וואס געפינט זיך אין פארשידענע לענדער
אין דער וועלט,מיט וועלכער ער דארף זיך שטעלן אין קאנטאקט.
איך האב אים אויך געזאגט,אז דער גורל זיינער קען אמאל
זיין דערזעלבער,ווי מיינער אין דער ערשטער וועלט-מלחמה,
ווען איך בין געבליבן אין רוסלאנד אליין,אפגעריסן פון
דער פארבליבענער גאנצער משפחה אין לאדזש,און איך בין
געזונטערהייט נאך א פאר יאר צוריקגעקומען אהיים.

די שטימונג אין פוילן און אין דער גאנצער וועלט איז
שוין געווען גענוג אן אנגעצויגענע און מ'קען זיך פארשטע-
לן מיט וואס פארא שווער הארץ מיר האבן זיך געזעגנט מיט
אונדזער ליבן זון. גאר שטארק האט דאס איבערגעלעבט מיין

פרוי. זי האט געהאט א ספעציעלע מוטערלעכע שוואכקייט צום זון, אפשר דערפאר נאך, וואס ער איז געווען דער בכור, דערצו איז ער געווען זייער א געמיטלעכער, א צוגעלאזענער, א ליב-לעכער. זי האט אים אויסגעשטאט אין וועג אריין מיט דעם בעסטן און שענסטן און האט אים צוגעזאגט אפט צו שיקן גוטע, געשמאקע פעקלעך ( די ווורשט-פירמע "דישקין" האט געהאט א דערלויבעניש צו שיקן קיין אויסלאנד קליינע פעקלעך פון אירע אויסארבעטונגען).

מיט מיין זון איז געפארן קיין נאנסי אויך זיינער א חבר ראזענבערג, א שילער פון דער ערשטער גימנאזיע, אין וועלכער מיין זון האט געלערנט, וועמענס עלטערן מיר האבן אויך גע-קענט. שוין פון די ערשטע בריוו פון זון, האבן מיר געזען, אז זיי האבן זיך ביידע צוזאמען נישט שלעכט איינגעארדנט; זיי האבן באקומען צוזאמען א צימער אין אוניווערסיטעטס-הויז, האבן זיך איינגעטיילט מיט זייער הויז-ארבעט. גלייכ-צייטיק האט אונדז אונדזער זון געשריבן, אז זיי לעבן זיך שנעל און גוט איין אין דער ארומיקער סביבה-סטודענטן-פראנ-צויזן און פון אנדערע לענדער.

מיט אונדזער זון, זענען מיר די גאנצע צייט געשטאנען אין א פערמאנענטן קאנטאקט. אויך ער האט נאכגעפאלגט די ערנסטע לאגע אין וועלכער עס געפינט זיך אייראפע און האט גוט געדענקט דעם אנזאג מיינעם ווי ער זאל האנדלען אין פאל פון א מלחמה-אויסברוך. ער האט אונדז געשריבן, אז ער האט זיך דארט אין נאנסי, אין אוניווערסיטעט, באפריינדעט מיט א סימפאטישן פראנצויזישן סטודענט, וועמענס עלטערן עס זענען געווען פארמערס, און דער דאזיקער סטודענט האט מיין זון מיט זיין חבר ראזענבערג, פארבעטן צו זיך אויף די צוויי חדשים, זומער-וואקאציעס. דאס איז שוין געווען אין חודש יוני 1939. אבער די עלטערן פון זייער פראנצויזישן חבר

האבן נישט מסכים געווען, אז ער זאל ברענגען צו זיי צוויי פרעמדע סטודענטן, און ס'איז דעריבער געשטאנען פאר ביידע בחורים דאס פראבלעם וווהין סוס מען זיך אהין אין די צוויי זומער-חדשים. האט זיך מיין זונס חבר, ראזענבערג, פארגלוסט אנצוקלינגען צו זיינע עלטערן קיין לאדזש, און אויסהערן זייער מיינונג.

ביים טעלעפאן איז געווען זיין מוטער, און זי האט אים געזאגט, אז זי בענקט נאך אים, און אז ער זאל אהיימקומען. און מיין זון, נישט וועלנדיק בלייבן אליין, האט אויך ער טעלעפאנירט אהיים. איך בין גראד געווען אויף א זיצונג אין "ארט" און ווען איך בין אהיימגעקומען, האט מיר מיין פרוי דערציילט, אז אונדזער לעאן האט מיט א שעה צוריק גע-רעדט מיט איר דורך'ן טעלעפאן פון נאנסי, און איר דערציילט, אז זיין חבר ראזענבערג פארט אהיים, און אז ער בלייבט אליין און אז ער וואלט אויך געוואלט אהיים קומען אויף די זומער-וואקאציעס; ער געדענקט גוט, וואס דער טאטע האט אים אנגע-זאגט, אבער ס'איז נישט אנצונעמען, האט ער געזאגט, אז די מל-חמה שטייט שוין ביי דער טיר. ער בענקט אהיים און וועט אין אויגוסט צוריקפארן קיין נאנסי. א מאמעס הארץ איז לייבט ווייך צו מאכן - האט זי אים געגעבן איר הסכמה. און אויפן דריטן טאג זיינען ביידע בחורים געקומען צוריק קיין לַאדזש. די פרייד, פארשטענדלעך, איז געווען א גרויסע. אבער קיין נאנסי איז ער שוין צוריק נישט געפארן.

ערב מלחמה 1939 ; דער ריבענטראפ-מאלאטאוו-אפמאך

דערווייל איז געקומען דער טרויעריק-באקאנטער מינכען-אפמאך, ווו ענגלאנד און פראנקרייך האבן ארויסגעוויזן זייער נאכגיביקייט צו היטלערס חוצפה. באלד נאכדעם דאס באזע-צן די סודעטן. שפעטער עסטרייך און נאכמער, די אנגעצויגענע באציונגען צווישן דייטשלאנד און פוילן וועגן דעם דאנציק-

קארידאר. גלייכצייטיק זיינען אנגעגאנגען די אנטי-יידישע ארויסטרעטונגען און אנטי-יידישע געזעצן אין דייטשלאנד גופא, דאס ארויסשיקן א פאר צענטליק טויזנט פוילישע יידן פון דייטשלאנד, וועלכע פוילן האט אנפאנגס נישט געוואלט ארייַנלאזן אין לאנד אריין און זיי זענען אין שווערע, בי-טערע באדינגונגען געבליבן שטעקן אין דעם פוילישן גרענעץ-שטעטל - זבאנשין. דער געשאפענער אנטי-דייטשער קאמיטעט האט מיט דער הילף פון "דזשאינט", געשיקט אהין הילף, מענטשן, דאקטוירים; מ'האט געדארפט זארגן פאר די קינדער, עלטערע מענטשן און קראנקע. די שטימונג אין לאנד, און דערהויפט צווישן דער יידישער באפעלקערונג, איז געווארן וואס אמאל שווערער, געדיכטער. די פוילישע רעגירונג האט געגלויבט, אז מיט דער פארשטארקטער אנטיסעמיטישער פאליטיק וועט זי נושא חן זיין ביי היטלערן, האט זי פארשטארקט איר באיקאט-פאלי-טיק לגבי די יידן, און בכלל, וואס אמאל מער אריינגעפאלן אין אן אפהענטיקייט און צעמישעניש.

דערווייל האבן ענגלאנד און פראנקרייך געפירט אונטער-האנדלונגען מיט סאוועט-רוסלאנד, אז מ'זאל צוגרייטן א גע-מיינזאמען ווידערשטאנד קעגן היטלער-דייטשלאנדס פארריסנ-קייט און אגרעסיע-חשק. דייטשלאנד ליגט צווישן פראנקרייך און פוילן-רוסלאנד און מ'דארף היטלערן קלאר געבן צו פאר-שטיין, אז אין פאל פון אן אנגריף אויף פוילן, אדער אויך פראנקרייך, וועט דייטשלאנד זיך אנטרעפן אויף א געמיינזא-מען שטארקן מיליטערישן ווידערשטאנד.

ווי עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן, האט דער כיטרער סטאלין געפירט גלייכצייטיק געהיימע אונטערהאנדלונגען מיט איינעם און דעם אנדערן צד, סיי מיט ענגלאנד-פראנקרייך, סיי מיט היטלער-דייטשלאנד. און עס איז געקומען צום טרויעריק-בארימטן ריבענטראפ-מאלאטאוו-אפמאך, וואס האט איבערראשט די

גאנצע וועלט,און פאר אלעמען די יידן אין פוילן און דייט-
שלאנד. סאוועט-רוסלאנד האט,אלס א פארענטפערונג פאר דער
אויסטערלישער האנדלונג אירער,דערקלערט,אז אין די אונטער-
האנדלונגען אירע מיט ענגלאנד-פראנקרייך און פוילן וועגן
דעם פאקט קעגן דייטשלאנד,האט פוילן זיך אפגעזאגט,אין פאל
פון אן אנגריף מצד דייטשלאנד,אדורכצולאזן די סאוועטישע
ארמיי דורך איר טעריטאריע. דאס איז געווען נישט מער,ווי
א מאקאוויעליסטישער תירוץ,ווייל גראד פארקערט - דייטשלאנד
האט באדארפט אין מלחמה-פאל פריער דורכמארשירן פוילן,איי-
דער זי וואלט געקענט צוקומען צו די גרענעצן פון רוסלאנד.
און עס איז געקומען צו א יד אחת פון צוויי קעגנזעצלע-
כע רעזשימען,אין תוך פיינטלעכע צווישן זיך רעזשימען,וואס
האבן ביידע געשטרעבט צו א וועלט-באהערשונג און וועלכע זע-
נען נאך מיליטעריש נישט געווען אינגאנצן גרייט דערצו.
סטאלין האט זיך נאך געפילט שוואך צו דעם פארמעסט און האט
געוואלט געווינען צייט,האבן א "פערעדישקע",ווי זיינע מענט-
שן האבן דאס אנגערופן,אבער גלייכצייטיק האט ער געשטעלט
זיין קארט אויף דעם,אז אין דער מלחמה צווישן ענגלאנד-פראנ-
קרייך-פוילן פון איין זייט,און דייטשלאנד,פון דער אנדע-
רער זייט,וועלן די צדדים ווערן שטארק אפגעשוואכט און...
דעמאלט,וועט דאס קאמוניסטישע רוסלאנד,די כלומרשט נייטרא-
לע מלוכה,קענען גאר געניסן פון דער געשאפענער וועלט-לאגע
און דער קאמוניזם וועט האבן א פרייען וועג צו דער באהער-
שונג פון דער וועלט.
ווי די זאכן האבן זיך אויסגעשפילט,איז אלעמען גוט בא-
קאנט. היטלער האט אויסגענוצט דעם פאקט מיט סטאלינען און
שוין דעם 1-טן סעפטעמבער 1939 איז פוילן פון מערב-זייט
געווארן באזעצט פון דייטשן מיליטער און פון מזרח - מיטן
רוסישן מיליטער. אלץ איז צוגעגאנגען לויט דעם ריבענטראפ-

מאלאטאוו-אפמאך. - פוילן האט אויפגעהערט צו עקזיסטירן, איז געווארן חרוב און פארוויסט.

דעם גרעסטן קרבן אויף דעם דאזיקן מלחמה-מזבח האט גע-געבן דאס יידישע פאלק. און מיט א רויקן געוויסן קען מען זאגן, אז אין דעם גרויסן חורבן אונדזערן, אין דעם מאקאברי-שן פארלירן פון זעקס מיליאן אומשולדיקע יידישע נפשות, דער-ביי, דעם שפעטערישסטן טייל זיינעם - דאס פוילישע יידנטום - טראגן די פאראנטווארטלעכקייט ביידע, סיי היטלער-דייטשלאנד, סיי סאוועט-רוסלאנד.

ביידע שותפים, היטלער און סטאלין, האבן זיך אבער פאררעכ-נט: היטלער האט געגלויבט, אז ענגלאנד און פראנקרייך וועלן אויך דאס מאל, ווי עס איז געווען דער פאל מיט עסטרייך און שפעטער -טשעכאסלאוואקיע, אפקומען מיט נאטעס און פראטעסטן און צום סוף אקצעפטירן אויך די נייע אקופאציע. - עס האט זיך אנגעהויבן די אייראפעישע מלחמה. -

סטאלין ווידער האט, ווי שוין געזאגט, געדארפט האבן א לענגע-רע "פערעדישקע", אויף צו קענען פארדייען די באזעצונג פון די דריי באלטישע געביטן: לעטלאנד, עסטלאנד און ליטע, ווי אויך צו קענען צוגרייטן זיך צום איבערפאל איבער דעם פאר-געשריטענעם, דעמאקראטישן פינלאנד. שנעל אבער האט היטלער פאראטן זיין שותף און נאכן אפפארטיקן זיך מיט די אייראפעישע לענדער, געגעבן א באפעל ארייננצומארשירן אין סטאלינס אימפעריע, און אן גרויסע שוועריקייטן איז ער דערגאנגען גאר שנעל, העט אזש צו די טויערן פון מאסקווע.

און אזוי האט זיך צעצונדן דער העלישער פייער פון פאר-ניכטונג און אומקום פון צענטליקער מיליאנען מענער, פרויען און קינדער, כמעט איבער דער גאנצער וועלט.

עס איז שווער צו באשרייבן, דערמאנען זיך דאס אלץ, וואס מיר, די מיטצייטלער, האבן דורגעמאכט, איבערגעלעבט אין דער

דאזיקער טראגיש-גרויזאמער צייט. וועגן דעם זענען שוין פארעפנטלעכט געווארן הונדערטער ביכער, אפהאנדלונגען; זכרו-נות פון איינצלנע מענטשן, וואס האבן דערציילט עפיזאדן פון דעם אומקום פון די יידן אין די יידישע שטעט און שטעטלעך, פון די צרות און נגישות, וואס מ'איז אויסגעשטאנען אין די געטאס, פון איין זייט פון די בלוטדורשטיקע דייטשן און פון דער אנדערער זייט, פון דעם דייטשס מיטהעלפער: פאליאקן, אוק-ראינער און ליטווינער, און נאכמער וועגן די קאנצענטראציע-לאגערן מיט די קאלך-אויוונס, ווו מ'האט אומגעבראכט, פארגאזט אומשולדיקע מיליאנען יידן (אויך אנדערע פעלקער).

נישט יעדער איינער באזיצט דעם כוח צו לייענען די חורבן-ליטעראטור; עס קען זיך אויך ביי קיינעם נישט לייגן אויפן שכל, אז אזעלכע מערדעריען האבן געקענעט פאסירן אין אונדזער יארהונדערט, אז דער ציוויליזירטער מענטש, דאס קולטור-פאלק, די דייטשן, זאלן האבן געפאלן צו דער מדרגה פון די ווילדע האטענטאטן. אבער דער פאקט, בלייבט פאקט - דאס האט באוויזן היטלער מיט אלע זיינע מיטהעלפער, און עס מוז בלייבן אלס א זכר פאר אלע קומענדיקע דורות - נישט צו פארגעסן און נישט פארגעבן די דייטשן זייערע פארברעכנס און רציחות.

אויך איך, מיט מיין משפחה, האבן מיטגעמאכט די דאזיקע גרויזאמע צייט, פריער אין לאדזשער געטא און שפעטער אין דייטשלאנד, אין פארשידענע קאנצענטראציע-לאגערן.

אין מיינע זכרונות-באשרייבונגען, וועל איך זיך באמיען זאכלעך און קאנצענטרירט ארויסברענגען אויפן פאפיר די דאזיקע ביטער-שווערע חורבן-צייט פון די יארן 1939-1945, ווו דאס גאנצע יידישע לעבן איז וואנדאליש צעשטערט און פארוויסט געווארן, ווען דאס גאנצע בליענדיקע און שעפערישע יידיש לעבן אין פוילן איז אונטערגעגאנגען און א טייל פון די געראטעוועטע יידן זיינען ארויס פון דער מלחמה פסיכיש

און גייסטיק צעבראכענע.

איך שרייב מיינע זכרונות 35 יאר נאך דעם גרויסן אומגליק אונדזערן, און איך שטעל פעסט, אז ס'איז נייטיק כסדר און וואס מער צו שרייבן און דערמאנען וועגן דער דאזיקער מאקאברישער צייט, און דערהויפט מיר, די על פי נס געראטעוועטע, ווייל אס טרעטן שוין ארויס אין איצטיקן דייטשלאנד גרעסערע ארגאניזירטע גרופעס, וואס טעהנען, אז די יידן טראכטן אויס אויף דייטשלאנד "נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע גרויל-געשיכטעס". זיי, די דייטשן, לייקענען בכלל וועגן דער דעם, אז עס האבן עקזיסטירט גאז-קאמערן, פון פארברענען לעבעדיקע מענטשן, און ווילן איינרעדן דער וועלט, אז די יידן האבן אין דער מלחמה פארלוירן נישט מער ווי א הונדערט פופציק טויזנט מענטשן, און נישט די ריזיקע צאל פון זעקס מיליאן.

א באזונדער קאפיטל זענען די יידן, וואס די אומשטענדן האבן זיי געטריבן, ביים מלחמה-אויסברוך, קיין מזרח, קיין סאוועט-רוסלאנד. אויך זיי האבן מיטגעמאכט דארט אלערליי פייניקונגען און נגישות, פארשידענע שלעק און מאטערנישן.
אויך דאס אפיציעלע סאוועט-רוסלאנד לייקענט וועגן דער גרויסער צאל יידישע מארטירער, וואס זענען אומגעקומען אין די רוסישע קאצעט-לאגערן, סיביר, קאמא, ווארקוטא, און אנדערע צוואנגס-פארשיקונגס-לאגערן. ווען נישט דער סיקארסקי-אפמאך, וואס האט דערמעגלעכט א גרעסערע טייל פוילישע-פליטים-יידן צו פארלייכטערן זייער לאגע, איז צו צווייפלען צו עס וואלט זיך אימיצער געראטעוועט פון די סטאליניסטישע לאפעס און דעם סאוועטישן רעזשים.

א באזונדערן פלאץ אין דעם יידישן מארטירערטום בשעת דער לעצטער מלחמה פארנעמען די אלע, וואס האבן געזוכט זייער רעטונג אויף "ארישע" פאפירן, אדער אין די בונקערס.

דער טויט איז זיי שטענדיק געשטאנען פאר די אויגן,

זיי זיינען יעדע רגע אויסגעשטעלט געווען אויף דער געפאר דערקענט,געמסרט אדער אנטדעקט צו ווערן.

א קליינער פראצענט פון זיי האט זיך געראטעוועט און די גרעסטער טייל פון זיי,ווערט נאך אנאנד פארפאלגט פון גרויליקע קאשמארן פון יענער פינסטערער צייט.

רעדנדיק וועגן דער מלחמה-צייט,וואלט מען באדארפט זיך ברייטער אפשטעלן אויף די העראישע יידן-אויפשטאנדן אין די פארשידענע געטאס און לאגערן,און נישט ווייניקער וועגן דעם פארטיזאנער-לעבן אין די וועלדער און פושטשעס און זייערע העלדישע טאטן קעגן די דייטשן,אבער דאס ליגט שוין נישט אין ארביט פון מיינע פערזענלעכע איבערלעבונגען.

מ'דארף בײדע פארברעכער-לענדער - היטלער-דייטשלאנד און סאוועט-רוסלאנד - ביי יעדער געלעגענהייט דערמאנען און איבערחזרן זייערע פארברעכנס און זינד לגבי דער גאנצער מענטשהייט און נאכמער לגבי די שוצלאזע יידן,און נאכמער דארף מען דאס דערמאנען און אויסזעצן סאוועט-רוסלאנד,וואס וויל זייט איר אנטשטיין איינרעדן דער גאנצער וועלט,אז נאר זיי זיינען די אמתע קעמפער און פאן-טרעגער פון פעלקער-ליבע און הומאניזם.

ווי געזאגט,איז שוין גאר א סך געשריבן געווארן וועגן יענער אומגליקלעכער צייט פון די יארן 1930-1950. אבער יעדער איינער,וואס האט נאך עפעס וואס צוצוגעבן צו יענע געשעענישן אין אלגעמיינעם און נאכמער אין יידישן לעבן,דארף ער דאס טאן. - דער זכרון ביי מיר ארבעט נאך גוט; דערצו האב איך געוויסע עפיזאדן פון מיין לעבן,אין פארלויף פון די לעצטע 25 יאר פארעפנטלעכט אין פארשידענע אויסגאבעס, גלויב איך,אז איך וועל די הייליקע ארבעט מיינע בשלימות דורכפירן.

.................

## מלחמה; מ׳גייט צום מזרח

עס האבן זיך גלייך ביים מלחמה-אויסברוך א לאז געטאן דורך פארשידענע וועגן קיין מזרח גאנצע פאמיליעס,דערהויפט די,וואס האבן געשטאמט פון די קרעסן. אונזער פאטער,וואס איז געווען אן אפטימיסט,האט געטענהט,אז ער געפינט נישט פאר נייטיק צו פארלאזן לאדזש. די מלחמה קען לאנג נישט דויערן,האט ער געזאגט,ביי די היינטיקע באוואפענישן מוז שנעל קומען א סוף -אהין,אדער אהער. ער האט אונדז דערמאנט די געשעענישן פון דער ערשטער מלחמה - ווי שלעכט עס האבן אפגעשניטן די, וואס האבן פארלאזט זייערע היימען. דא.האבן מיר נאך אונדזערע היימען,אן אייגן בעט,און אין מאמענט,ווען מ׳רירט זיך פון ארט,ווערט מען א נע-ונדניק.

דער אמתער מאסן-געלויף האט זיך ערשט אנגעהויבן דעם 5-טן סעפטעמבער,ווען פון פוילישן גענעראל-שטאב איז דורך ראדיא געקומען אן אויפרוף,אין דער נאכט פון 5-טן אויפן 6-טן סעפטעמבער,אז פוילן שטעלט א ווידערשטאנד,און אלע מענער,וואס זענען נאך פעיק צו טראגן א ביקס,ווערן גערופן צו פארלאזן זייערע היימען און לאזן זיך קיין מזרח,ווו עס וועלן קאמפלעטירט ווערן די פוילישע פולקן מיליטער.

די ידיעה האט זיך שנעל פארשפרייט איבער דער שטאט; די גאסן זענען מיטן דער נאכט געווארן פול מיט מענטשן. פרויען האבן,פשוט,ארויסגעטריבן זייערע מענער און דערוואקסענע זין צו גיין צום מזרח. זיי האבן געטעהנעט,אז פרויען וועט דאך דער דייטש נישט טשעפען און פאר די מענער איז א געפאר צו בלייבן אין שטאט. עס האט זיך געשאפן א פסיכישע פאניק,מ׳האט שוין געהאט פון פריער צוגעגרייט פלעצאקעס (רוקזעק)מיט דעם נייטיקסטן. האט זיך די מענלעכע באפעלקערונג געלאזט אין וועג אריין אויפן וועג קיין ווארשע. לאדזש איז געווען פארבונדן מיט ווארשע דורך פארשידענע וועגן,שאסיין.

אויך איך מיט מיין זון,לאזן מיר זיך אין וועג ארייך.
מיר רעדן זיך אפ מיט דער פרוי,אז אויב אויך די פרויען
וועלן דארפן פארלאזן די היימען זייערע,זאל זי מיט דער
טאכטער אונדזערער פון 12 יאר,זיך לאזן אין וועג ארייך
און האבן אין זינען צו דערגרייכן די שטאט קיעוו (אוקראינע,
ווו עס האט געוווינט אירס א שוועסטער).,און דארט וועלן מיר
זיך טרעפן.

איך האב מיך געוואלט טעלעפאניש פארשטענדיקן מיט מיינע
עלטערן,מיט מיינע ברידער,אבער עס איז אוממעגלעך געווען צו
באקומען א טעלעפאנישע קאמוניקאציע. עס הייבט שוין אן צו
טאגן.דורכן פענסטער זעען מיר אויף דער גאס געדיכטע מענטשן-
מאסן. עס פארן וועגענער,פורן אנגעשטאפטע מיט זעק און פעק.
עס ווילן זיך דורכשטופן פויערים מיט זייערע דארפס-וואגנס,
מיט זייער האב און גוטס,מ'פירט בהמות,פערד און עס וואקסט
דער פסיכאז - גיין צו מזרח צו.

איך מיטן זון מיינעם,קומען מיר צו צו דער פעטריקאווער
גאס; מיר שטופן זיך דורך דער מאסע און קומען צום נומער 60,
ווו עס וווינען מיינע עלטערן. ביים טויער שטייט מיין טאטע
- א צעבראכענער,די מאמע א פארוויינטע,און זאגן מיר,אז ביי-
דעיינגערע ברידער מיינע,מארעק און זיגמונט,זענען נאך מיט
א 30-40 מינוט פריער ארויס פון דער היים. זיי בײדע זיי-
נען מיליטער-רעזערוויסטן און האבן זיך אויך געלאזט אויפן
וועג קיין ווארשע; דער טאטע האט שוין אויך געהאט א ידיעה
פון מיין עלטערן ברודער,ארנאלד,אז ער איז שוין אויך אונ-
טערוועגס קיין ווארשע.

הויפט-וועגן קיין ווארשע זיינען געווען עטלעכע,אלע זע-
נען שוין אבער געווען פארשטאפט. און די מאסע מענטשן האט
אנגעהויבן צו גיין מיט זייטיקע וועגן. אין א גרויסער מאס
אויך צוליב דעם, וואס עסקאדרעס דייטשע עראפלאנען זיינען

געפלויגן איבער די הויפּט-וועגן און אראפּגעוואָרפן צינד-באָמבעס און אנגעמאַכט א חורבן צווישן דעם המון פּליטים.
אין די הימלען האָט זיך געטראָגן דער געשריי, דאָס קרעכצן און יעכצן פון די פאַרוואונדערטע. מען האָט געזען מתים אויף יעדן טריט, געפאַלענע פערד, קי.

איך מיטן זון, זיינען מיר געגאַנגען מיט דער מאַסע מיטן ברזשעזשינער וועג. איך האָב שוין אנגעהויבן צו קלערן וועגן לאָזן זיך גיין אויף צוריק קיין לאָדזש. כ'האָב זיך מישב געווען מיט מיין זון, אָבער ער האָט געהאַלטן פאַר מעגלעך, אַז די מאַמע, מיט דער שוועסטער, זענען שוין אויך אַרויס און גייען אונדז נאָך, בכדי צו טרעפן זיך ...אין קיעוו. אָבער אויף צו-ריק לאָזט איך נישט גיין די געדיכטע מאַסע מענטשן, וועגענער, פורלעך, וואָס שטראָמט פאַראויס. מיר זיינען שוין אראָפּ פונעם הויפּט-שאָסיי, וואָס פירט קיין כזשעזשין. מ'זעט אויך מאַמעס, טאַטעס, וואָס טראָגן זייערע קליינע קינדערלעך אויף די הענט. עס וואַלגערן זיך אָוועקגעוואָרפענע פּלעצאַקעס, וואַליזקעס, מאַנ-טלען, וואָס זענען אין וועג שווער געוואָרן צו טראָגן.

ענדלעך, האָבן מיר זיך א זייגער צוויי בייטאָג דערנענטערט צו דער שטאָט בזשעזשין. אַן אַרבעטס-שטעטל, וואָס איז געווען באַקאַנט איבער פּוילן, און נאָכמער איבער אַמאָליקן רוסלאַנד, ווו די מערהייט פון אירע איינוווינער האָבן געהאַט שניידער-וואַרשטאַטן און קאָנפעקציאָנירט דערהויפּט מענער-אַנצוגן, מאַנ-טלען. עס זענען דאָרט אויך געווען אייניקע גרויסע קאָנפעק-ציע-פאַבריקן, ווי א שטייגער די פירמע שוטענבערג און זיגמונ-טאָוויטש, ווו עס זענען געווען באַשעפטיקט א פאַר הונדערט שניידער-אַרבעטער, מערסטנס יידן.

איך האָב אין בזשעזשין געהאַט א פאַר באַקאַנטע פאַמיליעס און כ'האָב גערעכנט ביי עמיצן פון זיי זיך א ביסל אויסרוען און זוכן די מעגלעכקייט אויף צוריק צו גיין קיין לאָדזש.

אבער פון דער ווייטנס האבן מיר געזען א שרעקלעך בילד - די שטאט איז געשטאנען אין פלאמען. פון דער שטארקער היץ האבן געפלאצט די שויבן אין די הייזער, און מ'איז געגאנגען פשוט אויף גלאז. איך האב זיך נאכגעפרעגט נאך אונדזערע באַקאנטע - די דיאמאנטס - דערשלאגן זיך צו זיי; דא זיינען מיר געוווייר געווארן, אז דער גאנצער וועג קיין ווארשע איז פול מיט פוילישע מענטשן, אבער די דייטשן זיינען שוין ווייט פאראויסגעגאנגען מיט זייערע הארמאטן, פולעמיאטן און עס האט נישט קיין זין פאר אונדז ווייטער צו גיין.

מ'האט ביי זיי עפעס איבערגעכאפט, זיך א ביסל אויסגערוט. מיט אמאל האט זיך דערהערט א שטארקער ארטילעריע-פייער און דער עולם איז געלאפן באהאלטן זיך אין די קעלערס. איך מיט מיין זון, ווי אויך אונדזערע פריינט, די לעווס, זענען געבליבן אין א שמאלן קארידאר, וואס האט געפירט צו איינעם פון די קעלערס.

קעגנאיבער, בלויז איבער דער גאס, האט געברענט די גרויסע פארבריק פון שוטענבערג און זיגמונטאוויטש. די שרפה האט שוין געהאלטן ביים אויסלעשן זיך, אבער די היץ, וואס האט זיך געטראגן פון דארט, איז געווען נישט אויסצוהאלטן. לעוו האט אונדז דורך הינטער געסלעך אריינגעפירט אין א צווייט ארט, צו זיינעם א שוואגער. דארטן זיינען מיר געבליבן א נאכט און א טאג, געשלאפן אויפן דיל אין די קליידער.

דערווייל האבן די דייטשן באשטימט א קאמאנדאנט איבער דער שטאט, וועלכער האט אלע פרעמדע, אויך אונדז, געגעבן א שיין, מיט וועלכן מיר האבן געקענט צוריקגיין קיין לאדזש. פאליאַקן האבן ארגאניזירט פערד-און-וואגן-קאמוניקאציע קיין לאדזש און די לעווס האבן אונדז צוגעהאלפן צו באקומען די מעגלעכקייט צו קריגן זיך-פלעצער אין אזא ברישקע און אין א פאר שעה (18 קילאמעטער) ארום האט אונדז דער פוילישער באלעגאלע

אראפגעלאזט ביים אנפאנג פון דער פעטריקאווער גאס.

מיר זיינען נישט געגאנגען צו זיך אין שטוב אריין, אויף זאוואדסקע, זייענדיק זיכער, אז די פרוי מיט דער טאכטער זענען נישטא. מיר זיינען פארזארגטע צוגעגאנגען אויף פעטריקאווער 60, צו מיינע עלטערן. זיי האבן זיך שטארק דערפרייט, דערזעענדיק אונדז, און ביי זיי האבן מיר זיך אויך דערוווסט אז מיין פרוי מיט דער טאכטער, האבן זיך טאקע גלייך נאך אונדז געלאזט אין וועג אריין, אבער נאך דעם זעלבן טאג צוריקגעקומען. זיי זיינען גאר ווייט פון דער שטאט נישט אוועקגעגאנגען. מיטן וועג איז געווען אוממעגלעך צו גיין, האבן זיי זיך אוועקגעזעצט אויסרוען. צופעליק האט זיי באמערקט מיין עלטערער ברודער, וואס איז אויך ווייט נישט אוועק, און ווען די דייטשן האבן אויף א שטיקל צייט אויפגעהערט צו שיקן באמבעס פון די עראפלאנען, האט ער דורך זייטיקע וועגן געזוכט דעם וועג אהיים. דערזעענדיק מיין פרוי מיט דער טאכטער, האט ער זיי אויפגעקלערט, אז עס האט נישט קיין זין צו גיין ווייטער, ווייל די דייטשן זיינען שוין ווייט פארלאפן די פאלאקן, און אז ער איז טיף איבערצייגט, אז אויך איך מיטן זון וועלן אויך באלד צוריקקומען. זיינען זיי שוין אין דרייען צוריקגעגאנגען. עס איז זיי נישט אזוי לייכט אנגעקומען דאס צוריקגיין ; א סך פון די מענטשן, וואס זיינען געגאנגען פאראויס האבן זיי געזידלט, אנגערופן מיט די מיאוסטע ווערטער. נאך דעם זעלבן טאג, פארנאכט צו, זיינען זיי געקומען צו מיינע עלטערן.

איך בין שוין געווען אזוי פיזיש און מאראליש אויסגעשעפט, אז איך האב געבעטן מיין שוועסטער בערטא, זי זאל צוגיין צו מיר אהיים און ברענגען אהערצו מיין פרוי מיט דער טאכטער. מ'קען זיך פארשטעלן די גרויסע פרייד אונדזערע, ווען מיר זענען אלע ווידער געווען צוזאמען.

מיינע בײדע ייִנגערע ברידער, מאַרעק און זיגמונט, וואָס זיינען אַרויס פון דער שטוב מיט אַ קנאַפּער שעה פאַר אונדז, האָבן באַוויזן דערשלאָגן זיך קיין וואַרשע. זיי האָבן מיטגעמאַכט די דייטשע באַלאַגערונג, די שלאַכטן, די באָמבאַרדירונגען, געליגן אין די קעלערס און זיינען אַהיים געקומען ערשט אין אַ חודש אַרום.

................

מיט ווייטיק מוזן מיר זיך מודה זיין, אַז מיר, וועלכע זענען דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון מענטשלעכקייט, ברודערלעכקייט, הומאַניזם, גראָד מיר האָבן נישט דערשאַצט די טיפקייט פון רשעות, אויף וועלכער מענטשן זיינען פעיק און אויך נישט געגלויבט אין דער שפּלדיקייט פונעם גרעסטן טייל פון די דעמאָקראַטישע רעגירונגען און פעלקער. די פירער פון די דעמאָקראַטישע לענדער האָבן נישט געפונען אין זיך גענוג כח און ווילן צו טאָן עפּעס ממשותדיקס אויף צו ראַטעווען אונדז, די ערשטע נאַצישע קרבנות.

דערווייל האָבן שוין די דייטשן באַוויזן אַרויסצווייזן זייערע וועלפישע ציינער לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. גלייך נאָך זייער אַריינקומען קיין לאָדזש, האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג די באַקאַנטע גזירות. פריער געלט לאַטעס, צוואַנגסאַרבעט, קאָנפיסקאַציע פון פאַרמעגנס, שפּעטער דאָס אַרויסטרייבן פון די וווינונגען, צונעמען אַלע קוואַלן פון פרנסה.

עס איז שוין געווען האַרבסט 1939. ווער עס האָט געהאַט די מעגלעכקייט האָט געזוכט צו פאַרלאָזן די שטאָט. אַ טייל, די מער פאַרמעגלעכע, אויך טייל פון די אָפּשטאַמיקע פון די קרעסן, האָבן פון אָנהויב מלחמה זיך געלאָזט קיין מזרח. די פאַרצווייגטע משפּחות, איינגעזעסענע, פאַרוואָרצלטע דאָ פון דורות, האָבן אָבער נישט געהאַט קיין מוט צו רירן זיך פון

ארט,נישט געוואלט צערייסן משפחות. מ'האט נישט געוואלט וווערן נע-ונדניקעס; אויך מאטעריעל איז מען נישט געוועז בכוח דאס צו טאן.

אבער די דייטשע גזירות האבן דאך נישט געלאזט איינזיצן און עס האט זיך אנגעהויבן א שטילע עמיגראציע צום מזרח,צו די פון די רוסן פארנומענע פוילישע געביטן. געלאפן זענען מערסטנס יינגע מענטשן,בחורים און מיידלעך,יינגע פארפעל-קער. מ'האט געלאזט טאטע-מאמע,עלטערע ברידער-שוועסטער,אויך פרוי און קינד,כדי שפעטער אויך זיי אריבערצוברענגען אהין. פריער איינצלנע,שפעטער וואס אמאל מער. מ'שטייט אויף אין-דערפרי און מ'דערוויסט זיך,אז פריינט און שכנים האבן פאר-טאגס פארלאזט די שטאט. און די בהלה,דאס לויפן,הייבט אן פסיכיש דריקן,ווירקן אויף די פארבליבענע.

אגב,האט אויך אונדזער זון באקומען חשק זיך צו לאזן אין וועגארײן. פארשידענע חברים האבן אים פארגעלייגט,אז מ'זאל גיין צוזאמען. ער האט זיך געעצהט מיט אונדז. איך האב אים געזאגט: מיר קענען דיר נישט עצהנען,ביסט שוין א דערוואק-סענער מענטש,דעצידיר אליין; מיר יעדנפאלס בלייבן דא,צוזא-מען מיט די אנדערע מיטגלידער פון אונדזער משפחה. איך האב אים בלויז אויפגעקלערט דעם רעזשים פון די באלשעוויקעס. די מאמע זיינע האט בכלל נישט געקענט פועלן ביי זיך צו שיידן זיך מיטן זון,און לאזן אים גיין אויף אן אומבאקאנטן וועג - איז ער געבליבן מיט אונדז.

אין שטאט ווערט וואסאמאל ערגער,ענגער. די דייטשן בושע-ווען,כאפן יידן אין די גאסן צו דער ארבעט. די פאליאקן,די פאלקס-דייטשן העלפן זיי. עס הייבן זיך אן פאליטישע ארעסטן. פון די ערשטע ווערן ארעסטירט און אוועקגעפירט אין אן אומ-באקאנט ארט די בונדישע פירער,וואס זענען נאך געבליבן אין שטאט: ד"ר אלעקסאנדער מארגאליס,מיין פעטער חיים לייב פאז-

נאנסקי,יוסף מארגענטאלער,ווי אויך דער אדמיניסטראטאר פון דער בונדישער צייטונג "דער לאדזשער וועקער" - זילבערבערג. זיי האבן נישט געוואלט פארלאזן די שטאט,ווי אנדערע האבן דאס געטאן. די פארבליבענע בונדישע פירער האבן דאס מאטי-ווירט מיט דעם,אז זיי זיינען די פארשטייער פון די ברייטע שיכטן פון דער יידישער ארבטנדיקער באפעלקערונג,און ווען דער רוב פון דער דאזיקער באפעלקערונג בלייבט אין שטאט, דערלויבט זיי נישט זייער געוויסן,צו אנטלויפן,און ראטעווען די אייגענע הויט. ווי מ'האט זיך שפעטער דערוווסט פון א פאר פ.פ.ס.-טוער,וואס זענען ארעסטירט געווארן אין דער זעלבער צייט,וואס די בונדיסטן (עס איז אויך ארעסטירט גע-ווארן דער פועלי-ציוניסטישער ראטמאן פון שטאט-ראט - האלענ-דערסקי),האט מען זיי אלע געהאלטן אין ראדאגאשטשער טורמע (איבערגעארבעט פון א פאבריקס-בנין) און דארט האבן די נאציס די ארעסטירטע געפייניקט,געשלאגן ביז צום פארלירן פון באַ-וווסטזיין און צום סוף אויף אן אחזריותדיקן אופן געמאכט א סוף צו זייער ליבן.

מיין מאמע האט געוואלט נעמען דעם פעטערס חיים לייב פאז-נאנסקיס פרוי,רעלא,צו זיך,אבער זי האט געוואלט בלייבן ביי זיך. שפעטער,ווען מ'איז געגאנגען אין דער געטא,האט די בונ-דישע ארגאניזאציע איר געגעבן א פלאץ אין לאקאל פון דער בונדישער קינדער-היים אויף זגערזשער 34.

אין דער זעלבער צייט האבן די דייטשן ארויסגעשלעפט פון קאפע "אסטאריא (אויף'ן רוג פעטריקאווער און ציגל-גאס),א גרעסערע צאל יידן (מ'האט גערעדט פון א 50-60 מאן). מ'האט זיי געפירט אויפן יידישן בית עולם אין מארישין און דארט אלע דערשאסן.

...............

## אין פאר קיין ווארשע צום רוסישן קאנסולאט

פון דער מזרח-גרענעץ זענען דערווייל וואס אמאל מער אנ-געקומען ידיעות, אז עס ווערט אלעמאל שווערער דאס אריבער-גיין, דאס שמוגלען די גרענעץ ביי מאלקין, ביים בוג. מען האט מורא, אז מ'זאל נישט פארשפעטיקן, מען זאל דערווייל אינגאנצן נישט פארמאכן די גרענעץ.

ס'האט זיך דערנענטערט דער ווינטער. מיטאמאל... זיינען אנגעקומען שרעקלעכע, שוידערלעכע ידיעות פון דער נייער דייטש-שיש-רוסישער גרענעץ: מ'דערציילט וועגן די הונדערטער, וואס זיינען דערטרונקען געווארן אין בוג ביי פרווון מיט שיפ-לעך איבערצוקומען דעם טייך; וועגן די פוילישע וועג-ווייזער-שמוגלערס, וועלכע באראבעווען, ברענגען אום די אומגליק-לעכע יידן; וועגן די צענער טויזנטער יידן, וואס וואלגערן זיך אין "קיינעמ'ס לאנד", וואס די דייטשן און רוסן האבן געשאפן; וועגן דעם, אז די רוסן, די "אויסלייזערס", כאפן די אריבערגעקומענע און שטעלן זיי צוריק, צום דייטש. עס קומען אויך אן ידיעות וועגן די גרויסע צרות, וועלכע עס שטייען אויס די אריבערגעקומענע יידן שוין אויף דער רוסישער זייט, אין ביאליסטאק און אנדערע שטעט. עס הייבן שוין אויך אן צוריקקומען מענטשן פון סאוועטישן גן עדן.

די בהלה שטעלט זיך אפ. מ'לויפט שוין נישט אזוי ווי פריער. מ'איז זיך גוט מישב, מ'וויל זיך פארזיכערן מיט גע-ניטע שמוגלערס, איידער מ'לאזט זיך אין וועג אריין.

און פלוצים... ווערט דורך פלאקאטן אויף די מויערן פון דער שטאט פארעפנטלעכט דער נייע אפמאך צווישן סאוויעט-רוסלאנד און היטלער-דייטשלאנד וועגן אויסטויש פון דייטשן, וועלכע באוווינען די באלטישע פראווינצן, וואלין, די קארפאטן, פאר רוסן, אוקראינער, ווייסרוסן, וועלכע געפינען זיך אין די

געביטן,וואס די דייטשן האבן באזעצט. עס וועלן פאר זיי צו-געשטעלט ווערן באזונדערע וואגאנען,מען וועט קענען מיטנ-נעמען מיט זיך דאס גאנצע האב-און-גוטס,מעבל,מאשינען; פאר די דארפסמענטשן אפילו זייערע בהמות און פעלד-מכשירים.

ווי עס איז באקאנט,האבן אין די גרעסערע שטעט אין פוילן געוווינט א באדייטנדיקע צאל יידן,אזוי גערופענע "ליטוואקעס",געבוירענע אדער אפשטאמיקע פון די קרעסן,אוקראינע, רוסלאנד. דער פארעפנטלעכער נייער אפמאך צווישן די רוסן און דייטשן האט מיטאמאל ארויסגערופן דערמוטיקונג,בטחון צווישן די דאזיקע יידן. עס איז דורכגעלאפן א פונק פון האפענונג,אז מען וועט קענען אויף א לעגאלן אופן געראטעוועט ווערן פונעם וואסאמאל שווערערן דייטשן יאך; עס וועלן דאך קענען פארן גאנצע פאמיליעס,מען וועט נישט צעבראכן ווערן, מ'וועט קענען מיטנעמען דאס,וואס מען פארמאגט נאך.

מען האט געגלויבט,אז דער אפמאך איז חל אויך אויף יידן, אויף די "ליטוואקעס". ווי קען דען אנדערש זיין? די סאוועטן וועלן דאך נישט אונטערשרייבן קיין אפמאך,וואס שליסט אויס יידן...

אויך איך,און מיין פאמיליע זענען געווען צווישן די גליקלעכע". איך בין א געבוירענער אין בערדיטשעוו,אוקראינע, (קיעווער גובערניע) - מיינע עלטערן האבן מיך געבראכט קיין לאדזש,ווען איך בין אלט געווען דריי יאר). אויך מיין פרוי איז א געבוירענע אין אוקראינע,אין קאמיענעץ פאדאלסק.

דער רוסישער קאנסולאט,וווּ מ'האט זיך געדארפט רעגיסטרירן, איז געווען אין ווארשע. לאדזש איז שוין געווען צוגעטיילט צום "דייטשן רייך". האבן מיר באשלאסן,איך זאל פארן קיין ווארשע,און זיך מעלדן אין רוסישן קאנסולאט. אפשר נעמט ארום דער אפמאך אויך אונדז,יידן. מ'דארף פרווון. איך רעד גלייכצייטיק אפ מיט מיין פרוי,אז אין נעגאטיוון פאל,וועל

איך דינגען א פּאלאק,וואס וועט זי מיט די קינדער אריבער-
ברענגען קיין ווארשע און דאן וועלן מיר באשליסן וואס ווײ-
טער צו טאן.

מיט אנגעצויגענע נערוון און שרעק,האב איך אונטער סטרי-
קאוו "אריבערגעשפּרייזט" די גרענעץ צווישן דעם "רייך" און
ווארשעווער גובערנאמענט". כ׳האב געכאפּט א פּאר קלעפּ ביים
רעווידירן און בשלום אנגעקומען קיין ווארשע. פארפארן בין
איך צום סעקרעטאר פון "ווארשעווער עקספּרעס" - פישמאן. ער
מיט זיין זון זענען שוין געהאט אוועק צום מזרח. געבליבן
אין ווארשע זענען זיין פרוי מיט דער טאכטער.

די ווארשעווער האבן שוין באוויזן זיך אויך צו באקענען
מיט דער דייטשער אקופּאציע,די באמבארדירונגען מיט מענטשלע-
כע קרבנות בעת דעם ווידערשטאנד,וואס די פּוילישע ארמיי האט
געשטעלט די דייטשן אין אנפאנג פון קריג. עס האט אין א סך
גאסן,אויך אין די יידישע ראיאנען,געפעלט וואסער,גאז און
עלעקטריע; אויך עסנווארג איז שווער געווען צו באקומען.
די יידן האבן געטראגן ווייסע ארעמבענדער מיט א מגן-דוד;
מ׳האט געכאפּט יידן צו פארשידענע ארבעטן.

ביים מלחמה-אויסברוך און שפּעטער האט זיך אויך פון ווער-
שע א לאז געטאן א שטראם יידן קיין מזרח,צו די פּארנומענע
דורך די רוסן פּוילישע קרעסן.

דער לאדזשער ד"ר אייגער,וואס איז צוריקגעקומען פון מאלקין,
האט פאר מיר געשילדערט דעם גאנצן גרויל פון דער סיטואציע
אויף דער גרענעץ; דערציילט פון די אכזריותדיקע שיקאנען
פון די דייטשן פון ד ע ר זייט, און פון די רוסן פון
י ע נ ע ר זייט גרענעץ,און אז קיין רוסלאנד לאזן די רוסן
וויניק ווער אריבער. - אויך דא,אין ווארשע,איז אפּגע-
פאלן דער חשק אויף אזא אופן "גראטעווען" צו ווערן.

אבער,אז עס איז דא א "פורטקע" פאר די "ליטוואקעס",א דאנק דעם נייעם אפמאך צווישן רוסלאנד און דייטשלאנד צו פארן דירעקט,אויפן לעגאלן וועג,קיין אוקראינע,ווייסרוסלאנד דארף מען דאס אויסנוצן. האב איך אין ווארשע געטראפן צווישן דער דאזיקער קאטעגאריע יידן,די זעלבע שפאנונג,ווי אין לאדז.

דער רוסישער קאנסולאט האט זיך איינגעארדנט אין די זאלן פון ראטהויז. מען האט מיר איבערגעגעבן,אז שוין פון פארטאג אן שטייען דארט גרויסע רייען,קריסטן און יידן,ווייל דער קאנסול אמטירט בלויז דריי שעה. דער דייטש נוצט דערביי דאס אויס,און כאפט ארויס פון דער רייע די יידן מיט די ווייסע בענדער און שלעפט זיי צו פארשידענע ארבעטן. איך האב באש-לאסן צו ריזיקירן און נישט אנטאן דעם ארמבאנד מיטן מגן-דוד און שטעל מיך פארטאג אין דער רייע. - איך האב אין דער רייע שוין געטראפן דעם לאדזשער פאעט און שול-דירעקטאר יצחק קא-צנעלנסאן (אן אלטער פריינט פון אונדזער משפחה),וואס איז אויך געווען פון די "נאיווע" און געגלויבט,אז נייער אפמאך נעמט ארום אויך אים מיט זיין משפחה. (ער איז געווען א גע-בוירענער אין וויטעבסקער גובערניע, ווייסרוסלאנד.)

ענדלעך,אזייגער 10,לאזט מען אריין צום קאנסול. שוין פון די ערשטע יידן,וואז זענען ארויסגעקומען פון קאנסול,לאזט זיך הערן,אז יידן מיינט מען נישט. ענדלעך קום אויך איך אן צום קאנסול. - אויף צו ווייזן אים,אז איך רעד רוסיש,זאג איך אים גלייך "דאבראיע אוטרא" (גוט מארגן). ער האט מיר העפלעך געהייסן זיך זעצן. איך האלט אין האנט אלערליי פא-פירן,מיינע און מיין פרויס מעטריקעס,וואס דארפן דינען אלס באווייזן,אז מיר זיינען געבוירן אין אוקראינע. איך זאג אים, אז איך בין א בוכהאלטער,מיין פרוי א פארמאצעווטקע, - מיין זון איז א סטודענט פון א פראנצויזישן אוניווערסיטעט, מיין טאכטער - א שילערין אין א גימנאזיע.

איך ווייז אים אויך בריוו פון מיין פרויס שוועסטער פון קיעוו,וועלכע רופט אונדז צו זיך.

ער האט מיך רויק אויסגעהערט און מיך אבסערווירט.הייבט כסדר אויף די אויגן אויף מיר. ווי עס זעט אויס,וויל ער דערגיין,צי בין איך טאקע א ריכטיקער "כאכאל". איך רעד מיט אים א גוטן רוסיש,מיין פאמיליען-נאמען איז א רוסישער,דער פארנאמען -לודאוויק- איז אויך א גוישער. ער ענטפערט מיר כמעט נישט,זאגט נאר אלעמאל "דא,דא" (יא,יא),דאס הייסט - רעד,רעד,ברודערקע,אפשר וועל איך דערגיין ווער דו ביסט.

ענדלעך,זאגט ער צו מיר:"וואס ניע קאסאיעססיא",דאס הייסט צו אייך האט דער אפמאך נישט קיין שייכות,אדער ווי איינער זאגט: " מ'מיינט נישט אייך". איך לאז נישט אפ,און זאג אים נאכאמאל און נאכאמאל,אז מיר זיינען ארבעטס-מענטשן,מיר האבן דארט,אין אוקראינע,משפחה,מיר וועלן קיינעם נישט פא-לן צו לאסט א.א.וו. איך וויל פון אים,פונעם פארשטייער פון דער מאכט,וואס פראקלאמירט אזוי שיין די באפרייאונג פון אלע פעלקער,דערגיין פארוואס נעמט דער אפמאך נישט ארום מיך און ענלעכע צו מיר. ער זאגט מיר ווידער אמאל: "וואס ניע קאסאיאססיא",אז מיינען מיינט מען אוקראינער. איך טענה ווייטער,אז מיר זיינען דאך געבוירענע דארט,אין אוקראינע, צו זיינען דא פארשידענע קאטעגאריעס אוקראינער?

איך באמערק,אז ער הייבט זיך שוין אן צו דענערווירן, האלט איך שוין מער נישט אויס און זאג אים,אז אפשר דערפאר, וואס איך בין אן אוקראינישער ייד,נעמט מיך נישט ארום דער נייער אפמאך צווישן רוסלאנד און דייטשלאנד?

ער שוויגט,הייבט זיך אויף פון בענקל און וויל מיר מיט דעם געבן צו פארשטיין,אז איך האב ביי אים נישט מער וואס צו טאן. איך גיב אבער נאך נישט נאך און פרעג אים,שוין אין אן אויפגערעגטן טאן: צי איז אים באקאנט דאס אלץ,וואס

וואס די היטלער-באנדע טוט אפ מיט אונדז יידן, די רעכלאזי-קייט אונדזערע, די הפקרדיקייט אויף וועלכער מיר זיינען אויסגעשטעלט און ווען סאוועט-רוסלאנד האט א מעגלעכקייט צו ראטעווען א געוויסע קאטעגאריע יידן פון דעם גיהנום, פארוואס טוען זיי דאס נישט? זיי, וועלכע פראקלאמירן מענטשן-ליבע, פעלקער-רעכט, הומאניזם, פארוואס טייטשן זיי נישט אויס דעם אפמאך צו אונדזער טובה וועגן?

ער ווערט שוין אומגעדולדיק און זאגט מיר, אז ער האט אינ-סטרוקציעס און האנדלט לויט זיי. איך זע, אז איך האב שוין סיי ווי נישט וואס אנצוווערן, נעם איך צוזאמען מיינע פא-פירן און גיט שוין אויס מיין אנגעווייטיקט הארץ מיט די פאר שארפע ווערטער: הייסט דאס, אז אויך די סאוועטן האלטן פונעם צארישן דעוויז: "ק ר א מ י ע י ע ו ר ע י ע ו" (אויסער יידן). גייט ער האסטיק צו צו דער טיר, עפנט זי און זאגט אויפגערעגט: "אודיענציא אקאנטשענא, סלעדוויושטשי", דאס הייסט, די אודיענץ איז געענדיק, דער ווייטערדיקער. אזוי האט זיך פארענדיקט די "ליטוואקעס" - אילוזיע. אבער זי האט אונדז ווידער געוויזן דעם אמתן פרצוף פון די "בא-פרייער" און מ'דארף געדענקען, אז דאס האט נאך פאסירט אין יאר 1939, ווען דארט איז מען נאך געווען "גוטמוטיק" צו יידן,

איצט הייב איך אן צו זוכן א פאלאק, א שמוגלער, וועלכער זאל מיר ברענגען אהער, קיין ווארשע, די משפחה מיינע, מיין פרוי און די קינדער, אזוי ווי איך האב אפגערעדט מיט דער פרוי מיינער. ענדלעך, האב איך געפינען אזא איינעם. ער האט מיר צוגעזאגט אין א 2-3 טעג ארום צו פארן קיין לאדזש. די פרוי פישמאן האט מסכים געווען, אז איך קען מיין משפחה ברענגען צו איר, אין שטוב אריין. ביז וואס-ווען האב איך זיך נעענטער באקאנט מיט די נייע אומשטענדן פונעם יידישן לעבן אין ווארשע. כ'האב געטראפן א שפאר ביסל לאדזשער,

וועלכע האבן זיך בלה ברירה צוגעפאסט צום נייעם נע ונד-לעבן.
כ'האב מיך אויך געטראפן מיט א פאר לאדזשער חברים,עטלעכע
האבן איבערגענומען די פונקציעס פון די ווארשעווער חברים,
וואס זיינען שוין פריער אוועק קיין מזרח.

דערווייל איז צוריקגעקומען פון לאדזש דער פוילישער
שמוגלער,וואס האט געזאלט ברענגען קיין ווארשע מיין פרוי
מיט די קינדער און האט מיר געבראכט א בריוול פון דער פרוי,
אין וועלכן זי שרייבט מיר,אז זי האט געהערט פון מענטשן,
וואס זיינען צוריקגעקומען קיין לאדזש,אז ווארשע איז האלב
רואינירט,עס פעלט גאז,עלעקטריע,וואסער א.א.וו. און זי האט
ביי זיך אין קעלער א זאפאס פון פראדוקטן,קוילן,און דערצו
איז כמעט די גאנצע משפחה אונדזערע געבליבן אין לאדזש און
זי וויל איך זאל צוריקקומען אהיים.

## צוריק אין לאדזש;לאדזשער געטא

האב איך באשלאסן צוריקפארן אהיים,קיין לאדזש.מיין בא-
שלוס האב איך איבערגעגעבן אייניקע מיינע לאדזשער חברים.
אין צווישנצייט האט מיר דערציילט די לערערין פון די לאד-
זשער מעדעם-שולן,די ח'טע איטקע לאזאר-מעלמאן,אז דער פאר-
וואלטער פון "דזשאינט" דער חבר גוטערמאן,האט איר פארגע-
לייגט,אז זי זאל אריבערפירן קיין לאדזש צום "עלטעסטן פון
די יידן" מרדכי רומקאווסקי זעכציק טויזנט מארק,אלס הילף
פאר די לאדזשער פאלקס-קוכן,וואס ער האט געהאלטן ביים שא-
פן. דאס געלט האט מען געדארפט שמוגלען,האט זי זיך אנפאנגס
געהאט אפגעזאגט,אבער אזוי ווי איך פאר קיין לאדזש און
וועל מסכים זיין איר צו העלפן דורכצופירן די מיסיע,וועט
זי מיך באקענען מיט גוטערמאנען און מיר בײדע וועלן טאן
די וויכטיקע שליחות. איך האב,מיט דער הסכמה פון דער פרוי
מעלמאן,געשטעלט גוטערמאנען דעם באדינג,אז צען פראצענט

פון דער סומע,ד.ה. זעקס טויזנט ג רק,זאלן מיר אראפנעמען פאר אונדזער טרחה פאר דער בונדישער קוך,וואס האט שוין עק-זיסטירט. גוטערמאן האט מסכים געווען אוןביידע האבן מיר זיך ארומגעוויקלט מיטן געלט און געלאזט זיך דורך קאלושקי, אין וועג אריין. מיר האבן אויסגעקליבן די נאכט פון 31-סטן דעצעמבער,ווען די דייטשע גרענעץ-וואכן צווישן דעם "גובער-נאמענט" און דעם"רייך",וועלן פארברענגען יום טובדיק די סילוועסטער-נאכט,וועלן מיר קענען רויק אריין אין צוג,וואס גייט פון קאלושקי קיין בזשעזשין. אזוי איז טאקע געווען - איבערגעקומען בשלום די גרענעץ. שפעטער האבן מיר אין דעם האלב חרובן בזשעזשין געדונגען א וועגעלע קיין לאדזש און נאך פאר פינף אזייגער פארנאכט אנגעקלאפט אין דער טיר פון מיין וווינונג. מ'קען זיך פארשטעלן די פרייד פון מיין פרוי און די קינדער,ווען זיי האבן מיך דערזען.

אויף מארגן אין דער פרי זענען מיר,איך מיט דער ח'טע מעלמאן,געגאנגען אויף פאלודניאווא 19,אין לאקאל פון "לי-נת החולים",וווּ רומקאווסקי,דער פריש באשטימטער דורך די דייטשן "עלטעסטער דער יידן",האט געהאט זיינע ביוראען. דער זאל איז געווען פול מיט אינטערעסאנטן. איך האב רום-קאווסקין געקאנט פון פאר דער מלחמה; מיר פלעגן זיך טרעפן אויף די זיצונגען פון "צענטאס",ווו עס פלעגן פון צייט צו צייט,זיך צוזאמענטרעפן פארשטייער פון פארשידענע יידישע געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס,וועלכע האבן גענאסן פון דער מאטעריעלער הילף פון "דזשאינט". איך פלעג קומען פון "ארט", און ער,רומקאווסקי,פון דעם יתומים-הויז "העלענעווועק". ער איז אויך געווען א קונה ביי מיר,אין מיין מאנופאקטור-געשעפט.

דערזעענדיק מיך צווישן עולם,האט ער מיר געגעבן א ווונק און אריינגעבעטן צו זיך אין קאבינעט. איך האב אים פארגע-

שטעלט די פרוי מעלמאן אלס פארשטייערין פון "דזשאינט" און ארויסגעלייגט אויפן טיש 4ל טויזנט דייטשע מארק און איבערגעגעבן, אז גיטערמאן, ד.ה. דער "דזשאינט", האט אייגענטלעך געשיקט זעכציק טויזנט פאר אים, אבער מיט דער הסכמה פון גיטערמאנען האבן מיר אראפגענומען זעקס טויזנט מארק פאר די בונדישע קוכן, פאר אונדזער סרחה. ער האט אין שארפע ווערטער פראטעסטירט קעגן דעם, אבער געגעבן דער פרוי מעלמאן א קוויטונג (א שמאל פאפירל מיט זיינע איניציאלן) אויף די גאנצע זעכציק טויזנט.

די פרוי מעלמאן איז צוריקגעפארן קיין ווארשע. זי איז אבער אין א קורצער צייט ארום געקומען נאך א מאל און אונטערהאנדלט מיט רומקאווסקין וועגן ווייטערדיקער שטיצע מצד דעם "דזשאינט". זי האט אים געשטעלט אלס הויפט-באדינג, אז די אויסגאבן פון זיין ביורא, דארפן זיך געפינען אונטער א געזעלשאפטלעכן קאנטראל. רומקאווסקי איז דערויף נישט איינגעגאנגען און פון דער ווייטערדיקער שטיצע איז גארנישט געווארן.

איך האב געהאט ביי זיך באשלאסן, אז מיר וועלן נישט בלייבן אין לאדזש. איך האב אבער נישט געהאט דערווייל די מעגלעכקייט געגנוי ארומצורעדן מיט מיין פרוי מיין פלאן. ווען איך האב זיך געזעגנט מיט רומקאווסקין, האט ער מיך א פרעגע געטאן: דו בלייבסט דאך דא, הא? (אלס "עלטעסטער" האט ער אלעמען געדוצט). ווען איך האב אים געזאגט, אז איך גלייב קוים צי איך וועל בלייבן אין פארמאכטן לאדזשער געטא (וואס איז שוין געהאט באשטימט געווארן דורך די דייטשן), איז ער ארויס אויף מיר מיט געבייזער און געטענהעט, אז כמעט אלע געזעלשאפטלעכע טוערס האבן פארלאזט די שטאט, מ'איז זיך צעלאפן, און אים געלאזט אליין. מיט וועמען זאל ער צוזאמענארבעטן, ווער וועלן זיין זיינע מיטארבעטער, זיינע מיטהעלפער אין געטא?

צי ער וויל יא,צי נישט,וועט ער זיך באלד זען ארומגערינגלט מיט מענטשן,וואס וועלן אין זינען האבן רק זייערע פריוואטע אינטערעסן און נישט דעם כלל.

און גיט מיר דערביי א זאג: דיין ווייב איז געווען ביי מיר,האט מיר געזאגט ווער זי איז,געוויזן פאפירן,אז זי איז א פארמאצעווטקע און געבעטן א פאסטן אין אן אפטייק,וואס וועט געעפנט ווערן אין געטא. איך האב איר צוגעזאגט און אפילו באשטימט זי שוין אין דער אפטייק אויף דעם נייעם מארק. בלייב,זאגט ער צו מיר,איך וועל דיר געבן א גוטן פאסטן אין דער עלעקטראווניע-אפטיילונג.

א צעמישטער בין איך אהיים געקומען. מיין פרוי האט בא-שטעטיקט דאס,וואס רומקאווסקי האט מיר געזאגט וועגן איר בא-זוך ביי אים. און אזוי זיינען מיר געבליבן אין לאדזש. מיר האבן בלויז באשלאסן,אז מיר זאלן אונדזער זון שיקן קיין ווארשע. עס איז דארט,אין "גווורנעמאנט" דאך געווען לייכ-טער,ווי אין לאדזש,און דערצו,ווען עס איז שוין באשטימט געווארן,אז מיר,לאדזשער יידן,גייען פון 1-טן מאי אין א פארמאכטן געטא. מיר האבן זיך אויך גערעכנט דערמיט,וואס מיין שוועסטער בערטא,און דער יינגערער ברודער,זיגמונט, מיט זיין פרוי און איר ברודער,האבן באשלאסן צו פארלאזן לאדזש.

מיר האבן געקלערט,אפשר וועט אונדזער זון,לעאן,זייענדיק אין ווארשע,דאך באשליסן צו גיין קיין רוסלאנד. צורעדן דערצו,האבן מיר נישט געקענט פועלן ביי זיך. איך האב אים מיטגעגעבן בריוו צום גענעראל-סעקרעטאר פון "ארט",אינזשע-ניער יאשונסקי,ווי אויך צום ד"ר אייגער,און ביי דער מיט-הילף פון א פאליאק,דורך פאביאניץ,געשיקט קיין ווארשע. ער איז פארפארן צו דער פרוי פישמאן,צו וועמען עס איז אויך געקומען מיין שוועסטער,בערטא. (דער ברודער זיגמונט מיט

דער פרוי און איר ברודער, האבן געדונגען א צימער נישט ווייט פון מיין זון און שוועסטער.

דער אינזשעניער יאשונסקי, וואס איז געווען דער פארטרע- טער פון אינזש. טשערניאקאוו אין דער ווארשעווער גמינע, האט מיין זון געהאלפן צו קריגן אנטשפרעכנדע ארבעטן. ווען מיר זיינען אריין אין געטא, איז די פארבינדונג אונדזערע מיטן זון געווארן א באגרענעצטע; איבערגעריסן איז זי געווארן, ווען עס איז אויסגעבראכן די דייטש-רוסישע מלחמה (יוני 1941); אבער פון צייט צו צייט פלעגן זיך דערכשמוגלען צו אונדז ידיעות פון אים און פון דער שוועסטער און ברודער.

קיין ווארשע זיינען אויך אוועק מיין פרויס שוועסטער, פרימעט, מיט איר מאן, מארגוליס; אויך זייער טאכטער, אירענע, מיט איר מאן, אונדזער חבר דוד כאלאדענקא. דער לעצטער האט פארלוירן זיין מוטיק לעבן אין ווארשעווער געטא-אויפשטאנד,ביים פארטיידיקן דעם בערשטער-רעסארט.

....................

אין געטא אריין זיינען געגאנגען מיינע עלטערן, מיין ברודער ארנאלד, מיט דער פרוי און צוויי טעכטער; דער ברודער מארקוס, מיט דער פרוי און א קליין קינד (וואס איז געבוירן געווארן אנפאנג מלחמה), ווי אויך די יינגסטע שוועסטער, סאניא, מיט איר מאן מיעטעק לעווענבערג, ווי אויך מיר - איך מיט מיין פרוי און דער טאכטער, יהודית (דזשוניא).

פארשידענע ווערסיעס וועגן דער אנטשטייאונג פון דער לאדזשער געטא, זיינען ארומגעגאנגען צווישן די לאדזשער יידן. די לאדזשער געטא איז געווען די ערשטע, וועלכע די דייטשן האבן געשאפן, און דערצו א פארמאכטע. מ'האט אין יענער צייט געשמועסט, אז חיים רומקאווסקי איז געווען דער, וואס האט אנ- געדעגט די דייטשן צו שאפן א באזונדערן יידישן ראיאן (א פיר- טל), א פארמאכטן, ווּהין נישט די פאליאקן, נישט די לאדזשער

דייטשן,זאלן האבן א פרייען אריינטריט. - די דאזיקע השערה איז,זעט אויס,געקומען פון די פאר ווערטער,וואס ער האט גע-זאלט ארויסזאגן אין א קרייז פון זיינע נאענטע מענטשן,אז: "מ'דארף אויספירן די דייטשע פאראררדענונג מיט 10 מינוט פריער איידער זי איז געקומען."

רומקאווסקי,האט מען געזאגט,איז ארויסגעגאנגען פון דעם שטאנדפונקט,אז ווען די יידן וועלן זיין אפגעזונדערט פון דער רעשט לאדזשער באפעלקערונג,וועט מען זיי ווייניקער שיקאנירן,וועט נישט קענען א יעטוועדער פאלקס-דייטש כאפן די יידן אין די גאסן אין שטאט,און פירן זיי צו פארשידענע ארט שווערע און שמוציקע ארבעטן; אז מ'וועט נישט קע-נען באפאלן יידישע שטיבער,ראבעווען,שלאגן די יידן.

רומקאווסקי האט געזאלט האבן צוגעזאגט די נייע דייטשע שטאט-סאטעס,אז ער וועט דורך זיין אפאראט צושטעלן צו יעדער צייט אזוי פיל יידישע ארבעטער,וויפל זיי וועלן פארלאנגען. עס וועט אויך לייכטער זיין צו האבן א גענויען איבערזיכט איבער דער יידישער באפעלקערונג,וועלכע באוווינט און איזצעווארפן איבער כמעט אלע ראיאנען פון דער שטאט.

עס זעט אויס,אז דער געדאנק וועגן אן אפגעזונדערטן יידי-שן פארמאכטן ראיאן,איז דער דייטשער אקופאציע-מאכט געווען אויף דער האנט. זי האט זיכער געהאט דערביי אירע אייגענע צילן און אויסרעכענונגען,און זיי האבן שוין אין חודש נא-ווע‎מבער 1939 פארעפנטלעכט דעם פלאן וועגן דער יידישער געטא,אנגעצייכנט אירע געגויע גרענעצן,ווי אויך די טערמי-נען,ווען די יידן פון פארשידענע ראיאנען פון דער שטאט, וועלן דארפן אריבערגיין אין געטא. זיי האבן באשטימט דעם טייל פון דער שטאט,ווו יידן האבן געוווינט קאמפאקט -באלוס-פאר דער צוקונפטיקער געטא. די פאלאקן און דייטשן,וועלבע האבן געוווינט אין דעם באלוטער ראיאן,האבן געדארפט פריי-

ווילִיק פארלאזן זייערע היימען,מיטנעמענדיק מיט זיך זייער
האב און גוטס,ווארשטאטן,מאשינען,ווי אויך זייער לעבעדיקן
אינווענטאר. די באלוטער דייטשן האבן זיך געדארפט,לויט א
פלאן,ארייַנציען אין די וווינונגען,וואס די יידן וועלן
פארלאזן; די פאלאקן איז אנגעוויזן געווארן וווהין זיי
זאלן גיין. די גרעסטע טייל יידישע וווינונגען זיינען אבער
באשטימט געווארן פאר די באלטן-דייטשן,וועלכע האבן געדארפט
קומען פון די רוסיש-באלטישע געביטן.

רומקאווסקי האט אין געטא געעפנט א וווינונגס-אמט און
מ'האט אנגעהויבן צוצוטיילן די שטאטישע יידן וווינונגען
אין די דירות,וועלכע עס האבן געדארפט פארלאזן די פאלאקן
און דייטשן. נישט די דייטשן,נישט די פאלאקן האבן ארויסגע-
וויזן גרויס חשק צו פארלאזן זייערע אלט-איינגעזעסענע די-
רות,מיט איינגעפירטע ווארשטאטן און פאבריקלעך. אויך די
יידן פון דער שטאט,וואס האבן לויטן דייטשן פלאן שוין גע-
דארפט זיך געפינען אין געטא,האבן זיך נישט געאיילט צו גיין
אהין. א געוויסער טייל יידן,וואס האבן זיך שוין באזאגגט
מיט וווינונגען אין געטא,פלעגן דארט נישט בלייבן סטאביל,
נאר צוריקגיין אין שטאט ארייַן,כדי צו דערליידיקן נאך גע-
וויסע ענינים,אפילו האנדלען. די דייטשן האבן אוועקגעשטעלט
וואכן אין די גאסן,וואס פירן אין געטא ארייַן און פלעגן
ארעסטירן און אנטאן צרות די"ווידערשפעניקע" יידן.

מיט דירות אין געטא איז געווען א גרויסער פראבלעם, אין
ראיאן פון געטא האבן ביז דער מלחמה געוווינט א דרייסיק
טויזנט מענטשן און איצט האט מען געמוזט ארייַנפאקן די כמעט
גאנצע יידישע באפעלקערונג פון דער שטאט,דערצו האבן די דיי-
טשן ארייַנגעבראכט אין לאדזשער געטא טויזנטער יידן פון דער
נאענטער פראווינץ. אויסערדעם,גרעסערע טראנספארטן יידן פון
טשעכיען,עסטרייך און דייטשלאנד. די לעצטע זענען באשטאנען

ס'רוב פון עלטערע מענטשן,און זיי זיינען,אגב,אויך געווען פון די ערשטע קרבנות פונעם פרימיטיוון לעבן אין געטא. אין סך הכל,ווערט גערעכנט,אז אין ערשטן יאר פון געטא,האבן זיך דארט געפינען קנאפע 200,000 יידן.

פון אונדזער משפחה זיינען די ערשטע געגאנגען אין געטא אריין -מיינע עלטערן,צוזאמען מיט מיין ברודער מארעק מיט דער פרוי,בעלא,מיטן קליינעם קינד אויף דער האנט (אילאנא). זיי האבן באקומען א דירה פון צוויי צימערן אויף וואלבאר-סקא 1. מ'האט זיי באשטעטיקט די "גרעסערע"דירה צוליב דעם, וואס צוזאמען מיט זיי,זיינען אין דער דירה אריין - די על-טערן פון מארעקס פרוי,מיט צוויי זין און א פארהייראטעטער טאכטער זייערע,מיטן מאן מיט צוויי קליינע קינדער. שפעטער האט באקומען א דירה אין געטא מיין ברודער ארנאלד,מיט דער פרוי און זייערע צוויי יינגע טעכטער,אירקא און סטעפא,ווי אויך די מוטער פון ארנאלדס פרוי. צוזאמען מיט זיי האט אין א צוויי קליין צימערל געוווינט מיין שוועסטער סאניא מיטן מאן.

איך מיט מיין פרוי און טאכטער בין געקומען דער לעצטער אין געטא. אזוי ווי די רוסישע בירגער,זיינען באהאנדלט געווארן צוגלייך מיט די דייטשן,סיי אין באשפייזונג,סיי מיט דירות, סיי אין באנק און געשעפטס-ענינים א.א.,האבן א טייל יידן,געבוירענע אין רוסלאנד,געוואלט אויך געניסן פון דער דאזיקער פריווילעגיע און האבן געמיינט,אז מ'ועט זיך קענען ארויסדרייען פון צו גיין אין געטא.

נישט געקוקט אויף מיין דורכפאל ביים רוסישן קאנסול אין ווארשע,ווען כ'האב פארלאנגט,אז מ'זאל מיך פאררעכענען אלס אן אוקראינער,האב איך אויף דער טיר פון מיין וווינונג אויפגעקלעפט א גרעסער צעטל,אז דא וווינט א רוסישער בירגער, און א צייט איז מיר געלונגען ארויסצודרייען זיך פון רעק-

וויזיציעס,אדער פון סתם "באזוכן" פון דייטשע "געסט".

אין דער צווישנצייט איז געקומען די פאראָרדענונג פון דער דייטשער מאכט,אז אלע יידישע געשעפטן זאלן אלע זייערע סחו-רות צושטעלן אויף אנגעוויזענע אדרעסן - וואלענע אויף איין ארט,בוימוואלענע אויף א צווייט ארט,זיידענע אויף א דריט ארט א.א.וו,לויטן דייטשן סדר.

איך מיט מיין שותף פרידמאן,האבן כמעט די גאנצע סחורה, וואס מיר האבן געהאט אין לאגער,צוגעשטעלט צו די דייטשן, אין קינדערמאנס פאבריק אויף פעטריקאווער 151,געמוזט אליין אנלאדן און אויסלאדענען און נישט באקומען קיין קוויטונג. (זיי האבן געזאגט,אז מ'וועט אונדז די קוויטונג שיקן מיט דער פאסט,אבער דאס האט קיינמאל נישט פאסירט). מיר האבן נישט צוגעשטעלט אלץ - מיט א טייל פון אונדזערע סחורות הא-בן מיר זיך איינגעטיילט און איך האב מיין חלק גענומען צו מיר אין שטוב אריין. איך האב געהאט א באקאנטן סטאלער (קאל-מוס,האט ער געהייסן) און ער האט אין מיין קארידאר פון א פופצן מעטער די לענג,געמאכט א דאפלטן סופיט. מיר האבן דארט אריינגעלייגט,אויסער דער סחורה,אונדזערע צוויי פוטער-מאנטלען און אנדערע ווערט-זאכן.

אגב,האט מיין ברודער ארנאלד זייערע ווערט-זאכן באגראבן אין דער פודלאגע ביי זיך אין שטוב,און מיין טאטע האט זיין אפגעשפארטן פארמעגן,דערהויפט אין שטאטישע ווערט-פאפירן, באגראבן ביי זיך אין הויז,אין קעלער.

די דייטשע מאכט האט זיך געגעבן חשבון,אז דער פלאן זיי-ערער וועגן דער איינגלידערונג פון די יידן אין דער געטא, גייט נישט אזוי,ווי זיי האבן זיך דאס פארגענומען,און האבן אין איין נאכט (די יידן האבן זי אנגערופן - די בארטאלאמיי-נאכט) אנגעווארפן אויף דער יידישער באפעלקערונג אזא פאניק, אז אין פארלויף פון 3-4 טעג זיינען שוין כמעט אלע יידן

פון דער שטאט געווען אין געטא. – זיי האבן דורכגעפירט א
שחיטה-נאכט אויף דער הויפט-גאס פון שטאט,אויף דער פעטרי-
קאווער גאס פון איר אנהויב ביזן סוף. זיי זיינען מיט א
גרויסער צאל פאליציי און מיליטער אריין אין די הייזער,
אין די הייף,אויף די טרעפ און פאראדנס אלע יידן אין פאר-
לויף פון 20 מינוט ארויסגיין אויף דער גאס. זיי זיינען
נאך די 20 מינוט אריין אין די שטיבער און וועמען זיי האבן
געטראפן,אן טענות,געשאסן. עס זענען די נאכט געפאלן טויט
איבער פינף הונדערט יידן. – די פארזאמלטע אויף דער גאס,
האט מען מיט עסקארט אפגעפירט אין געטא אריין,און אין פאר-
לויף פון די נאענטסטע פאר טעג זענען שוין קיין יידן אין
שטאט נישט געווען. אלע גאסן,וואס האבן געפירט אין געטא
אריין,זיינען פול געווען מיט האנט-וועגעלעך,אויף וועלכע
די יידן האבן געפירט זייער ביסל האב און גוטס. אזוי זיי-
נען אריינגעקומען פון דער שטאט אין געטא אריין אין פארלויף
פון א פאר טעג ביז 150 טויזנט יידן.

עס איז שווער אויסצומאלן דאס פארצווייפלונגס-בילד,וואס
האט מיט זיך פארגעשטעלט דאס איינגלידערן פון אזא מאסע
מענטשן,צווישן זיי א גרויסע צאל עלטערע מענטשן און קינדער,
אין דעם ענגן,נישט קאנאליזירטן,אפגעלאזטן באלוטער ראיאן.

אויף מארגן נאך דער גרויסער שחיטה-נאכט (דאס האט גע-
קענט זיין סוף חודש מערץ 1940) איז געקומען צו אונדז אין
שטוב אריין מיין פאטער מיטן ברודער מארעק און האבן אונדז
געהאלפן אריבערצופירן א ביסל זאכן אין געטא אריין. מיין
טאכטער,דזשוניא,איז גראד געליגן א פארקילטע,מיט היץ,אין
בעט. מיט א דראשקע האבן מיר זי גענומען אין דער שטוב,אין
וועלכער עס האבן שוין אין געטא געוווינט מיינע עלטערן
מיטן ברודער.

מיינע חברים מאראנץ און שוסטער,האבן שוין געהאט א דירה

פון דריי צימערן, אויף ריבנע גאס, אין דער סיף פון א גרויסן
ליידיקן פלאץ, ווו עס איז אמאל געווען א לאגער פון ברעטער,
און אין די צימערן איז געווען דאס ביורא פון דער אונטערנע-
מונג, וואס האט געהערט צו א דייטש, מאראנצעס א באקאנטער פון
דער האלץ-בראנזשע, אין וועלכער מאראנץ איז געווען סעטיק.
דער דייטש האט איצט געמוזט פארלאזן זיין אייגנטום.
מאראנץ, שוסטער (זיי זיינען געווען שוואגערס צווישן זיך)
און איך, האבן זיך איינגעטיילט מיט די צימערן און געלאזט
די וווינונג באשטעטיקן פאר אונדז דורך רומקאווסקיס וווינונ-
גס-אמט. די קיך איז געווען א געמיינזאמע.

רומקאווסקי האט געהאלטן ווארט און מיר צוגעטיילט א
פאסטן אין דער עלעקטריציטעט-אפטיילונג פון געטא. דאס איז
נישט געווען קיין באזונדערע עלעקטראווניע. די דייטשן האבן
דעם געטא-ראיאן נישט אפגעטיילט פון דער שטאטישער עלעקטרא-
ווניע, געלאזט אלע אינסטאלאציעס און עלעקטרישע פארבינדונ-
גען מיט דער שטאט-צענטראלע, און געהייסן זיך צאלן פארן בא-
נוצן עלעקטריע אין די שטיבער לויט די אלטע זייגערס, וואס
זיינען אין די הייזער געווען פון פריער.

דער לייטער פון דער געטא-עלעקטראווניע-אפטיילונג איז
געווען דער אינזשעניער וויינבערג, וועלכער איז לאנגע יארן
געווען איינער פון די הויפט-אינשעניערן פון דער שטאטישער
עלעקטראווניע. ער איז געווען דער פארטרויונגס-מאן פון
דער דייטשער עלעקטראווניע-צענטראלע, אין וועלכער עס זיינען
געבליבן ארבעטן א טייל פון פארמלחמהדיקן פערסאנאל-דייטשן,
אמאליקע אונטערטעניקע צו וויינבערגן.
זיי פלעגן געוווינט אפט רופן וויינבערגן אין שטאט אריין, ווען
עס פלעגט זיך דארט מאכן א שטערונג אין דער שטאט-באלויכטונג.

די אויפגאבע פון אונדזער געטא-אפטיילונג איז באשטאנען
אין איינקאסירן ביי די קאנסומענטן די געלטער פאר דער באנוצ-

טער עלעקטריע,שיקן טעכניקער (מאנטערן),ווען עס איז ביי עמיצן קאליע געווארן די באלייכטונג. שפעטער-צו,ווען עס זיינען אין געטא איינגעשטעלט געווארן ארבעטס-רעסארטן,פא-בריקן,ווארשטאטן,האט די שטאט-צענטראלע געשיקט אירע טעכני-קער (קריסטן); אונדזערע יידישע מאנטערן פלעגן זיי בלויז העלפן.

איך בין שנעל געווארן היימיש מיט דעם אינזש.ווייסבערג און געווארן זיין רעכטע האנט אין ביורא. דאס גאנצע פערסא-נאל האט באקומען די פאסטנס דירעקט פון רומקאווסקין און מיר האבן זיך צווישן זיך שנעל באפריינדעט.

די וווינונג אין וועלכער איך האב געוווינט,האט זיך גע-גרענעצט מיטן הויז,אין וועלכן עס האט זיך געפונען אונדזער עלעקטרי-ביורא,אין וועלכער איך האב געארבעט,אזוי,אז עס איז מיר געווען גאר באקוועם. מיין פרוי האט געארבעט אין דער אפטייק אויף דער ב״י-שטאט. זי האט דארט געארבעט פון 8 אינדערפרי ביז 4 נאכמיטאג (בכלל,איז נאך 5 אזייגער פאר-ווערט געווען יידן צו זיין אין די גאסן פון געטא) און אויף אהיים צו קומען האט זי געמוזט אדורכגיין די בריק אויף דער זגערזשער גאס. אויך מיין טאכטער האט געמוזט אדורכגיין די בריק - זי האט געארבעט אין הוטן-רעסארט,אויך אויף זגערזשער. וועגן די בריקן אין געטא איז שוין א סך געשריבן געווארן. איך וועל מיך נישט ספעציעל אפשטעלן דערויף. דער פאקט איז אבער דער,אז די יידן,וואס האבן געמוזט באנוצן די בריקן, זיינען אויסגעשטאנען גענוג שוועריקייטן און אפט אויך צרות. ווינטער פלעגן די טרעפ פון די בריקן זיך איבערציען מיט אייז,מ'פלעגט זיך אויסגליטשן און ברעכן האלדז און נאקן. אונטן,אויף דער גאס,פלעגט שטיין די דייטשע וואך און פון צייט צו צייט פלעגט זי זיך מאכן פריילעך און ארויפשיסן אויף איבערצושרעקן,און אז אימיצער פלעגט זיך פארשפעטיקן

און לויפן נאך ל אזייגער פארנאכט,פלעגט די וואך שיסן שוין נישט אויף א געלעכטער,און עס פלעגן פאלן אפט קרבנות.

אויף ריבנא-גאס האבן מיר געוווינט נישט לאנג. אין זעלבן הויז,ווו עס איז געווען די עלעקטראוניע-ביורא,ווו איך האב געארבעט,האט זיך געמאכט א פריי,באקוועם און גרויס צימער און מיר האבן זיך איבערגעצויגן אהין.

ווי שוין דערמאנט,האבן מיר געהאט א נאענטן גוטן פריינט הערמאן באהם,וועלכער,האבנדיק אן אויסלענדישן פאס,האט אין ווארשע,ביים איטאליענישן קאנסול,באקומען א וויזע קיין טריעסט. און האט פון דארט געשיקט אין געטא אריין צו זיין משפחה קליינע פאסט-פעקלעך מיט דעליקאטעסן-ארטיקלען. ווען איטאליע איז אריין אין קריג,איז ער אוועק קיין יוגאסלאוויע, פון דארט קיין טערקיי. אויך פון דארט האט ער געשיקט קליינע פאסט-פעקלעך. אויך ארנדז האט ער צוגערעכנט צו זיין משפחה,און אויך מיר פלעגן קריגן פון אים אזעלכע פעקלעך. צוויי מאל האבן מיר אויך געקריגן פאסט-פעקלעך מיט עס-ארטיקלען פון מיין פרויס שוועסטער פון קיעוו.

אזעלכע פעקלעך פלעגן באקומען א גרעסערע צאל מענטשן אין געטא. רומקאווסקי פלעגט אויף"זיין פאסט" זיי הייסן עפענען און געווארן א שותף צו זיי. פלעגט א טייל פון די געשמאקע זאכן ארויסנעמען און איינטיילן צווישן זיינע פריוויליגירטע. די פאסט האט פונקציאנירט ביזן אויסברוך פון דער דייטש-רוסישער מלחמה פון יאר 1941.

הערמאן באהם האט זיין פרוי געהייסן מיט דער טאכטער קומען קיין ווארשע. ער האט געגלויבט,אז פון דארט וועט אים זיין לייכטער זיי ארויסצוברענגען ערגעץ -ווו אין אייראפע. דאס איז אים נישט געלונגען און די פרוי מיט דער טאכטער האבן געהאט דעמזעלבן גורל,וואס אלע יידן אין ווארשע. ער אליין האט זיך פון טערקיי דערשלאגן קיין ישראל.

אין מיינע ווייטערדיקע זכרונות-באשרייבונגען וועגן דער צייט, וואס איך האב פארבראכט אין לאדזשער געטא, וועל איך זיין צוריקגעהאלטן פון צו מאכן אלגעמיינע אפשאצונגען. איך וועל מיך האלטן מער ביי די געשעענישן, וואס האבן געהאט א דירעקטן שייכות מיט מיר.

איך בין נישט קיין געשיכטע שרייבער און נעם מיך נישט אונטער צו שרייבן די געשיכטע פון לאדזשער געטא. דאס האבן שוין טיילווייז געטאן פארשידענע מענטשן פאר מיר און יעדער לויט זיינע פעיקייטן פון אויפנעמען און אפשאצן געשעענישן, און נאכמער מיט טיילן זיך מיטן לייענער.

באלד נאך דער מלחמה האבן צוויי פאליטישע טוערס פון לאדזשער געטא - יאנקל נירענבערג פון "בונד" און ישראל טא-באקסבלאט פון די לינקע פועלי-ציון - פארעפנטלעכט זייערע איינדרוקן פון דער צייט, וואס זיי האבן מיטגעמאכט און מיט-געפיבערט אין געטא. יאנקל נירענבערג האט דאס געטאן אין דעם בוך "אין די יארן פון יידישן חורבן" (פארלאג "אונזער צייט", ניו-יארק 1948) און י. טאבאקסבלאט אין זיין בוך "חורבן לאדזש" (פארלאג "פוילישע יידן", ב. אײרעס 1946). ביידע האבן זיך אפגעשטעלט אויף איינצלנע פאקטן, געשעענישן, אויף דער האלטונג און האנדלונגען פון חיים רומקאווסקי, דעם "עלטעסטן דער יידן" און ווייניקער אויף אלגעמיינע אפשאצונגען.

אויך א. וואלף יאסני האט אין זיינע צוויי וואגיקע בענד "די געשיכטע פון יידן אין לאדזש אין די יארן פון דער דייט-שער אויסראטונג" (פארלאג "המנורה", ישראל 1966) זיך באמיט, לויט די מאטעריאלן, וואס ער האט נאך דער מלחמה געפונען אין די פארשידענע ארכיוון, ארויסצוברענגען דאס לעבן און אומקום פון די לאדזשער יידן.

לויט מיין מיינונג, וועט ערשט א צוקונפטיקער היסטאריקער

אויפן גרונט פון אלערליי מאטעריאלן און ארכיוון,קענען מאכן די געהעריקע אויספירן פון דער צייט פון גרויסן יידישן חורבן אין פוילן ,בטוכם פון אונדזער לאדזש.

## איך ווער דער פארוואלטער פון דער סטאלערײַ אויף באזארנע

ווען עס איז אין חודש אויגוסט 1940 געקומען צו די הונגער-דעמאנסטראציעס,וואס דער "בונד" האט ארגאניזירט,און רומקאווסקי האט ארײַנגעבראכט אין געטא ארײַן דײַטשע פאליציי,האט ער שפעטער אויסגעלאזט זײַן כעס צו די פאר בונדיסטן, ווען ער האט געהאט צוגעטיילט "מלוכה-פאסטנס",און האט זיי אראפגענומען פון דער ארבעט,אויך מיך צווישן זיי.אזוי בין איך אפיציעל געבליבן ארבעטסלאז. אבער דער אינזשעניער ווײַנבערג,וואס איז געווען צופרידן פון מײַן ארבעט און מיט ווען איך האב זיך זייער באפרײַנדעט,האט מיר געהייסן בלײַבן ביי דער ארבעט.

מיט אמאל באקום איך פון רומקאווסקיס ביורא אן אײַנלאדונג,איך זאל זיך מעלדן צו אים. איך האב דארט געטראפן דעם אנפירער פון אלע ארבעטס-רעסארטן,וואס זײַנען פאר דער צייט געשאפן געווארן אין געטא - ארעק (אהרן) יאקובאוויטש, וועמען איך דארף ווידמען א פאר שורות.

ארעק יאקובאוויטש איז בעוועזן נאך א יונגער מענטש. איך האב אים געקענט נאך פון פאר דער מלחמה, ווען ער האט אל ס פארקויפער געארבעט ביי דער גרויסער טעקסטיל פאבריקס-פירמע "געברידער נאפטאלי". איך בין דארט געווען א קליענט און זיך מיט אים באפרײַנדעט. יאקובאוויטש איז געווען א "ווירכאוואנעק" ( א דערצויגענער )אין רומקאווסקיס יתומים-הויז "העלענאווועק". אין געטא האט רומקאווסקי אים געגעבן דעם הויכן אמט . מ'דארף אנערקענען,אז יאקובאוויטש האט זיך אויסגעטויגט אויף דעם אמט. דאס האט זיך באשטעטיקט אין

דער צייט,ווען די ארבעטס-רעסארטן זיינען געווארן די עק-זיסטענץ-באזע פון דער געטא,און ווען יאקובאוויטש האט זיך בעסער אריענטירט פון רומקאווסקין אין די קאנטאקטן מיט האנס ביבאוון,דעם לייטער פון דער געטא-פארוואלטונג.

רומקאווסקי האט אן לאנגע שהיות געזאגט צו מיר: נו,אויס-גערוט זיך,אויסגעפוילענצט,איצט וועסטו ווערן דער לייטער פון דער טישלעריי אויף באזארנע גאס. יאקובאוויטש שאקלט צו מיר מיטן קאפ,אויף יא,אבער איך האב אויף שנעל געגעבן א קלער און געזאגט צו רומקאווסקין: ווי קום איך צו א טיש-לער-רעסארט,איר ווייסט דאך ווער איך בין,אז קיין סטאלאר בין איך קיינמאל נישט געווען. האט ער מיר געענטפערט אויך מיט א פראגע: "און איך בין געווען אן עלטעסטער דער יידן?", אז מ'מוז,מוז מען קענען אלץ,און געהייסן איינשפאנען זיין פערד און וואגן,און איידער וואס און ווען,בין איך שוין געזעסן צוזאמען מיט אים אין זיין "קארעטע",באגלייט מיט זיין באשטענדיקן נשמה-היטער,דעם שטארקן מאן,אייזמאנען.

מיר זיינען צוגעפארן צו דער פאבריק אויף באזארנע 6. דאס דורכפארן די געטא-גאסן איז נישט אנגעקומען לייכט. פארשידענע מענטשן,דערהויפט פרויען,אנדערע מיט קינדער אויף די הענט,האבן באפאלן די "קארעטע" מיט פארשידענע ענינים צום "פרעזעס" (אזוי האט זיך רומקאווסקי געהייסן טיטולירן). איינער דארף פאר א קראנקן א פלאץ אין א שפיטאל,דער א שטוב, דער א פאסטן; מ'שטופט צו אים פאפירלעך,ביטעס. רומקאווסקי הייסט פאנאנדעריאגן דעם עולם,דענערווירט זיך,שרייט,פאכט מיט די הענט.

ענדלעך. זענען מיר אנגעקומען אין דער סטאלעריי-פאבריק. עס פארזאמלען זיך די מייסטערס,די פאר אנפירערס פון דער פאבריק און דער "פרעזעס" האלט פאר זיי א רעדע:"איצט וועט נעמען א סוף צו אייערע גנבות פון האלץ,צו אייערע פוילענ-

צערייען. אס דער מענטש,ווינאגראד,ווערט דער אדמיניסטראטי-
ווער לייטער פון דער פאבריק,אים דארפט איר פאלגן; אן זיין
הסכמה קען גארנישט נישט געטאן ווערן אין דער פאבריק. און
צו מיר גיט ער א זאג,אנווייזנדיק אויף זיי:"קוק זיי אויף
די הענט,איך וועל זיי עוקר מן השורש זיין,אנפילן מיט זיי
די טורמע. געדענק,דו,ווינאגראד,ביסט מיר פאראנטווארטלעך
פאר דער ארדענונג און ארבעט אין דער פאבריק."
פאר דער פאבריק האט זיך דערווייל פארזאמלט א גרעסערער עו-
לם מיט ביטעס,מיט געוואלדן,געוויינען, מ'שרייט: גיט אונדז
ארבעט,גיט אונדז עסן,גיט אונדז א דאך איבערן קאפ.

איך בין געבליבן מיט די מייסטערס און פרווו זיי צו
בארויקן געפינען מיט זיי א געמיינזאמע שפראך. און אזוי האט
זיך אנגעהויבן מיין סטאלער-קאריערע,וואס האט אנגעהאלטן
קנאפע פיר יאר.

די דריי-שטאקיקע פאבריקס-געביידע,אין וועלכע עס האט
זיך געפונען די סטאלעריי,האט פריער געהערט צו די פוטער-
מאנס,א טאטע מיט צוויי זין. מ'האט דארט אויסגעארבעט ביליק
מעבל. אויך זיי האבן ווייטער מיטגעארבעט און געגלייבט,
אז דאס וועט נאך אמאל צוריק זיין זייערס.

די פאבריק האט זיך געגרענעצט מיטן אלטן יידישן בית
עולם,אויף וועטאלא גאס. דער בית עולם איז שוין געווען פול.
אין איין ווינקל פון בית עולם איז געשטאנען א קליינע גע-
ביידע,זעט אויס,דאס אמאליקע טהרה-שטיבל. דארט האט די קהי-
לה געהאט איינגעארדנט א משוגעים-אנשטאלט,וואס איז נאך גע-
ווען טעטיק ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה.

ווען איך האב איבערגענומען די פארוואלטונג פון דער
פאבריק,איז שוין אויפן בית עולם געווען אויסגעשטאפלט
האלץ צום טריקענען, א גרויסער טייל פון די מצבות זענען
אויסגעלייגט ווי וועגן,איבער וועלכע די דייטשן האבן מיט

לאסט-אויטאס ארייננעפירט ברעטער פאר דער פאבריק. פון דעם משוגעים-הויז האבן שוין די דייטשן געהאט ארויסגעפירט די קראנקע (ווּוהין האט מען נישט געוווּסט). שפעטער איז אויך דארט איינגעארנדט געווארן א ברעטער-סרוקן-שטוב.

אין דער פאבריק האבן געארבעט א דריי הונדערט ארבעטער, מיינסטנס טאקע סטאליארעס. ווער עס האט פון זיי געהאט א מעכאנישע מאשין ( א באנד-זעג,א קרייז-זעג,א בויער-מאשינדל) אלערליי כלים,ווארשטאטן - האט דאס געבראכט מיט זיך,און געפונען פלאץ אין דער גרויסער פאבריק. מ'האט אויך געשאפן א שניצער-אפטיילונג; צווישן זיי זענען געווען אמתע קינסטלער אין דעם פאך,א טייל פון זיי - יידן מיט בערד און אין קאפאטעס,מיטן טלית-קטן אינדרויסן,וואס פלעגן שניצן די הענטלעך צו ספר-תורות און באפוצונגען צו די ארון קודש; אנדערע שניצערס האבן געבראכט זייערע מעכאנישעאון פוס-סאקער-מאשינען,אויף וועלכע זיי מאכן קאפיטעס פאר שוסטערס, קעפלעך פאר דאמען-היט,געטאקטע פיס פאר טישן און בענקלעך א.א.וו. אויך א פאר קונסט-שניצערס,ווי וויצעק ברוינער, כיימאוויטש א.א.,זיינען געווען צוגעשריבן צום רעסארט,בכדי ערשטנס צו פיגורירן אלס ארבעטס-מענטשן און צווייטנס צו געניסן פון דער זופ,וואס די רעסארט-קיך פלעגט יעדן טאג ארויסגעבן אירע ארבעטער.

בכלל זיינען ארבעט-רעסארטן געווארן אין געטאדער גואל פון דער אלגעמיינער און לאנגדויערנדיקער עקזיסטענץ פון לאדזער געטא. און איך בין געווארן א שרייבער אין דעם דאזיקן אפאראט...

רומקאווסקי האט די איניציאטיוו פון שאפן ארבעטס-רעסארטן צוגעשריבן זיך;געזאגט,אז ער האט דאס געגעבן דעם פלאן ביבאוון,דעם דייטשן געטא-לייטער.מעגלעך,אז אזוי איז עס געווען. אין חודש אפריל 1941 האט רומקאווסקי צוזאמענגערופן

א קאנפּעטענץ פון עטלעכע צוואנציק מענטשן,געוועזענע פאב-
ריקאנטן,סוחרים,פאכלייט און האס זיי דערקלערט,אז עס וועט
געשאפן ווערן א הויפּט-פאך קאמיסיע,וואס וועט געננוי און
אלזייטיק באטראכטן,וואס מיר קענען אויפטאן אויפן געביט
פון ארבעט. מיר מוזן שאפן ווערטפולע זאכן פון די מאטעריא-
לן,וואס געפינען זיך אין געטא. א דאנק דער ארבעט וועט
אויך פארקלענערט ווערן די אונטערשטיצונס-פּאזיציע און דער
ביודזשעט וועט קענען אויפגעהאלטן ווערן. קודם כל מוזן מיר
פּראדוצירן די ארטיקלען,פאר וועלכע מיר האבן אין געטא א
גרעסערן אדער קלענערן סכום רוי-מאטעריאלן. די רעשט נוי-
טיקע מאטעריאלן וועלן מיר האפענטלעך באקומען פון די דייט-
שן. מיר מוזן ווייזן,אז מיר בויען און שאפן וואס א מאל
מערער. בלב ונפש מוזן מיר זיך אפּגעבן פאר דער ארבעט לטו-
בות דעם גאנצן געטא.

האנס ביבאוו,דער לייטער פון דער דייטשער געטא-פארוואל-
טונג,איז געווען א דורכגעטריבענער ברעמענער סוחר. ער האט
זיך שנעל ארומגעזען,אז "זיינע" לאדזשער יידן,זענען נישט
די יידישע דייטשע סוחרים,פאבריקאנטן,קאפּיטאליסטן,אינטע-
לעקטואלן,וועלכע ער איז געווען געוווינט צו זען ביי זיך
אין דייטשלאנד,נאר אז דא,אין דער פאבריקס-שטאט לאדזש האט
ער פאר זיך גרויסע מאסן יידישע ארבעטער,באלמלאכעס,און
אז מ'קען מיט די דאזיקע מענטשן,פּראדוצירן,שאפן אלערליי
ארטיקלען,וועלכע פעלן שוין אויס,צוליב דער מלחמה,אין דייט-
שלאנד,און דאס נאר פאר דער מאגערער אכילה,פאר דעם ביסל
עסן,וואס מ'גיט די יידן.

נישט אזוי לייכט און שנעל איז אנגעקומען די ארגאניזא-
ציע פון די ארבעטס-רעסארטן. ביי דער ערשטער רעגיסטראציע
פון פאך-ארבעטער אין חודש מערץ 1940,האבן זיך געמאלדן א
צען טויזנט ארבעטער - שניידער,שוסטער,קאמאשן-שטעפער,

טישלער,שלאסער,בלעכער,וועבער,טריקאטאזש-ארבעטער,זאקנמא-
כער א.א. ביז צום שליסן פון דער געטא,האט מען נאך צו ביס-
לעך געארבעט פאר די אלטע קריסטלעכע קונים פון פאר דער
מלחמה. ווען אין יאנואר 1941 איז געווען אן אידעאל צו
באשעפטיקן 25 פראצענט פון דער געטא-באפעלקערונג,איז אין
אפריל 1942 שוין אין די רעסארטן געווען באשעפטיקט קנאפע
75,000 פערזאן.

די רעסארטן האבן געמאכט קאלעקציעס,מוסטערן פון אלער-
ליי אויסארבעטונגען - דאמען און קינדער קאנפעקציע,שיך,
שטיוול,האלץ און מעטאל ארטיקלען,דאמען היט און א סך אנדע-
רע ארטיקלען פון דער לייכטער אינדוסטריע,און די געטא-פאר-
וואלטונג -ביבאוו- האט זיך פארנומען מיט פארשפרייטן דאס
אלץ אויפן דייטשן האנדלס-מארק. (קיין ארטיקלען פאר דער
מלחמה אינדוסטריע זענען אין געטא נישט אויגעארבעט געווארן.)

דאס האט גורם געווען,אז די צאל דייטשע באאמטע אין דער
געטא-פארוואלטונג איז מיט דער צייט דערגאנגען ביז 300
פערזאן,וועלכע זיינען איבער זייער ארבעט פריי געווארן
פון מיליטער דינסט (רעזערוויסטן). און מיטן גאנג פון דער
מלחמה,איז יעדער איינער פון דער געטא-פארוואלטונג,געווארן
פאראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון דער לאדזשער געטא,
בכדי אויסצומיידן בעם פראנט.

דער גרויזאמער ליקווידאטאר פון די געטאס - גלעבאצקי -
האט איינעקע מאל געפרווט אונטערצונעמען אקציעס בכדי צו
מאכן א סוף צו דער לאדזשער געטא,אבער עס זעט אויס,אז בי-
באוו האט געהאט א פעסטן אנשפאר אין די הויכע דייטשע רע-
גירונגס-קרייזן,און דער עיקר ביי הימלערן,און ביבאוו פלע-
גט אפקומען מיט גרעסערע אדער קלענערע אויסזידלונגען.

אז ביבאוו האט דאס נישט געטאן פון הומאניטארן שטאנד-
פונקט,אלס יידן פריינט,דארף זיין קלאר. ער האט געהאט

זיינע סוחרישע אויסרעכענונגען. ער האט דורך דער יידישער זאנדער-קאמאנדא (יידישע געסטאפא) געהייסן זיך צושטעלן אלע ווערט-זאכן,פעלצן,וואס די געטא-יידן האבן נאך געהאט אויס-באהאלטן ביי זיך פון פאר דער מלחמה. ער האט אויך פארדינט שווערע געלטער אין די סחורות,וואס מ'האט אויסגעארבעט אין געטא,און איז געווארן שטיין-רייך.

אויף ווי ווייט ער איז געווען פאראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון דער געטא,קען אילוסטרירן דער פאקט,אז ער האט אראפגעבראכט אין געטא אריין דעם געסטאפא-אדון אליין, הימלערן,מיט א גאנצער סוויטע,בכדי זיי זאלן זיך איבערצייגן,אז די יידן ארבעטן,שאפן,קומען צונוץ דער דייטשער ווירטשאפט. ביבאוו אליין האט געגעבן אנווייזונגען,אינסטרוקציעס ווי אזוי מ'זאל אויפנעמען די "הויכגעשעצטע געסט", אז אלץ אין די פאבריקן זאל קלאפן,אז מ'זאל וויסן וואס צו ענטפערן,און אז מ'זאל אויף די גאסן נישט אנטרעפן קיין לעבעדיקן נפש.

עס קען קלינגען,ווי א פאראדאקס: די לאדזשער געטא האט פאר די מענטשן פון דער געטא-פארוואלטונג געדינט ווי א שוץ-מיטל נישט צו גיין אויפן פראנט.

און נאר מיט דעם דערקלערט זיך,וואס נישט געקוקט אויף די אלע ביטערע צענטליקער "שפערעס",אויסזידלונגען און ליקווידאציעס,איז דעם 1-טן יולי 1944,ווען די רוסישע ארמיי איז שטיין געבליבן הינטער ווארשע,איז נאך אין לאדזשער געטא געווען קנאפע 70,000 יידן. (די דייטשן האבן נאך שפעטער באוויזן זיי אלע צו ליקווידירן).

נאך דער מלחמה,ווען מ'האט ביבאוון געכאפט און דאס לאדזשער קריגס-געריכט האט אים,צוגלייך מיט אנדערע,געמשפט אלס קריגס-פארברעכער,האבן זיך צום געריכט פרייוויליק געמאלדן א גרעסערע צאל עדות - געראטעוועטע לאדזשער און פראווינצער יידן

(צווישן זיי אויך דער ד"ר שיקער און אהרן יאקובאוויטש), וועלכע האבן אינ,ביבאוון,דערמאנט ווי ער פלעגט שיסן מענטשן אין די גאסן,ליקווידירט מיט רציחה שפיטעלער,געארבעט מערדערישע מעשים בשעת די אויסזידלונגען,און אנדערע פארברעכנס זיינע,האט ער ציניש-חוצפהדיק אויסגעשריגן: איר לעבט דאך אלע א דאנק מיר,איך האב אייך באזארגט מיט ארבעט און ברויט,ווער האט פאר אייך אינטערווענירט ביי דער העכערער מאכט? אנשטאט מיך צו פארטיידיקן -באשולדיקט איר מיך! עס האט אים גארנישט געהאלפן,ער איז פארמשפט געווארן צום טויט דורך שיסן און דער פסק איז דעם זעלבן טאג אויסגעפירט געווארן.

.....................

אונדזער סטאלעריי,די "קליין-מעבל-פאבריק" ווי די דייטשן האבן זי אנגערופן,האט אין דער ערשטער צייט געמאכט פארשידענע קלענערע מעבל-שטיק,הילצערנע טיילן פאר אנדערע פאבריקן,ווי קעפלעך פאר דער היטן-פאבריק,קאפיטעס פאר דער שוסטעריי,ראמען,פארמען א.א.

קיין גרעסערע זיבן זאכן זיינען נישט געמאכט געווארן; עס האט זיך געהאנדלט אין דעם,אז עס זאל הייסן,אז מענטשן זיינען באשעפטיקט. מ'האט געגעבן באשעפטיקונג אויך פרויען ביים שלייפן,קלעפן,מאלן א.א.וו. אבער שפעטער האבן מיר באקומען א באשטעלונג אויף איבער הונדערט טויזנט פאר האלץזוילן (טרעפעס),טיילווייז פאר די יידן,און טיילווייז פאר די פויערים אין די דערפער. פון די האלץ-אפפאלן פלעגט מען מאכן,אויסשניידן אויף דער באנד-זעג-מאשין,שפילצייגן פאר דייטשע קינדער,מ'האט די שפילצייג געשליפן און באמאלט.

מיט אמאל האבן מיר באקומען א באשטעלונג אויף צוויי הונדערט טויזנט קינדער-בעטלעך. פוסטערמאנס פאבריק,אויף באזארנע 6,איז פאר דער ארבעט געווען נישט באקוועם,און

מיר האבן באקומען א גרעסערן,פיר-שטאטיקן בנין,וואס איז געשטאנען ליידיק,קעגנאיבער אויף באזארנע 5. דארט האבן זיך פאר דער מלחמה געפונען די טעקסטיל-מאשינען פון "ארט" און שוין אין דער מלחמה,אין געטא,האט מען דארט געמאכט א שפי-טאל. דער בנין איז געשטאנען ליידיק,ווייל אין דער צייט פון איינער פון די אויסזידלונגען,האבן די דייטשן פון שפי-טאל ארויסגעפירט אלע קראנקע,וואס האבן זיך דארט געפונען.

מ'האט אויף שנעל אויפגעשטעלט דארט די נייע פאבריק, די דייטשן באזארגן מאשינען,ווערקצייג;אנגעפילט דעם בית עולם מיט האלץ. מיר האבן פארגרעסערט די צאל ארבעטער אין ביידע פאבריקן,ביז קנאפע טויזנט פערזאן. פארשטענדלעך,אז איך האב אריינגענומען א גרויסע צאל אייגענע חברים,א גרעסערע צאל פרויען און קינדער (איבער 10 יאר),שכנים פון יענעם ראיאן. עס האבן נישט געמוזט זיין דווקא פאכמענער. עס איז געארבעט געווארן אויף א באנד-סיסטעם. אויף דער גאנצער פארע האבן געארבעט די בויער-מאשינען,מחמת פאר די וועגטלעך פונעם בעטל,האט מען געדארפט אויסבויערן 24 לעכער (פאר די שטא-כעטן) און עס האט זיך געפונען א יידיש טשעכישע פרוי ערנא פייגל,וועלכע האט זיך אונטערגענומען צו באדינען א בויער-מאשין. זי האט זיך אויסגעלערנט און נאך איר האבן אויך אנ-דערע יונגע פרויען געארבעט ביי די בויער-מאשינען.

א גרעסערע צאל מענטשן זענען באשעפטיקט געווען ביים צוזא-מענשטעלן די בעטלעך,ביים פרעסן,קלעפן און שלייפן.

<u>א גרויסע שרפה אין דער פאבריק - זי ווערט אפגעברענט</u>

אין דער צווישנצייט האב איך באקומען א דירה הארט לעבן דער פאבריק -אויף באזארנע 4. מיט אמאל, אין א פרימארגן פון חודש נאוועמבער 5,1942 פארטאגס,דערהער איך פאר אונדזער הויז די געטא-פייער-לעשער. איך לויף צו צום פענסטער און

און דערזע די נייע פאבריק אונדזערע שטיין אין פלאמען.
ס'איז מיר פינסטער געווארן פאר די אויגן. איך בין אראפ-
געלאפן און דערזען, אז די פאבריק ברענט פון אלע זייטן. עס
איז שוין דא די דייטשע קריפא-פאליציי (קרימינאל-פאליציי)
אויך די דייטשע פייער-לעשער פון דער שטאט. עס האנדלט זיך
שוין נישט וועגן לעשן די פאבריק, ווי מער וועגן ראטעווען די
קעגנאיבערדיקע סטאלעריי, דאס האלץ אויפן בית עולם, ווי אויך
די ארומיקע הייזער.

די פייערלעשער, די דייטשע און אונדזערע, ווי אויך די
מענטשן ארום האבן געארבעט מעשים, מיט אלע כוחות אפצושטעלן
די שרפה. אבער נאך פארן אויסלעשן די שרפה, האט מען מיך, ווי
דעם לייטער פון דער פאבריק, ווי אויך דעם עלעקטריציסט פון
רעסארט, ראזענצווייג, ארעסטירט און אוועקגעפירט אין דער
קרימינאל-פאליציי. די דייטשן האבן חושד געווען, אז די פא-
בריק איז בכיוון אונטערגעצונדן געווארן און מיר טראגן די
פאראנטווארטלעכקייט. מ'האט אונדז גוט צעקלאפט און עס האט
געהאלטן דערביי, אז מ'זאל אונדז שטעלן צום לאדזשער געריכט,
אונטער דער באשולדיקונג פון סאבאטאזש.

עס זענען צו דער שרפה געקומען רומקאווסקי, יאקובאוויטש,
אויך ביבאוו.ביידע אנפירער פון דער פייערווער, דער דייט-
שער און דער יידישער, זיינען געקומען צום אויספיר, אז עס
איז געווען א קורץ-שלוס און אזוי ווי די אלטע פאבריק איז
געבליבן גאנץ, און מ'וועט קענען ווייטער ארבעטן, האט ביבאוו
מיך מיטן עלעקטריציסט געהייסן באפרייען.

פרומע יידן האבן אויסגעטייטשט די שרפה מיט א שטראף פון
גאט פאר דער דייטשער גרויזאמער ליקווידאציע פון די קראנקע
פון שפיטאל, וואס האט זיך פריער געפונען אין דער אפגעברענ-
טער געביידע.

לאנג קיין מנוחה האב איך נישט געהאט.

די ארבעט איז ווייטער אנגעגאנגען. אמת,ביי א גרעסערער אנשטרענגונג. מאכט זיך,אז איינמאל,שיקט מען מיך רופן אין רומקאווסקיס ביורא. איך האב דארט געטראפן ביבאוון מיט נאך א דייטש.אויך אהרן יאקובאוויטש איז דארט געווען. דער צווייטער דייטש איז געווען דער אפנעמער פון די בעטלעך,וועלכע מיר האבן אויסגעארבעט. ער האט זיך באקלאגט,אז די בעטלעך ווערן שלעכט געשליפן און ער האט א סך רעקלאמאציעס,אז קינדער נעמען אריין שפילטערס אין די פינגער און צעבלוטיקן זיך.

ביבאוו איז ארויס מיט א יהגזון,און געשריגן אויף מיר, געטופעט מיט די פיס,געסטראשעט מיט רעפרעסיעס. ביי דער געלעגנהייט,האט ער שוין בכלל געהאט פרעטענזיעס צו יאקובאוויטשן און רומקאווסקין,אז ער האט רעקלאמאציעס אויך אויף אנדערע ארטיקלען,וואס ווערן אויסגעארבעט אין אנדערע רעסארטן. ער האט פארגעווארפן,אז די יידישע ארבעטער סאבאטירן די ארבעט און ער וועט מוזן אייניקע פון די פארוואלטערס פון די רעסארטן ציען צו פאראנטווארטלעכקייט,איבערגעבנדיק זיי אין די הענט פון געריכט. און...אלס דעם ערשטן הייסט ער מיך ארעסטירן און אפפירן אין דער טורמע. דערווייל,אין דער געטא-טורמע,און שפעטער וועט מען מיך נעמען אין שטאט אריין. - צוויי יידישע פאליציאנטן פירן מיך אין טורמע. איז גלייך געווארן באקאנט די סיבה פון מיין ארעסט,און עס איז געווארן א טומל אין די פאבריקן. מ'האט מורא באקומען פאר קאנסעקווענצן.

אין דער געטא-טורמע בין איך געווען א פריווילעגירטער ארעסטאנט. עס האט געהייסן,אז איך זיץ אין א באזונדער פארמאכטער צעלע,אבער געווען בין איך אין דער קאנצעלאריע פון טורמע אויפזעער. אינדרויסן האט מען אורעקגעשטעלט א פאליציאנט,וואס זאל היטן צי עס קומט אמאל נישט אן ביבאוו, אז איך זאל באוויזן אריינצולויפן אין א צעלע,וואס מ'פאר-

שליסט. צוויי מאל איז טאקע ביבאוו געקומען אין דער טורמע
זען,וואס איז מיט מיר. צום צווייטן מאל האט ער מיך געהײסן
באפרייען און געהייסן גיין צוריק אין רעסארט. ער האט גע-
האלטן פאר מיר א לעקציע וועגן פאראנטווארטלעכקייט פאר אר-
בעט. איך האב אים אויפגעקלערט,אז איך בין נישט קיין פאכ-
מאן,נאר דער אדמיניסטראטיווער פארוואלטער,האט ער געהייסן
יאקובאוויטשן,וואס איז געווען מיט אים,טוישן די מייסטערס
פון רעסארט. האט מען מאראנצן און פרידמאנען איבערגעשיקט
אין דער סטאלעריי אויף דער פוצקא גאס,און צו אונדז אין
פאבריק האט מען איבערגעפירט די מייסטערס קאנטאר און האכ-
געלערענטער פון דער סטאלעריי אויף דרוקארסקע גאס.

ווי מ'האט מיר שפעטער דערציילט,האבן רומקאווסקי און
יאקובאוויטש גאר שטארק אינטערווענירט ביי ביבאוו,אז מ' זאל
מיך נישט שיקן אין שטאטישן געריכט אריין; אז דער בלויזער
ארעסט מיינער וועט האבן א גרויסע ווירקונג אויך אויף אלע
אנדערע רעסארטן.

מ'קען זיך פארשטעלן די פרייד פון מיין פרוי און טאכטער
און דער גאנצער משפחה,ווען מ'האט מיךדערזען צוריק פון
דער טורמע,און די אויפנאמע,וואס איך האב באקומען אין דער
פאבריק פון די ארבעטער און פערסאנאל.

אט אזוי בין איך צום צווייטן מאל געווארן געראטעוועט פון
דער "דייטשער יוסטיץ".

פארשטענדלעך,אז מ'האט שוין מער אויפגעפאסט אויף דער
אויספארטיקונג פון די בעטלעך. ביים שלייפן זיינען געווען
באשעפטיקט אויסשליסלעך פרויען אין מיטעלע און עלטערע יארן,
האט מען אין דער אפטיילונג געמוזט צוגעבן אויך יונגערע
פרויען און ספעציעלע אויפזעערס.

דערהויפט איז געגאנגען אין אנצוהאלטן די ארבעטס-פעי-
קייט פון דער פאבריק,ווייל די פארשידענע אויסזידלונגען,

וואס זיינען פון צייט צו צייט פארגעקומען, האבן ארויסגע-
ריסן אויך פון אונדזער פאבריק מענטשן אין פארשידענע עלטער.
איך פלעג גיין אינטערוועגירן צו רומקאווסקין, אז מען זאל
פון דער אויסזידלונגס-ליסטע ארויסנעמען די מענטשן, וואס
כ'האב געדארפט האבן אין דער פאבריק. איך פלעג דאס ביי
אים שטענדיק אויספועלן.

און קען נישט פארבייגיין און נישט דערציילן וועגן אן
אויסטערלישער און ביטער-טרויעריקער אויסשטעלונג, וואס די
דייטשן האבן גראד א פאר וואכן פאר מיין לעצטן ארעסט, צו-
געגרייט פאר די ארבעטער פון אונדזער רעסארט. זיי האבן
אויף דעם "באזארני רינעק", וואס האט זיך געפונען אינגאנצן
30 טריט פון אונדזער פאבריק, אויפגעשטעלט א גרויסע תליה
און עפענטלעך אויפגעהאנגען פאר "סאבאטאזש" 23 יידן און
דערביי מיט דער הילף פון דער יידישער פאליציי ארויסגעיאגט
פון אונדזער פאבריק א פאר הונדער ארבעטער, וואס האבן גע-
דארפט צוקוקן זיך צו דער גרויזאמער עקזעקוציע.

## א מארד אין געטא

ווי שוין פריער דערציילט, האט מען די מייסטערס מאראנץ
און פרידמאן פון אונדזער רעסארט, איבערגעשיקט אין דער סטא-
לערייַ אויף ער פוצקע גאס. פרידמאן האט דארט, ליידער, געהאט
א ביטערן סוף.

צוליב דחקות אין אלערליי שאר ירקות, גרינסן, אין געטא,
האבן די מענטשן אויסגענוצט יעדן פרייען פלאץ, א גרעסערן, א
קלענערן, אויף צו פארזייען פארשידענע גרינסן, כדי צו האבן
א ביסל רייטעכלעך, קארטאפל, פאמידארן, ציבעלעס, מייערן.
אויך פרידמאן, מיט נאך א פאר חברים זיינע, האבן געהאט אזא
"דזשיאלקע" (אזוי האט מען אין געטא גערופן דאס פארזייטע
שטיקל ערד), נישט ווייט פון דער פאבריק. אין די פרייע שעהן

פון דער ארבעס פלעגט מען באארבעטן די דאזיקע דזיאלקעס, און ווען עס האבן זיך שוין אנגעהויבן צו באוויזן די ער- שטע פרות,פלעגט מען שוין היטן די "פעלדער" טאג און נאכט, אז פרעמדע זאלן זיך נישט ארייננכאפן און אויסראמען די גרינ- סן פאר זיך. קיין פלויטן זיינען שוין נישט געווען,ווייל מ'האט זיי צעטראגן נאך אין ערשטן ווינטער אין געטא,אויף צו באהייצן די אייוועלעך אין די קאלטע דירות. אזוי,אז די דזשיאלקעס זיינען געווען אפן פאר יעדן דורכגייער.

איינמאל,ס'איז שוין געהאט צוגעפאלן די נאכט,איז געווען פרידמאנס רייע אויף צו היטן זיין פעלד. זעט ער,ס'רייסן זיך ארייז דריי חברה-לייט מיט זעקלעך און מ'הייבט אן צו רייסן פון די קשאקעס,וואס עס לאזט זיך. ער וויל זיי פאר- יאגן,און עס ברעכט אויס צווישן זיי א געשלעג. יענע האבן געהאט שטעקנס מיט זיך און זיינען געווען אין דרייען. אין געראנגל,האט מען פרידמאנען אזוי צעשלאגן,אז ער איז געב- ליבן ליגן א בלוטיק-פארווונדערטער אין פעלד. דער,וואס איז געקומען אים בייטן,האט געמאכט אן אלארם. פרידמאן האט באוויזן נאך עפעס צודערציילן,אבער עס האט לאנג נישט גע- דויערט,און ער איז אויסגעגאנגען.

די פאליציי האט געזוכט שפורן,אבער מ'האט קיינעם נישט געכאפט. מ'האט דעם ענין פארשוויגן,נישט וועלנדיק,זעט אויס, מאכן א צו גרויסן טומל ארום דעם מארד צווישן דעם פארשמאכטן און פארהונגערטן געטא-עולם.

## ק ר י פ א - ב א ה א ל ט ע נ ע פ א ר מ ע ג נ ס

עס האבן נישט געפעלט אין געטא קיין ערב-רב מענטשן,וואס פלעגן פאר א טאפ לינדזן זיך פארנעמען מיט מסירות צו די דייטשן. אין געטא זיינען אריינגעקומען אויך א גרויסער טייל פון געוועזענע סוחרים,פאבריקאנטן,ווי בכלל פארמעג-

לעכע מענטשן,וואס האבן זייערע פארמעגנס באהאלטן,פארשטעקט ערגעץ ווו אין שטוב,אין הויז,אין א קעלער,ווו מ'האט נאר געקענט.

האט זיך אנגעהויבן א סדרה מסירות צו דער קריפא (קרימי-נאל-פאליציי). מ'האט זיי אויפגעגעבן נעמען און אדרעסן און די קריפא האט ארויסגערופן דעם מענטשן צו זיך. מ'האט דארט די יידן געשלאגן מכות רצח אויף ארויסצובאקומען דאס ארט ווו מ'האט באגראבן די פארמעגנס. מענטשן זיינען געווען איינגעשפארט און נישט גלייך זיך מודה געווען,האט מען זיי אראפגעיאגט אין א קעלער און אויף מארגן און איבערמארגן ווידער גערופן צום דייטשן אגענט און ווידער געשלאגן ביז בלוט. נישט איינעם האט מען דערשלאגן צום טויט. אנדערע האבן גארנישט געהאט באהאלטן און געפאלן אלס קרבנות פון די מוסרים.

אויך מיך האט די דייטשע קריפא איינמאל גערופן צו זיך אין דעם ענין פון "באהאלטענע פארמעגנס אין דער שטאט". ווי כ'האב שוין דערמאנט,האט ביי מיר אין שטוב,אין שטאט, מיין באקאנטער סטאלאר,קאלמוס,געמאכט א טאפלטן סופיט אין לאנגן קארידאר,ווו כ'האב באהאלטן א טייל פון דער סחו-רה פון מיין געשעפט,אונדזערע פעלצן,בילדער,ווי אויך אנ-דערעווערט-זאכן.

ווען מ'האט מיך גערופן אין "קריפא",האב איך גלייך זיך מודה געווען,דערציילט וועגן טאפלטן סופיט,אויפגעגעבן דעם אדרעס און צומארגנס האבן מיך מיט א בריטשקע געפירט אהין צוויי קריפא-לייט. מיר קומען צום הויז,ווו מיר האבן גע-ווױנט. דער סטרוזש א געפלעפטער,ווען ער דערזעט מיך,פירט אונדז ארויף אין מיין דירה,אין וועלכער עס וווינט איצט א באלטן-דייטשע פאמיליע. גלייך ביים אריינקומען אין דער דירה,דערזע איך שוין ,אז דער טאפלט-סופיט איז שוין נישטא.

דער באַלטן-דייטש קלערט אויף די קריפּאַ-מענטשן, אַז ווען ער האָט זיך אַריינגעצויגן, האָט ער געוואָלט איבערמאַלן אַ טייל פון דער דירה און די מאַלאַזשעס האָבן גלייך דערשנאַפּט, אַז ס'איז אַ טאָפּלטער סופיט. מ'האָט גערופן פּאָליציי און זי האָט צוגענומען אַלץ, וואָס עס האָט זיך דאָרט געפונען.

דער קריפּאַ-פּאָליציאַנט זאָגט צו מיר מיט ירגזון: "פאַרוואָס האָסטו נישט געמאַכט דיין באַהעלטעניש אין דער פּאָדלאָגע, אַזוי ווי אַנדערע האָבן דאָס געטאָן?"

מ'האָט מיך צוריקגעבראַכט אין דער געטאָ. דאָס מאָל האָב איך אויסגעמיטן קלעם. ווער עס האָט מיך געמסרט, ווייס איך נישט ביזן היינטיקן טאָג.

## חיים רומקאָווסקי -"דער עלטעסטער דער יידן"

(חיים רומקאָווסקי גיט חופּה וקידושין)

דעם לאָדזשער ראַבינאַט האָבן די דייטשן, גלייך ביים אָנהייב פון דער מלחמה, ליקווידירט. די נאַציס האָבן אומגעבראַכט כמעט אַלע רבנים און מורא-הוראות. אין די ערשטע געטאָ-יאָרן האָט מען פון קיין חתונות בכלל נישט געהערט. אָבער דאָס לעבן גייט מיט זיין וועג. עס שאַפן זיך פּאָרלעך און עס ווערן געבוירן קינדער. כדי אויפצוהאַלטן און אויך כדי צו רעגלאַמענטירן דעם נייעם שטייגער לעבן אין געטאָ, האָט רומקאָווסקי באַשלאָסן איינצופירן אַ רעגיסטער פון חתונות און געבורטן. ער האָט זיך אויך גענומען דאָס רעכט צו פאַרטרעטן דעם ראַבינאַט. ער אַליין, האָט ער גע זאָגט, וועט געבן חופּה וקידושין, אָבער נישט יעדן פּאָרל באַזונדער, נאָר איין מאָל אין חודש, אַלע רעגיסטרירטע פּאָרלעך צוזאַמען.

אין געטאָ איז געווען אַ קולטור-הויז מיט אַ גרויסן זאַל. דאָרט פלעגט רומקאָווסקי עפּעס־לעך געבן חופּה וקידושין, יעדעס מאָל אַ 15-20 פּאָרלעך. די פּאָרלעך האָט מען אויסגעשטעלט

אויף דער בינע און דער עולם קרובים,פריינט,באַקאַנטע,פלעגן זיין אין זאַל און זיך צוקוקן צום "פאַראַד". א פאַרשטייער פון רעגיסטער-אָפּטיילונג (עווידענץ-אמט) האָט פאַרגעלייענט די ליסטע פון די פאַרלעך,רומקאַווסקי האָט געהאַלטן א רעדע, דורכגעפלאָכטן מיט א פּאָר פסוקים. ער האָט גערופן די פאַרלעך צו זיין אָרנטלעכע מענטשן,זיך ליבן קעגנזייטיק,און צום סוף גיט ער זיי דרשה-געשאַנק: איינציקע טוץ נאָז-טיכלעך,א טאַלאָן אין א געסאַ-שפּייז געוועלב,אַנדערע עטלעכע טעג אָפּרו אין "זיין" אָפּרו-היים.

רומקאַווסקי פלעגט זאָגן און באַרימען זיך,אַז ער האָט איינגעפירט א נייעם,אן אייגענעם,חופּה וקידושין שטייגער,צוגעפּאַסט צו דער צייט אין וועלכער מיר לעבן. מ'האָט נישט אויפגעשטעלט קיין חופּה,דער חתן האָט נישט צעטראָטן קיין גלאָז אלס זכר לחורבן,עס האָט נישט געשפּילט קיין אָרקעסטער. אומעטיקע,טרויעריקע חתונות - איך ווייס נישט צי עס זיינען ערגעץ פאַרצייכנט געוואָרן און צי עס געפינט זיך ערגעץ א קאָפּיע פונעם נוסח פון רומקאַווסקיס קידושין-אַקט.

אָבער רומקאַווסקי אליין,ווען ער האָט באַשלאָסן צום צווייטן מאָל חתונה האָבן (די ערשטע פרוי זיינע,פון דער היים בענדער,איז געווען די שוועסטער פון עמנואל האַמבורסקיס פרוי,דעם אַרויסגעבער פון "לאָדזשער טאַגעבלאַט") ,האָט ער שוין דווקא יאָ געוואָלט,אַז פון דער דאָזיקער חתונה,זאָל יאָ בלייבן ערגעץ א זכר.

אין א געוויסן טאָג איז רומקאַווסקי געקומען צו פאָרן צו אונדז אין פאַבריק אריין. אַרום דער פאַבריק,איז,ווי געוויינלעך,געוואָרן א טומל,א געשטופּעריי. ער האָט בייז אָפּגעשטופּט אַלע,וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט מיט זייערע פּערזענלעכע בקשות. צו מיר האָט ער געזאָגט,אַז ער וויל מיט מיר רעדן אונטער פיר אויגן, האָבן מיר זיך פאַרמאַכט אין א צימער.

ער האט פאר מיר מגלה סוד געווען, אז ער גייט חתונה האבן און וויל, אז אונדזערע שניצער זאלן מאכן פאר אים א חופה, א נייע, א שיינע; די חופה-שטאנגען זאלן זיין שיין, אריגינעל.

פארשטייסט, זאגט ער צו מיר, אימיצער וועט דאך די מלחמה איבערלעבן, די היינטיקע שלעכטע צייט. עס וועט וועגן דעם שטייגער-לעבן אין געטא זיכער א סך געשריבן ווערן, מען וועט זוכן דאקומענטן, מאטעריאלן, עס וועט זיך שאפן א מוזיי, וועט אויך מיין חופה אריינקומען אין מוזיי. דארף זי זיין שיין, גאר אריגינעל, צוגעפאסט צו דער צייט און ארט.

איך האב צוגעצויגן צו דעם ענין פון דער חופה דעם סקול-פטאר וויצעק (יצחק) ברוינער. מ'האט געארבעט ארום די שטאנ-גען. צום סוף איז די חופה אונדזער פאן רומקאווסקי נישט שטארק געפעלן געווען. איך האב די חופה אפגעשיקט צו אים, אין זיין דירה אויף לאגעווניצקא גאס. אויף דער חתונה בין איך נישט געווען און צי מ'האט דארט די נייע חופה באנוצט, ווייס איך אויך נישט. אין קיין מוזיי, איז זי זיכער נישט אריינגעקומען.

## ר ו מ ק א ו ו ס ק י - שול און קולטור-פראבלעמען

איך וויל נאך א פאר ווערטער ווידמען רומקאווסקין. עס איז שוין וועגן אים א סך געשריבן געווארן, און פארדינסטער-הייט, מער שלעכטס, ווי גוטס. אבער עס דארפן דערמאנט ווערן א פאר קארעקטע האנדלונגען זיינע - דאס וועט נישט ענדערן די אלגעמיינע מיינונג, וואס מ'האט וועגן אים.

מיטן אריינקומען אין געטא, האט זיך געשטעלט די ברענענ-דיקע פראגע: וואס טוט מען מיט דער גרויסער צאל קינדער אין פארשידענער עלטער, וואס געפינען זיך אין געטא? רומקאווסקי האט צום שול-יאר 1940 ארויסגעלאזט אן אויפרוף צו דער בא-פעלקערונג מיט דעם לאזונג: "קינדער אין די שולן". איינגע-שריבן האבן זיך דעמאלט 17,225 קינדער. מ'האט זיי איינגע-

טיילט אין 43 שולן, מיט 414 לערער (לווי ישראל טאבאקסבלאטס ידיעות). עס איז אנטשטאנען דער פראבלעם פון דער ל ע ר נ - ש פ ר א ך, מחמת די פויליש אונטעריכטס-שפראך איז דורך די דייטשן פארבאטן געווארן. און דא דארף לזכות פון רומקאוו-סקין געזאגט ווערן, אז נישט געקוקט דערויף, וואס ער איז געווען אן אלטער ציוניסט (פון גרינבויםס על-המשמר-חדר), האט ער דעצידירט, אז אלע קעגנשטאנדן זאלן געלערנט ווערן אויף י י ד י ש. זיינע בעל-עצה"ס האבן אים צוגערעדט, אז די אונטעריכטס-שפראך זאל זיין העברעאיש און נישט יידיש, האט רומקאוסקי דאס קאטעגאריש אפגעווארפן, זאגנדיק דערביי: " דער ציוניסטישער אידעאל און די העברעאישע שפראך, זענען מיר נישט ווייניקער טייער, ווי אייך, אבער איצט מוז איך דאס אוועקלייגן אין א גאלדענער שמעק-טאבאק-פושקעלע. איצט האלט איך די פושקע פארמאכט, און וועל זי ווידער עפענען, ווען עס וועט קומען די צייט דערצו. מ'דארף זיך רעכנען מיט די אומשטענדן, האט ער ווייטער געזאגט: "דאס פאלק רעדט דורכויס יידיש, אויך די קינדער, און ס'איז איצטער נישט די צייט פון צו מאכן עקספערימענטן. די קינדער האבן טאקע געלערנט אין די פוילישע פאלקס-שולן (שאבאסווקעס), ווו די לערן-שפראך איז געווען פויליש, אבער די היים איז געווען און געבליבן יידיש."

אבער וואס איז ארויסגעקומען פון זיין גרויסער שטעלונג? ליידער, האבן די אויסזידלונגען וואס אמאל שיטערער געמאכט די צאל קינדער אין די שולן און צום סוף 1942 האט מען זיי געמוזט פארמאכן.

און ווען מ'רעדט וועגן דער אלגעמיינער קולטור-טעטיקייט אין געטא, דארף דערמאנט ווערן, אז ער, רומקאוסקי, האט זי נישט געשטערט. ער האט געהאט א פריינטלעכע באציונג צו די באמי-ונגען פון פארשידענע ארגאניזאציעס און גרופעס, וואס האבן

ביי די שווערע געטא-באדינגונגען, זיך באמיט צו דערהאלטן דאס שעפערעשע און קאנסטרוקטיווע יידיש-קולטור-לעבן, און געבן די מעגלעכקייט די פארהונגערטע און לייבנדיקע געטא-יידן צו געניסן א דערקוויקונג, א דערמוטיקונג - זאל זיין א חי שעה - אין זייער ביטערן, פינסטערן און אויסזיכטלאז - פארצווייפלטן לעבן. רומקאווסקי האט צו די צוועקן צוגע-טיילט א גרויסן זאל אויף קראוויעצקא 3 (אן אמאליקער ענ-דעקישער קלוב) און פאר די פארבליבענע אין געטא ארטיסטן פון משה בראדערסאנס "ארדט-טעאטער" געגעבן דעם זאל פון דער אמאליקער פוילישער גימנאזיע אויף פראנציסקאנער 66.

און עס איז גייסטיק צו דערמאנען מיט א סך ליבע און אנערקענונג אזעלכע שפרודלדיקע און ענערגישע קולטור-טוער, ווי אונדזער חבר משה וואלמאן, וועלכער האט ארייגעלייגט א סך כוחות אויף צו שאפן אין געטא א קולטור-געזעלשאפט אויפן מוסטער פון דער "קולטור-ליגע" און טאקע די ארטיסטן משה פולאווער (היינט אין ישראל) און חיים וויינבערג, וואס האבן באנייט אין געטא דעם "ארדט" (אונטער דעם נאמען "אוואנגארד". מ'דארף דערמאנען דעם אלטן דיריגענט פון כאר פון דער סינאגאגע -מ.דארגאזשאנסקי- וואס האט ארגאניזירט א שיינעם כאר פון 75 כאריסטן, צוזאמענגענומענע פון זינגע-רס פון "קולטור-ליגע" "הזמיר" און "שיר-כאר". אויך דעם סימפאנישן ארקעסטער פון 35 מוזיקערס, אונטער דער אנפירונג פון דיריגענט טעאדאר רידער; די באלעט-מייסטערין זינא קרוש, מיט איר גרופע, ווי אויך די פארשידענע ספארט-גרופן.

אויך אין די קלובן פון "בונד" און "ל.פועלי-ציון" אויף בזשעזשינער 59 און בערעק יאסעלעוויטש גאס 16 זיינען פאר-געקומען שרייבער-אווענטן, מיט דער באטייליקונג פון ישעיהו שפיגעל (היינט אין ישראל), ש.שאיעוויטש, י.זעליקאוויטש, דעם הומאריסט י.יאנאווסקי (דער לעצטער איזאגב געווען דער פאר-

סיער פון אונדזער האלץ-פאבריק),מרים אולינאווער,מ.וואלמאן, בריקס,פאטשארעק,חוה ראזענפארב,די דיכטערס - יאכימאוויטש און גורפינקל א.א. עס זענען אויך געווען טאטיק א פאר ביב-ליאטעקן מיט יידישע און פוילישע ביכער. א באזונדער גרופע זיינען געווען - קינסטלער,מאלערס,פלאסטיקער - יצחק ברוי-נער,שיליס,קאוונער,לייזעראוויטש,בזשעזשינסקא א.א. - זיי פלעגן מאכן אויסשטעלונגען פון זייערע שאפונגען. אויך מיר פלעגן גערן געניסן פון די אלע קולטור-טעטיקייטן.

די,וואס זיינען אין די געטאס נישט געווען,וועלן גארנישט קענען אויפנעמען מיט זייער נארמאלן שכל,ווי אזוי האבן די געטא-יידן געקענט ביי די געגעבענע אומדערטרעגלעכע אומשטענ-דן,נאך האבן געדולד,ווילן און געמיט רויק איינצוזיצן און אויסהערן א רעפעראט,א לעקציע,מוזיק,געזאנג,א פארשטעלונג, אדער גיין אויף אן אויסשטעלונג.

אבער שוין צום סוף 1942,נאך די גרויסע אויסזידלונגען, ווען צוזאמען מיט דעם אפשאפן די "אויטאנאמע קולטור-מלוכה", ווען אלץ,וואס האט געשמעקט מיט געזעלשאפטלעכקייט איז בטל ומבטל געווארן,איז זיך אייגענטלעך אלץ צעפאלן. דאס טעאטער האט נאך געזשיפעט,אין די גרויסע רעסארטן (אויך ביי אונדז אין האלץ-רעסארט),איז מען נאך דא און דארטן ארויסגעטרעטן. און אויף צעפיקעניש אלע שונאים און פייניקער,ווייטער גע-קיביצט און ווייטער געקארמעט דעם עולם מיט ליטערארישע און מוזיקאלישע קאמפאזיציעס צום נחת און פרייד פון די מרה-שחרהדיקע געטא-יידן. דאס איז געווען אן אייגנארטיקער אויס-דרוק פון געטא-הערויזם. און אזוי דארף מען דאס אויפנעמען.

ווי איך האב מיך באווארנט,האב איך אויסגעמיטן צו שיל-דערן און צו דערציילן וועגן די ביטערע,אוממענטשלעכע לעבנס-באדינגונגען אין געטא. עס האט נישט קיין זינען נאכאמאל און ווידעראמאל איבערצוגעבן כמעט דאסזעלבע,וועגן וואס

אנדערע האבן שוין מיט די,אדער אנדערע ווערטער,איספירלעך געשריבן; אדער צו דערציילן,לויט אן אייגענעם נוסח,וועגן די רישעותדיקע איפפירונגען און האנדלונגען פון רומקאווס-סקי,אדער וועגן דער רויב-ווירטשאפט און הפקרות אין דער אפראוויזאציע און אנדערע אפטיילונגען,פון וועלכע עס איז געווען אפהענגיק דאס פשוטע מענטשלעכע לעבן,אדער וועגן די מיאוסע און עקלדיקע סאטן פון דעם אדער יענעם דעה-זאגער אין דער געטא. - דאס אלץ האלט איך פאר איבעריק.

עס דארף אבער פאר יעדן איינעם,וואס לייענט די געשיכ-טעס פון דער דאזיקער גרויזאמער צייט,זיין קלאר,ווי ביטער דער אמת זאל נישט קלינגען אין די אויערן,אז עס האט אין די געטאס געהערשט און דאמינירט דער קאלטער שוידערלעכער מענטשלעכער עגאיזם,וואס האט געזען נאר ז י ך . און דער דאזיקער,וואס איז נישט געווען אין א געטא,דארף זיך אליין שטעלן די פראגע: ווי וואלט ער געהאנדלט אין אזא,אדער אנ-דער פאל,ביי דער,אדער אנדערער סיטואציע...

.....................

איך וועל מיך נאך אין קורצן אפשטעלן אויף מיין אייגע-נער משפחה אין געטא,דערמאנען די ראדיא-מארטירערס אין געטא, און איבערגיין צו די איבערלעבענישן אין דייטשן קאצעט-לא-גער,וווהין מ'האט אונדז ביי דער ליקווידאציע פון געטא, איבערגעשיקט.

מיין לעבנסלוסטיקע מאמע,האט אין געטא פארלוירן איר שטענדיקן ליבן שמייכל און פון דער שלעכטער דערנערונג און שווערע באדינגונגען,איז זי איינגעשרומפן געווארן און פלעגט מיך אפט פרעגן: ווען קומט שוין דער סוף? זי איז אין יאר 1941 אין עלטער פון קנאפע 70 יאר געשטארבן פון דיזענטעריע. דער טאטע ווידער איז געווען אפטימיסטישער געשטימט און האט געגלייבט,אז עס וועט שוין לאנג נישט דויערן און דער דייטש

וועט קריגן אנגעבראכן די ביינער און וועט איינעמען א
מיתה משונה"

ווען עס איז אין יאר 1942 געווען די גרויסע שפערע, ווען די דייטשן האבן זיך געהייסן צושטעלן די "עלטערע" מענטשן פון איבער 60 יאר און די קינדער ביז 10 יאר, האבן מיר אונדזער פאטער אריינגעזעצט צווישן די אויסגעשטאפלטע ברעטער אויפן בית עולם און געהיט עס זאל מיט אים נישט געשען קיין שלעכטס. נאך דער שפערע האבן מיר אים ארויסגענומען. אויך מיין ברודער מארעקס טעכטערל פון 2 יאר האבן מיר דעמאלט באווארנט ביי זיך און אויך דאס קינד ארויסגעראטעוועט פון דייטשע לאפעס. מיר האבן שוין פריער געהאט געגעבן דעם טאטן א פאר פילן ציאן-קאלי, וועלכע מיין פרוי האט געבראכט פון דער אפטייק, און אים אנגעזאגט, אז קיין לעבעדיקן זאל ער זיך נישט לאזן נעמען. מיין טאטע איז לאנגע יארן געווען א הארץ-ליידנדיקער, און פלעגט שטענדיק טענהן, אז ער וועט האבן א לייכטן טויט - איינס און צוויי- און איך בין נישטא,

אין געטא האט ער פארלוירן 15 קילא פון זיין וואג. נישט עסנדיק קיין פעטע מאכלים, האט ער זיך גראד געפילט בעסער. אבער פון באשפייזן זיך מיט קילעריבן און קרויט, האט ער אנגעהויבן צו ליידן אויף די נירן און האט שוין געהאט גאר נישט קיין לייכטן טויט. זיין גסיסה האט געדויערט פולע דריי מעת לעת. ער איז געשטארבן אין יאר 1943, אין עלטער פון קנאפע 75 יאר. - די מאמע און ער זיינען געקומען צו קבורה אויפן לאדזשער יידישן בית עולם.

מיין עלטערער ברודער, ארנאלד, האט געארבעט אין ביורא פון קירזשנער רעסארט; זיין פרוי, לאה (לאטשא), - אין א קליידער רעסארט; די עלטערע טאכטער, אירענע, א סטודענטקע פון קראקאווער אוניווערסיטעט, איז געווען באשעפטיקט אלס קראנ-

קנשוועסטער אין איינעם פון די שפיטעלער,די יינגערע טאכ-
טער,סטעפא,האט געארבעט אין היטן-רעסארט.

די מוטער זייערע איז געשטארבן אין געטא אין יאר 1943,
דער פאטער זייערער,מיין ברודער,איז אומגעקומען אין א דייט-
שן לאגער. ביידע מיידלעך זיינען נאך דער ליקווידאציע פון
געטא,געווען אין בארימטן דייטשן לאגער שטוטאף,ווו ביידע
האבן מיטגעמאכט דעם טיפוס,פון וואס די יינגערע איז דארט
געשטארבן. די עלטערע,אירענע,לעבט זייט נאך דער מלחמה אין
באלטימאר,איז פארהייראט,האט שוין דריי דערוואקסענע קינדער.

מיין ברודער מארעק האט אין געטא באקומען א פאסטן פון
א הויז-וועכטער. ער האט באדארפט באדינען די הייזער אין
געטא,האלטן זיי ריין און אכטונג געבן אויף זייער גאנצקייט.
די היגיענע אין געטא האט שטארק אונטערגעהינקט און עס האט
זיך געפאדערט א גרויסע מאס פון אידעאליזם איבערצונעמען
אזא פאסטן. קיין סך בעלנים אויף ארא פצולאזן זיך צו דער
מדרגה פון א "דאזארצא" (הויז-וועכטער),קערן מיסט און ריי-
ניקן קלאזעטן,איז נישט געווען.

די פרוי זיינע האט געארבעט אין איר פראפעסיע - זי איז
געווען א דאקטאר-ביאלאג און געארבעט אין שפיטאל; האט ער
אלס וועכטער געהאט מער צייט אויף אפצוגעבן זיך מיט דער
קליינער טאכטער זייערער. זיי זיינען צום סוף געווען צו-
זאמען מיט אונדז אין א קאצעט אין דייטשלאנד

וועגן אלע אומגעקומענע,אומגעבראכטע דורך די דייטשן,
מיטגלידער פון אונדזער משפחה,האבן אונדז,שוין נאך דער
מלחמה,איבערגעגעבן פארשידענע מענטשן,ווען מיר זיינען
אהיימגעקומען קיין לאדזש.

דער ברודער זיגמונט מיט זיין פרוי און איר ברודער,
וואס האבן זיך געפונען אין דער צייט פון דער מלחמה אין
ווארשע,זיינען אומגעקומען אין טרעבלינקי.

אונדזער אלעמענס ליבלינג - די שוועסטער אונדזערע,בערטא, איז אומגעבראכט געווארן אין מיידאנעק; די יינגסטע שוועסטער סאניא,מיט איר מאן,זיינען פארגאזט געווארן אין אשוויענטשים. אין וועלכן לאגער אונדזער עלטערער ברודער,ארנאלד,איז אומגעקומען,האבן מיר נישט קיין ידיעות.

מיין ליבע פרוי מלכה (מאליא),פון דער היים עליאש,איז אומגעקומען אין לאגער ראוועסנבריק. איך וועל מיך אין א שפעטערדיקן קאפיטל ברייטער אפשטעלן וועגן דעם לאגער און טרויעריקן אומקום פון מיין פרוי.

אונדזער בכור,לעאן,מיט זיין פרוי,וואנדא,זיינען אומגעבראכט געווארן אין לאגער פאניאטאווא (לובלינער קאנט). וועגן זיי האב איך צוזאמענגעקליבן פאלגענדע ידיעות:איינער,א באקאנטער מיינער,האט מיר איבערגעגעבן וועגן דער גרעסערער גרופע יידישע ארבעטער פון ווארשע,וועלכע דער דייטשער אונטערנעמער,טעבענס,האט שוין נאכן געטא-אויפשטאנד ארגאניזירט און געשיקט זיי אויף ארבעט קיין פאניאטאווא. ער ווייסט,האט ער מיר געזאגט,אז מיין זון,לעאן ווינאגראד, איז מיט זיין פרוי,אויך מיטגעגאנגען מיט דעם דאזיקן טראנספארט. צוזאמען מיט זיי,איז אויך געווען זיין קוזינע,אירקא מארגוליס-כאלאדענקא. (דער לעצטער האט פארלוירן זיין לעבן אין בערשטער-שאפ,בשעת דעם געטא-אויפשטאנד.)

באשטעטיקט די דאזיקע ידיעות האט מיר מיין שוואגער, צדיק עליאש (מיין פרויס ברודער),ווען מיר זיינען נאך דער מלחמה געקומען קיין שוועדן (ער האט שוין דארט געוווינט זייט 1915). ער האט מיר געגעבן א קארטל פון מיין זון, סאקע פון פאניאטאווא (מיט א דייטשן שטעמפל),וואס דער שוואגער מיינער האט פון אים באקומען דעם 18-טן נאוועמבער 1943. אין דעם דאזיקן קארטל שרייבט מיין זון,אז ער איז פארהייראט,און מיט זיין פרוי געפינען זיי זיך אין ארבעטס-לאגער

"פאניאטאווא. ער גיט אויך צו,אז ער ווייסט,אז זיינע על-טערן געפינען זיך אין לאדזשער געטא און ארבעטן דארט.ער דערמאנט אויך וועגן זיין קוזינע,אירקא,וואס געפינט זיך מיט זיי,וואס איז אויך א פלימעניצע פון מיין שוואגער.

לויט די אלגעמיינע ידיעות,איז דער לאגער פאניאטאווא, מיט 30,000 יידן פארניכטעט געווארן,אין פארלויף פון דריי טעג,דורך דעם מאסן-מערדער גלעבאצקי אין דער צווייטער הע-לפט פון חודש נאוועמבער 1943. אזוי,אז דאס קארטל פון אונדזער זון,איז געווען די לעצטע שריפט פון אים. דאס איז דאס איינציקע,וואס איז מיר געבליבן נאך אים,און דערביי א טיפער ווייטיק אין הארצן.

ווייל דעפ פראבלעם פון אונדזער זונס טראגישן אומקום, טראג איך טיילווייז אויף מיין געוויסן. דריי געלעגנהייטן, ווייזט זיך מיר אויס,זיינען געווען אויף צו ראטעווען אים פון פייער. - ווי איך האב שוין פריער דערמאנט,האב איך מיין זון,נאכן פארענדיקן די גימנאזיע,געראטן צו פארן קיין פראנקרייך (נאנסי) און נישט קיין ענגלאנד,ווי עס האט מיך צוגערעדט מיין פריינט הערמאן באהם. זיין זון האט זיך דארט געראטעוועט. איז צו גלייבן,אז אויך מיין זון וואלט זיך דארט געראטעוועט.

דאס צווייטע - איז געווען א פעלער,וואס מיר האבן אים נישט צוגערעדט צו פארן קיין רוסלאנד. דער חבר זיינער,מיט וועמען ער האט געזאלט צוזאמען פארן,איז בשלום צוריקגעקומען פון רוסלאנד. - און דאס דריטע - עס איז געווען א פעלער דאס שיקן אים קייןווארשע. ווען ער בלייבט מיט אונדז אין געטא, וואלט ער געטראגן דעם זעלבן גורל,וואס איך.

היינט-צו-טאג זיינען דאס נישט מער ווי מעדיטאציעס,מח-שבות פון א צעווייטיקטן טאטן.

מיין זונס פרוי האבן מיר געקענט. אונדזער שוועסטער

בערטא האט אונדז וועגן איר געשריבן פון ווארשע.דארט איז אונדזער זון קראנק געווארן אויף טיפוס,און דאס דאזיקע מיי-דל,א סטודענטקע,מיין זונס א באקאנטע נאך פון לאדזש,פלעגט צוזאמען מיט מיין שוועסטער זיך אפיעקעווען איבער אים,בשעת זיין קראנקהייט,און ארויסגראטעוועט אים ביי די שווערע מלחמה-באדינגונגען.

מיר האבן מיט אירע עלטערן אמאל געוווינט צוזאמען אויף א זומער-וווינונג, דער פאטער אירער האט געארבעט אלס אינ-זשעניער אין דער טריקאטאזש-פאבריק פון הירשבערג און וויל-טשינסקי (זיין פאמיליע-נאמען געדענק איך שוין נישט).

ווען מיר זיינען נאך דער מלחמה צוריקגעקומען פון די לאגערן,איך מיט דער טאכטער,און דער ברודער מארעק מיט זיין פרוי און קינד,האבן מיר דער גאנצער אומגעקומענער משפחה אונדזערער,געשטעלט סימבאלישע מצבות אויף לאדזשער בית עולם. מיר האבן געמאכט בילדער פון די שטיינער און דאס איז אונדז געבליבן אלס א הייליקער אנדענק נאך זיי.

## ראדיא - צוהערער - מארטירער

וועגן די דאזיקע מענטשן איז שוין א סך געשריבן געווארן. אויך איך וויל זיי ווידמען א פאר ווארעמע ווערטער. זיי האבן זיך דאס פארדינט. זיי האבן איינגעשטעלט זייער לעבן און געהערט אין געהיים ראדיא-ידיעות פון דער וועלט און פארשפרייט זיי צווישן דער געטא-באפעלקערונג. זיי זיינען געווען מארטירערס אויף זייער אופן. ביי דער גרעסטער טייל פון זיי,איז דאס געווען נישט נאר א פערזענלעכע נייגערי-קייט,צו הערן און צו וויסן,וואס פארא נייעסן עס זיינען דא אויף דער וועלט,ווי עס גייט די מלחמה,נאר זיי פלעגן אויך וועלן מיט גוטע ידיעות פון פראנט,אויפהאלטן די צע-בראכענע געמיטער פון דער פארשמאכטער געטא-באפעלקערונג.

אין אנפאנג פון יאר 1944 האט זיי דער מוסר,סאנקעוויטש,
(א ייד) געמסרט צו די דייטשן.

זייערע נעמען זיינען:יעקב,שמעון,הענעך,יהושע און דוד
וועקסלער (צוויי ברידער און זייערע זין -אונדזערע חברים,
בונדיסטן),משה טאפעל (דער חזן פון דער אוהל-יעקב שיל),
חיים נתן ווידאווסקי,יצחק לובינסקי,אלטשילער ( א טאטע מיט
א זון),שלמה רעדליך.

חוץ חיים נתן ווידאווסקי,וואס איז באגאנגען זעלבסטמארד,
מורא האבנדיק,אז ער וועט נישט אויסהאלטן די דייטשע פייני-
קונגען,ווען מ'וועט פארלאנגען פון אים ער זאל אויסגעבן
זיינע שותפים,האט מען אלע פריער אויסגערעכנטע געפירט אין
שטאט ארײן,און די דייטשן האבן זיי אויף אן אכזריותדיקן
אופן אומגעבראכט. זייער אנדענק טאר נישט פארגעסן ווערן.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך באמערקן,אז נישט געקוקט
אויפן טרויעריקן דורכפאל מיט די ראדיא-צוהערער,האבן אין
געטא פארשידענע מענטשן ווייטער ריזיקירט און אויפגענומען
ראדיא-אוידיציעס. עס איז שוין געווען דאס יאר 1944,נאך
דער דייטשער מפלה ביי סטאלינגראד,און די רוסישע אפענסיווע
איז שוין געגאנגען מיט פעסטע טריט פאריס. אויף די אמערי-
קאנער-ענגלישע ארמייען זיינען שוין געווען נאך דער לאנ-
דונג אין מערב. שטארק פארכאפנדיק איז אויך געווען דער
אטענטאט אויף היטלערן (אין אפריל 1944)

און עס איז געוואקסן די האפענונג אויף דער שנעלער בא-
פרייאונג,און עס איז ערשט רעכט געשטיגן דער אינטערעס פאר
ראדיא-ידיעות. וויל איך דערציילן,אז אויך איך האב געהערט
צו די ריזיקאנטן. ווען מ'האט אונדז,א גרופע פון איבער
500 יידן,שוין נאך דער ליקווידאציע פון געטא,צייטווייליק,
ביזן ארויסשיקן אונדז אין אן ארבעטס-לאגער קיין דייטשלאנד,
איינגעקווארטירט אינעם ליקווידירטן שפיטאל אויף לאגעוו-

ניצקא 36,האט מיר א באקאנטער דאקטאר אנגעוויזן אין איי-
נעם פון די פארלאזטע שפיטאל-צימערן,אויף א פארשטעקטן,פונק-
ציאנירנדיקן ראדיא-אפאראט. פלעג איך אין געהיימצוויי מאל
א טאג הערן די נייעסן פון די בי בי סי ראדיא-סטאנציע פון
לאנדאן - איין מאל אין דער פוילישער שפראך,דאס צווייטע
מאל,אין אוונט,אין דער דייטשער. און די ידיעות זיינען גע-
ווען צאפלדיק-שפאנענדיקע.

מ'קען זיך פארשטעלן מיין איבערראשונג ווען איך האב
דערהערט די שטימען פון דער ווייטער,פרייער וועלט. איך בין
ארומגעגאנגען ווי א צעמישטער,נישט געשלאפן,און געטיילט
זיך מיט די נאענטע וועגן דער מפלה,אין וועלכער די דייטשן
זיינען זיך אליין מודה.

קורץ פאר דעם,ווען מ'האט אונדזער טראספארט ארויסגעשיקט
קיין דייטשלאנד,האב איך דעם אפאראט איבערגעגעבן צום חבר
זאנדבערג און פון אים איז ער איבערגעגאנגען צום חבר בא-
ריס פיק,ביי וועלכן ער איז שוין געבליבן ביזן סוף פון דער
מלחמה. (ב.פיק האט אנגעהערט צו דער"ריי ניקונגס-קאמאנדע",
פון 600 פערזאן,וואס זיינען געבליבן אין געטא נאך דער
ליקווידאציע).

## דער דייטשער קא-צעט לאגער אראניענבורג

אנפאנג 1944 איז געקומען צו דער דייטשער געטא-פארוול-
טונג א ציווילער דייטש -סטענגווערס- און האט ביגאוון פאר-
געלייגט צו עפענען אין געטא א פאבריק,אין וועלכער מ'זאל
מאכן פרע-פאבריצירטע צעמענט-הייזקעס,וועלכע וועלן ווערן
אויפגעשטעלט אין די געביטן אין דייטשלאנד,וואס זענען צע-
שטערט געווארן פון די אלירטע באמבעס. דער דייטש איז גע-
שטאנען אין קאנטאקט מיט א גרויסער צעמענט-פאבריק אין
פוילן און דערצו האט ער געבראכט א ניי כעמיש מיטל,וואס

האט דעם צעמענט געמאכט אומצוברעכבאר. פאר אזא פאבריק האט ער,סטענווערס,געהאט א דירעקטע ליצענץ פון הימלערן. מ'האט אויף שנעל אויפגעשטעלט אזא פאבריק (אין מארישין) און אן אפטיילונג פון אונדזער סטאלעריי האט באקומען די אויפגאבע צו מאכן הילצערנע פארמען פון ווענט,טירן און פענסטער,אין וועלכע דער צעמענט איז ארייננעגאסן געווארן און געבליבן פארגליווערט. - א פאר חדשים איז ארום דעם געגאנגען אן אינטענסיווע ארבעט, יעדן טאג זיינען אפגעגאנגען מיט דער באן טיילן פון נומערירטע צעמענט-הייזער. ביז עס איז גע-קומען דער באפעל פון דער ליקווידאציע פון דער געטא.

די אנפירערשאפט פון דער דייטשער געטא-פארוואלטונג האט געפילט,אז מיט דער ליקווידאציע פון דער געטא פארלירן זיי דעם גאלדגרוב,וואס האט זיי רייך געמאכט און געראטעוועט פון צו גיין אויפן פראנט. און עס איז געווען פאר זיי א גרויס געווינס,וואס די רוסישע ארמיי איז זייט דעם 1-טן יולי 1944 געבליבן שטיין ביי דער ווייסל,און זיי האבן ביי דער העכערער מאכט זייערער געפועלט,אז מ'זאל לאזן אין גע-טא אן ארבעטס-גרופע ("ריינינקונגס-קאמאנדע") פון א 600 פערזאן,וועלכע זאלן העלפן ארויסצופירן קיין דייטשלאנד דעם גרויסן פארמעגן אין מאשינען און רוי-מאטעריאלן,וואס זיי האבן פאר אלע מלחמה-יארן ארייגעבראכט אין געטא.

גלייכצייטיק האט ביבאוו,צוליב די זעלבע ריווחים-אינ-טערעסן,געהאלפן סטענווערסן און אנדערע דייטשן צו געפינען אין דייטשלאנד גופא די מעגלעכקייט איינצאָרדנען פאבריקן מיט די יידישע שקלאפן-ארבעטער פון לאדזש. פון איין זייט די צעמענט-הייזקעס-פאבריק און די גוס-ארגאניזירטע מעטאל-פאבריק. די דאזיקע דייטשן האבן זיך געווענדן צו פארשידענע שטעט אין דייטשלאנד,אז זיי ווילן אריבערפירן אהין פארטיקע פאבריקן פון נויטיקע פאר זיי אויסארבעטונגען.

די מעטאל-פאבריק, בראש מיט כיימאוויטשן, אלס לייטער, מיט א גרופע פון קרוב 500 ארבעטער, האט באקומען א באשטעטיקונג פון דרעזדען, און די גרופע איז שנעל אפגעפארן אהין. מ'האט קוים באוויזן איינצוארדנען דארט די פאבריק, ווי עס איז איבער דרעזדען פארגעקומען דער קאנצענטרירטער מאסן-לופט-אנגריף פון דעם אלירטן לופט-פלאט. די שטאט איז כמעט ווי פארניכטעט געווארן און צוזאמען מיט דער גרויסער צאל דייטשע מענטשלעכע קרבנות, איז אויך אומגעקומען דער גרעסטער טייל פון די יידישע ארבעטער, וועלכע מ'האט געבראכט פון לאדזשער געטא.

אונדזער סטענווערס האט פון עטלעכע שטעט באקומען אפזאגן-זיי האבן געוואלט בלייבן יידן-ריין. זיינען מיר דערווייל געווען איינקווארטירט אין דעם שפיטאל אויף לאגעווניצקא..

דער פאקטישער פערסאנאל, וואס איז געווען באשעפטיקט ביי די צעמענס-הייזלעך, איז אייגנטלעך באשטאנען פון א 250-300 מענטשן, אבער דא האט די פראטעקציע געארבעט אויף דער גאנצער פארע. מ'האט געוווסט, אז דער טראנספארט וועט גיין קיין דייטשלאנד, האבן א סך זייטיקע מענטשן, נאענטע צו די פני פון געטא, באקומען די מעגלעכקייט צוגעשריבן צו ווערן צום פערסאנאל פון דער פאבריק, און אין די ערשטע טעג פון חודש סעפטעמבער 1944 האבן איבער 500 יידן, מענער, פרויען און קינדער, פארלאזט לאדזש און גענומען דעם וועג קיין אראניענבורג-זאקסענהויזן (40 קילאמעטער הינטער בערלין). נאך א צוציונגסקראפט האט געהאט אונדזער גרופע: די דייטשע אנפירערשאפט, סיי ביבאוו, סיי סטענווערס, האבן צוגעזאגט, אז די פאמיליעס וועלן נישט ווערן פאנאנדערגעטיילט, נאר בלייבן ביי דער פאבריק ווינען צוזאמען. - פון אונדזער סטאלאר-רעסארט, וואס האט געארבעט די ראמען פאר די צעמענט-הייזער, זיינען געגאנגען מיטן טראספארט עטלעכע מייסטערס און א פאר צענטליק

ארבעטער,אויך מיר -איך,מיט מיין פרוי און טאכטער- ווי אויך מיין ברודער מארעק מיט זיין פרוי בעלא און זייער קינד-אילאנ

מיר האבן זיך געזעגנט מיט די פאר נאענטע פריינט,חברים, וואס זיינען געבליבן צווישן די 600 "אויפרוימערס". איך בין נאך געווען אן עדות,ווי ביבאוו האט שעלמיש באגלייט רומקאוו-סקין מיט זיין משפחה צו דער באן,וואס האט געדארפט אפגיין קיין אשוויענטשים.

מיט די טלומקעס אויף די פלייצעס האבן מיר זיך געלאזט צו דער באן אין אומבאקאנטן וועג אריין. מיט דעם איז פאר אונדז אפגעשלאסן געווארן דער ביטערער קאפיטל - לאדזשער געטא.

נאך צוויי טעג פארן מיט דער באן,זיינען מיר אין א פאר-טאג אנגעקומען קיין אראניענבורג. די באן איז געבליבן שטיין און איז געווארן אהומגערינגלט פון א גרופע טומלדיקע ס. ס. לייט. מ'קאמאנדעוועט : מענער און יינגלעך איבער 10 יאר ארויס פון די וואגאנען מיט זייערע טלומקעס;די פרויען מיט די יינגערע קינדער זאלן בלייבן אין די וואגאנען. און איי-דער וואס און ווען,הערן מיר א פייף פון לאקאמאטיוו,און דער צוג מיט אונדזערע משפחות,ציט ווייטער.

א פולשטענדיקע קאנסטערנאציע צווישן עולם מענער. און דא הערן מיר ווייטער פון מויל פון א ס.ס.-מאן: אויסשטעלן זיך צו פינף אין א רייע,די קלענערע פון פארנט,די גרעסערע פון הינטן און...מארשירן. מ'פירט אונדז מיט סאלדאטסקע טריט. אונטער מיר גייט אהרן יאקובאוויטש מיט זיין פאטער, א מענטש ביי די זיבעציק. מיר האבן אלע געוווסט,אז ער איז א הארץ-ליידנדער. מיר גייען אפ א 50 טריט. דער אלטער יא-קובאוויטש גיט א פאל צו דער ערד,קען זיך נישט אויפהייבן. דער עולם וויל זיך אפשטעלן. די ס.ס.-לייט קאמאנדעווען אין הויכן קול - נישט שטיין בלייבן,ווייטער גיין. אפילו דעם זון ווערט נישט דערלויבט צו בלייבן מיטן טאטן.

דער גאנצער טראנספארט אונדזערער פון קנאפע 300 יידן מארשירט. פון דער ווייטנס באמערקן מיר א געביידע מיט א הויכן קוימען.מיר האבן זיך שוין אין געטא אנגעהערט וועגן קרעמאטאריומס,גאז-אויוונס,האט ביי יעדן איינעם פון אונדז מיט שרעק א בליץ געטאן דער געדאנק - מ'פירט אונדז צום פארברענען ! א 50 מעטער פאר דעם דאזיקן בנין הייסט מען אונדז בלייבן שטיין,אראפווארפן די פלעצאקעס און אויסשטעלן זיך ווייטער צו 50 פערזאן. איז געווארן א געדראנג,א גע-שטופעריי - מען וויל אויסמיידן צו זיין אין דעם ערשטן, אדער צווייטן פופציקער. מ'וויל זען,וואס ס'וועט ווערן מיט די ערשטע 50 יידן. די ערשטע גרופע גייט אריין אין בנין,ס'גייט שוין אריין די צווייטע,מ'גרייט שוין צו די דריטע גרופע צו וועלכער עס געהערן איך מיט מיין ברודער. שוין הארט ביי דער טיר,באמערקן מיר ארויסגייענדיק פון אן אנדער טיר,מענטשן פון אונדזער ערשטער גרופע - אבער עס איז זיי שווער צו דערקענען - מ'האט זיי אנגעטאן אין מאדנע ארעסטאנטסקע קליידער,מיט געפארבטע פאסן אויף דער פלייצע, אנהאריקע קעפ,מיט א מיצקע אויפן קאפ - זיי האבן אויסגעזען ווי פאיאצן.

מ'פירט אונדזער גרופע אריין אינעווייניק. מ'הייסט זיך אויסטאן נאקעט. איינער,א גראבער דייטש,מיט א מאשינקע אין דער האנט,נעמט זיך שערן מיין שטארק באוואקסן לייב. די מא-שינקע איז טעמפ,רייסט זי מיט שטיקער לייב; איך בלוטיק,איך פראטעסטיר,אבער יענעם אינטערעסירט דאס,ווי דער פאראיארי-קער שניי. געענדיקט די דאזיקע פראצעדור,פירט מען אונדז אריין אין א גרויס באד-צימער מיט הייס און קאלט וואסער, מ'הייסט זיך גוט ארומוואשן,מ'זאל ווערן פריי פון לייז,האט דאס ביי זיי געהייסן.

באפרייטע פון דער שרעק פארברענט צו ווערן,איז מען שוין

געוואָרן מונטערער, אויפגעמונטערט, און ווען מיר האָבן נאָכן באַקומען זייער באַקליידונג, איינער דעם צווייטן אָנגעקוקט, און דערזען ווי מ׳האָט אונדז פאַרשטעלט אין אַלערליי קאָמישע קליידער, האָט מען זיך אַפילו צעשמייכלט. מיר האָט מען געגעבן אַ קורצע קורטקע, מיט הויזן אין צוויי פאַרבן, אַ פּאַיאַץ-מיצקע און אַלס אויבערמאַנטל - אַ לאַנגן רוסישן שינעל (מיט פאַרביקע פּאַסן אויף דער פּלייצע), אָפענע סאַנדאַלן אָן בענדלעך. ווען מיר האָבן זיך שפּעטער אינדרויסן ווידער אַלע געטראָפן, האָבן מיר איינער דעם צווייטן כמעט ווי נישט דערקענט.

מיר דערוויסן זיך, אַז אָראַניענבורג-זאַקסענהויזן איז אַ צענטראַלער קאָנצענטראַציע-לאַגער, וווּ עס געפינען זיך צענטלי-קער באַראַקן. פון דאָרט ווערן ערשט די "העפטלינגע" פאַנאַנדער-געשיקט אין די באַזונדערע אַרבעטס-לאַגערן.

אונדז פירט מען אַריין אין אַ גרויסן, הויכן באַראַק מיט פיר שטאָק נאַרעס. איינוווינער האָבן קאָמאַנדעוועט קאַפּאָס, לרוב געוועזענע קרימינעלע פאַרברעכערס. אין דעם באַראַק האָבן מיר שוין געטראָפן אַ גרעסערע גרופּע אונגאַרישע יידן, פון מונקאַטש, וואָס זיינען שוין דאָ אַ פּאָר וואָכן, וואַרטנדיק אויף אַ צוטיי-לונג צו אַן אַרבעטס-לאַגער. (דאָס האָט ביי אונדז אַרויסגע-רופן אַ האָפענונג, אַז ס׳ענוועט וועט אונדז פון דאַנען אַרויס-נעמען ערגעץווו אין אַן אַרבעטס-לאַגער).

פון די אונגאַרישע יידן, איז מען געוווּיר געוואָרן, אַז 6 אַזייגער אין אָוונט גיט מען אַ וואַסערדיקע זופּקע און 7 אַזיי-גער ווערט געמאַכט נאַכט. די נאַרעס זיינען נאַקעטע און מ׳עקט זיך צו מיט דעם מאַנטל, וואָס מ׳האָט באַקומען. מיר, אַ גרופּע נאָענטע פון געטאָ, האָבן פאַרנומען דעם דריטן שטאָק און זיך געטוליעט איינער צום צווייטן, עס זאָל זיין וואַרעמער. אַ גאַנצע נאַכט איז געווען אַ "געגיי" צו דער "פּאַראַשאַ", וואָס איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג און עס האָט זיך פון איר

געטראגן דער רירכטיקער געשמאנק.

4 אזייגער פארטאג איז געווען דער אלארם צום אויפשטיין. אונטער קראנען מיט וואסער,האט מען זיך געוואשן און אויף שנעל אריבערגעגאנגען אין א זאל,ווו מ'האט געפילט ברויט און קאווע. אפיציעל האט דאס געהייסן,אז מ'גיט 250 גראם א טאג ,אבער די קאפאס פלעגן אראפנעמען א שפארן חלק פאר זיך. ל אזייגער איז מען פון אלע באראקן ארויסגעגאנגען אין קאל-טן דרויסן אויף א גרויסן פעלד אויף א קאנטראל. מ"האט ווייַ-טער אויסגעשטעלט פון פארנט די קלענערע און פון הינטן די גרעסערע. די היטער אונדזערע האבן געהאלטן אין איין ציילן די לאגערניקעס,און אז עס האט נישט געשטימט דער חשבון,פלעגט מען רופן לויט די נעמען און היטן איינער זאל נישט ענטפערן פארן צווייטן. ס'איז שוין געווען שפעט אין הערבסט,קאלט, פינסטער. איינצלנע פלעגן פרווון אנטלויפן. אז מ'האט אזא איינעם געכאפט,האט מען אים עפענטלעך געהאנגען און מיר אלע האבן אינדרויסן געמוזט צוזען די גאנצע פראצעדור.

שפעטער האט מען אנגעהויבן גרייטן גרופעס צו פארשידענע ארבעטן אויסערן באראק. איך בין שוין דעמאלט געווען א פופ-ציק-יאריקער,און אויסגעזען האב איך נאך עלטער,האט מיך דער שטובן-עלצטער איינגעהאלטן פאר אינערלעכע ארבעט אין באראק.

אין לאגער איז אויך געווען א גרעסערע צאל רוסישע קריגס-געפאנגענע. די דייטשן פלעגן זיי אויסנוצן אלס "גלאבטרע-טערס", אזוי האט מען זיי דארט גערופן צוליב דעם,וואס מען פלעגט זיי אנטאן אין נייע שטיוול,נישט שטענדיק געננוי לויט דער מאס פון פוס,און מ'פלעגט זיי שיקן אויף א שפאציר פון פון 20-30 קילאמעטער. זיי פלעגן צוריקקומען האלב-לאמע,גע-הינקט אויף די פיס,מיט בלאטערן. אבער דערפאר זיינען די נייע שטיוול געווארן דורך זיי אויסגעטראטן, און ווען די שטיוול האבן שפעטער אנגעטאן די דייטשע סאלדאטן,זיינען זיי

שוין צו מערסטנס געווען פריי פון אלערליי שיך-קוועסשענישן. אבער די רוסישע געפאנגענע זיינען געבליבן קאליקעס אויף די פיס.

מיר האבן דארט אויך אנגעטראפן גרופן פון האלענדישע און גריכישע יידן. מ'האט אונדז געזאגט, אז אין איין פארמאכטער צעלע געפינט זיך אויך דער געוועזענער פראנצויזישער פרעמיער-מיניסטער - לעאן בלום.

אין דעם דאזיקן לאגער זיינען מיר געווען פיר וואכן. עס איז געקומען סטענגוועס, און מיט א גרופע ס.ס.-היטערס האט מען אונדז אוועקגעפירט קיין קעניגסוווסטערהויזן, אן ארבעטס-לאגער, אויך נישט ווייט פון בערלין. אויפן וועג האט מען אונדז רעווידירט אין א לאזארעט, צי מיר זיינען פיזיש געזונט, צי מיר וועלן טויגן פאר דעם ארבעטס-לאגער. ווי שוין געזאגט, איז שוין געווען סוף אין הערבסט. פארן לאזארעט האט מען אונדז, אין דרויסן, זיך געהייסן אויסטאן נאקעט און גרופנווייז פירט מען אונדז אריין אינעווייניק, ווו עס אונטערזוכן אונדז דאקטוירים. - מיר זיינען געשטאנען אינדרויסן איבער א שעה נאקעטע און געציטערט פון קעלט, אבער דער טייוול האט קיינעם נישט גענומען...

## דער ארבעטס-לאגער - קעניגסוווסטערהויזן

מיר זיינען אנגעקומען אויפן ארט. עס זיינען געשטאנען א פאר נייע הילצערנע הייזקעס, אינעווייניק זיינען געווען צוויי-שטאקיקע נארעס, פון די ווענט האט גערונען א פראסט. צעמענט, ברעטער צו דער ארבעט, דארף מען ערשט ברענגען. צו ביסלעך האט סטענגוועס איינגעארדנט דאס פאבריקל. נישט ווייט פון אונדזערע באראקן האט ער צוגעשטעלט א שטוב פאר די ס.ס.-היטערס. זיי און אונדז אריינגעשטעלט אייוועלעך. געזארגט וועגן א קיך פאר אונדז. די באשפייזונג איז געווען

א בעסערע,ווי אין געטא. מיך האט ער באשטימט פאר א מאגאזי-נער אין א מאגאזין,וווּ עס האבן זיך געפינען אלערליי כלים, טשוועקעס,שרויפן. אינדרויסן זיינען געשטאנען א פאר פעסלעך מיט צעמענט,א ביסל ברעטער. מ'האט געפילט,אז דאס אלץ איז פון זיין זייט געווען א פאנטאמימע-שפיל. ער,מיט אנדערע מיט אים,האבן געדארפט איבערקומען די מלחמה,און נישט גיין אויפן פראנט.

פלאטיליעס אמעריקאנער,ענגלישע און רוסישע עראפלאנען, זיינען כמעט יעדן טאג געפלויגן אויפן וועג קיין בערלין. מיר האבן געגראבן אקאפעס ארום אונדזערע באראקן און די ס.ס.-לייט פלעגן,בשעת די לופט-אטאקעס,אונדז אריינטרייבן אין די אקאפעס.

די ס.ס.-לייט האבן אונדז פארן קלענסטן "פארברעכן" ממש געשמיסן אויפן הוילן לייב. זיי האבן געפילט,אז עס רוקט זיך אן זייער סוף,און האבן אויף אונדז אויסגעלאזט זייער פארצווייפלונג.

אויך סטענוווערס אליין איז נישט געווען קיין צדיק. ער האט געהאט אין לאגער זיין ביורא. עס פלעגן גאנץ אפט ביי אים פארקומען הוליאנקעס,עס פלעגן קומען צו אים די פני פון שטעטל: דער בירגערמייסטער,דער געשטאפא-פירער,דער פא-ליציי-שעף און צוזאמען מיט זיי פרייליכע פרויען. מ'פלעגט דארט טרינקען און זויפן. מיר פלעגן הערן ווילדע געלעכטערס הייזעריקע געזאנג-שטימען.

דער ביטערער טראגי-קאמישער שפאס מיט מיר

איין מאל,בשעת א הולאנקע,האט מען מיך גערופן צו סטענ-ווערס. איך בין אריינגעקומען אין זיין ארבעטס-צימער,און דערזע דעם גאנצן פרייליכן עולם,זייערע אנגעגאסענע,פארשי-כורטע רויטע מארדעס. סטענוווערס האט מיט מיר נישט געמאכט קיין לאנגע הקדמות. ער האט גלייך אנגעהויבן צו שרייען

אויף מיר. ער ווייסט,האט ער געזאגט,אז אין מאגאזין,ווו איך בין דער מאגאזינער,איז א גרויסע אומאָרדענונג,אז עס פעלט סחורה,אז מען האט אים איבערגעגעבן,אז בעת א באמבן-אלארם,האט מען באמערקט פון מאגאזין,ליכט. דאס הייסט,אז די פענסטער זיינען געווען שלעכט פארטונקלט,און נאך און נאך. און פאר די דאזיקע פארברעכנס מיינע,קומט מיר טויט-שטראף,און אז די שטראף וועט ער טאקע גלייך אויפן ארט אויספירן. ער האט ארויסגענומען א רעוואלווער פון שופלאד און אנגעהויבן צו מאניפולירן מיט אים,און זאגט צו מיר: "וואן איך זאגע איינס,צוויי,דריי - ביסטו,פארפלוכטער יודע,טאט". איך בין געשטאנען א פארפלעפטער,א צעטומלטער, די צונג איז מיר געווארן צוגעקלעפט צום גומען,עס האט מיך באגאסן א שווייס פון קאפ ביז די פיס,און...כ'האט געווארט. איך הער ציילן איינס...צוויי...און דריי,אבער דער שאס פאלט נישט. סטענגווערס האט נאך העכער געשריגן: "איך האב דאך דיר געזאגט,אז ווען איך וועל ציילן ד ר י י ,ביסטו טויט." בליץ-שנעל האב איך מיך געכאפט,וואס ער מיינט,און ווען ער האט צום צווייטן מאל געשריגן: איינס...צוויי... אונד...דריי... האב איך מיך א צי אויס געגעבן אויף דער פאדלאגע און געמאכט מיך טויט. סטענגווערס איז צו צו מיר, א שטויס געטאן מיטן פוס,געשויבערט מיט די הענט מיין קאפ. דער עולם איז אויסגעבראכן אין א געלעכטער,געפאטשט בראווא. די טראגי-קאמעדיע איז געווען געענדיקט. סטענגווערס גיט מיר נאך א מאל א שטויס מיטן שטיוול און האט קאמאנדעוועט: "ארויס פון דאנען". מיט די לעצטע כוחות האב איך מיך אויפ-געשטעלט און געפונען קוים די טיר. איך האב מיך דערשלעפט צו מיין באראק און אוועקגעפאלן אויף דער נארע און אויס-געבראכן אין פארשטיקטן געוויין.

דאך האלט איך, אז מ'דארף דערציילן אויך א גוטן טאט פון א דייטש. אין דעם מאגאזין ביי סטענוועסן זיינען מיר גע-ווען באשעפטיקט א פאר יידן. מיר האבן געהאט איבער זיך אן אויפזעער, א דייטש אין די מיטעלע יארן. ער פלעגט אריינקו-מען יעדן טאג קוקן וואס מיר מאכן, געבן אנווייזונגען, אבער שטענדיק מיט געוואלדן, געשרייען און מיאוסע זידלערייען. איינמאל איז ער אריין מיט די געוויינלעכע געשרייען און צוגעגאנגען צו מיר, און מיר געמאכט אויף עפעס אויפמערקזאם. און מיט א מאל האב איך דערפילט אין טאש פון מיין מלבוש, דעם שינעל, א שווערערן קעגשטאנד. איך האב מיך געמאכט חמע-וואטע, אבער גלייך ווי ער איז ארויס, האב איך פון דער טאש ארויסגענומען צוויי סאנדוויטשעס ברויט מיט שמאלץ און גרא-בע שטיקער ווורשט. האבן מיר מיטן ברודער, און אנדערע, שוין געהאט די ריכטיקע סעודה. אזוי איז דאס געווען עטלעכע מאל. די דייטשן האבן שוין געפילט, אז די מפלה זייערע איז נאענט, האט מיין דייטש אפשר געמיינט, אז מיט אזא "וווילטעטיקן" טאט, וועט ער זיך "רעהאביליטירן" פאר גאט און פאר לייט.

אבער אונדזערע היטערם, די ס.ס.-לייט, האבן ארויסגעוויזן, גראד איצט, צום סוף, וואס מער גרויזאמקייטן. און אז עס האלט שוין ביים סוף, האבן מיר געזען פון דער שוואכער רעאקציע פון די דייטשע לופט-באזעס אויף די טעגלעכע לופט-אטאקעס פון די אמעריקאנער און רוסישע לופט-עסקאדרעס.

עס האט זיך דערנענטערט דער פרילינג 1945. ס'איז געווא-רן ווארעמער אינדרויסן, און אין די באראקן. מיר האבן שוין געגלייבט, אז מיר בלייבן לעבן, אבער ווו איז אונדזער משפחה? אלעמען פלעגט דריקן דער ליידאון פיין, וואס איז מיט זיי געווארן? און דער הארץ-אויסגוס פלעגט קומען אין די אוועג-טן, ווען מ'פלעגט שוין ליגן, אין דער פינסטער, אויף די נארעס. מ'פלעגט שמועסן צווישן זיך, מאכן פלענער, ביז אימיצער האט

מיט א שטילער שטימע פארצויגן א יידיש לידל. די לידער זיי-
נען געווען אומעטיקע, הארציקע. דעם גרעסטן ביי פאל האבן גע-
האט די לידער "די יידישע מאמע" און "דאס שטעטעלע בעלז".
מ'האט געהערט פארשטיקטע געוויינען, כליפעגישן - ביז א ס.ס.-
מאן האט באַרויקט דעם עולם.

פון סטענוורסן זיינען מיר, שוין כמעטביים סוף, געוויר
געווארן, אז אונדזערע משפחות זיינען געפירט געווארן אין
דעם באקאנטן פרויען-לאגער -ראווענסבריק- און אז ער באמיט
זיך צו ברענגען זיי אהער. א טייל האט ער טאקע געבראכט
צום סוף פון חודש מערץ 1945. נישט אלע האבן געוואלט רירן
זיך פון ארט, מורא האבנדיק מ'זאל זיי ווידער ערגעצווו פאר-
שלעפן. ( א טייל האט בערנאדאט, שוין כמעט ביים סוף פון דער
מלחמה, געבראכט קיין שוועדן ) . צווישן די פרויען און קינ-
דער, וואס זיינען געקומען אהער, צו אונדז אין לאגער, האט זיך
אויך געפונען מיין ברודער מארעקס פרוי מיט דער קליינער
טאכטער.

מיין שווגערין האט מיר איבערגעגעבן, אז באלד נאכדעם,
ווי מ'האט זיי, די פרויען, געבראכט קיין ראווענסבריק, האט
מען פון די יינגערע געמאכט א טראנספארט און געשיקט אין
די "הענקלס עראפלאן-פאבריקן". מיין טאכטער, א יונגע, האט
מען צוגעטיילט צום טראנספארט. דאקעגן האט נישט געהאלפן
מיין פרויס יאמערלעכע געוויינען אוןביטעס מ'זאל זי נישט
אפטיילן פון דער טאכטער, און זי איז א צעבראכענע, אן אנגע-
וויטיקטע געבליבן אין ראווענסבריק. באלד נאכדעם האט זי
דארט באקומען די דיזענטעריע און די נאציס האבן זי אומגע-
בראכט.

.. ..............

## די רוסישע ארמיי באפרייט אונדז - פרענקעל

איך קען נישט פארענדיקן די געשיכטע מיט דעם דייטשן קא-צעט-לאגער, איך זאל נישט איבערגעבן, וואס עס איז אין א קורצע צייט ארום געשען מיט אונדזער לייטער - דעם סא-דיסט סטענוורערס.

מיר האבן דערלייבט די באפרייאונג. דעם 24-סטן אפריל האט אונדז באפרייט די רוסישע ארמיי. מיר זענען געווען א 300 אויסגעמאטערטע, אויסגעשעפטע, צעבראכענע יידן. מיר האבן געמיינט, אז צו אונדזערע צרות איז שוין געקומען א סוף. מיר האבן געגלייבט, אז מ'וועט זיך מיט אונדז, על פי נס - געראטעוועטע יידן, צאצקען, אז מ'וועט אונדז, כאטש אונ-טערטראגן דאס טעלערל פונעם הימל... אבער שנעל האבן מיר זיך איבערצייגט, אז מיר וועלן זיך שוין מוזן צופרידנשטע-לן, ווען מען וועט אונדז על כל פנים אפשטעלן מיט דער באן, אדער מיט אמניבוסן, אהיים, קיין לאדוש.

אבער דער ערשטער קבלת פנים פון די רוסן, האט אונדז אפ-געקילט. מיר האבן פון זיי דערהערט די ווערטער:" יידן, איר זייט יידן, ווי קומט איר אהער? הונדערטער, הונדערטער קילא-מעטער יאגן מיר דעם דייטש און שוין לאנג, גאר לאנג נישט אנגעטראפן קיין איין ייד אויפן וועג. און אז איר געפינט זיך דא, האט איר דאך געארבעט פאר די דייטשן, זייט איר דאך זייערע מיטהעלפערס, קאלאבאראטארן. מיר וועלן נאך אויספאר-שן ווער איר זייט און וואס עס איז מיט אייך צו מאכן."

דער קלאנג, אז עס געפינט זיך א יידישער ארבעטס-לאגער, האט זיך דערטראגן אויך צו א פאר יידישע אפיצירן, סאלדאטן פון דער רויטער ארמיי. זיי האבן זיך יא דערפרייט מיט אונדז. דער ערשטער איז געקומען צו לויפן א קליין, זשווא-ווער לייטענאנט, פרענקעל. נאך די ערשטע פאר ווערטער, האט

האט ער זיך געווארפן האלדזן און קושן מיט יעדן איינעם פון אונדז. ער האט פשוט געשטראלט פון פרייד, וואס ער האט אנגעטראפן אויף אזא צאל פשוטע, פוילישע יידן, עמך יידן. טרערן האבן זיך אים געגאסן פון די אויגן און מיר האבן געוויינט צוזאמען מיט אים. ער האט אונדז גלייך דערציילט, אז ער שטאמט פון סקערניעוויץ (צווישן ווארשע און לאדזש), געוווינט אמאל אין לאדזש, האט דארט געהאט קרובים. אלס א פוילישער סאלדאט האט ער געדינט ביי דער סאוועטישער גרע-נעץ; ער איז שפעטער אריבער מיטן געווער צו די רוסן און דארט מיט געמאכט א פעקל צרות. ביים מלחמה-אויסברוך מיט די דייטשן, איז ער אריינגעצויגן געווארן אין דער רוסישער ארמיי, דערגאנגען צום ראנג פון א לייטענאנט, און אזוי שפאנט ער שוין טויזנטער קילאמעטער און איז גליקלעך, וואס ער קען נקמה נעמען אין די דייטשן און גרויסט זיך, וואס ער האט שוין הונדערטער פון זיי אומגעבראכט...

נאך דעם זעלבן טאג האט ער ארגאניזירט א צוזאמענטרעף מיט אונדז און מיט א צענטליק יידישע אפיצירן און סאלדאטן און אויך מיטגעבראכט משקה מיט צובייס. דער צוזאמענטרעף איז געווען א טרויעריק-פריילעכער. מען האט זיך געפרייט, וואס די הענקערס אונדזערע, די דייטשן, ווערן פארטיליקט ביי זיך אין דער היים, וואס מ'איז פריי געווארן פון זיי. טרויעריק איז אבער געווען צו הערן פון די גרוסן, וואס די יידי-שע אפיצירן און סאלדאטן האבן אונדז איבערגעגעבן וועגן דעם אומקום פון פוילישן, ליטווישן און גרויסע טיילן פון אוק-ראינישן און רוסישן יידנטום.

די רוסיש-יידישע אפיצירן האבן גלייך געזארגט, אז מיר זאלן זיך אנעסן צו דער זעט און שפעטער אויך געזארגט, אז מיר זאלן קענען פארלאזן דעם לאגער, ווי א גאנצע גרופע. מיר הא-בן געדארפט דורכמאכן א "שפאציר" פון 700 קילאמעטער, פון

אונטער בערלין ביז לאדזש. פאר די אפגעשוואכטע קראנקע און די פאר קינדער, האבן זיי אונדז צוגעשטעלט א וואגן מיט פערד, אויך א פאר ביציקלעטן (רעקוויזירטע ביי דער דייטשער ציווי-לער באפעלקערונג), און מיר באשליסן אין א טאג-צוויי ארום זיך לאזן אין וועג אריין.

מיר מאכן די צוגרייטונגען... און דא פלוצים פארט אריין אין לאגער א גרויסער, שיינער אויטאמאביל. עס שפרינגט ארויס א רוסישער אפיציר, נאך אים א באלייבטער רוסישער גענעראל און מיט זיי - צו אונדזער שטוינונג - אונדזער סטעניוועס.

פונעם אפיציר, דעם אדיוטאנט פונעם גענעראל, זיינען מיר געוווירן געווארן, אז זיי האבן אין וואלד, נאענט פון לאגער, אנגעטראפן ארומבלאנקען זיך דעם דאזיקן דייטש. ער האט זיי דערציילט, אז נישט ווייט געפינט זיך א לאגער, וווּ עס איז דא א סך ווערטפולע מאטעריאלן, אויך ליקערן, שנאפסן, וועלכע ער האט באהאלטן ביים אנטלויפן, און דאס קען זיי, די רוסן, גוט צונוצקומען. ער האט זיי טאקע געפירט צו אונדזער לא-גער. עס איז שווער זיך פארצושטעלן די איבערראשונג, ווען סטעניוועס האט אונדז דערזען. ער איז געווען זיכער, אז מיר זיינען גלייך נאך דער באפרייאונג זיך צעלאפן אהיים.

אזוי ווי איך רעד רוסיש, האב איך דעם גענעראל אויפגע-קלערט ווער מיר זיינען און ווער עס איז דער דייטש, וואס האט זיי געפירט אהער. דער גענעראל האט געהייסן דעם אדיו-טאנט לאזן די מאשין און סטעניווערסן געלאזט מיט אונדז.

און דא האבן מיר אין זיינע פינקלדיקע אויגן דערזען דעם גאנצן שרעק און טרויער, וואס עס באפאלט א מענטשן, ווען ער זעט, ווען ער פילט, אז ער איז הילפסלאז, אז די לאגע זיינע איז האפנונגסלאז, אז דער סוף זיינער איז נאענט.

אט דא, ערשט נישט לאנג, זיינען דאך די ראלן געווען פארקע-סט. אט ערשט דא, מיט א פאר וואכן צוריק, האט ער זיך אויפן

ווילדסטן אופן איזדעקעוועס איבער מיר אליין,און געשפילט זיך מיט מיין לעבן. - איך וועל מיך נישט צופיל אפשטעלן אויף די נקמה-געפילן,וואס האבן אונדז אלעמען באהערשט. מיר האבן געוווסט,אז מיר מוזן מאכן א סוף מיט אים. עס ווערט באשלאסן אים צו הענגען און עס ווערט אויף שנעל אופגעשטעלט א תליה. דאס כאראקטעריסטישע דערביי,וואס איך וויל באמערקן,אז עס האט געדויערט,ביז עס האט זיך,צווישן אונדז,יידן,געפונען א "הענקער".

סטענוועדס,בעט זיך ביי אונדז רחמים,פרווט זיך צו פאר-ענטפערן; דער עולם שפייט אים אין פנים אריין,מען שטורקעט אים,יעדער וויל ארויפלייגן א האנט אויף אים. מיר רינגלען ארום די תליה,דער עולם איז גרייט צו דער עקזעקוציע.

אבער דא,וואקסט פון אונטער דער ערד ארויס,א רוסישער פאט-ראל,זעט די תליה,און דערקלערט אונדז,אז לויט סטאלינס לעצ-טער פארארדענונג,זענען פארווערט אלערליי "סאמאסודן" (אליין-געריכט) איבער דייטשן,און זיי פארלאנגען פון אונדז,אז מיר זאלן אים,דעם "פארברעכער" צושטעלן לעבעדיקערהייט צו דער רוסישער ארט-קאמאנדאנטור.

ניש וועלנדיק קאמפליצירן די באציונגען מיט די רוסן,האבן מיר אים צוגעשטעלט צו דער קאמאנדאנטור. אזוי איז סטענוערס ניצול געווארן פון יידישע הענט. וואס זיי,די רוסן,האבן מיט אים געמאכט,ווייס איך נישט.

אויף מארגן זיינען מיר אוועק אויפן וועג קיין לאדזש.

איך האב די גאנצע מעשה מיטן צוזאמענטרעף מיטן לייטע-נאנט פרענקלען מיט יארן צוריק אפגעדרוקט אין דער בונדי-שער ארגענטינער אויסגאבע "אונדזער געדאנק". די צייטונג פלעגט אויך אנקומען קיין אויסטראליע.

באקום איך איינמאל א הארציקן בריוו אויפן אדרעס פון דער רעדאקציע,טאקע פון זעלבן פרענקל,אין וועלכן ער שרייבט

מיר,אז ער דערמנאט זיך די גאנצע געשיכטע הינטער בערלין, דערמאנט נאך אנדערע נעמען און וויל שטיין מיט מיר אין א שריפטלעכן קאנטאקט. אין זיין ערשטן בריוו האט ער מיר דערציילט,אז נאכן צוריקקומען נאך דער מלחמה קיין רוסלאנד, האט ער דארט אנגעווענדט אלערליי מיטלען,אז מ'זאל אים ארויס-לאזן פון רוסלאנד,און אלס"פאלאק",איז ער סוף כל סוף ארויס.

געפארן איז ער קודם כל קיין סקערניעוויץ,ווו ער איז גע-בוירן געווארן. ער האט דארט פון די יידן קיינעם נישט גע-טראפן,האט ער דארט געשטעלט א מצבה פאר אלע דארטיקע אומגע-קומענע יידן. ער איז נאך ארייגעפארן קיין לאדזש און ווער-שע,און געזוכט משפחה,לאנדסלייט און צום סוף האט ער באשלא-סן צו עמיגרירן קיין אויסטראליע,קיין סידניי,ווו ער האט געהאט קרובים. ער האט דארט,אין סידניי,אויך געטראפן אונד-זער חבר מענדל כשר,זיינעם א לאנדסמאן,מיט וועלכן ער איז געווען נאענט נאך פון די 20-ער יארן,איידער ער איז אוועק קיין רוסלאנד. (מענדל כשר איז לאנגע יארן געווען אן אנגע-שטעלטער אין דער אדמיניסטראציע פון דער בונדישער "פאלקס-ציימונג" אין ווארשע. מיר האבן זיך גוט געקענט.און ער האט טאקע געגעבן צו לייענען פרענקלען מיין ארטיקל אין ארגענ-טינער "אונדזער געדאנק").

ווייטער שרייבט מיר פרענקעל,אז ער האט אין סידניי שוין באוויזן צו גרינדן א קולטור-קלוב אויפן נאמען פון י.י. טרונק. אזוי האט זיך פארבונדן א נאענטע פריינטשאפט צווישן אונדז און מיר האבן שוין געהאט אפגעשמועסט צו טרעפן זיך אין ניו-יארק,ווו ס'האט געוווינט זיינס א שוועסטער. עס איז שוין אבער,ליידער,דערצו נישט געקומען. ער איז קראנק געווארן און איז דעם 31-סטן יולי 1965,געשטארבן. ער האט אין סידניי געהאלפן ארויסצוגעבן דעם "סידנעיער יידיש-אינדזל" (ביים פארלאג ראזשענקעס מיט מאנדלען). צום ערשטן

יארצייט נאך חיים פרענקעל,האט די דארטיקע יידישע צייטונג
אים געווידמעט פאלגענדע ווערטער: "זיין גאנץ לעבן,פון די
יינגל יארן און ביז די לעצטע טעג אין סידניי,האט ער זיך
מוסר נפש געווען פאר יידיש. געבענשט זאל זיין זיין אנדענק"
אויך איך דערמאן אים מיט גרויס יראת הכבוד.

## מיר גייען אהיים קיין לאדזש

מיר זיינען געגאנגען צוריק קיין לאדזש.עס איז געווען
אנפאנג מאי 1945. פאר אונדז איז שוין די מלחמה פארענדיקט.
אבער אויפן ברייטן שאסיי פויזן-בערלין גייט נאך רוסיש מי-
ליטער קיין בערלין. מען האט צוגענומען ביי אונדז די פאר
ביציקלעטן,ווי אויך דעם פערד און וואגן.

אויפן וועג גייען קליינע גרופעס דייטשן,עלטערע מענטשן,
פרויען וואס שטופן קינדער -וועגעלעך מיט נעבעכדיקן האב-
און-גוטס,האלב-ליידיקע פלעצאקעס אויף די פלייצעס. דאס
דערמאנט אונדז די בילדער,ווען מיר זיינען,צעבראכענע,פאר-
אומערטע,געגאנגען פון דער שטאט קיין באלוט,אין געטא אריין.

פון די רוסישע פעלד-קיכן האבן מיר באקומען צו ביסלעך
עסן. מיר זיינען אנגעקומען צו דער אדער-געגנט (א ברייטער,
לאנגער טייך אין דייטשלאנד). מ'זעט נישט אין די דערפער
קיין לעבעדיקן מענטשן. מיר נעכטיקן איבער אין די נאר-וואס
פארלאזטע דייטשע הייזער,אין די קעלערן טרעפט מען נאך א
ביסל קארטאפל,בורעקעס,סלאיען מיט מערמעלאדע.

מיט א מאל האט מען געהערט אויפן שאסיי א גוואלדיקן גע-
רודער. ס'שפילט מוזיק,מ'טאנצט,מ'זינגט - ס'איז דער 9-ער
מאי (1945) - ס'איז וואפנשטילשטאנד. דער רוסישער סאלדאטן-
עולם זאגט אונדז אן דעם סוף פון דער מלחמה. אויך מיר פריי-
ען זיך! אבער עס איז א פרייד געמישט מיט טרערן. מיר גייען
אהיים .די רוסיש-יידישע סאלדאטן האבן אונדז שוין דערציילט,

אז זיי האבן אין ערגעץ נישט אנגעטראפן קיין פוילישע יידן - אלץ איז אויסגעשאכטן,פארניכטעט די שטיבער,די היימען.

מיר זיינען אנגעקומען קיין פראנקפורט ביי דער אדער. ביי דער באן שטייען טראנספארטן מיט רוסיש מיליטער. די ווענט פון די וואגאנען זיינען אויסגעקלעבט מיט גרויסע בילדער - נישט פון סטאלינען,אדער אנדערע קאמוניסטישע גדולים - נאר מיט אלטער רוסישע מיליטער-פירער:סווואראוו, קוטוזאוו,אלעקסאנדר נעווסקי א.א.

לויט די פנימער דערקענען מיר אויך א פאר רוסיש - יידישע אפיצירן -. איך האלט אויף איינעם,א צווייטן.דערציילן זיי,ווער מיר זיינען,וויפל קילאמעטער מיר האבן שוין געמאכט צופוס,אז מיר זיינען שוין אויסגעמאטערט,אויסגעשעפט. מ'האט אונדז געהאלפן,מ'האט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט צו פארן מיט דער באן קיין פויזן. אויפן דריטן טאג קומען מיר מיט מזל קיין פויזן. א נייע וועלט - פאליאקן,נאך וואס פארא פאליאקן - פאזנאנטשיקעס,וואס האבן זיך שטענדיק באצויגן מיט שנאה צו יידן. ווען זיי וואלטן דארט געהאט די גאנצע דעה,וואלטן מיר גאר שלעכט אפגעשניטן,אבער קאמאנדעוועט האבן די רוסן,און מיט זייער הילף,האט מען אונדז דעם זעלבן טאג אפטראנספארטירט קיין לאדזש,אונדזער היים-שטאט.

אויפן לאדזשער-קאלישער וואקזאל,האבן מיר דערזען א סך מענטשן מיט טלומאקעס און וואליזקעס. מ'זעט שוין אויך א שפאר ביסל יידישע פנימער. איידער וואס און ווען,צעשיט זיך,לייזט זיך אויף אונדזער לאגער-גרופע. די שטאט האט כמעט נישט געליטן,דער טראמוויי קורסירט,דראשקעס ווארטן אויף פאסאזשירן. איז מען זיך שנעל צעלאפן,יעדער אין זיין ווינקל,געגלייבט נאך צו טרעפן דארט אייגענע,היימישע, קרובים,פריינט,שכנים.

....................

איך,מיט מיין ברודער מארעק,זיין פרוי און זייער קינד, בלייבן שטיין ביי דער באן. פרעגן נאך אויף באקאנטע. איך באמערק דעם אינזשעניער גוטמאן,וואס איז געבליבן צווישן די 600 "אויפרוימער פון געטא". ער זאגט מיר,אז ס'איז לעבנגע-בליבן מאטעק בייגעלמאן מיט בײדע טעכטער,און גיט מיר זייער אדרעס,אויף דלוגע 31. מיר פארן צו צו זיי מיטן טראמוויי. עס איז שווער איבערצוגעבן די פרייד פון אונדזער צוזאמענ-טרעף. זיי אלע דריי האבן זיך געראטעוועט,אויסבאהאלטנדיק זיך אין געטא אין א בונקער (געהאלפן האבן זיי -פיק און גוטמאן). אין שטוב ביי זיי האבן מיר אויך געטראפן אנדערע מענטשן,א טייל באקאנטע. בייגעלמאן וויל דורכויס,אז מיר אלע פיר, זאלן בלייבן ביי אים,ביז מיר וועלן זיך איינארדענען אין אן אייגענער דירה.

ערשט נאך דעם דורכגעפאלענעם פוילישן אויפשטאנד (קעגן די דייטשן),האבן די רוסן,דעם 12-טן יאנואר 1945,זיך אוועקגע-רירט פון דער ווייסל,און דעם 19-טן יאנואר,האבן זיי פארנו-מען לאדזש. ווארשע איז געווען צעקלאפט,די הייזער רוינירט. לאדזש האט כמעט ווי נישט געליטן און די דייטשן האבן פאר-לאזט שנעל די וווינונגען און געזוכט ווו צו אנטרינען. די הימלאזע פאליאקן האבן בליץ-שנעל פארכאפט די פרייע וווי-נונגן;אויף די פאר הונדערט געבליבענע אין געטא יידן,האבן פארנומען אין שטאט באקוועמערע,גרעסערע דירות - און צווישן זיי אויך מיין טייערער חבר מאטעק בייגעלמאן. ער האט זיך אויך גלייך דערשלאגן צו א פאפיר-געשעפט,און פרנסה איז שוין געווען. און מיט דער ברייטער האנט האט ער אונדז,ווי אויך אנדערע,אויפגענומען און פון ערשטן מאמענט אן האט מען ביי זיי געגעסן און געטרינקען,וויפל מ'האט געקענט.

דערווייל האב איך פון מיידלעך,וואס זיינען צוריקגעקו-מען פון דער ארבעט פון טיף-דייטשלאנד,באקומען א זייער

דערפרייענדיקע ידיעה,אז זיי האבן אונטערוועגס,אויף א באן-סטאנציע אין דייטשלאנד,געטראפן זיך מיט מיין טאכטער,און אז זי קומט א ליאדע טאג אהיים. בין איך גאנצע טעג אפגעשטא-נען אויף דער קאלישער באן-סטאנציע און ארויסגעקוקט אויף איר קומען. שטיי איך אזוי ביים טראמוויי און מיט בריט - געעפנטע אויגן אבסערוויר איך יעדעס מיידל,וואס גייט ארייִן אין טראמוויי. מיט א מאל דערהער איך: טאטא,טאטא! דאס איז געווען מיין איינציק געבליבענע טאכטער -דזשוניא (יהודית). מיר האבן זיך צעוויינט,צעכליפעט,ארומגענומען,געקושט זיך און נישט ארויסגערעדט קיין ווארט. מיר זיינען צוגעפארן צו בייגעלמאנען. אויפן וועג האט זי מיר דערציילט,ווי דערשלאגן, ווי ווייטיקלעך-פארשמאכט,עס איז געווען אין לאגער די מאמע אירע,מיין פרוי,וואס דער גרעסטער זארג אירער איז געווען אונדזער זון,וואס איז געווען אין ווארשע. מיר האבן געהאט ידיעות,אז ער האט נאך געלעבט נאכן געטא-אויפשטאנד,אבער נישט געוווסט,וואס עס איז ווייטער מיט אים געווארן. מיין פרוי איז, ווען זי איז אנגעקומען אין קאצעט-לאגער ראווענס-בריק,אלט געווען קנאפע 49 יאר,אבער אויסגעזען א סך עלטער, און די דייטשע קאמיסיע האט זי בשום אופן נישט געוואלט מיטשיקן צוזאמען מיט דער טאכטער צו דער ארבעט אין די הענקל-פאבריקן. זי איז דארט געבליבן א צעבראכענע,א רעזיגנירטע. וועגן איר אומקום האט מיר איבערגעגעבן מיין שוועגערין,בעלא.

די טאכטער מיינע,האט מיך געטרייסט און זיך באמיט מיר איינצורעדן,אז וואס עס איז געווען -איז געווען- ביטער, שלעכט,אבער מ'דארף זיך צופאסן צו די נייע צייטן און האפן אויף בעסערע.

פאר די פאר טעג,וואס איך האב מיט אומגעדולד ארויסגע-קוקט ביי דער באן אויף דעם צוריקקומען פון מיין טאכטער, האט זיך דערוויייל מיין ברודער פארנומען מיט דערגיין,וואס

עס איז געוואָרן מיט זייער וווינונג,מיט דער דירה פון אונ-
דזערע עלטערן,פון די ברידער און שוועסטער. אלץ איז שוין
געווען פארנומען מיט די אנגעלאָפענע פאליאקן פון ווארשע
און פון דער פראווינץ. אויף דער פעטריקאווער גאס,צווישן
נארוטאָוויטשא (דזשעלנא) און טראוגוטא (קראָטקא),ווו יעדעס
הויז האט געהאט א רעכטע און א לינקע אפיצינע,האבן די דיי-
טשן אין יעדן פון די הייזער אראפגעטראגן די שכנותדיקע
אפיצינעס,אין איינעם די רעכטע און אין צווייטן--די לינקע,
און אויף אזא אופן אויסגעברייטערט די הייף. נישט נאר דאס
איז געווען זייער ציל. זיי האבן,צעברעכענדיק די ווענט,אין
א גרעסערער צאל יידישע שטיבער געפונען דארט איינגעמויערטע
ווערט-זאכן,גאלדענע און זילבערנע חפצים,וועש,קליידער,און
אפילו סחורות פון די קראמען. ענלעכע ווערטפולע זאכן,אפילו
מזומן-געלט (אויך אין אויסלענדישער וואלוטע)איז באגראבן
געוואָרן אין די קעלערס.

אויף פעטריקאווער 60,ווו עס האבן צענטליקער יארן גע-
וווינט סיי אונדזערע עלטערן,סיי די עלטערן פון מיין ברו-
דערס פרוי (זיי זיינען געווען שכנים),איז די אפיצינע,די
לינקע,אין וועלכער זיי האבן געוווינט,אינגאנצן נישט געווען.
און גראד אין זייערע קעלערס האבן ביידע משפחות פארן גיין
אין געטא,באגראבן א גרעסערן פארמעגן. מיין טאטע פלעגט
גאנץ אפט פון זיינע אפשפארונגען קויפן שטאטישע ווערט-פא-
פירן און פלעגט פאר די צינזן,וואס די ליסטעס האבן געגעבן,
יעדן זומער-סעזאן פארן מיט דער מאמען קיין קריניצע.
אויך די ווערט-פאפירן האט ער באגראבן. די אפיצינע האט גע-
האט דריי שטאק,איצט האט מען אפילו נישט געקענט דערקענען
אין וועלכן ארט איז געווען דער ארייננגאנג.

ווען מיין טאכטער איז געקומען,זיינען מיר צוגעגאנגען
צו אונדזער פארמלחמהדיקער דירה,אויף זאוואדזקא 49. מיר

האבן געוווינט אויפן ערשטן שטאק,צו דער גאס,אין א דריי-
צימערדיקער דירה,באלעבאטיש איינגעארדנט. איך קלינג אן צום
סטרוזש,ער זאל אונדז ארויפפירן אין אונדזער דירה. עס קו-
מען ארויס דער זעלבער סטרוזש מיט דער סטרושקע. זיי ווייזן
ארויס א געמאכטע צופרידנקייט,וואס זיי זעען אונדז לעבע-
דיקע. זיי דערקלערן אונדז,אז אונדזער דירה איז פארנומען
מיט א פויליש פארפאלק פון ווארשע,מיט א קינד.ער פירט אונדז
ארויף,קלינגט אן. עס עפנט די טיר א פרוי אין די פערציקער
יארן. דער סטרוזש דערקלערט איר ווער מיר זיינען. זי וויל
אונדז,אין איר מאנס אפוועזנהייט,ווייטער פון דערטיר נישט
אריינלאזן. א פאר גוטע ווערטער פון מיין טאכטער און פון
דער סטרוזשקע העלפן,און זי לאזט אונדז אריין. אויסער דעם
קינדער צימער,שטייט אונדזער גאנץ מעבל,אפילו די בילדער
אויף די ווענט. די דייטשן,וואס האבן דא געוווינט אין דער
צייט פון דער מלחמה,האבן ווייניק וואס געביטן אין דער
וווינונג. - מיר זאגן איר,אז לויטן געזעץ פון דער נייער
רעגירונג,האבן מיר דאס רעכט צו דער וווינונג. ענטפערט זי
אונדז גלייך,אז מיר זאלן גארנישט קלערן וועגן דעם - זי
וועט זיך פון דאנען נישט רירן. מיר זאגן איר אן אונדזער
צווייטן וויזיט און בעטן זי,אז דער מאן אירער זאל אויך
זיין דערביי.

דער שטאט-פרעזידענט איז דעמאלט געווארן יאן האנעמאן,
א פ.פ.ס-אוויעץ,מיינער אן אלטער באקאנטער (א ייד). איך
בעט ביי אים אן אוידיענץ. ער נעמט מיך פריינטלעך אויף.
איך דערצייל אים דעם ענין מיט דער דירה מיינער,און בעט
ביי אים ער זאל מיר העלפן צוריק צובאקומען מיין דירה.
ער דערקלערט מיר,אז די וווינונג קומט מיר,אבער ארויסווא-
רפן דעם נייעם לאקאטאר,קען בלויז דאס געריכט דורך א קא-
מארניק. בעט איך ביי האנעמאנען ער זאל מיר געבן א קאפיע

פונעם געזעץ,מיט זיינס אן אונטערשריפט,אלס שטאט-פרעזידענט. אויף צו מארגנס גייען מיר מיט דער טאכטער נאכאמאל צו צו אונדזער דירה. מיר קלינגען אן. די טיר עפנט אונדז דער באַ-לעבאַ אליין,אבער אויפן קייטל. די פרוי זאגט אים ווער מיר זיינען. דורך דער שפארע פון דער טיר ווייז איך אים דעם פרעזידענטס צעטל און זאג אים,אז מיר ווילן זיך באגניגן דערווייל בלויז מיט אונדזער קינדער-צימער. איז ער גלייך ארויס מיט אן ירגזון,און מיט א הויך קול אונדז געזאגט קלאר: נאר איבער מיין טויטן קערפער,וועט איר קענען אריינ-קומען אין מיין וווינונג,איז יאזדא פון דאנען,ביז וואנען איר האט נאך גאנצע ביינער.

מיט א צעבראכן געמיט זיינען מיר צוריגעקומען צו ביי-געלמאנען אין דער דירה. זיינע יידע ווילע און סימפאטי-שע מיידלעך,וועלכע איך האב נאך געקענט אלס קליינע קינדער, האבן אונדז באַרויקט און רעקאמענדירט א צימער ביי א באקאנ-טער פרוי,זייבערט,וועלכערס זון האט אין געטא געארבעט ביי אונדז אין דער סטאלעריי,און וועלכע האבן זיך אויך אויס-באהאלטן אין געטא אין א בונקער.

ביי דער פרוי זייבערט,וועלכע איז געוועזן אליין,האבן מיר באקומען א צימער אויף גדאנסקא 76 און געוווינט דארט ביז מיר האבן פארלאזט לאדזש. א דורכגאנגס-צימער,מיט צוויי בעטן ביי די זייטן,א טיש אין דער מיט צימער, א פאר בענק-לעך,א שאפקע אין א ווינקל. מיר האבן זיך געקענט באנוצן מיט דער קיך,אבער אויסער פרישטיק,האבן מיר אין שטוב נישט געגעסן. מיר פלעגן גיין עסן אין די רעסטאראנען.

אין זעלבן הויז האט געוווינט דער אינזשעניער גרישא לאנדקאפ,וועלכער האט שוין צו יענער צייט פארנומען אין לאנד דעם הויכן פאסטן פון גענעראל-דירעקטאר פון דער גאנ-צער פוילישער טעקסטיל-אינדוסטריע. ער איז געוועזן אונדזערס

א חבר,א בונדיסט. איך האב נאך גוט געקענט זיין גאנצע מש-
פחה,זיינע עלטערן,ברידער און שוועסטער. זיין ברודער,דער
דאקטאר אברהם לאנדקאפ,איז געווען א בונדישער ראטמאן אין
לאדזשער שטאט-ראט. ער איז,ליידער,קורץ פאר דער מלחמה גע-
שטארבן. די שוועסטערס,מיט זייערע פאמיליעס,זיינען געווען
מיט אונדז אין געטא. איינצלנע פון זיי האבן זיך געראטע-
וועט; אויך די פרוי פון דאקטאר מיט איר טאכטער.

הילארי מינץ,דער נייער פוילישער ווירטשאפטס-מיניסטער,
איז געווען לאנדקאפס א ידיד נאך פון ווארשע. ער האט גע-
קענט די פעיקייטן פון אינזש.לאנדקאפ,וועלכער האט פאר דער
מלחמה געארבעט אין דער גרויסער טעקסטיל-פאבריק "ווואלא"
אין ווארשע. מינץ האט לאנדקאפן מיטן אוויאן אראפגעבראכט
קיין לאדזש אזש פון קוריבישעוו,ווו ער האט זיך געפונען מיט
זיין פאמיליע אין דער צייט פון דער מלחמה,און האט אים אנ-
פארטרויט דעם העכסטן פאסטן אין דער טעקסטיל-טינדוסטריע.

איך האב לאנדקאפן געפרעגט ווי קומט די פוילישע,קאמו-
ניסטישע רעגירונג אנפארטרויען אים, א בונדיסט,אזא הויכן
פאסטן,האט ער מיר דערקלערט,אז די פאליאקן,די אינטעליגענ-
טערע,ווילן נישט אננעמען קיין שום פאסטן ביי דער נייער
מאכט,און דערפאר אנגאזשירט די רעגירונג יעדן איינעם,וואס
מעלדעט זיך צאך ארבעט. און זאגט מיר דערביי: אויב איר
זייט מסכים,קען איך אייך שוין געבן א פאסטן,און א גוט
געצאלטן,אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע. מיר האבן געשאפן,האט
ער מיר געזאגט,א צענטראלע פארטיילונג און פארקויף-שטעלע
פאר אלע טעקסטיל-סחורות,וואס די פאבריקן וועלן אויסארבעטן.
דאס איז דער רוסישער סיסטעם: נישט די פאבריק פארקויפט,נאר
די גאנצע פראדוקציע אירע נעמט צו ביי איר א צענטראלע פאר-
קויף-שטעל (באזונדער - וואלענע,בוימוואלענע (קאטאן),זיידענע,
טריקא-אויסארבעטענגען,זאקן א.א.) און אין די דאזיקע ערטער

ווערט די סחורה פארקויפט צו שוין פון פריער באשטימטע פריי-
זן, און דאס, נישט צו איינצלנע קונים, נאר צו קאאפעראטיווע
קלייטן, אדער צו פראפעסיאנעלע פאראיינען (יוניאנס) פאר
אירע מיטגלידער. עס עקזיסטירט אויך א דיפערענץ אין די
פרייזן: די זעלבע סחורה קאסט פאר די קאאפעראטיווע אונטער-
נעמונגען כמעט ווי דאפלט, ווי פאר די פראפ.פאראיינען.

## איך נעם אן א פאסטן ביי דער נייער מאכט

לאנדקאפ האט צו מיר געזאגט: איר האט געארבעט אין דער
וואלענער בראנזשע, וועט איר ווערן דער פארוואלטער פון אן
ענלעכער אפטיילונג פון דער "צענטראלא טעקסטילנא", און ער
האט מיר ארויפגעשיקט צו דער פארוואלטונג פון דער צענטראלע.
דארט האט שוין דורכן טעלעפאן די פארוואלטונג געוווסט, אז
איך קום איבערנעמען דעם פאסטן. איך האב דארט באמערקט,
איינעם אן עלטערן מאן, וואס איז דער אייגנטלעכער פארוואל-
טער, און דער צווייטער, זיין געהילף, א יונגער פארוסשניק,
הערשענהארן. דער לעצטער, איז דער דעה-זאגער. זעט אויס "אן
אייגענער". ער זאגט צו מיר: אפשר האסטו א באקאנטן פאלאק,
וואס וואלט צוזאמען מיט דיר געוואלט איבערנעמען אייער
וואלענע אפטיילונג און גיט שטילערהייט צו: ביי דער היינ-
טיקער שטימונג אין לאנד, איז בעסער, אז א פאליאק, א גוי, זאל
זיין דער פארוואלטער, און איר, א ייד, אלס זיין געהילף. די
דיפערענץ אין געהאלט איז א קליינע. איר זעט דעם אלטן דארט,
דעם פארוואלטער, ער איז דער געוועזענער דירעקטאר פון דער
באקאנטער זשירארדאווער מאנופאקטור, אבער דיספאנירן מיט
אלעמען, דיספאנירן איך. פירט זיך אויך אזוי.

איך וויל נישט נעמען אויף זיך פאראנטווארטלעכקייטן
פאר קיינעם, און ענטפער אים: ניין, איך האב נישט; גיט איר
מיר פאר א שותף ווועמען איר ווילט.

ער קוקט זיך אום איבערן זאל און גיט א געשריי:"אביוואַ-סעלו זאקשעווסקי". יענער קומט צו. הערשערהארן זאגט צו אים: זייט אזוי גוט,דאס איז דער אביוואטעל ווינאגראד,א קענער אין דער וואלענער בראנזשע,צוזאמען מיט אים וועט איר ארגא-ניזירן און פירן די "וואלענע אפטיילונג". מיר קוקן זיך ביידע אן. איך דערזע א ברייטן פארשוין,אן אויפגערוימטן,א לוסטיקן,און ער ווערט שוין "פאן-בראט" מיט מיר,שוין פון די ערשטע ווערטער. ער לאדט מיך איין אויף א טעפל קאווע. אין קאפע צערעדט ער זיך.

ער איז צופרידן,וואס מיר וועלן ביידע צוזאמענארבעטן. מיט א לאדזשער "זשידעק" וועט אלץ גיין צו מאכן,זאגט ער צו מיר. איר קומט נאר וואס פון די לאגערן און קענט נאך נישט די רוסישע זיסן: " א גנב זיצט אויף א גנב און יאגט אונטער דעם דריטן; אלץ און אלע גנבענען,איינער לעבט פון צווייטן". יעדער איינער "נעמט". אט האט איר,זאגט ער שוין אין שפאס,אפילו א פרעזידענט,א פאליאק,האבן זיי אן אייגע-נעם,וואס הייסט " ב י ע ר ו ט ",וואס אין רוסישן באטייט דאס "מ'נעמט" . פון דער פענסיע וועט איר נישט קענען אויס-קומען; מ'דארף האבן זייטיקע פארדינסטן. און אזוי האט זיך אנגעהויבן אונדזער "צוזאמענארבעט",וואס האט אנגעהאלטן א 7-8 חדשים.

.................

מיין סאכטער האט דערווייל אנגעהויבן אויפסניי צו בא-זוכן די גימנאזיע,וועלכע זי האט איבערגעריסן מיט דעם אויס-ברוך פון דער מלחמה. די פרייע צייט האט זי פארבראכט צו-מערסטנס מיט געסא און לאגער-חברטעס.

מיין ברודער מארעק,א טעקסטיל-טעכניקער,האט נישט געוואַ-לט גיין ארבעטן אין א פאבריק אויף צו באקומען א גראשענדיקן געהאלט. האט ער פאבריצירט צו ביסלעך. זיין פרוי,די דאקטארין,

האט צוריק באקומען איר פאסטן אלס דאקטאר-ביאלאגיע אין מאשטשיצקי-שפיטאל. דאס קינד האבן זיי געשיקט אין א פרע-בל-שולע. זיי האבן זיך געדונגען א ליכטיק צימער אויף דער וזסכאדניע עטלעכע פערציק. מיר פֿלעגן זיך אפט זען.

איך פלעג ארויפקומען אין אונדזער פארטיי-לאקאל (ציגל גאס 17) און ווען עס איז ערנסט געווארן די דיסקוסיע ארום דער פראגע צי זאל מען באנייען דאס יידישע לעבן אין פוילן, בין איך,צוזאמען מיט אנדערע חברים,ארויסגעטרעטן קעגן. צווישן די אפאנענטן,זיינען דעמאלט אויך געווען דער אינ-זשעניער לאנדקאפ און דער ד"ר גליקסאן (פון קראקע),וועלכע איך האב שפעטער,אין יאר 1958,געטראפן אין ישראל.

מיינע נאענטסטע פריינט,צו יענער צייט,אין לאדזש זיי-נען געווען: מאקס פארבער,קובא שעניצקי,שלאמעק אובערבוים. די פריינטשאפט אונדזערע האט זיך נאך געצויגן פון פאר דער מלחמה,און שפעטער אין געטא און אין קא-צעט,ווו מיר זיינען געווען צוזאמען. מיט מאטעק בייגעלמאן איז געווען א גאר אנדערע חברשאפט – מיר זיינען געגאנגען צוזאמען אין דער שולע,שפעטער אין דער פארטיי,געווען צוזאמען אין געטא, און זיין אמת גוט הארץ,האט ער און די קינדער זיינע,אונדז ארויסגעוויזן נאך אונדזער צוריקקומען פון די לאגערן. ער איז געשטארבן אין יאר 1965 אין ישראל. (איך האב די בייגעל-מאנס געווידמעט א באזונדער קאפיטל אויף די זייטן 65-68).

...............

איך האב אנגעהויבן ארבעטן אויפן נייעם פאסטן.די גרעס-טע טייל קונים פון די קאאפעראטיוו-קלייטן זיינען געווען יידן,צוריקגעקומענע פון רוסלאנד. זיי זיינען געקומען מיט פארטיקע ארדערס פון דער צענטראלע (פון הערשענהארנען). מיין "דירעקטאר" זאקשעווסקי האט גלייך געפונען דעם וועג פון "לינקע פארדינסטן" און מ'האט פארדינט א פאר זייטיקע

זלאטעס. האט מען זיך סאקע געקענט דערלויבן צו לעבן א ביסל ברייטער,מ'האט זיך באקליידט. די טאכטער מיינע האט נאך פארבראכט,מיט אירס א חברטע,א פאר ווינטער-וואכן אין זא-קאפאנע. - איך האב געפונען א וועג צו באזארגן דאס פאראי-בעריקטע געלט קיין שוועדן,צו מיין שוואגער.

אומעטום געפינען זיך אבער קאנקורענטן,האט איינער,אן אקטיווער יידישער קאמוניסט,דיאמאנט,מיר "אונטערגעשטעלט א פיסל", און דורך פראטעקציע אליין איבערגענומען מיין אמט.

דעם אמת גערעדט,בין איך געווען צופרידן,וואס די "אום-שטענדן" האבן זיך אזוי צונויפגעלייגט,ווייל איך האב בכלל נישט געוואלט בלייבן אין פוילן,און האב געהאט בדעה ביי דער ערשטער געלעגנהייט,צו פארן מיט דער טאכטער צום שווא-גער,קיין שוועדן. צו דער "באפרייאונג פון אמט" האט מען געדארפט האבן די צושטימונג פון דער "קאדרן-אפטיילונג". דער לייטער פון דער אפטיילונג איז גראד געווען א שול-חבר פון מיין זון; ער האט זיך פאראינטערעסירט מיט מיר,און האט מיך,אן שוועריקייטן,באפרייט פון אמט.

אונטער דער צייט איז געקומען קיין לאדזש,אלס פארשטיי-ער פון יידישן ארבעטער-קאמיטעט פון ניו-יארק,דער ח'יעקב פאט,בכדי צו העלפן די אלע געטא-אויפשטענדלער,וואס האבן זיך צייטווייליק אויפגעהאלטן אין לאדזש,צו פארן מיט א טראנזיט-וויזע קיין שוועדן.

אפיציעל האט דאס געהייסן,אז ער איז געקומען ממשותדיק צו העלפן באנייען דאס יידישע לעבן אין פוילן,אבער אין פריוואטע געשפרעכן האט ער יעדן איינעם פון די חברים, צו-געזאגט צו דערליידיקן אין שוועדן וויזעס דורך דער דארטי-קער אפטיילונג פון ארבעטער-קאמיטעט (פאול אלבערג).
איך מיט מיין טאכטער,און צענטליקער אנדערע האבן זיך טא-קע פארשריבן אויף צו פארן אהין.

דערווייל איז געוואקסן די צאל רעפאטריאנטן פון רוסלאנד. עס איז אויך צוריקגעקומען דער ח'זשאמע דאווידסאן מיט דער פרוי און צוויי קינדער. מיר האבן זיך מיט זיי שטארק פאר-אינטערעסירט. ער האט דורך זיין פרויס א פלימעניק, וואס האט אויך געארבעט אין דער "צענטראלא טעקסטילנא" באקומען דארט א פאסטן פון א בוכהאלטער. איז דארט אבער לאנג נישט געבליבן. ער האט אויפגעזוכט זיינס א ברודער אין די פאראייניקטע שטא-טן, ווי אויך זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיטן לאדזשער חבר שמואל מילמאן (וואס איז געקומען אנפאנגס מלחמה אין די שטאטן) און זיי בײדע האבן געהאלפן די דאווידסאנס צו קומען קיין מעקסיקע.

איך בין מיט אים געשטאנען אלע יארן אין א לעבעדיקן שריפטלעכן קאנטאקט; געווען ביי זיי, מיט מיין פרוי, אין מעק-סיקע אין יאר 1962. זייט צוויי יאר געפינען זיי זיך אין סאן-אנטאניא, טעקסאס, ווו עס וווינען זייערע קינדער. דאווידסאן איז געווען זער אקטיוו אין דער בונדישער און אלגעמיינער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט אין מעקסיקע און האט שוין באוויזן אויך אין סאן-אנטאניא אויפצוטאן א וויכטיקע ארבעט ביים שאפן אן אימפאזאנטע יידישע ביבליאטעק ביים דארטיקן אוניווערסיטעט. ביים זעלבן אוניווערסיטעט פירט ער אויך אן מיט גרויס דערפאלג, קורסן פון דער יידישער שפ-ראך. ער איז עלטער פון מיר, איז נאך אבער שפרודליק, קוועק-זילבערדיק. איך ווינש אים דאס נאך אויף לאנגע יארן.

...............

די פאליטישע לאגע אין נייעם פוילן איז געווארן וואס אמאל ערגער. די קאמוניסטישע פארטיי, מיט אירע יידישע מאס-קעס, האט זיך באמיט וואס א מאל פעסטער צו באהערשן די לאגע. אבער די א.ק. (ארמיא קראיאווא) האט זיי באקעמפט מיט טעראר. זיי פלעגן פון די באנען ארויסשלעפן רוסישע אפיצירן און

סאלדאטן און זיי הרגענען; אויך די יידן האבן דערבײַ געליטן. מ'האט געדארפט אפט פארן קיין ווארשע אויף צו דערליידיקן די אויסלענדישע פעסער, און דאס איז געווען פארבונדן מיט גרויס געפאר, און יידן פלעגן גומל בענטשן נאכן צוריקקומען גאנצע און געזונטע אהיים.

מיר האבן שוין געוווסט, אז מיר פארן אינגיכן קיין שוועדן. מיר זיינען געבליבן נאך א פאר איבעריקע טעג, ווייל איך האב נאך געוואלט זען ווי עס זעט אויס אין דעם נייעם "פרייען" פוילן אן 1-ער מאי דעמאנסטראציע, און זי מיטגעמאכט אין לאדזש אין יאר 1946. זי איז אויסגעפאלן נעבעכדיק, ארעם, אן פאראד, אן פאמפע.

## שוועדן

דעם 6-טן מאי 1946 האבן מיר, א גרופע פון א זעכציק פערזאן, וואס האבן באקומען די שוועדישע וויזעס, פארלאזט אויף שטענדיק פוילן. מיט א שווער הארץ האבן מיר פארלאזט אונדזער היים-שטאט-לאדזש. דאך, איז דא פארלאפן אונדזער קינדהייט, אונדזער יוגנט, די שולן, אונדזער געזעלשאפטלעכע טעטיקייט. דא האט צענטליקער יארן געלעבט אונדזער גאנצע משפחה. געבליבן לעבן זיינען מיר נאר א פאר. אויפן לאדזשער בית עולם בליירן ליגן אונדזערע זיידע-באבע, טאטע-מאמע, א קינד, אנדערע משפחה-מיטגלידער. מיר שטעלן זיך פאר, אז מיר וועלן שוין קיינמאל מער נישט באטרעטן די דאזיקע דורכגעווייקטע מיט יידישע טרערן, פארשאלטענע פוילישע ערד, וואס האט אונדז מער צרות געבראכט, ווי פרייד. - יעדער איז אין א געדריקטער שטימונג. דער אומעט און נאגעדיקער פיין באהערשט אלע געמיטער.

פאר א פאר זלאטעס האט מען דערליידיקט, אז מ'זאל אונדזערע באגאזשן נישט צו פיל נישטערן, און אין ווארשע האבן מיר

זיך ארייגעזעצט אין צוויי שוועדישע וואגאנען,וואס זיי-
נען צוגעטשעפעט געווארן צום צוג,וואס גייט אפ קיין גדיניא.
מיר האבן געמיינט,אז ערשט אויף דער גרענעץ וועט מען זיך
אויפסנייי טשעפען צו אונדז,אבער אלץ איז אדורך בשלום.

די צוויי שוועדישע וואגאנען זיינען אין גדיניא צוגע-
טשעפעט געווארן צו א שוועדישן צוג,וועלכער איז ארייגגע-
פארן אין א שיף אריין. איצט זיינען מיר שוין געווען אויף
דער שוועדישער טעריטאריע. גלייך האט זיך ביי יעדן יידן
געביטן די שטימונג. מ'איז פטור געווארן פון "גאסטפרייגנט-
לעכן"פוילן . די פרייד איז געווען אין לשער. עס זיינען
אויך געווען אזעלכע,וואס האבן זיך פון פרייד געווארפן
קושן דעם דעק פון דער שיף.

מיט דער שיף זיינען מיר געפארן קיין געטעבארג,פון דארטן
קיין מאלמע,און שפעטער שוין מיט דער באן קיין שטאקהאלם.
דא האט אונדז אפגעווארט דער ח' פאול אלבערג,דער פארשטייער
פון יידישן ארבעטער קאמיטעט אין שוועדן און א פאר חברים,
מיטקעמפער אין ווארשעווער געטא-אויפשטאנד,וועלכע זיינען
געקומען אהער מיט א טראנספארט פריער.אויך מיין שוואגער,
צדוק עליאש איז דא געווען מיט זיין פרוי. דער גאנצער עולם
פארט קיין נעגלינגען,ווו דער ארבעטער קאמיטעט האט א גע-
דונגענע ווילע,און איך מיט דער סאכטער פארן צום שוואגער.

מיין שוואגער און קוזין (מיין פרויס ברודער),צדוק עליאש
מיט זיין פרוי,ווי איך האב שוין דערמאנט,זיינען געקומען
קיין שטאקהאלם אין יאר 1915. די ערשטע צייט,אן א שפראך,
אן מאטעריעלע מיטלען,האט זיך,ווי אלע עמיגראנטן, זיי גע-
לעבט געגנוג שווער; מיט דער צייט האט ער באקומען א פאסטן,
זיך נאענטער באקאנט מיט דער שפראך,זיך דערנענטערט צו
אנדערע יידן,און געשאפן דארט די געזעלשאפט "חובבי שפת
עבר",געווארן א מיטגליד פון דער דארטיקער קהילה;(מאזא-

יסקא פארזאמלינגען,הייסט דאס דארט,) אויך אין דער הילף-
געזעלשאפט "עזרה",באזוכט רעגלמעסיק די שיל (ער איז געווען
א זון פון קאמעניעץ-פאדאלסקער רב,לייביש עליאש,און געהאט
סמיכות אויף רבנות). מיט דער צייט זיינען ביי זיי געבוירן
געווארן א טאכטער און א זון. שפעטער איז מיין שוואגער גע-
ווארן א זעלבסטשטענדיקער סוחר און געפירט דארט א רויק,
באלעבאטיש לעבן. - זי,די פרוי זיינע,האט געהאט איר גאנצע
משפחה אין לאדזש,ער ווידער האט דארט געהאט זיינע צוויי
שוועסטערס,אונדז און די מארגוליסעס,האבן זיי פאר דער צייט
פון זייער זיין אין שטאקהאלם,באזוכט אונדז א פאר מאל.

אין יאר 1938 האט ביי זיי געטראפן א גרויסע פאמיליען-
טראגעדיע. די טאכטער זייערע,אירענע,(נאך דער זעלבער רבצין,
יהודית,ווי מיין טאכטער),וועלכע איז געווען זער א געראטענע
און שיינע,און אביטוריענט פון א דארטיקן אוניווערסיטעט,
האט זיך באקאנט מיט א בחור,איינעם אשבערג,א זון פון א אנגע-
זעענעם און רייכן בריליאנטן-הענדלער,און האט מיט אים,אין
יאר 1937 חתונה געהאט (צו דער חתונה זיינען געקומען מיין
פרוי און איר שוועסטער פון לאדזש און זיין פאטער פון פאריז).
צום יאר האט אירענע געגרייט זיך צו דער קימפעט. דער גע-
בורט איז געווען זער א שווערס. מיט געוואלט האט מען ביי
איר אפגענומען דאס קינד,אבער די מוטער איז ביי דער קימפעט
געשטארבן. מיט דער צייט האט זיך ארויסגעוויזן,אז דאס קינד,
א מיידעלע,איז א טויב-שטומעס. דער פאטער,דער יונגער אשבערג,
אויך א בריליאנטן סוחר,א פארמעגלעכער מענטש,האט צוגענומען
צום קינד א ספעציעלע דערציערין,וועלבע האט געווינט מיט
איר און געלערנט זי ארויסצוברענגען קלאנגען,וואס האבן זיך
געלאזט פארשטיין. זי פלעגט אפט קומען צו באבע-זיידע און
זיי פלעגן זיך קעגנזייטיק פארשטיין.

זי איז אויסגעוואקסן א פארשטענדיק,שיין מיידל. מאכט זיך,אז אין יארן ארום קומט פאר אן אלוועטלעכער קאנגרעס פון טויב-שטומע. עס קומט אויך א דעלעגאציע פון ישראל. זי,איוואנא -אזוי הייסט אונזער פלימעניצע-,די טויב-שטומע, באקאנט זיך דארט מיט א טויב-שטומען ישראל-יונגערמאן. אין א צייט ארום האבן זיי חתונה און באזעצן זיך אין ישראל. דארט ווערן ביי זיי געבוירן דריי קינדער -און אינטערעסאנט- צוויי פולשטענדיק נארמאלע און נאר איינס,א טויב-שטומעס. דער פאטער אירער און דער זיידע האבן זיי עקאנאמיש גוט פארזארגט. מיין שוועגערין פון שטאקהאלם,די באבע,פלעגט זיי גאנץ אפט באזוכן,אין ישראל.

דער זון פון מיינע שוואגערס,הארלד,א סימפאטישער בחור, איז פאר דער צייט געווארן דארט א גרויסער דאקטאר,א הארץ-ספעציאליסט,א דירעקטאר פון א שפיטאל פאר הארץ-קראנקע. ער איז שוין געווארן א פולשטענדיקער שוועד,האט איבערגענומען זייערע זיטן און געוווינהייטן,חתונה געהאט מיט א שוועדקע און האט מיט דער משפחה פון זיינע עלטערן א גאנץ קנאפן שייכות. ס'איז ווייטיקלעך,אבער דאס איז הײנט-צרות רבים.

.................

מיין שוואגער מיט דער שוועגערין פרייען זיך מיט אונדזער קומען,אבער די פרייד איז נישט קיין פולע,ווען מ'צערעדט זיך וואס עס איז געווארן פון אונדזער גאנצער משפחה. דערצו האט אויך ביי זיי אין שטוב געהערשט א טיפער טרויער נאכן פארלוסט פון זייער טאכטער און דעם אומגליק מיט דער טויב-שטומער יורשטע,וואס ס'איז געבליבן נאך דער טאכטער.
אויף מיין טאכטער האט די דאזיקע שווערע אטמאספער שטארק געווירקט,און מיר זיינען ביי זיי לאנג נישט געבליבן וווינען. מיר האבן געדונגען א צימער ביי א סימפאטישער שוועדישער פאמיליע.

איך האב אין פוילן געלאזט מיין ברודער מארעק מיט זיין פרוי און קינד, און האב אויך גלייך נאך מיין קומען קיין שוועדן, אנגעהויבן צו טאן אויך זיי ארויסצוברענגען אהער. מיינער א לאדזשער פריינט, ווינציגסטער, וואס איז אין דער צייט פון דער מלחמה, דורך פארשידענע וועגן, אנגעקומען אין די פאראייניקטע שטאטן, האט געקויפט פאר מיין ברודער און זיין משפחה א וויזע קיין סאנטא-דאמינגא און אויף דעם סמך האט פאר זיי פאול אלבערג אויסגעארבעט א וויזע קיין שוועדן, אן איינצוצאלן טויזנט דאלאר קויציע, אז זיי וועלן צו דער צייט סוף פון דער שוועדישער טראנזיט-וויזע פארלאזן דאס לאנד. מיין ברודער מיט זיין פאמיליע זיינען געבליבן אין שוועדן, האבן מיט דער צייט באקומען די דארטיקע בירגער-שאפט און וווינען דארט ביזן היינטיקן טאג.

איך האב אויך געהאט אן אויסגעארבעטע וויזע קיין שוועדן פארן חבר משה לעדערמאן (דעם טשענסטאכאווער); ער איז געווען מיט אונדז אין לאדזשער געטא, אנגעהערט דארט צו דער אנפי-רערשאפט פון דער פארטיי. ער איז צוריקגעקומען קיין לאדזש פון א לאגער און מיך געבעטן, איך זאל אים העלפן צו קומען קיין שוועדן. איך האב שוין פאר אים אפילו געדונגען א צי-מער אין שטאקהאלם. ער איז אבער נישט געקומען, טעלעגראפיש מיר אנגעזאגט די בשורה. אין לעצטן מאמענט האט אים די אנ-פירנדיקע דעמאלטיקע העכסטע בונדישע פארטיי-אינסטאנץ אין פוילן, נישט דערלויבט צו פארלאזן דאס לאנד (לעדערמאן איז דעמאלט געשטאנען אין דער שפיץ פון דער לאדזשער ארגאניזא-ציע). ער איז פון לאגער צוריקגעקומען א קראנקער און איז אין א גאר קורצער צייט ארום געשטארבן אין לאדזש.

. . . . . . . . . . . . . . . .

ביסלעכווייז האבן מיר זיך באקאנט מיט שוועדן און מיט דער שוועדישער יידישער געזעלשאפט. מיר זיינען געפארן קיין

שווערן אנצוהייבן א נײַ לעבן. אלץ ארום געפעלט מיר, אויך
דער טאכטער מײַנער. מ'פילט אויף יעדן טריט, אז מ'געפינט
זיך אין א פרײַ דעמאקראטיש לאנד, אז מ'דארף נישט מורא הא-
בן פאר דעם ארויסגערעדטן ווארט און דערצו ווײַזן די שווע-
דן ארויס, אלט און יונג, צו די אנגעקומענע יידן, א ספּעציעל
פרײַנטלעכע באציונג.

עס האבן קיין שוועדן אנגעהויבן אנצוקומען וואס אמאל
מער טראנזיט-פּאסאזשירן, וואס דער ארבעטער-קאמיטעט גאראנטירט
פאר זיי, אז זיי וועלן מיט דער צייט פארלאזן שוועדן. ס'איז
אנגעקומען א גרופּע יידישע שרײַבערס מיט זייערע פאמיליעס:
רחל קארן מיט איר טאכטער און איידעם, ישראל טאבאקסבלאט מיט
דער פרוי, יוסף רובינשטיין, משה גראסמאן מיט דער פרוי, ירחיאל
בריקס און א סאך אנדערע, אויך די ארטיסטן יוסף און צפורה
גליקסאן, איינצלנע בונדיסטן, פועלי-ציוניסטן, ציוניסטן א.א.

ווען מיר זײַנען געקומען קיין שוועדן, זײַנען שוין דארט
געווען אריבער א צענטליק טויזנט יידישע פרויען, וועלכע
בערנאדאט האט קורץ פאר דעם סוף פון דער מלחמה געבראכט
פון די דײַטשע קא-צעט-לאגערן. א גרויסער טייל, די קראנקע,
איז אײַנגעארדנט געווארן אין די שפּיטעלער און קליניקעס,
אבער א גרעסערע צאל האט דורכן ארבעטס-פארמיטלונגס-ביורא
פאר אויסלענדער, באקומען פּאסטנס אין דער פּאסט-צענטראלע
און אירע אפּטיילונגען, ווײַל דארט האט מען נישט געדארפט
קענען די שפּראך; זיי האבן נאר סארטירט די בריוו לויטן
קאדע. שפּעטער האט מען אנגעהויבן צוצוטיילן ארבעט אויך
מענער. מ'האט נאר געדארפט וועלן ארבעטן און נישט לעבן
פון געזעלשאפטלעכער הילף.

אויך איך מיטן ברודער האבן זיך פארשריבן אין דעם אר-
בעטס-פארמיטלונגס-ביורא פאר אויסלענדער. מ'האט דארט צו-
געטיילט ארבעט יעדן איינעם לויט זײַנע פעיקייטן.

מיר האט מען פריער געגעבן א שטעלע אין א מאגאזין פון א גרויסער טעקסטיל-פירמע. איך האב דארט געהאלפן איינצו-טיילן סחורות לויט באשטעלונגען. עס איז אבער געווען א ווייטע רייזע פאר מיר פון מיין וווינונגס-ארט,האב איך געבעטן אן אנדער שטעלע,האט מען מיר געגעבן ארבעט אין עריקסאנס גרויסע ראדיא-פאבריק,ווו איך האב ביי א באנד-ארבעט אריינגעדרייט שרייפלעך אין ראדיא-טיילן.

מיין טאכטער האט אין א גרויסן פריזיער-אנשטאלט זיך אויס-געלערנט א טייל פון פריזיער-פאך - ארויסצושלעפן ביי פרוי-ען פון די הענט און פיס האר,וואס וואקסן אין א גרעסערער צאל,אדערנישט אויפן געהעריקן ארט.-

מיין ברודער האט באקומען א פאסטן אין א טעקסטיל-פאבריק אלס טעקסטיל-טעכניקער (ער האט געהאט זיין דיפלאם פון פוי-לן). זיין פרוי,די ביאלאגיע-דאקטארין,האט באקומען א פאסטן אין דעם גרויסן "קאראלינסקא-שפיטאל". זיי האבן זיך געדונ-גען א באקוועמע וווינונג און צו ביסלעך זיך איינגעארדנט. דאס קינד האבן זיי געשיקט אין דער שולע. מיט דער צייט האט זי געענדיקט איין שולע,די צווייטע און צום סוף פארענדיקט דעם אדאנטאלאגישן פאקולטעט,אלס דענטיסטקע. זייט א פאר יאר האט זי זיך גאר גוט איינגעארדנט אין איר פראפעסיע אין ישראל.

געזעלש:פטלעך האב איך זיך אויסגעלעבט צווישן אונדזער עולם אין נעגלינגען,אין דער גרויסן הויז פון ארבעטער-קא-מיטעט. עס זיינען דארט,צווישן א סך אנדערע,געווען: העלא אשקענאזי-שעפנער,די פרוי פון ח'ברוך שעפנער,ווי אויך זיין שוועסטער,די פרוי מייזעלשא. זיי האבן זיך געראטעוועט אין ווארשעווער געטא אין א בונקער (איך האב זיי בײדע,צוזאמען מיט רחל אויערבאך און טאניא פוקס,געטראפן אין לאדזש נאך דער מלחמה,אין דער פארלאזטער וווינונג פון ח'מאיר עטקין). עס זענען דארט,אין נעגלינגען,אויך געווען,באלעק עלענבויגן

מיט זיין פרוי (די שוועסטער פון ח׳נוימאן, וועלכן די פא-
לאקן האבן שוין נאך דער מלחמה דערהרגעט, דערטרינקען אין
א וואנע, ווען ער האט אין לאדזש געווארט אויף א טראנספארט
קיין שוועדן; די ח׳טע האדעס, מיט איר טאכטער און איידעם,
שוויאדאש; די ברידער ראזענבערג מיט זייערע קינדער; פאלא
לוקסעמבורג מיט איר טאכטער; חנה פרישדארף און רוזשא קלעפ-
פיש מיט זייערע קינדער; זלמן פרידריכס טאכטער, וועלכע יעקב
פאט האט אין ווארשע אויסגעקויפט ביי א פוילישער פאמיליע,
און וועלכע עס האבן שפעטער אדאפטירט די שאצקינס (ליידער,
לעבן זיי שוין אלע נישט מער); די גליקסאנס; מאיר ראק; ראוך
פון טארנאוו (דאס איז דער איינציקער, וואס איז נאך ביז
היינט געבליבן אין שטאקהאלם) און א סך אנדערע.

עטלעכע גרופעס האט דער ארבעטער-קאמיטעט איינגעארדנט
אין דער שוועדישער פראווינץ. ביי איינער אזא גרופע, אין
עסקלסטונע, בין איך אין נאמען פון קאמיטעט פון "בונד",
ארויסגעטרעטן אויף א פייערונג פון 1-טן מאי 1947.

אין נעגלינגען פלעגן פון צייט צו צייט פארקומען פאר-
טיי-פארזאמלונגען, מ׳האט ארומגערעדט וועגן דעם נאענטן
פארטיי-צוזאמענפאר אין בעלגיע, צו וועלכן דער חבר פאול
אלבערג איז געפארן אלס דעלעגאט. מ׳האט זיך געטיילט מיט
די מיינונגען וועגן די פאליטישע ארטיקלען אין "אונזער
צייט" פון ניו-יארק און "אונזער שטימע" פון פאריז.

עס האבן זיך אין נעגלינגען געטראפן חברים און חברטעס,
וואס האבן מיטגעמאכט דעם ווארשעווער אויפשטאנד און על
פי נס לעבנ-געבליבענע, ווי אויך פון אנדערע געטאס; אויך
די, וואס האבן געשמאכט און זיך קוים מיטן לעבן געראטעוועט
פון די פארשידענע רוסישע פארשיקונגס-לאגערן.

מ׳האט זיך געפילט גליקלעך, וואס מ׳איז פטור געווארן פון
די מלחמה-שרעקן, פון די דייטשע און רוסישע נגישות און

פיינען, וואס מ'געפינט זיך ענדלעך אין א פרייי לאנד, מיט
אויסזיכסן אויף צו האבן די מעגלעכקייט אין דער נאענסער
צוקונפט אנצוהייבן אין דער ברייטער וועלט א נײ, רויק,
און זארגלאז לעבן. האט דארט, אין נעגלינגען, שטענדיק גע-
הערשט אן אויפגערוימטע שטימונג. מ'האט געזונגען און גע-
מיטלעך צווישן זיך פארבראכט. מ'האט זיך באמיט צו פארגע-
סן דאס, וואס מ'האט ערשט נעכטן מיטגעמאכט, איבערגעלעבט.

דער שטראם פון נייע טראנזיט-עמיגראנטן איז ווייטער
אנגעגאנגען; א טייל פון די אלטע, האבן דערווייל אפגעזוכט
קרובים אין דער וועלט און האבן זיך געגרייט צו פארן צו
זיי. - עס פלעגן קומען שליחים פון פוילן, פון ניו-יארק.
דער ערשטער איז געקומען אונדזער חבר, דער שרייבער, לעא פינ-
קעלשטיין פון ווארשע. ער האט באקומען די מיסיע אויפצוקלע-
רן די מאסיוון, פארוואס מ'דארף שאפן א ווייטערדיק יידיש
לעבן אין פוילן. דא, האט קיינער נישט גענומען ערנסט דעם
ענין אין באטראכט; אויך ער איז געבליבן וווינען אין די
פאראייניקטע שטאטן - ליידער, איז ער אין א קורצע צייט
ארום געשטארבן. מיט דער זעלבער מיסיע איז קיין ווארשע
פון ניו-יארק געפארן דער חבר אברהם סטאלאר. אויפן צוריק-
וועג האט ער אפגעטראטן ביי אונדז אין שטאקהאלם. צוליב זיין
שטעלונג, האט ער ביי אונדז געהאט א קאלטע אויפנאמע.
קיין שטאקהאלם זיינען אויך געקומען פון ווארשע דער חבר
פישגרונד, צוזאמען, דאכט זיך מיטן חבר פאלק, וועלכע האבן גע-
האט די אויפגאבע ארויסצופירן מיט זיך דעם רויטן מארמור-
שטיין, וואס די שוועדישע רעגירונג האט געשאנקען פאר דעם
קדושים-מאנומענט אין ווארשע.

גלייך נאכן קיעלצער פאגראם, האב איך אנגעהויבן צו בא-
קומען אלארמירנדיקע פריוואטע בריוו פון פארשידענע חברים
פון לאדזש און ווארשע, אז מ'זאל זען וואס גיכער ארויסנעמען

פון פוילן אונדזערע חברים,וועלכע קענען זיך נישט צופאסן צום דארטיקן נייעם פאליטישן לעבן. אז מ'שיקאנירט זיי אלס בונדיסטן,אין די קאאפעראטיוון,אין וועלכע זיי ארבעטן;מען פארלאנגט פון זיי,אז זיי זאלן זיך אנשליסן אין דער קאמו-ניסטישער פארטיי.

אזוי,ווי עס האבן זיך געמאכט אפיציעלע שוועריקייטן צו באקומען וויזעס קיין שוועדן,האב איך פארגעלייגט דעם חבר פ.אלבערג,מיר זאלן אריינפארן קיין נארוועגן (אסלא) אפשר וועלן זיי איינגיין אריינצולאזן א פאר הונדערט יידן פון פוילן. איך האב ביי אלבערגן געפועלט און מיר האבן גע-מאכט די רייזע צו די אפיציעלע נארוועגישע מלוכה-מענער. דער אינערן-מיניסטער איז געווען - לי - דער ברודער פון דעם דעמאלטיקן סעקרעטאר פון דער "יון". ער האט אונדז גאנץ סימפאטיש אויפגענומען און געזאגט,אז עס איז נישט קיין קרומער געדאנק,אבער נאר דאן,ווען די יידן זיינען ארבעטס-מענטשן,נישט קיין סוחרים,ספעקולאנטן.

פון די ליסטעס און בריוו,וועלכע איך האב באקומען פון פוילן,האב איך צוזאמענגעשטעלט א ליסטע פון א פאר הונדערט נעמען. לי האט מיר געזאגט,אז אין אין א חודש-צוויי ארום פארט א דעלעגאציע קיין פוילן,וועלן זיי זיך אויך פארנעמען מיט דעם ענין. זיי וועלן זיך אבער וועלן באקענען פערזענ-לעך מיט יעדן פאראינטערעסירטן. איך האב אויפגעגעבן דעם ח'דארנבוש,וועלכער וועט זיי דארט אויפן ארט אלץ אויפקלערן. (פריער האבן די ליסטעס געהאט די ח"ח דאווידסאן און ליפסקי.)

עס האט געדויערט עטוואס מער ווי צוויי חדשים ביז די נארוועגישע קאמיסיע איז געקומען קיין פוילן. די לאגע פון די יידן דארט איז אבער דערווייל געווארן וואס אמאל ערגער און מ'האט זיך מאסנווייז געלאזט אומלעגאל צוריק אין די דייטשע קאצעט-לאגערן,אדער לעגאל קיין פראנקרייך. אויך דער

חבר דאווידסאן איז שוין געהאט אוועק קיין מעקסיקע. לי איז איינגעשטאנען אין לאדזשער גראנד-האטעל,און האט אנגעהויבן ארויסצורופן צו זיך די מענטשן פון דער ליסטע,וואס מיר האבן אים געגעבן,און געמאלדן האט זיך בלויז איינער -ראזענפארב.

אויף צוריקוועגס קיין אסלא,האט לי אין שטאקהאלם,ארויסגערופן צו זיך אלבערגן און מיך,און האט אונדז איין און איידעלער פארם פארגעווארפן,אז דער ענין פון א נארוועגישער יידישער עמיגראציע,איז דורך אונדז געווארן שלעכט ארגאניזירט,און צוגעגעבן,אז אין אסלא זיינען שוין געווען צוגעגרייט אזילן און ארבעט פאר די יידן פון פוילן,און מ'איז בדעה צו שאפן אין נארוועגן א נייעם יידישן ישוב.

אויך אין שוועדן האט דער יידישער ישוב געקענט ווערן א סך גרעסער,ווי ער איז סוף כל סוף געבליבן. און דא זיינען גראד די דארטיקע יידן אליין געווען שולדיק אין דעם. כשעת מיר זיינען געווען אין שוועדן,האט מען צווישן די ניי-געקומענע זייער א סך גערעדט דערפון,אפילו עפענטלעך אין דער דארטיקער יידישער קהילה (מאזאיסקא פארזאמלונגען).

עס האט זיך געהאנדלט אין דעם,אז ווען בערנאדאט האט שוין כמעט ביים סוף פון דער מלחמה,געבראכט פון די דייטשע קאצעט-לאגערן,די גרויסע טראנספארטן יידישע פרויען,האט זיך שוין אנגעהויבן צווישן דער דארטיקער יידישער אנפירערשאפט א קעגנערשאפט צום ברענגען ווייטערדיקע טראנספארטן יידישע פרויען,און אויך מענער. דער מאטיוו איז געווען: אז אויב דער אלטער יידישער ישוב אין שוועדן האט ביז היינט נישט געפילט קיין אנטיסעמיטיזם אין לאנד,איז דאס דערפאר, וואס די צאל פון די דארטיקע יידן איז א קליינע. מען האט אריינגעבראכט צען טויזנט - איז גענוג. עס וועט אויך ווערן אן ערנסטער פראבלעם,האבן די דערמאנטע סוערס געטענהעט,ווען די קריסטלעכע שוועדישע מענער וועלן זיך אויסמישן מיט די

די יידישע ניי-אריינגעקומענע פרויען.

מאזור,דער פירער פון דער קהילה,ווי אויך שטארך,דער פאר-זיצער פון יידישן קאמיטעט,ביידע וואס האבן צוזאמען מיט בערנאדאט געפירט די אונטערהאנדלונגען מיט הימלערן (דורך דער פארמיטלונג פון הימלערס פריוואטן דאקטאר),האבן אין דער ערשטער צייט נישט גענומען אין אכט די דאזיקע טענות,און יעדע פאר טעג זיינען קיין שוועדן אנגעקומען נייע טויזענ-טער יידישע מיידלעך און פרויען פון די דייטשע לאגערן,אבער דער דרוק איז געווארן וואס אמאל שטארקער און די רעטונגס-אקציע איז אפגעשטעלט געווארן. דערווייל האט זיך אויך גע-ענדיקט די מלחמה.

מיט דער צייט,זיינען א טייל פון די דאזיקע פרויען גע-פארן קיין ישראל און אנדערע לענדער און א געוויסער טייל פון זיי האט טאקע חתונה מיט דארטיקע קריסטלעכע שוועדישע בחורים. ווי די דאזיקע פארפעלקער האבן זיך מיט דער צייט איינגעלעבט,איז מיר שווער צו זאגן,ווייל שוין סוף 1947 האבן מיר פארלאזט דאס גאספריינטלעכע שוועדן.

..................

נאך אן אינטערעסאנטן עפיזאד פון אונדזער פארברענגען אין שוועדן,וויל איך דערציילן. עס האנדלט זיך וועגן דעם מחותן פון מיין שוואגער.

איינמאל לאדט מיך איין מיין שוואגער איך זאל גיין מיט אים אויף אן אינטערעסאנטן אקט,ווי זיין מחותן,אשבערג, וועט איבערגעבן דער שטאט שטאקהאלם זיין פריוואטן קונסט-מוזיי,וועלכן דער לעצטער האט אנגעזאמלט אין פארלויף פון צענטליקער יארן.

און עס איז כדי געווען צו גיין אהין. איך בין איבערראשט געווארן פונעם פארנעם פונעם מוזיי; איך האב דערזען אויף די ווענט און אין די ווינקלען הענגען הונדערטער היילִיקע

רוסישע א י ק א נ ע ס , באגילדעטע,באצירטע מיט אלערליי קא-
לירפולע,ווערטפולע שטיינער,געמאלטע דורך באקאנטע רוסישע
מאלערס,באשטראלטע מיט לאמפאדעס ( א לעמפל,א ליכט,אדער אן
עלעקטריש גלעזל). עס זיינען אויף די ווענט אויך געהאנגען
איבער הונדערט אייל-בילדער פון באוווסטע רוסישע און אנדע-
רע מאלערס. עס איז געווען וואס צו זען און צו באווונדערן.

עס איז געקומען א גרויסער עולם - פון דער שטאט-פארוואל-
טונג,מאלערס,צייטונגס-מענטשן,פריינט. עס האבן,ווי געוויינ-
לעך,נישט געפעלט קיין רעדעס מיט לויב-ווערטער פארן שפענ-
דער. דער אלטער אשבערג,אן עמאציאנירטער,האט געדאנקט פארן
כבוד,וואס עס איז אים צוגעטיילט געווארן מיט דעם,וואס דער
מוזיי וועט טראגן זיין נאמען.

מיין שוואגער האט מיר דערציילט די לעבנס-געשיכטע פון
זיין מחותן,וואס איז באמת א סענסאציאנעלע. קיין שוועדן
איז אשבערג געקומען פון ווילנע באלד נאך דער דורכגעפאלע-
נער רעוואלוציע פון יאר 1905. אין רוסלאנד איז ער געשטא-
נען נאענט צו לענינס פראקציע אין דער ס.ד.-באלשעוויקעס.
אין דער היים האט ער געענדיקט א גימנאזיע. דא,אין שוועדן,
האט ער זיך גענומען צו פארשידענע פרנסות,ביז ער איז געווא-
רן א בריליאנטן-שלייפער און צום סוף א בריליאנטן-הענדלער.
ער האט געמאכט א פארמעגן,דאס האט אים אבער נישט געשטערט
צו שטיין אין א נאענטן קאנטאקט מיט די באלשעוויסטישע טו-
ערס אויף דער עמיגראציע. אגב,האט מען געזאגט,אז ער האט
געהאלפן דעם באקאנטן באלשעוויק פארוווס (ישראל געלפאנד)
דורכצופירן מיט די דייטשן די באוווסטע טראנזאקציע וועגן
איבערפירן פון דער שווייץ לענינען מיט נאך אנדערע רעווא-
לוציאנערן אין פלאמבירטע וואגאנען איבער דייטשלאנד קיין
רוסלאנד (אין יאר 1917,אין דער צייט פון דער מלחמה).
אשבערג האט אויך אנגעהאלטן א נאענטע פריינטשאפט מיט דער

פרוי קאלאנטיי, ווען זי איז געווען דער אמבאסאדער פון סאַ-ווועט-רוסלאנד אין שוועדן. און נאך א כאראקטעריסטישער שטריך פון אונדזער העלד אשבערג. אין דער ערשטער צייט, ווען די באלשעוויקעס זיינען געווען ביי דער מאכט און האבן געזוכט געשעפטלעכע קאנטאקטן מיטן אויסלאנד, און האבן נישט געהאט גענוג אויסלענדישע וואלוטע, און מ'האט זיי אויף זייערע וועקסלען נישט געוואלט בארגן, האט אשבערג דורכגעפירט א גרעסערע טראנזאקציע מיט די שוועדישע בענק, גאראנטירנדיק מיט זיין פארמעגן פאר די רוסישע וועקסלען (ער איז שוין דעמאלט גע-ווען שטארק רייך). פאר די דעסקאנטירטע רוסישע וועקסלען האט ער פארשטענדלעך באקומען זיין קאמיסיאן. דאס האט אים געמאכט נאך רייכער, און אויסער דעם ברילליאנטן-האנדל, האט ער פינאנסירט פארשידענע גרויסע אונטערנעמונגען.

נאכן טויט פון זיין פרוי, האט ער נאך אמאל חתונה געהאט מיט א פראנצויזישער פרוי און זיך אריבערגעצויגן קיין פראנ-קרייך. דארט האט ער אויף א גרויסן פארנעם פינאנסירט די פראנצויזישע פילם-אינדוסטריע. עס ברעכט אויס די מלחמה 1939. פראנקרייך ווערט באזעצט פון די דייטשן. זיי ווערן שנעל געוויר, אז אין פאריז געפינט זיך א רייכער ייד - אשבערג און ווילן אים ארייננקריגן אין זייערע הענט. די שוועדישע אמבאסאדע נעמט אים אונטער איר שוץ, און נאך דער אינטערווענץ פון דער שוועדישער רעגירונג, ווערט אים דער-לויבט, צוזאמען מיט זיין פרוי, צו פארן אויף א שוועדישער שיף אין די פאראייניקטע שטאטן (ס'איז געווען אין אנהייב פון דער מלחמה). דארט האט ער פארבראכט די גאנצע מלחמה-צייט און גלייך נאך דער מלחמה איז ער צוריקגעקומען קיין שוועדן. (אשבערג האט זייענדיק אין אמעריקע, געקויפט דארט א סך איקאנעס און בילדער און האט דאס אלץ געבראכט מיט זיך און באררייכערט זיין שוועדישן קונסט מוזיי).

ווי מ'נעמט אן, איז דאס שענקען דעם קונסט-מוזיי פאר
דער שטאט שטאקהאלם, געווען ביי אים אן אויסדרוק פון דאנק-
בארקייט פאר דעם ראטעווען אים פון די דייטשע הענט אין
פאריז. דער אלטער אשבערג און מיין שוואגער לעבן שוין
לאנג נישט.

.....................

איך האב אין לאדזש, פון די פריערדיקע יארן, געהאט א נא-
ענטע, היימישע משפחה - סאוויצקי. זיי זיינען אין יאר 1937
געפארן קיין ארגענטינע צו דער פרוי סאוויצקיס א שוועסטער.
איך האב די סאוויצקיס, ביים עמיגרירן קיין ארגענטינע גע-
האלפן און שפעטער געשטאנען מיט זיי אין א נאענטן שריפטלעכן
קאנטאקט. נאך דער מלחמה האבן מיר זיך אויפגעזוכט. סאוויצ-
קי איז שוין פאר דער צייט געווארן פארמעגלעך און פארנדיק
אין יאר 1947 קיין פוילן געשעפטלעך, האט ער באשלאסן אונדז
צו באזוכן אויפן וועג. און איז טאקע אין חודש יוני 1947
געקומען צו אונדז קיין שטאקהעלם אויף א קורצן באזוך. ער
האט אונדז דערציילט וועגן דעם אינטערעסאנטן יידישן געזעל-
שאפטלעכן לעבן אין ארגענטינע און פארגעלייגט צו קומען
אהין. ער האט אונדז צוגעזאגט צו העלפן דערצו. דירעקט קיין
ארגענטינע האט מען אין יענער צייט קיין יידן נישט אריינ-
געלאזט. כּל עגט מען קויפן איינרייזע-פאפירן קיין פאראג-
וויי (א שכניש לאנד) און פון דארט אריינשמוגלען זיך קיין
ארגענטינע, און זייענדיק שוין אין ארגענטינע, האט מען פון
דארט קיינעם נישט ארויסגעוויזן.

ווען סאוויצקי איז אוועקגעפארן, האב איך געהאט א בריי-
טערן געשפרעך מיט מיין טאכטער אין דער פראגע. איך האב איר
אויפמערקזאם געמאכט, אז ווען מ'קוקט זיך צו צום פראבלעם
הייראט צווישן די ניי-געקומענע יידישע מיידלעך, זעט מען,
אז עס ציט זיי צו די שוועדישע בחורים. אפשר, ווען עס

וואלט דא געווען גענוב יידישער בחורים,וואלט די פראגע אנדערש אויסגעזען,און אזוי ווערט דאס אן ענין פון "אין ברירה",און האב איר דערקלערט דערביי,ווען עס פאסירט אן ענלעכעס ביי דיר,האב איך איר געזאגט,וואלט איך נישט גע-מאכט דיר קיין שוועריקייטן,איך וואלט דיר נישט געשטערט חתונה צו האבן מיט א שוועד -א קריסט - . נעם אבער אין באטראכט,קינד מיינס,אז אונדזער מענטאליטעט איז גאר אן אנדערע. דו,א יונג קינד,וועסט זיך מיט דער צייט,צופאסן צו די נייע זיסן,נייעם ארט לעבן,-פאר מיר זיינען שוין אזעלכע ענדערונגען נישט מעגלעך. דער סוף פון אזא ראדי-קאלער ענדערונג,קען זיין זייער א טראגישער פאר אונדז ביידע: נישט דיין שוועדישער אויסדערוויילטער וועט מיך פארשטיין,און איך אים - אוודאי נישט. מיר -איך און ער-דיין שוועדישער מאן,וועלן בלייבן צוויי וועלטן. און עס קען זיך שאפן א גרויסע געפאר צווישן מיר און דיר - מיר זאלן איינער דעם צווייטן פארלירן. פון גרויסן אומגליק אונדזערן זיינען מיר בלויז געבליבן ביידע ,און איך ווייס נישט צי איך וואלט אויסגעהאלטן אזא נייעם קלאפ פאר מיר.

זי האט מיינע ווערטער גוט פארשטאנען,בארויקט מיך און געזאגט,אז עס האלט נאך נישט דערביי. און אויף מיין פאר-שלאג צו פארן קיין ארגענטינע,ווו עס איז דא א גרעסערער יידישער ישוב,און ווו מיר האבן אויך נאענטע פריינט,האט זי גלייך מסכים געווען און אין צוויי חדשים ארום,נאך דעם שמועס,האבן מיר שוין געהאט ארויספאדערונגס-פאפירן קיין פא-ראגוויי,ארייגעשיקטע דורך סאוויצקין.

מיין ברודער,מיין שוואגער,חברים,זיינען געווארן שטארק צערודערט פון דער דאזיקער ידיעה. איך אליין בין ביז ערשט נישט לאנג געווען זיכער ביי זיך,אז דאס שיינע,פרייע,דעמא-קראטישע שוועדן,איז שוין מיין לעצט מקום-מנוחה,און דא

לאזן מיר זיך אין א ניי לאנד,מיט א נייעם פאר אונדז קלי-
מאט,מיט נייע מענטשן און נאך דערצו צום טרויעריק-בארימטן
פעראן מיט זיינע "פאראנדקעס".

דער ארגענטינער קאנסול אין שוועדן,האט,זעט אויסגעזשט
געווּוּסט,אז יידן דארף ער אפילו קיין טראנזיט-וויזע נישט
געבן קיין ארגענטינע,און האט אונדז אן שוועריקייטן יא
געגעבן אזעלכע טראנזיט-וויזעס.

## ארגענטינע

מיר דארפן פארן צום דרום,אויף יענער זייט ים. האב איך
מיך פארשטענדיקט מיט יעפרויקינס רייזע-ביורא אין פאריז,
און ער האט אונדז טעלעגראפיש אנגעזאגט,אז שוין די אנדערע
וואך גייט אפ א שיף פון בארדא קיין בוענאס-איירעס,און אז
די נעקסטע שיף וועט ערשט זיין אין פיר חדשים ארום. געלט
האב איך דאך שוין געהאט פארדינט אין פוילן,זיינען מיר
גלייך מיטן אוויאן אוועק קיין פאריז. דאס איז געווען יום
כיפור ארום 1947. אויף מארגן ביי יעפרויקינען דערליידיקט
אלע פארמאליטעטן,און אין צוויי טעג ארום האט די שיף "די-
זערערע" געדארפט אפגיין פון בארדא קיין דרום-אמעריקע.
איך בין נאך צוגעפארן צו אונדזער פארטיי-לאקאל און געטראפן
זיך דארט מיט די אלטע לאדזשער חברים: אלי מארזשענגלאד,
אלעקסאנדער מינץ,מאניע לעווין און אנדערע. אין פאריז הא-
בן מיר זיך אויך געטראפן מיט דער פרוי לאלא לאנדקאפ,די
פרוי פונעם פארשטארבענעם חבר ד"ר א.לאנדקאפ,מיט זייער
טאכטער,וואס האט דארט געוואוינט אויף פאפירן פון איר פעטער
וועגדראווסקי פון אמעריקע ( א ברודער פון ז.וועגדראף,דעם
באקאנטן שרייבער פון רוסלאנד). אויף מארגן זיינען מיר
צוגעפארן צו דער באן און אנגעקומען צו דער צייט צו דער שיף.

דאס ערשטע מאל זיינען מיר געפארן מיט א שיף איבערן ים.

אן אלטע,אפגעלאזטע שיף,פול מיט פאסאזשירן,מערסטנס יידן, געראטעוועטע פון די לאגערן,אדער פון די סיבירער טייגעס. מ'פארט צו משפחה,צו פריינט. עס פארן א סך פאסאזשירן קיין ארגענטינע ,אבער זייערע וויזעס גרייכן נאר ביז בראזיל (ריא דע זשאנעירא),פון דארט וועלן זיי שוין געפינען וועגן קיין ארגענטינע.

דאס עסן אויף דער שיף איז געווען זער א שלעכטס. קאיו-טעס איז געווען גאנץ ווייניק,- האט מען אויפן דעק פון דער שיף אויסגעשטעלט בעטלעך,און אזוי האט מען די גרעסטע טייל פון אונדז,פאסאזשירן,ווי די הערינג,געפירט פון איין פארט צום צווייטן. מ'איז געפארן אויפן ים 16 מעת לעת. געשלאסן באקאנטשאפט מיט אלערליי פאסאזשירן;געטראפן אויך א פאר בונדיסטן פון פארשידענע פוילישע שטעט.

אין פארט ריא-דע-זשאנעירא גייען אראפ כמעט אלע יידישע פאסאזשירן. איך מיט דער טאכטער שטייען אויף דער פאלובע און אבסערווירן די גרויסע פרייד פון די מענטשן,ווען זיי טרעפן זיך מיט זייערע קרובים,פריינט. און דא דערהערן מיר פלוצים אויסרופן אונדזערע נעמען. די אויסרופן חזרן זיך איבער מערערע מאל,איך קוק אן דעם שרייער און דערקען אין אים דעם לאדזשער חבר הערמאן זשעזשינסקי,מיט נאך איינעם. זיי רופן אונדז אראפגיין. די שיף שטייט דא אין פארט ביז צו מארגנס צווייי בייטאג.גייען מיר מיט דער טאכטער אראפ פון דער שיף,צוזאמען מיט אנדערע הונדערטער פאסאזשירן. דער צווייטער חבר איז געווען - יורקעוויטש. ער האט דא שטיין זיין אויטא און מיר פארן אלע צו אים אהיים. מ'דער-פרייט זיך מיט אונדז אויסערגעוויינלעך. פארבראכט צוזאמען אןאנגענעמען אוונט,אין א חברישן שמועס. מיר דערמאנען זיך,אז איך קען יורקעוויטשעס פרוי נאך פון לאדזש,פון די יארן 1913-1914,ווען זיי,דריי שוועסטער,האבן אנגעהערט

צו דער "הארפע". מיר האבן געגעכטיקט ביי זיי, און אויף מאר-
גן האט אונדז יורקעוויטש צוגעשטעלט צו דער שיף. אויפן וועג
האט אונדז יורקעוויטש נאך געוויזן די שיינע שטאט, געקויפט
פרוכטן פאר אונדז, קוכן. דאס האט יעקב נירענבערג פון בוע-
נאס איירעס צוגעוויסן געגעבן, ווען מיר פארן פארביי ריא דע
זשאנעירא, און מ'זאל אונדז אפווארטן. אויך אין ב.איירעס
האבן אונדז אפגעווארט חברים, ווי אויך די סאוויצקעס.

מ'האט שוין אראפגעלאזט אלע פאסאזשירן אין ב.איירעס,
אויסער אונדז ביידע און נאך עפעס אן אוקראאינישן פארפאלק
מיט א קינד. דא האט מען זיך ערשט געכאפט אין דעם "טעות"
פונעם ארגענטינער קאנסול אין שוועדן, וועלכער האט אונדז
געגעבן די טראנזיט-וויזע און מ'פארהאלט אונדז אויף דער
שיף, ביז זיי וועלן דערליידיקן מיט די פאראגווייער דעם
דאזיקן ענין. אויף דער שיף האבן אונדז בנו לבנו באזוכט
די חברים נירענבערג און געססעל. פאר א פאר פעזעס האט מען
אונדז דערוייל, מיט א שומר, אראפגעלאזט אין שטאט אריין,
און מיר האבן א פאר אנגענעמע שעה פארבראכט בי די סאוויצקיס.

דער אוקראאינער, וואס איז געבליבן אויף דער שיף צוזאמען
מיט אונדז, האט אויך געהאט די זעלבע פראבלעמען, וואס
מיר. אין שמועס מיט אים האב איך מיך דערוווסט, אז ער שטאמט
פון לעמבעג, ארויסגעפילט, אז ער איז אן אינטערליגענטער מע-
נטש, און אז ער האט מיטגעארבעט מיט די דייטשן.

עס איז דעמאלט גראד פארגעקומען דער נירענבערגער פראצעס
און מיר האבן דיסקוטירט וועגן דעם. קומט ער ארויס מיט א
טענה, הלמאי האט מען אויך די רוסן צוגעלאזט צו זיין די בא-
שולדיקער אויפן פראצעס. די רוסן, זאגט ער מיר, זיינען דאך
נישט קיין קלענערע פארברעכער, גענאסיד-מענטשן, ווי די דייט-
שן, און נישט נאר אין דער היינטיקער צייט. איר יידן ווייסט
דאך דאס אמבעסטן. אויך זיי דארפן זיצן אויף דער באשולדי-

קונגס-באנק. זיי טראגן אויף זייער געוויסן די געוואלטיקע פארברעכנס,וואס זיי האבן אין דער פארגאנגענער און אויך אין דער זיינטיקער צייט אפגעטאן נישט נאר מיט אייך יידן,נאר אויך מיט אונדז,אוקראינער. זיי האבן ביי אונדז צוגענומען אונדזער זעלבסטשטענדיקייט,פארשקלאפט אונדז און מאסנווייז אויסגעהארגעט. זיי לאזט מען דאס צו צו זיין די גערעכטיקייט-זוכערס,צו באשולדיקן די דייטשן אין פעלקער-מארד? זיי לאזט מען דאס שפילן די ראל פון צדיקים?

ער האט מיר דערציילט די גאנצע מארטיראלאגיע זייערע,דאס אלץ,וואס אוקראינע איז אויסגעשטאנען אין די אלע הונדערטער יארן פון די רוסן,די שנאה,וואס זיי האבן אריינגעבראכט צווישןביידע שכנישע פעלקער.

עס איז געווען אינטערעסאנט אויסצוהערן זיינע ארגומענטן; איך האב מיך אבער נישט געשעמט אים פערזענלעך,ווי אויך זיינע חברים-אוקראינער באשולדיקן און פארצווארפן אין דער קאלאבאראציע מיט די דייטשן,אין זייער בלוטיקן יד אחת מיט זיי לגבי די יידן אין דער היינטיקער שרעקלעכער מלחמה.

כאראקטעריסטיש איז דער פאקט,וואס זיינע חברים -אוקראינער-אין בוענאס-איירעס,האבן אים מיט זיין פאמיליע,אויפן דריטן טאג אראפגענומען פון דער שיף אויף דער פריי (פראטעקציע ביים אייגענעם מענטשן -פעראנען). מיר האבן נאך געמוזט מיטמאכן די פאראגווייער אוואנטורע.

מ'האט אונדז מיט אן עקסקארטע צוגעשטעלט צו א שיף,וואס איז געגאנגען קיין פאראגוויי,איבערגעגעבן אין די הענט פון קאפיטאן. ס'איז גראד געווען א נארמאלע,באקוועמע שיף; מ'האט אונדז געגעבן א באזונדערע קאיוטע,און אויפן דריטן טאג זיינען מיר אנגעקומען קיין אסונסיאן,די הויפטשטאט פון פאראגוויי.

אויך דארט האט שוין דער קאלישער חבר פרץ קלעטשעווסקי געווּסט וועגן אונדזער קומען. דער "דזשאינט" האט אונדז

באזארגט מיט א האטעל. דא,אין אסונסיאן,האבן זיך אין די
האטעלן געפונען א פאר הונדערט יידן. דאס אלץ זיינען מענ-
טשן,וואס האבן "איינגעהאנדלט" וויזעס קיין פאראגוויי אויף
צו גיין צו פעלד-ארבעט. אבער די מאכט,יעדנפאלס די פני,וואס
האבן האבן גענומען באצאלט פאר די פאפירן,האבן קיינעם נישט
געטשעפעט. מ'האט זיך טאקע געמוזט רעגיסטרירן ביי זיי,אבער
יעדער איינער האט געווארט אויף א געלעגנהייט אריבערצוכא-
פן זיך קיין ארגענטינע.

דער ח' קלעטשעווסקי האט געהאט א טישלער ווארשטאט,א סטא-
לעריי אין וועלכער מ'האט אויסגעארבעט ביליקע מעבל.
זיי,די קלעטשעווסקיס,פרץ און זיין פרוי דארא,זיינען געווען
זער געמיטלעכע, שטילע מענטשן,אבער נישט איבריק קיין געזונטע.
מ'האט זיי אין אלע קרייזן שטארק געשעצט. עס איז אויך דארט
געווען א פארפאלק - פאוואנזעק - ,וואס איז צוזאמען מיט או-
נדז געפארן אויף דער שיף "דיזערערע". איר פאטער (א לאדזשער)
האט שוין יארן פאר דער מלחמה געוווינט אין אסונסיאן. מיר
האבן זיך מיט זיי אלע שנעל באפריינדעט.

דערווייל זיינען צו יענער צייט (1947) אין פאראגוויי
יעדע פאר וואכן פארגעקומען רעוואלוציעס,ענדערונגען אין דער
מלוכה-פירונג. און עס האבן זיך געמאכט שוועריקייטן אינעם
שמוגל פון "פאסאזשירן" קיין ארגענטינע. מיין טאכטער האט
אויסגענוצט די פרייע צייט און זיך גענומען געשמאק צו לער-
נען די שפאנישע שפראך.

ערשט אויף דער פערטער וואך פון אונדזער זיין אין פארא-
גוויי,האט זיך געמאכט א "געלעגנהייט" מיט א הידרא-אוויאן
מיט פאלשע פאפירן פאר גרויסע געלטער צו פליען קיין בוענאס-
איירעס. דארט האט זיך אנגעהויבן א נייע קאפיטל,סיי אין לע-
בן פון מיין טאכטער,סיי - אין מיינעם.

...............

א באדייטענדיקע ראלע צו מיין קומען קיין ארגענטינע,האט אויך געשפילט יעקב נירענבערג. ער איז פאר דער מלחמה אין לאדזש, געווען פארזיצער פונעם האלץ-ארבעטער-פאראיין און אין געטא איז ער געווען סעקרעטאר פון דער בונדישער ארגאניזאציע.

ער פלעגט כמעט יעדן טאג אריינקומען אין דער סטאלעריי,ווו איך בין געווען דער פארוואלטער. מיר האבן זיך צו ביסלעך גאנץ פריינטלעך דערנענטערט,איינגעלעבט. איך האב אויך אריינ-גענומען אין פא בריק אלס ארבעטער זיין פאטער און מוטער. אויך זיין פאטער האט זיך בשעת דער שפערע אויסבאהאלטן צווי-שן געשטאפלטן האלץ אויפן בית עולם. נירענבערג האט יעדן טאג באקומען ראדיא-ידעות ביים חזן טאפעל און פלעגט זיי מיר ברענגען,און מיר פלעגן ארומרעדן די דאזיקע ידיעות. ער פלעגט מיר אויך ברענגען נעמען פון חברים און חברטעס,וועל-כע מ'האט געדארפט,צוליב פארשידענע סיבות,איבערטראגן אין אונדזער רעסארט. ער פלעגט מיך אינפארמירן וועגן גאנצן פאר-טיי-לעבן אין געטא און אפט זיך בעראטן וועגן ערנסטע פא-טיי-פראבלעמען. צוליב מיין אפיציעלן אמט,בין איך פאר דרוי-סן געשטאנען אין א זייט פון אלע לויפנדיקע פארטיי-פראבלע-מען. נישט אבער ביי רומקאווסקין. ער האט גאנץ גוט געוווסט, ווער וואס עס טוט; אויסער דעם פלעג איך,נישט אפיציעל,ביי אים פון צייט צו צייט אינטערוועניר פאר בונדיסטן.

ווען די אפראוויזאציע,די בעקערייען,זיינען אריבער אין די הענט פון די יידישע געסטאפא-לייט - גערטלער און קליגער- און גערטלער פלעגט צענטליקער ארבעטער,אויף א וואך-צוויי, צוטיילן ארבעט אין די בעקערייען,כדי זיי זאלן זיך דארט אנעסן מיט ברויט און שטעלן זיך אויף די פיס,האט מיך יעקב נירענבערג געבעטן,איך זאל צוגיין צו גערטלערן און אינטער-ווענירן פאר זיינעטוועגן,אז מ'זאל אויך אים,נירענבערגן, געבן ארבעט אין א בעקעריי,ער זאל זיך קענען זאט אנעסן דארט.

און חשק בין איך געגאנגען צו גערטלערן,אויסגעהערט פון אים מוסר-רייד:"אויך בונדיסטן קומען שוין צו מיר",און גע-געבן אים,נירענבערגן,אן ארבעט אין א בעקעריי אויף צוויי וואכן. ער איז טאקע ביי דאזיקער ארבעט געקומען צו זיך.

ביזן לעצטן טאג פון געטא,זיינען אונדזערע פערזענלעכע באציונגען געבליבן קארעקטע,פריינטלעך-חברישע. נאכן באפריי-ען זיך פון דייטשן לאגער,זיינען,ער מיטן ברודער מאיר,גע-קומען קיין בריסל. ער האט זיך שנעל דערוווסט,אז אויך איך בין לעבן געבליבן,און מיט פרייד,זיך געשטעלט אין פארביג-דונג מיט מיר אין לאדזש. ער האט מיר געשריבן,אז ער האט ווינען א שוועסטער אין ארגענטינע,און ער מיטן ברודער, קלויבן זיך צו עמיגרירן קיין ארגענטינע.

דערווייל האט זיך צו מיר,אין לאדזש, געמאלדן זיין יינ-גערע שוועסטער,רבקה,וועלכע איך האב געראטעוועט פון דער אויסזידלונג אין געטא,און וואס איז איצט צוריקגעקומען פון א לאגער. איך האב איר געגעבן דעם אדרעס פון אירע ברי-דער אין בריסל און געגעבן איר,אויף איר ביטע,3000 זלאטעס אויף הוצאות.

איך האב נישט געמאכט קיין סוד פאר נירענבערגן,אז איך פארדינ נישט שלעכט אין לאדזש און שיק איבער געלט קיין שוועדן,צו מיין שוואגער.

רבקה איז געקומען צו די ברידער קיין בריסל און זיי הא-בן שפעטער,אלע דריי,עמיגרירט צו זייער שוועסטער קיין אר-גענטינע. יאנקל נירענבערג האט אין ב.איירעס גענומען א קעס-סל סטאלער-געצייג אויף דער האנט און געהאט פרנסה פון קליי-נע סטאלארסקע ארבעטן ווו ס'האט זיך געמאכט.

ווען איך האב אים שפעטער,שוין פון שוועדן,געשריבן ווע-גן סאוויצקעס באזוך און מיינע ארגענטינער פלענער,האט אויך ער מיר שטארק צוגערעדט דערצו. ער האט מיר געשריבן וועגן די

מע גלעכקייטן מיט קליינע געלטער זיך שאפן א גוט,רויק לעבן.
אז דער יידישער ישוב אין ארגענטינע און אונדזער ארגאניזא-
ציע,פירן א שיינע געזעלשאפטלעכע טעטיקייט; אז מיין טאכטער
וועט דארט לייכט און שנעל קענען זיך געפינען אן אנטשפרע-
כנדיקן יידישן פארטנער און שאפן זיך א פאמיליען לעבן,און
אז אויך איך דאסזעלבע.

איך האב מיך אפגעשטעלט א ביסל ברייטער אויף דער פערזאן
-יאנקל נירענבערג-,און עס וועט מיר נאך אויסקומען שפעטער
מער צו דערציילן וועגן אים,ווייל ער האט אין אונדזער אר-
גענטינער לעבן,נישט שטענדיק געשפילט אן אויפריכטיקע און
אומשולדיקע ראלע,און האט מיר דארט פארשאפט גרויס עגמת נפש.

.....................

און איצט קום איך צוריק צו מיין פריינט אידל סאוויצקי,
מיט זיין משפחה,וואס איז געווען דער אנרעגער דערצו,אז מיר
זאלן קומען קיין ארגענטינע. דער פאטער זיינער,מיט צוויי
זין,זיינען אין לאדזש געווען גרויסע שמאטע-הענדלערס.מ'האט
אויך געפירט עקספארט-געשעפטן מיט שמאטעס. בימי "גראבסקי"
זיינען זיי שטארק פארארעמט געווארן,עס האט אנגעהויבן צו
גיין ביי זיי וואס אמאל ערגער,ביז מיין פריינט האט זיך דע-
צידירט צו עמיגרירן קיין ארגענטינע צו קרובים פון זיין פרוי
די ערשטע צייט,צוגלייך מיט אנדערע עמיגראנטן,האט מען "גע-
טאפט א וואנט",אבער מיט דער צייט האט מען זיך דערשלאגן צו
א גוטער עקאנאמישער פאזיציע,און גראד אויך אין זיין "שמא-
טעס-בראנזשע". געארבעט האט ער מיט א זון. ווען מיר זיינען
אנגעקומען קיין ארגענטינע,האט ער,סאוויצקי,זיך געקליבן צו
מאכן די צווייטע רייזע קיין פוילן,מיט וועלכער ער האט שוין
געהאט אנגעקניפט האנדלס-באציונגען,אין דער צייט ווען ער
איז געווען ביי אונדז צו גאסט אין שווערן.

די סאוויצקיס האבן אונדז צוגעזאגט אפצוטרעטן זייער

גרעסערע דירה,אויף מעדראנא 391;ביז עס וועט פארענדיקט ווע-
רן דער רעמאנט פון זייערס אן אייגן שטוב,האבן מיר דערווייל
געוווינט אין א פענסיאן,אין צענטר פון דער יידישער געגנט.

איך האב דא,אין בוענאס-איירעס,געטראפן א גרעסערע צאל
אלטע באקאנטע פון לאדזש,אויך חברים פון א האלבער וועלט.
אנגעהויבן צו גיין אויף לעקציעס,רעפעראטן,זיצונגען. אומע-
טום האט מען געהערט די וווילקלינגענדיקע יידישע שפראך;אויך
די שפאנישע,איז מיר געווארן וואס אמאל נעענטער,אנגענעמער
צו הערן. מיין טאכטער האט גאר שנעל געכאפט די שפאנישע
שפראך. זי האט זיך גיך געשלאסן באקאנטשאפט מיט יונגע יידי-
שע מענטשן פון ביידע געשלעכטער,צומערסטנס פון די,אזוי גע-
רופענע,גרינע,פויליש-רעדנדיקע.

מיין טאכטער האט זיך באקאנט מיט א לאדזשער יונגערמאן,
פון די "גרינע",דוד פעלדבערג,וואס האט צוזאמען מיט א ברו-
דער איבערגעלעבט די מלחמה-צייט אין שאנכייער געטא. זיינע
עלטערן האבן אין לאדזש געהאט א גרעסערע הורט-אונטערנעמונג
פון ביינוולנע שטאפן. נאכן ענדיקן די מיטל-שול אין לאדזש,
האט אים דער פאטער געשיקט קיין ישראל,אלס א חלוץ. קורץ
פאר דער מלחמה איז ער צוריקגעקומען פון ישראל און בשעת
דעם מלחמה-אויסברוך,איז ער צוזאמען מיט דער גאנצער משפחה,
דורך גאנץ רוסלאנד,געקומען קיין יאפאן. דער פאטער האט גע-
האט חוינען א נאענטן פריינט אין ארגענטינע,און דער לעצטער
האט דעם אלטן פעלדבערג,מיט דער פרוי,פון שאנכיי אריבערגע-
נומען קיין ארגענטינע. ווען די מלחמה האט זיך געענדיקט,
האבן זיך די זין געלאזט צו די עלטערן קיין ב.איירעס,אבער
קורץ פאר זייער קומען,זיינען זייערע עלטערן,ביידע,געשטארבן.

מיין טאכטער האט מיר פארגעשטעלט דעם יונגערמאן - א הויי-
כער,א שלאנקער,מיט א 10 יאר עלטער פון איר. ווער די עלטערן
זיינען געווען אין לאדזש,האב איך געוווסט,האב איך באגריסט

און געפרייט זיך מיט מיין סאכסערס אויסוואל. געשטעלט א חופה, און מיר דריי, האבן צוזאמען זיך אריינגעצויגן אין דער דירה, וואס די סאוויצקיס האבן אונדז איבערגעגעבן.

מיין סאוויצקי, אויף וועלכן איך האב אויסגעשטעלט, איז זייענדיק אין פוילן, ערנסט קראנק געווארן און האט דארט גע-מוזט פארבלייבן א לענגערע צייט. האב איך מיך דערווייל ארומגעדרייט און גארנישט געטאן.

נאך פאר מיין קומען קיין ארגענטינע, האט יאנקל נירענבערג מיט א צווייטן סטאלאר, פישמאן, געדונגען א צימער ביי א בא-קאנטן יידן, אריינגעשטעלט דארט א קרייז-זעג און גענומען מאכן ביליקע שענקלעך און אנדערע קליינע מעבל-שטיק.

איך פלעג אפט קומען צו נירענבערגן אין זיין סטאלעריי. זאגט מיר אמאל נירענבערג, אז עס איז דא צו קויפן אויף דער גאסמארטין פיערא (ווייט פון צענטער) פאר ביליק געלט א פא-בריקס-לאקאל. מ'וועט אריינשטעלן א פאר מאשינען און פארגרע-סערן די פאבריק. אזוי, ווי איך האב א פאר טויזנט דאלאר, זאל איך ווערן א דריטער שותף. פאר מיין געלט וועט מען קויפן נייע מאשינען, געבן האנטגעלט פארן לאקאל און זיי, נירענבבערג און פישמאן, וועלן, פון זייערע פארדינסטן, מיט דער צייט אויס-צאלן זייער חלק פון די אינוועסטיציעס.

אזוי, ווי איך בין אין געטא געווען א פאר יאר באשעפטיקט אין דער האלץ-בראנזשע, איז זי מיר נישט געווען פרעמד, בין איך איינגעגאנגען אויף יאנקלס פארשלאג. מיר האבן געקויפט די פאבריק, מאשינען און זי האט זיך שנעל אנגעהויבן צו אנט-וויקלען. אין געטא בין איך געווען טעטיק ביי מאסן-פראדוק-ציע, און אזוי ווי כ'האב באמערקט, אז מיינעביידע סטאלארעס זיינען ווייט פון צו זיין אויסגעפרווטע, פראקטישע גוטע מעבל-טישלערס, האב איך דורך צירקולאר-בריוו אנגעהויבן צו זוכן פאבריקן, וואס האבן נייטיק האלץ-טיילן צו דער פראדוק-

ציע פון זייערע אויסארבעטונגען. און ס'איז געווארן אן ענין.

אין א צייט ארום זאגט צו מיר נירענבערג: צו וואס האבן מיר נייטיק א דריטן שותף -פישמאנען-, קיין געלט אין דער פאבריק האט ער נישט ארייגעלייגט, וועט מען אים קיין סך נישט דארפן אויסצאלן. מיר איז די זאך געווען נישט געווען גאנץ קשה, אבער נישט איך האב אים אריינגעבראכט אין דער פאבריק, און פאר מיר איז ער בכלל געווען א פרעמדער, האב איך נירענבערגן געגעבן פרייע הענט צו דערליידיקן דעם ענין.

און מיר זיינען געבליבן אין צווייען.

מיין איידעם, דוד פעלדבערג, האט געהאט איבערגענומען די געשעפטן פון זיין פאַרשטארבענעם פאטער און האט דערפון געצויגן פרנסה. דאס געשעפט זיינס האט קיין צו גרויסע פארדינסטן נישט געגעבן, אבער ער האט זיך אן עצה געגעבן.

צום יאר האט מיין טאכטער געבוירן א שיין, געראטן יינגעלע. זיי האבן אים א נאמען געגעבן -אלעקסאנדער לעאן-. איך האב אים שטארק ליב באקומען - ער האט געטראגן די נעמען פון מיינע צוויי זין - אלעקסאנדער, וואס איז געשטארבן אלס קליין קינד אין לאדזש, און -לעאן- איז געווען דער סטודענט מיינער, וואס האט פארלוירן זיין לעבן אין דער מלחמה-צייט. (לעאן האט אויך געהייסן דער פאטער פון מיין איידעם).

איך פלעג ־עם אייניקל מיינעם אוועקגעבן כמעט יעדע פרייע צייט, זיך שפילן מיט אים, גיין מיט אים שפאצירן, געקויפט אלערליי שפילצייגן, א וועליסאפעד, און דערמאנט זיך די יונגע יארן מיינע, ווען איך פלעג ־מיך שפילן מיט מיינע קינדער, ווען זיי זיינען געווען קליין. איך האב נאך שוואך געקענט שפאניש, אבער שוין אויף אזוי פיל, איך זאל פאר דעם בחורל פארלייענען פארשידענע אילוסטרירטע קינדער-מעשהלעך און געפרייט זיך פון זיין גייסטיקער אנטוויקלונג.

יעדן טאג בין איך גאנץ פרי געפארן אין פאבריק אריין,

און אז עס פלעגט זיך אונטעררוקן די צייט פון 4 א זייגער נאכמיטאק, ווען מיר פלעגן שליסן די פאבריק, האב איך שוין וואס גיבער געוואלט זיין אין דער היים, כדי צו קענען פאר-ברענגען מיטן אייניקל מיינעם.

שפעטער איז געבוירן געווארן א שיין, זיס מיידעלע ביי מיינע קינדער, וואס האט באקומען דעם נאמען -מאניקא-העלענא-(מאניקא, איז געווען נאך מלכהן -מיין אומגעבראכטע פרוי און די מוטער פון מיין טאכטער).

אונטער דער צייט האב איך מיך באקאנט מיט א סימפאטישער, שיינער און קלוגער אלמנה -זשעניא קאגאן. זי האט זיך געפו-נען אין ארגענטינע זייט דעם יאר 1930. געקומען איז זי פון פאדאל צו אירס א שוועסטער. איר פארשטארבענער מאן איז גע-ווען א דענטיסט און זיי האבן געהאט א גרויסע דירה אויף דער גאס פאסא. זי האט געהאט א קינד, א יינגעלע, וואס איז געשטארבן אלט זייענדיק זעקס יאר. אין נאוועמבער 1951 האבן מיר חתונה געהאט און איך האב מיך אריינגעצויגן צו איר אין דער גרויסער דירה. איך בין געווען צופרידן פון מיין אויס-וואל. מיר האבן זיך גוט פארשטאנען און איינגעלעבט. זי איז געווען א געזעלשאפטלעך געשטימטע פרוי (מיט רויטע טענדענצן, פון וועלכע זי האט זיך גיך אויסגעהיילט), גערעדט א געשמאקן פאדאלער יידיש, געקענט גוט שפאניש און מיר פלעגן אפט ארויס-גיין און פארברענגען צוזאמען. זי האט זיך אויך שטארק דער-נענטערט צו מיין טאכטער (קעגנזייטיק) און די אייניקלעך. איך האב זי אויך באקאנט מיט די טאוויצקיס, ביי וועלכע זי האט שטארק אויסגעמונען, אויך ביי אנדערע באקאנטע מיינע.

עס איז דעמאלט געווען גראד די צייט, ווען די דירות האבן מחמת פארשידענע דעקרעטן, זייערע באלעבאטים כמעט נישט גע-געבן קיין פראפיטן, און די לאקאטארן האבן פאר קליינע געלטער געקענט אפקויפן די דירות, אין וועלכע זיי האבן געוווינט,

האט מיין פרוי פארקויפט איר גרויסה דירה אויף פאסא און מיר האבן געקויפט א קלענערע אויף דער גאס ריוואדאוויא.

מיין איידעם האט געהאט נאך א דריטן ברודער אין בראזיל, אין סאן פאולא. יענער האט אים איינגערעדט, אז אין בראזיל קען מען לייכטער מאכן א שיין לעבן, ווי אין ארגענטינע, און עס האט לאנג נישט געדויערט און מיין טאכ.ער, מיט איר מאן און די קינדער זענען אוועק אהין, קיין סאן פאולא. די וווינונג אויף מעדראנא איז געווען א גרעסערע, א באקווע- מערע, האבן מיר פארקויפט די די דירה אויף ריוואדאוויא, און זיינען צוריק אריין אויף מעדראנא 391, די זעלבע, וואס די סאוויצקעס האבן אונדז אמאל אפגעטרעטן. מיט דער צייט האבן מיר זי געקויפט אלס אייגנטום.

.................

איך האב ביז איצט גארנישט דערציילט וועגן ארגענטינע און איר גרויסער הויפט-שטאט -בוענאס-איירעס, און וועגן דעם ארט, וואס זי פארנעמט אין דארטיקן לעבן, און פארלעמען ביי יידן. ס'איז גענוג צו זאגן, אז די צאל פון איר באפעלקערונג ציילט כמעט א דריטל פון דער באפעלקערונג פון גאנצן לאנד. און בונאס-איירעס קען אימפאנירן מיט איר פארנעם. איך, אלס גרויס-שטאטישער, בין נישט איבעראשט געווארן פון איר טומל- דיקייט, פון דעם רעש, פון די גרויסע געשעפטן, פון די בוסן, טראעבוסן, אויטאס, מעטראס (אונטערערד-באנען). ווען מיר זיי- נען אנגעקומען אהער, האבן נאך קורסירט טראמווייען, וואס זיי- נען ערשט שפעטער אפגעשאפט געווארן.

נאך זייענדיק אין פאראגוויי, האב איך געלייענט א ביכל (אין יידיש) וועגן ארגענטינע, וועגן איר גרייס און אנטוויק- לונג, וועגן דער רייכקייט פון איר ערד, וועגן די לאנגע טייכן אירע, וועגן די מיליאנען בהמות, וואס פאשן זיך אויף די אומענדלעכע ארגענטינער פעלדער און סטעפעס, וועגן דער שפע

פון פלייש און ברויט. געלייענט אבער אויך וועגן דער גרוי-סער ארעמקייט, וואס הערשט צווישן דעם ברייטן עולם.

עס זיינען נאך צו יענער צייט געבליבן אין א פאר פראווינ-צן יידישע ערד-באזיצער, פויערים, רעשטלעך פון באראן הירש'ס קאלאניזאציע. די קינדער און אייניקלעך זייערע זיינען אוועק אין דער שטאט, געענדיקט אוניווערסיטעטן, געווארן די אריסטא-קראטיע צווישן דער יידישער אינטעליגענץ. א באגרענעצטע צאל פון זיי נעמט אנטייל אינעם אלגעמיינעם יידישן לעבן.

(איך האב זיינערצייט אנגעשריבן א גרעסערע ארבעט וועגן 80 יאר יידישע קאלאניזאציע אין ארגענטינע).

די יידן, ווי אומעטום, זיינען געווען קאנצענטרירט ביים האנדל און קליין-אינדוסטריע. די אונטערנעמונגען זייערע האבן זיך געפונען אין פארשידענע פונקטן פון דער גרויסער שטאט.

עס האט צו יענער צייט מיט א שטארקער האנט געהערשט פע-ראן מיט זיין ווייב, עוויטא. עס איז געווען באלד נאך דער מלחמה און אלץ האט אויפגעלעבט און מ'האט געמאכט גוטע גע-שעפטן.

פעראן איז אנגעגאנגען, ווי דער "פארטיידיקער פון דעם אונטערדריקטן פאלק", און מ'דארף אנערקענען, אז אין פארגלייך מיט די פריערדיקע א.ג. דעמאקראטישע רעגירונגען, האט ער בא-דייטנד פארבעסערט די סאציאלע לאגע פונעם ארבעטס-מענטש, און געהויבן זיין חשיבות.

בלויז אויף די הויפט-גאסן, און די זייטיקע צו זיי, האט מען געזען גרעסערע, מאדערנערע הייזער; אויף דער רעשט גאסן זיינען מערסטנס געשטאנען איין און צוויי, זעלטענער דריי-שטא-קיקע שטיבער, אפגעלאזטע, אן אסענסארן (עלעוויטערס); אייז-קאסטנס אויף עלעקטריע זיינען ווייניק בענוצט געווארן, ווייל די עלעקטריע קראפט האט שטארק אונטערגעהינקט; די

צאל טעלעפאנען איז געווען א באשרענקטע,און דאס שלעכט פונ-
קציאנירנדיקע.

עס האבן אבער נישט געפעלט קיין אינטערעסאנטע ערטער
ווו צו פארברענגען - טעאטערס,סינעס,דאס גרויסע אפערן-הויז,
רעסטאראנען,קאפע-הייזער אויף יעדן שריט. עס האט געבליט א
פארצווייגט נאכט-לעבן.

אויך אויף דער יידישער גאס האט פולסירט אן אינטערעסאנט
געזעלשאפטלעכט לעבן. ס'זיינען דערשינען צוויי טעגלעכע
יידישע צייטונגען "די יידישע צייטונג" און"די פרעסע" און
א שלל אויסגאבעס פון פארשידענע פאליטישע ריכטונגען,אויך
בונדישע. עס האט נאך צוויי-דריי טעג אין דער וואך געשפילט
נארמאל א יידיש טעאטער,מיט גוטע כוחות;אויך דער "איפט"
פלעגט געבן פארשטעלונגען מיט יינגע ארטיסטן.

מ'האט זיך געשפיגלט אין די צוויי יידישע טעגלעכע שולן,
מיט דער יידישער אונטערטעס-שפראך - די בונדישע י.ל.פרץ-
שולע און די פ.צ.-קישע שלום-עליכם-שולע,מיט זייערע גוט-
איינגעשטעלטע קינדער-גארטנס. דערביי א גרעסערע צאל אנדערע
יידישע שולן,קלענערע. דאס זעלבע אויף דער ברייטער פראווינץ.
גרויס דערפאלגהאט אויך געהאט דער יידיש-העברעאישער לערער-
סעמינאר,וואס האט צוגעגרייט אן אנטשפרעכנדיקן לערער-פער-
סאנאל פאר די שולן.

אין דער צייט,ווען איך בין געקומען אין לאנד,זיינען גע-
קומען אהער,יעקב פאט און גינגאלד,און האבן דא געשאפן אן
אפטיילונג פון יידישן קולטור-קאנגרעס. די "ייווא" האט
שוין דא פון פריער געפירט איר טעטיקייט,געהאט ארגאניזירט
א רייכע ביבליאטעק. עס פלעגן פארקומען לעקציעס,רעפעראטן,
פארשטעלונגען,מיט אייגענע און געבראכטע כוחות. עס האט,מיט
איין ווארט,פולסירט א גייסטרייך יידיש געזעלשאפטלעך לעבן,
און ס'איז געווען ווו זיך אויסצולעבן און פארברענגען.

אין דער זעלבער צייט איז בכלל פארגעקומען א גרינטלעכע ענדערונג אין ארגענטינער יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן - אויפן ארט פון דער פארשימלטער חברה קדישה איז געקומען די יידישע קהילה (אמיא), אין מזרח אייראפעישן זין, א דעמא-קראטיש געוויילטע, מיט פארשטייער פון פארשידענע פאליטישע פארטייען. (דער "בונד" האט, דורך דער י.ל.פרץ-שול, געהאט דארט א פאר פארשטייער). ס'איז אינטערעסאנט, אז דער רעליגיע-זער סעקטאר האט זיך אין דער קהילה כמעט ווי נישט אנגעזען, קיין רב הכלל איז נישט געווען, און אין שטאט איז נישט גע-ווען קיין איין כשר'ער רעסטאראן.

פארשטענדלעך, אז דאס דאמינירנדיקע וועלטלעך-יידישע לעבן האט מיר אימפאנירט, פאראינטערעסירט, און איך בין נישט גע-שטאנען אין א זייט - מיטגעארבעט און געלאזט זיך קאסטן. די בונדישע גרופע איז נישט געווען קיין צו גרויסע, אבער אן אקטיווע, א לעבעדיקע, א שאפנדיקע.

עס איז דעמאלט געקומען צופארן פון ניו-יארק דער חבר עמנואל נאוואגרודסקי, דער גענעראל-סעקרעטאר פון אונדזער באוועגונג, וואס האט צוגעגעבן מוט און אימפולס דער בונדי-שער גרופע, דורכגעפירט א דערפאלגרייכע זאמל-אקציע פארן ק.ק. און געווארפן גלייכצייטיק דעם געדאנק וועגן שאפן אן אייגענע קולטור-און-הילפס-ארגאניזאציע. און אזא ארגא-ניזאציע איז געשאפן געווארן - די נשמה פון איר איז געווען דער אימפולסיווער חבר גרשון געסטעל, און מיט אים נאך א פאר חברים (איך בתוכם). מ'האט געקויפט אונטער דער שטאט א גרעסערע קינטע (קאנטרי) און געקרוינט זי אויפן הייליקן נאמען פון אונדזערע מארטירער- ערליך און אלטער -היים.

אהין פלעגן יעדן שבת-זונטיק ארויסקומען צענטליקער חברים און חברטעס מיט זייערע פאמיליעס און מ'האט אין היימישער אייגענער סביבה פארבראכט דארט און געמיטלעך ארומגערעדט

אלערלליי פראבלעמען פון טאג. מ'פלעגט דארט אויך איינאר-
דנען לעקציעס,רעפעראטן,שמועסן אויף ליטעראַרישע און פאלי-
טישע טעמעס,צוזאמען פארציען באקאנטע און פאפולערע לידער.
יעדער האט געבראכט מיט זיך וואס צו קייען און איינער האט
דעם צווייטן מהנה געווען מיט געשמאקע,היימישע מאכלים.
עס האט דארט שטענדיק געהערשט א היימישע,חברישע אטמאספער.

עס האבן זיך דעמאלט,ביי אלע פאליטישע גרופירונגען,גע-
שאפן שפאר-און-ליי-קאסעס (פינאנס-קאאפעראטיוו) און אויך
מיר זיינען נישט אפגעשטאנען. געשאפן אזא קאאפעראטיוו א.נ.
"וויאמאנטע",וועלכע האט מיט דער צייט געקויפט אן אייגענעם
לאקאל ,אין וועלכן עס האבן זיך אויך געפונען די ביוראען
פון דער פארטיי,פון איר חודש-אויסגאבע "אונדזער געדאנק"
און פון דער געזעלשאפט "קולטור און הילף" מיט א גרעסערן
זאל אויפן נאמען פון "ביינוש מיכאלעוויטש". (אויף דעם איבע-
בוי פון לאקאל האב איך,צו מיין ענדיקן 70 יאר,זיך באשטיי-
ערט מיט הונדערט טויזנט פעזעס (דעמאלט 500 דאלאר).
מיר פלעגן דארט סיסטעמאטיש איינארדנען פארשידענע קולטור-
אונטערנעמונגען,וועלכע האבן שטענדיק געהאט גרויס דערפאלג.

די בשלומדיקייט אין אלגעמיין-יידישן לעבן,ווי אויך אין
אונדזער אייגענעם לאגער,האט נישט שטענדיקט אויסגעזען אזוי,
ווי איך האב :י ביז איצט געשילדערט. איך וועל מיך אומקערן
דערצו שפעטער.

.........................

איך בין פון די לאגערן צוריקגעקומען נישט אינגאנצן קיין
געזונטער. נאך זייענדיק,נאך דער מלחמה,אין שוועדן,האב איך
דערפילט געוויסע שוועריקייטן ביים הארצן.(איך בין שוין צו
יענער צייט אלט געווען 50 יאר). מיין פלימעניק,האראלד
עליאש,א הארץ-ספעציאליסט,האט דעמאלט פעסטגעשטעלט ביי מיר
אנגינא פעקטאריס,אויפן גרונט פון ארטעריא סקלעראזיס.

דאס האט געקענט קומען ביי מיר בירושה פון מיין טאטע-מאמע, וואס האבן אויך געליטן אויף דערויף. דאסזעלבע האבן מיר אויך שפעטער געזאגט די ארגענטינער דאקטוירים,געגעבן מיט-לען,רעקאמענדירט צו פירן א רויק לעבן,נישט אויפצורעגן זיך. בוענאס-איירעס האט א קלימאט נישט ספעציעל קיין געזונטן, דערהויפט אין די ווינטער חדשים זייערע (יוני,יולי,אויגוסט) און איך בין מיט מיין פרוי א פאר מאל געווען אין דער אר-גענטינער שיינער בערגיקער געגנט,קארדאבא,און זיך דארט גע-פילט א סך בעסער. - מיין כראנישע קראנקהייט האט מיר אבער נישט געשטערט אנצוגיין מיט מיין נארמאלער אלטעגלעכער אר-בעט,סיי אין פריוואטן,ווי אין געזעלשאפטלעכן לעבן.

איך בין געשטאנען אין א לעבעדיקן קאנטאקט מיט מיין טאכ-טער אין בראזיל,אבער שטארק געבענקט נאך זיי און נאך מער נאך די טייערע אייניקלעך. זיינען מיר,מיט דער פרוי,מיט א שיף צוגעפארן צו זיי. דערפרייט זיך,דערקוויקט דאס הארץ מיט די צוויי שיינע,זיסע קינדערלעך. מיין איידעם האט נאך אבער נישט געהאט קיין פעסטע מאטעריעלע פאזיציע,און דאס האט אונדז געקאסט א סך געזונט. מיר האבן נאך צוויי וואכן פארלאזט סאן פאולא מיט דער האפנונג,אז מיין איידעם וועט זיך מיט דער צייט דארט איינארדענען,אדער גאר צוריקקומען קיין בוענאס-איירעס.

מיר האבן שוין גלייכצייטיק באזוכט די שוועסטער פון מיין פרוי אין ריא דע זשאנעירא,מיט איר גרעסערער פאמיליע. זיי זיינען שוין דארט געווען לאנגיאריקע תושבים,קינדער פראפעסיאנאלן,שטודירנדע אייניקלעך. מ'האט אונדז שיין אויפגענומען,געוויזן די פרעכטיקע שטאט ריא,וואס ליגט צווישן בערג און וואסער. א באצויברנדיקע פאנאראמע. אבער מ'זעט צוגלייך א גרויסע ארעמקייט און אפגעלאזנקייט צווישן גרוי-סע טיילן פון איר באפעלקערונג.

די פאבריק אונדזערע אויף מארטין פיערא איז געווען א
קליינע,נישט קיין באקוועמע. מ'האט אונדז פארגעלייגט א
נייעם פאבריקס-בנין אויף דער גאס אריסטענדי:גרעסער,שענער,
באקוועמער,צוויי שטאק,נאענטער צו דער שטאט,און אויף צוגענ-
גלעכע באדינגונגען,מיט א היפאטעק אויף דריי יאר. און דערצו
איז צו דער גאס געווען א גוטע דירה,וואס האט נירענבערגן
שטארק געלאקט,ווייל ער האט שוין דערווייל חתונה געהאט
און געהאט צוויי קינדער. די אלטע פאבריק האבן מיר לייכט
פארקויפט און געקויפט די נייע. זי האט זיך אנגעהויבן שיין
צו אנטוויקלען. די אויסגאבן דא,זיינען געווארן גרעסערע,
מ'האט געדארפט צאלן ראטעס פון דער היפאטעק,אבער די אויס-
זיכטן זיינען געווען גוטע. נירענבערג האט געארבעט ביי א
מאשין,געהאט צוויי ארבעטער-געהילפן,איך האב געפירט דעם
פארקויף און דעם אדמיניסטראטיוון טייל.

מיין שותפות מיט נירענבערגן האט אבער לאנג נישט אנגע-
האלטן. ער איז פריער פטור געווארן פון איין שתוף און האט
באשלאסן אויך מיך ארויסצושטופן. ער האט געקלערט,אז ער איז
דער בעל מלאכה,קען ער דאך אויף מיין ארט צונעמען אן אנגע-
שטעלטן,און האבן די גאנצע פארדינסנטן פאר זיך.

ער האט מיך ארויסגערופן אין א קאפע,כיטרע פארגעלייגט
איך זאל אפקויפן די גאנצע פאבריק,אים ארויסצאלן זיין חלק.
איך בין געבליבן פריסטשמעלעט פון זיין פארשלאג. ער האט
גוט געוווסט,אז איך וועל דעם פארשלאג נישט אננעמען,ווייל
דער באלמעלאכע איז ער,און נישט איך. איך האב אין דעם מא-
מענט נישט געקלערט וועגן דעם,אז איך קען בלייבן אן פרנסה.
פארדראסן האט מיך שטארק זיין אומדאנקבארקייט,דאס פארגעסן
די טובות,וואס איך האב צוגעטיילט דער גאנצער משפחה זיינער
אין געטא און אים אליין געמאכט,שוין דא,א דאנק מיין פי-
נאנציעלער הילף,פאר א מענטשן מיט א פאזיציע,טאר א באלעבאס

פון א גרויסער סטאלעריי,פאר א פאבריקאנט.

מיר האבן זיך פארלאזט אויף צוויי סוחרים פון דער בראנ-זשע,און מיט דער מאטעריעלער מיטהילף פון זיין משפחה,האט ער מיר אויסגעצאלט דאס,וואס איז געווארן צוגעפסקנט.

פארשטענדלעך,אז מיטן פאלן פון דער ארגענטינער וואלוטע, האב איך פאר מיינע ארייגעלייגטע דאלארן אין דער פאבריק, באקומען שוין בלויז א טייל פון זייער ווערט.

איך וויל דא באמערקן,אז מיט מיין אוועקגיין פון דער פאבריק,האב איך אין רעזולטאט ווייניק וואס פארלוירן. איך וואלט געזאגט,אז איך האב מיך שפעטער בעסער אריפגעארבעט פון אים. אבער די מיאוסע,עגאיסטישע,ווייט נישט חברישע האנדלונג נירענבערגס,איז געבליבן ביי מיר ווי א מעשה סדום, און מאכט מיר שווער דאס הארץ אויף אים ביזן היינטיקן טאג.

.......................

כמעט אין דער זעלבער צייט,ווען איך האב געהאט דעם קאנ-פליקט מיט נירענבערגן,האבן מיר געקריגן א גרויסן,טראגישן קלאפ אין בראזיל. מיין איידעם האט זיך דארט פארבונדן מיט איינעם א זגערזשער פארמעגלעכן מענטשן און דאס געשעפט האט זיך אנגעהויבן גוט צו אנטוויקלען. יענער האט געהאט אן אויטא און ביידע זיינען אין איינעם א פרימארגן געשעפטלעך געפארן איבער די בערג פון פאולא קיין ריא. געפירט דעם אויטא האט דער שותף, עס איז אנגעפארן א גרויסער לאסט-אויטא און האט זיי אומגליקווייז איבערגעקערט און ביידע דערקוועטשט. און אין א פארטאג האט מען מיין טאכטער,מיט ביידע יתומים געבראכט צו אונדז אין שטוב אריין.

די טראגעדיע איז געווען גרויס. גראד געמאלט,האבן זיך ביי מיר,אין פארבינדונג מיטן ענין-נירענבערג,פארגרעסערט מיינע הארץ-ווייטאקן (אנגינא פעקטאריס) און איך בין גע-לעגן אין בעט. ס'איז לייכט זיך פארצושטעלן מיין פארלוירנ-

קייט און דערשלאגנקייט,ווען כ'האב זיך דערוווסט די סיבה פון זייער קומען צו אונדז. מיין פרוי איז געווען ענערגי-שער פון מיר און גלייך איינגעארדנט ביי אונדז די קינדער מיט דער טאכטער. מיין פרוי האט בכלל ארויסגעוויזן א סך הארץ צו זיי.

איך האב ערשט דעמאלט געהאט איינגעפעדעמט א געשעפט מיט האנדל מיט דיקטן. מעגלעך,אז דאס וואלט געווען נישט קיין שלעכט געשעפט. אבער דורך אונדזערע גוטע פריינט,די לאדזשער זילבערשטיינס,האבן מיר זיך באקאנט מיט א טריקאטאזש-פאברי-קאנט,מיעדזשינסקי,אויך א לאדזשער,וואס האט געהאט אין דער פארשטאט פון בוענאס-איירעס,האעדא, א פאבריק,נישט קיין גרויסע,פון טריקאטאזש-ארויסארבייטונגען. ער האט געזוכט א שותף. און איך בין אריין אין דער טריקאטאזש-בראנזשע.

מיין אייניקל,דעם יינגעלע,אלעקסאנדער,האט מען אריינגע-געבן אין א פארמאכטער ענגלישער שולע,נישט ווייט פון דעם ארט,וווּ עס האט זיך געפונען די טריקאטאזש-פאבריק מיינע, און איך פלעג אים אויף שבת-זונטיק ברענגען אהיים. דאס מיי-דעלע,מאניקא,האבן מיר אריינגעגעבן אין קינדער-גארטן פון דער י.ל.פרץ-שולע,ווו זי פלעגט פארברענגען גליקלעך א שיי-נע פאר שעה א טאג. מיין טאכטער ווידער האט זיך ווידער אנ-געשלאסן אין איר פריערדיקער גזועלשאפט,און באקומען א פאסטן (אויך אין דער טריקא-בראנזשע) ביי באקאנטע.

אונדזער אייניקל,דאס יינגעלע,האט זיך שלעכט געפילט אין דער פארמאכטער שולע; ער האט געוואלט זיין מיט זיין שוועסטערל,מיט דער מאמען זיינער,מיט אונדז אלעמען,און מיר האבן אים לסוף ארויסגענומען פון דארט און געשיקט אין א נארמאלער שטאטישער פאלקס-שולע. - ביידע קינדער האבן אונדז פארזיסט דאס לעבן; זיי האבן זיך שטארק צוגעבונדן צו מיין פרוי,צו דער באבען (מיין טאכטער האט זיי נישט דערציילט

ווענן איר מאמען און זיי האבן לאנגע יארן נישט געוווסט, אז זי איז נישט די ריכטיקע באבע זייערע). מיין פרוי האט זיך שטארק אפגעגעבן מיט זיי און דאס קליינוואַרג האט מיט שטארק ווייטאק אויפגענומען די דאזיקע ידיעה.

איך האב זיך דערוויל גאנץ גוט באקאנט מיט דער טריקא-בראנזשע און געוואלט טאקע בלייבן ביי איר. די שוועריקייטן זיינען אבער באשטאנען אין דעם,וואס די פאבריק האט זיך געפונען אויסערהאלב דער שטאט,וווהין מ'האט געמוזט פארן מיט דער באן און א סך טרעפ צו גיין,אראפ און ארויף. פאר מיין קראנק הארץ איז דאס ווייט נישט געווען קיין מעלה.

גראד האט איינער פון מיינע קונים (שטראוס) פונעם הויפט-האנדלס-צענטער (אנסע) געזוכט א שותף. מיר האבן זיך אדורכגעשמועסט,דורכגעקומען וועגן די באדינגונגען. צו יענער צייט האב איך און די טאכטער באקומען פון די דייטשן די ערשטע "ווידערגוטמאכונגס-געלטער" און עס איז מיר לייכטער געווען צוצוקומען צום געשעפט. - פרידלעך זיך צעגאנגען מיט מיעדזשינסקין,מיין רבי אין דער טריקאטאזש-בראנזשע, און עס האט זיך אנגעהויבן פאר אונדז א ניי,א באקוועם לעבן.

איך האב אויך מיין טאכטער ארייגענומען אין געשעפט אריין . זי האט שוין געהאט פראקטיק פון דעם געשעפט,ווו זי האט געארבעט,און האט זיך ארויסגעוויזן פאר א גוטער פארקויפערין.

עס האט לאנג נישט געדויערט,און זי האט אויפסנייי חתונה געהאט מיט אֿ סאלידן,קארעקטן מענטשן,און עלטערן פון איר,יעקב ריגער. ער האט אדאפטירט ביידע קינדער. ער איז א פאכמאן אין דער כעמישער בראנזשע,האט ארגאניזירט מיט א שותף אן אימפארט-געשעפט פון כעמישע ארטיקלען,וואס אנטוויקלט זיך זייער גוט. זיי פירן א רויק,גליקלעך לעבן,ארומגערינגלט מיט א סך פריינט און באקאנטע. מיין איידעם,צוגלייך מיט דער טאכטער,האבן בעזארגט פאר דער געזונטער און נארמאלער אנט-

וויקלונג פון די קינדער, געשיקט זיי לערנען, צוגעשטעלט זיי אלע מעגלעכע פארגעניגנס. מאניקא האט צו די 15 יאר מיטגע-מאכט א שפאציר מיט דער ישראל-שיף דר. הערצל, קיין ישראל. מיט דער שיף זיינען געפארן א גרעסערע צאל יינגע מיידלעך און בחורים, און מ'האט פריילעך פארבראכט. אין ישראל האט זי געהאט די געלעגענהייט צו טרעפן זיך מיט אונדזער משפחה, וועלכע האט זי אויפגענומען מיט גרויס פרייד. זי האט דע-מאלט באזוכט אויך א פאר גרעסערע שטעט אין אייראפע.

ביידע אייניקלעך האבן באקומען העכערע בילדונג. מאניקא האט געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין ב. איירעס אלס אבסאל-ווענטין פון עקאנאמישער וויסענשאפט. אלעקסאנדער, האט געענ-דיקט דעם אוניווערסיטעט אלס כעמישער-אינזשעניער.

אויף דער שיף "הרצליה" האט זיך מיין אייניקל באקאנט מיט אן ארגענטינער בחור -דאניעל קאסאקאוו- (פון די קאלא-ניסטישע קינדער) מיט וועמען זי האט חתונה געהאט דעם 30-סטן אקטאבער 1971. ער איז א טעקסטיל-אינזשעניער. דעם 28-סטן דעצעמבער 1974 איז ביי זיי געבוירן געווארן מיין ערשט אור-אייניקל -ניקאלאס. דאס צוזאמענלעבן איז נישט געווען קיין איבעריק גליקלעכס און זיי זיינען זיך צעגאנגען. מיין מאניקא האלט איצט ביים פארבינדן זיך מיט א צווייטן יונגערמאן, איינעם, וואס האט צוזאמען מיט איר פארענדיקט דעם אוניווערסיטעט, און לאמיר האפן, אז דער איצטיקער אויס-וואל אירער וועט זיין א מער גליקלעכער.

פון אונדזער אייניקל, אלעקסאנדער, האבן מיר מער נחת. ער האט חתונה געהאט דעם 8-טן סעפטעמבער 1973 מיט דער סימפאטישער אירענע קאסטעלאן. זיי האבן אונדז געשאנקען א ווויל, זיס אור-אייניקל, קאראלינא (דעם 4-טן דעצעמבער 1976) אלעקסאנדער פארנעמט א פירנדיקע שטעלע, אלס אינזשעניער, אין דער כעמישער פאבריק פון מיין איידעם, און זיין פרוי,

אירענע,ארבעט אין אוניווערסיטעט אלס קאמפיוטער-פארשערין.

ווי געזאגט,האבן מיר שיין נחת פון אונדזערע אייניקלעך און אוראייניקלעך. פאר דער צייט,וואס מיר ווינען אין מיאמי זיינען מיר שוין געווען צוויי מאל אין ארגענטינע. די באצי-ונג פון דער טאכטער מיטן איידעם צו אונדז,איז אן אויסער-געוויינלעכע, די טאכטער קומט צו אונדז כמעט יעדעס יאר אויף א באזוך.עס האבן אונדז אויך דא באזוכט אונדזער אייניקל, אלעקסאנדער,מיט דער פרוי.

מיין נחת איז נאך גרויס ביי מיר,ווען איך דערמאן מיך מיינע איבערלעבענישן פון דער מלחמה-צייט. זייענדיק אין די דייטשע לאגערן,האב איך מיר בשום אופן נישט געקענט פארשטעלן, אז איך וועל נאך דערלעבן אזא גרויס גליק.

מיר מאכן א רייזע קיין ישראל און שוועדן

ווי נאר די לאגע ביי אונדז האט זיך פארבעסערט,האב איך אנגעהויבן צו קלערן וועגן מאכן א רייזע קיין ישראל,בכדי זיך צו זען דארט מיט מיין משפחה,ווי אויך מיט די לעבנגע-בליבענע חברים מיינע פון די לאגערן און געטא. מיר האבן, מיט דער פרוי מיינער,באשלאסן צו מאכן די רייזע מיט א שיף. דאס איז געווען א גרופן-רייזע מיט א שפאנישער שיף ביז מארסעל ,און פון דארט האבן מיר געדארפט פארטזעצן אונדזער רייזע מיט דער ישראל-שיף דר.הערצל. דאס איז געווען אין סוף פון חודש נאוועמבער 1958.

איך בין נישט געפארן קיין ישראל,ווי א פרומער ייד,וואס וויל זען די הייליקע ערטער,און נישט ווי א ציוניסט,וואס וויל מיטמאכן די אלע עמאציעס,וואס עס מאכט א מענטש,ווען עס ווערן פארווירקלעכט אלע זיינע אידעען ,פאר וועלכע ער האט געקעמפט אלע זיינע יארן. מיין ציל איז געווען,ווי איך האב שוין פריער געזאגט,זיך פאראלעמען צו טרעפן מיט מיינע משפחה-מענטשן,וואס זיינען געקומען אהין אין פאר-

שידענע צייטן,שוין פון לאנגע יארן דארט איינגעזעסענע,מיט וועלכע כ'האב זיך שוין נישט געזען לאנגע יארן - מיטן פעטער מיט זיינע קינדער,מיט א שוועסטער מיט איר משפחה ,און דער-צו מיט מיינע לאגער-מענטשן.

דאס איז געווען א נייע שפאנישע שיף מיט אלע מאדערנע איינריכטונגען,וואס לאזט זיך גארנישט פארגלייכן מיט די אלטע עמיגראנטן-שיפן,מיט וועלכע מ'פלעגט קומען פון איירא-פע קיין צפון,אדער דרום-אמעריקע.

מיט דער שיף זיינען געפארן א 600 פאסאזשירן,צווישן זיי א גרופע פון 40 יידן. אגב,איז מיט אונדז געפארן דער באַ-קאנטער ב.איירעסער יידישער ארטיסט שטראמער,מיט זיין פרוי, שוואגער און פלימעניצע,אלע ארטיסטן פון יידישן טעאטער.

ס'איז געווען א אנגענעמע רייזע,דאס וועטער האט צוגע-שפילט. ס'איז געווען א סימפאטישער עולם,מ'האט גוט פארבראכט די צייט.אויך דאס עסן איז געווען געשמאק. מ'האט געזאלט פארן קיין מארסעל איבער גענוא. אבער אין גענוא האט מען אונדז פון דער שיף איבערגעזעצט אין באקוועמע גרויסע אויטא-בוסן און געפירט לענגאויס די ברעגעס פון מיטללענדישן ים, דעם אזוי גערופענעם "קאסטא אזול". מיר זענען דורכגעפארן און אפגעשטעלט זיך אין די אינטערעסאנטסטע און שענסטע ער-טער פון דער ריווערא,סיי איטאליענישע,סיי פראנצויזישע; געווען אין סאן-רעמא,מענטאנא,מאנאקא,מאנטע-קארלא,און אנ-דערע שיינע ערטער.

אט זיינען מיר אין מארסעל. אן אלטע פראנצויזישע פארט-שטאט. דא דארפן מיר נעמען די יידישע "ד"ר הערצל"-שיף. מיר ווארטן א 3-2 טעג אין א האטעל. מ'באזוכט דערווייל די שטאט. די שיף קומט אן. באלד,ווי מען קומט ארויף אויף איר,ווען מען דערזעט פון אלע זייטן יידן,יידן,ווערט טאקע באמת היימלעכער,פריילעכער. מען הערט אלערליי לשנות. די

אפיציעלע שפראכן זיינען העברעיש,ענגליש און פראנצויזיש, אבער מיט יידיש ווערגט מען זיך. לעבעדיק ווערט ערשט אויף דער שיף ווען מיר קומען אן קיין נעאפאל. עס קומען ארויף א פאר הונדערט עמיגראנטן,עמך-יידן פון רומעניע,א שפארע צאל יונגע מענטשן - מענער,פרויען און קינדער. זיי פרייען זיך, זיי זיינען גליקלעך,וואס זיי האבן פארלאזט זייער קאמוניס-טיש היים-לאנד און פארן קיין ישראל.

די שיף איז אנגעקומען קיין חיפה. פון דער ווייטנס בא-מערק איך שוין מיין שוועסטער פאליא,מיט איר מאן,וועלכע איך האב שוין נישט געזען 25 יאר.אויך מיינע סיבירער פע-טער און מומע,סאלאמאן און סאניע פאזנאנסקי,ווי אויך אנ-דערע קרובים. ס'זענען אויך דא א פאר חברים און פריינט. איך האב מיך צוגעקוקט צו מיין שוועסטער - ווו איז אהינ-געקומען איר אמאליקע שיינקייט,איר גראציעזקייט?

דער צוזאמענטרעף איז א טרויעריקער. פון דער גרויסער משפחה אונדזערער,זיינען מיר געבליבן א קליין משפחהלע. מיין שוועסטער האט אונדז גענומען צו זיך קיין תל אביב. ס'איז זיך צונויפגעקומען די גאנצע דארטיקע משפחה. מ'האט זיך דערציילט די מלחמה-איבערלעבענישן,זיך גוט אויסגעוו-יינט און זיך געפרייט,וואס מען האט דערלעבט זיך צו זען.

ליידער,האב איך שוין נישט געטראפן ביים לעבן מיין ליבן פעטער מנחם פאזנאנסקי,מיט וועלכן איך האב געהאט אזוי פיל געמיינזאמעס,און וועלכער האט מיט אומגעדולד גע-ווארט אויף אונדז און נישט דערווארט זיך. מיט אים בין איך אלע יארן פון זיין אין ישראל (פון 1914 אן) געשטא-נען אין אן אינטערעסאנטער שריפטלעכער פארבינדונג און נאכ-מער די יארן נאך דער מלחמה. איך האב אויך גאנץ גוט געקענט זיין פרוי מאניע,זייער א ליבע און סימפאטישע פרוי. (אגב, האב איך פון איר באקומען א גרויסע צאל פאמיליע-בילדער,

וועלכע איך האב געהאט און אין די מלחמה-יארן געלאזט דא
און דארטן. שטארק דערפרייט מיט אונדז האבן זיך מיין פע-
טער סאלאמאן און מומע סאניא,מיינע סיבירער אפיעקונעס אין
דער ערשטער וועלט-מלחמה און מיט וועלכע איך האב פארבראכט
א זומער אין באד-הארצבורג,אין דייטשלאנד,אין יאר 1929,
איצט שוין עלטערע מענטשן (מיט 20 יאר עלטער פון מיר).
עס האבן זיך הארציק געפרייט מיט אונדז מיינע קוזינס,קינ-
דער פון מיין פעטער מנחם - בנימן,מיט זיין פרוי צפורה,
מיט זייערע דריי זין; רות,מיט איר מאן האנס,אויך מיט דריי
דערוואקסענע קינדער; ווי אויך סאלאמאן און סאניאס אדאפ-
טירטער זון וואלטער סכיזש,מיט זיין פרוי,דבורה,מיט צוויי
זיסע קינדערלעך (מיט וואלטערן האב איך פארבראכט אין באד-
הארצבורג,ווען ער איז אלט געווען 10 יאר),און אחרון ואחרון
מיט מיין שוועסטערס פלאס זון - יוחנן (זשאן,ער איז גע-
בוירן אין פאריז),מיט וועלכן איך פלעג מיך שפילן ביי מיין
מאמען אין די שבתים נאכמיטאק,ווען מיין שוועסטער פלעגט קו-
מען צו גאסט קיין לאדזש. איך האב מיך אויך באקאנט מיט זיין
פרוי,חיה און צוויי ווונדערלעך קינדערלעך זייערע.

מיין קוזין בנימן פאזנאנסקי (אין ישראל האט ער אנגענו-
מען דעם פאמיליע-נאמען -גלעד-) איז אלע זיינע יארן געווען
א לערער אין קיבוץ בית השיטה. ער האט דארט חתונה געהאט
מיט צפורה קאצענעלענסאן,א פלימעניצע פון זלמן שזרס פרוי.
מיר זיינען געווען ביי זיי אין קיבוץ און באקענט זיך מיטן
קיבוצישן לעבן,מיט דעם סיסטעם פון דער קינדער-דערציונג,
מיט די ניי-איינגעארדנטע ווירטשאפטס-אונטערנעמונגען.
די צרה איז נאר געווען דאס,וואס מיר האבן זיך נישט געקענט
נישט מיט זיי,נישט מיט זייערע זיסע בחורים,פארשטענדיקן,
ווייל נישט מיר האבן געקענט העברעיש,און נישט זיי -יידיש.
זיין פרייד און באגייסטערונג פון אונדזער צוזאמענטרעף

האט ער אויסגעדריקט אין שטום-לשון,אין ארומנעמען און צו-דריקן מיך צו זיך;דאסזעלבע - איך. דער דאלמעטשער איז טייל-ווייז געווען זיין פרוי,צפורה,ווי אויך איר מוטער(די שוועס-טער פון פרוי שזר),וואס האבן נאך יא געקענט צו ביסלעך יידיש. לײדער,איז ער,מיט א צוויי יאר צוריק אומגעקומען פון אן אויטא-אקצידענט. זיי האבן אויך פארלוירן אין דער יום כיפור מלחמה איינעם פון זייערע זין,נאך וועלכן עס איז געבליבן א יונגע אלמנה מיט א קליין קינד.

מיר זיינען אויך געווען אין קיבוץ גבע (געבא),ווו עס האבן געווינט די שוועסטער פון מיין שוואגער פאגעל,ראמא, מיט איר מאן אפרתי (ער איז געווען א געוויסע צייט וויצע-אגראר-מיניסטער). דאס איז געווען פון די איינצלנע קיבוצים, וואס האבן געהערט צו דער "מפאי". אויך דארט האבן מיר גע-טראפן גרעסערע ווירטשאפטס-אונטערנעמונגען.

דאס אינטערעסאנטסטע אבער אין דעם קיבוץ איז פאר מיר געווען דאס באקענען זיך מיט דער פרוי פון דעם טראגיש אומ-געקומענעם ברודער פון מיין אינטימען לאדזשער חבר,מאיר עס-קין,און וואס איז אלס 13 יאריקער בחור,נאך פאר דער ערשטער וועלט-מלחמה אוועק פון זיין עלטערן-הויז און אומלעגאל אריינגעקומען קיין ישראל; ער איז געווען אן אקטיווער גאר-דאניא-טוער און איז געפאלן,פארטיידיקנדיק מיט געווער אין האנט,דעם קיבוץ פון אראבישע איבערפאלער.

די אלמנה -עסקין,האט מיך אריינגעפירט אין א גרויסן ליין-זאל,וואס טראגט דעם נאמען פון איר מאן,זייער העלדישן חבר.

מיין שוועסטער פאליא,מיט דעם שוואגער,זאלעק פאגעל האבן געזארגט דערפאר,אז מיר זאלן זיך ווי צום בעסטן פילן אין ישראל. מיין שוואגער איז געווען אן ארכיטעקט,א ספעציאליסט אין שפיטעלער-בוי. ער איז אין דעם געווען באשעפטיקט ביי דער רעגירונג און געהאט צו זיין דיספאזיציע אן אויטא און

האט אונדז ארומגעפירט צו ווייזן נישט נאר די שפיטעלער און קליניקעס,וואס ער האט געבויט,נאר בכלל ישראל. און מ'דארף אנערקענען,אז עס איז געווען וואס צו זען: ווי מענטשן האבן פון א וויסטעניש אויסגעבויט א מאדערן לאנד. מיר זיינען גראד געקומען קיין ישראל אין א צייט פון גרויסע שוועריקייטן,פון באגרענעצונגען (צנע),ווען מיר האבן מיט זיך געבראכט שפייז-פראדוקטן פאר דער משפחה, דאס האט אבער נישט געשטערט,אז אונדזער באזוך אין די קיבו-צים,און די מושבים זאל אונדז שטארק באגייסטערן.

א טייל פון אונדזער משפחה-יוגנט איז געווען אין מילי-טער,א טייל האט פארנומען אנדערע פאראנטווארטלעכע פאסטנס.

גאר דערפרייט האבן זיך מיט אונדז מיינע געטא-און-לאגער חברים. א גרויסער טייל פון זיי,האבן גלייך נאכן קיעלצער פאגראם פארלאזט פוילן און געקומען קיין ישראל. זיי האבן זיך שוין באוויזן איינצוארדענען - איינער בעסער,איינער ערגער. ספעציעל האט זיך דערפרייט מיט אונדז די משפחה ביי-געלמאן -מיין טייערער חבר מאטעק און זיינע ביידע פארהיי-ראטע טעכטער-. אויך די נאוואקס,וועלכע האבן נאך פון פאר דער מלחמה געהאט אין דער געגענט פון הרצליה א גענוג גרוי-סן פרדס. זיי זיינען געווען מיט אונדז אין לאדזשער געטא, און שפעטער אין שוועדן. זיי האבן פון שוועדן מיטגעבראכט קיין ישראל א פרע-פאבריצירט הויז און מיין שוואגער,פאגעל, האט זיי דאס הויז אויפגעשטעלט אין פרדס זייערן.

אויף דעם פרדס האבן די נאוואקס איינגעארדנט א חברישע אויפנאמע לכבוד אונדזער באזוך אין ישראל. און עס האבן זיך דארט פארזאמלט אריבער 50 מלחמה-מענטשן מיט זייערע קליינע פאמיליעס, עס איז געווען היימלעך און אפילו פריילעך -- אויף צו להכעיס אלע,וואס האבן אונדז געוואלט פארטיליקן, פטור ווערן פון אונדז. מען האט גענומען פאטאגראפיעס פון

דער גאנצער גרופע,וואס בלייבט פאר יעדן,ווי אן אנדענק פון
די "מיטגעמאכטע צייטן".

אונדזער פלימעניק יוחנן האט אונדז מיט אן אויטא געפירט
קיין ירושלים. אויפן וועג האט ער אונדז דערציילט און גע-
וויזן סימנים פון שלאכטן,וואס זיינען דארט פארגעקומען מיט
די אראבער. אין ירושלים האט ער אונדז ארומגעפירט איבער
דער נייער שטאט; מיר זיינען געווען אין דער אלטער כנסת
(די נייע האט זיך ערשט געבויט),אין אוניווערסיטעט-בנין,
אין דעם פלאנעטאריום,און אנדערע אינטערעסאנטע ערטער.

איך האב עטלעכע מאל באזוכט אונדזער פארטיי-לאקאל אויף
קאלישער 48. געכאפט א לענגערן שמועס מיטן חבר י.ארטוסקי,
ווי אויך מיטן אלטן חבר ב.צאלעוויטש,וואס האבן ארויסגע-
וויזן א לעבדיקן אינטערעס צו ארגענטינע. געטראפן זיך דארט
אויך מיט אנדערע חברים פון פארשידענע שטעט אין פוילן.
מ'האט געמאכט אן אויפנאמע פאר מיר,און אנדערע חברים-געסט,
דער חבר ארטוסקי האט אונדז געווידמעט א פארווארעמע ווערטער.

א ספעציעלע חברישע אויפנאמע האבן מיר געמאכט די לאד-
זשער חברים. בייגעלמאן האט געפירט דעם פארזיץ.עס איז אויך
געקומען דער חבר אברהם וואלף יאסני (ער איז שוין דעמאלט
ארגאניזאציאנעל נישט געווען פארבונדן מיט אונדז; זיין פרוי
יא). מ'האט געהאלטן רעדעס,דערמאנט דאס אמאליקע לאדזש,גע-
טא,לאגערן,די אומגעקומענע חברים. עמאציע,נאסטאלגיע.

מיין פרוי האט זיך אומעטום גוט געפילט. ישראל אליין,ווי
אויך די פריינטלעכע אויפנאמע,וואס די משפחה מיינע,ווי אויך
פריינט און חברים,האבן איר ארויסגעוויזן,האט זי געשטארקט
און אימפאנירט,און צוגעגעבן כוחות לייכטער מיטצומאכן דעם
גענוג אנגעשטרענגטן באזוך.

אנגענעם און אינטערעסאנט פארבראכט 4 וואכן אין ישראל.
דאס געזעגענען מיט דער משפחה,דערהויפט מיט די אלטע פעטער

און מומע,סאלאמאן און סאניא,ווי אויך מיט דער מומען,מאניא, (די פרוי פון מנחמן),איז מיר אנגעקומען זער שווער. איך האב מיר געגעבן חשבון,אז מיר זעען זיך צום לעצטן מאל,און עס האט מיר שטארק געקלעמט ביים הארצן,ווען מיר האבן זיך גע-זאגט" בלייבט געזונט,צום ווידער-זען". און עס האט טאקע לאנג נישט געדויערט,און סאלאמאן מיט סאניען האבן זיך גע-זעגנט מיט דער וועלט.

....................

פארנדיק איבער אייראפע,האבן מיר באשלאסן,אויף דער צוריקרייזע פון ישראל,מאכן אויך א באזך ביי מיין ברודער און שוואגער אין שוועדן. ס'איז פולער ווינטער -יאנואר 1959. מיר פארן מיט דער שיף קיין מארסעל,פון דארט מיט דער באן קיין האמבורג. אויפן וועג האבן מיר נאך באזוכט מיין אלטן פריינט,הערמאן באהם,אין ניצא,וואס איז געקומען אהין פון לאנדאן. דערמאנט זיך די אלטע צייטן,באקלאגט די אומ-געקומענע און געפרייט זיך,וואס מיר זעען זיך.

מיט דער באן,פון פאריז ביז האמבורג,זיינען מיר געפארן ביינאכט - נישט געוואלט זען דאס שנעל אויפבוואכנדע און וואקסנדע דייטשלאנד. אין האמבורג אריינגעפארן אין א שוועדישער שיף און שפעטער מיט דער באן,ביי טיפע שנייען און קעלטן,אריינגעקומען קיין שטאקהאלם,ווו עס האט שוין געווארט די משפחה אונדזערע.

מיט 11 יאר צוריק האב איך פארלאזט שוועדן,וואס איז ביי מיר געווען און געבליבן ווי אביישפיל פון עכטער דעמאקרא-טיע און גרעסערער סאציאלער גערעכטיקייט. שטאקהאלם האט זיך ווייניק-וואס געביטן,אפשר,אויסער דער שיינער אונטערגרונט-באן (מעטרא),וואס איז דארט אויסגעהאקט געווארן אין גראניט און גייט טיילווייז אונטערן וואסער. פרעכטיק-שיין איז אויך געווען פאר מיר דער טיפער,פוכיקער שניי,וואס מיר האבן בכלל

נישט אין ארגענטינע (סיידן, אין די הויכע בערג).

דער ארבעטער-קאמיטעט איז שוין דארט געווען ליקווידירט; איך האב מיך נאך אבער באוויזן צו זען מיטן אלטן פאול אל-בערג. ער האט מיר פארשידנס דערציילט וועגן דער פאליטיק פון דער שוועדישער ס.ד., ווי אויך פונעם גובערנאדאר פון שטאקהאלם, דעם זון פון דער ח'טע מער, וואס איז אים נישט איבעריק געווען צום הארצן. פון אונדזערע חברים, איז שוין דארט, אויסער דעם חבר ראוך, קיינער נישט געבליבן. אויך די גרעסטע טייל פליכטלינגע זיינען זיך צעפארן.

מיין ברודער און שוועגערין, ווי אויך זייער סימפאטישע טאכטער, אילאנא, זיינען געווען אויסערגעוויינלעך צופרידן מיט אונדזער באזוך. מ'האט געמאכט פאר אונדז אויפנאמעס, ארומגעפירט איבער דער שטאט; דאס זעלבע דארף געזאגט ווערן וועגן מיין שוואגער און שוועגערין, די עליאשס. מ'האט זיך באמיט, אז דער באזוך אונדזערער זאל אויספאלן גוט און אנגע-נעם.- אלע האבן זיך געפרייט מיט מיין פרוי, דעם ניי-צוגע-קומענעם מיטגליד פון דער משפחה. אויך זי האט זיך צווישן זיי אלעמען געפילט גוט און צופרידן.

נאך צוויי וואכן, זיינען מיר, שטארק עמאציאנירטע פון דער ווארעמער אויפנאמע, וואס אונדזערע קרובים האבן אונדז צוגעטיילט, צוריקגעפארן קיין מארסעל, ווו מיר האבן לויטן פאראויס באשטימטן פלאן, געטראפן אונדזער שפאנישע שיף און מיט איר געמאכט די גליקלעכע צוריקרייזע אהיים, קיין ארגענטינע.

אט זיינען מיר ווידער אין בוענאס-איירעס. מיין טאכטער מיט די קינדער, ווארטן אונדז אפ ביי דער שיף. זיי זיינען גליקלעך אונדז ווידער האבן צווישן זיך; אויך מיר דאסזעל-בע. ביי זיי איז אלץ בסדר.

אין געשעפט זיינען קיין ספעציעלע נייעסן נישטא. אבער

דער שותף מיינער, שטרויס, וואס האט געהאט א חתונה-געהאטע
סאכטער אין ישראל, האט זיך ארייגעגנומען אין קאפ א געדאנק
אויך צו עמיגרירן אהין. עס זיינען געווען געוויסע שטרויכ-
לונגען, אבער סוף כל סוף האט ער זיין פלאן רעאליזירט, פאר-
קויפנדיק זיין חלק אונדזערן א באקאנטן, א לאדזשער, בלומענזאן.

....................

איך קום צוריק צום ארגענטינער יידישן געזעלשאפטלעכן
לעבן. מיטן לויף פון דער צייט האט זיך א סך געביטן.
די נאכווייעניש פון דער מלחמה, די איבערשיכטונג פון דער
יידישער באפעלקערונג, דאס צוקומען פון א גרויסער צאל יידישע
אוניווערסיטאריער, די אינערלעכע מלוכה-רעוואלוציעס, די אנט-
שטייאונג פון מדינת ישראל, האבן ארייגעבראכט איבערבייטן,
טראנספארמאציעס אין דענקען און האנדלען ביי א גרויסן טייל
יידן. מ'מוז אנערקענען, אז א גרויסער טייל פון דער היינטי-
קער יונגערער גענעראציע, לעבט זיך בכלל אויס אויסערהאלב
דעם יידישן ארגאניזירטן כלל.

ווידער, די אנפירנדיקע ציוניסטישע אינסטאנצן אין דער
קהילה, האבן זיך געלאזט באווירקן פון נישט בארופענע ישראל-
פאקטארן, וואס האבן דורך זייערע שלוחים זיך ארייגעמישט
און אפילו אנגעווארפן שטעלונגען און האנדלונגען לגבי דעם
יידישן חינוך און געשטערט דערמיט דער נארמאלער אנטוויקלונג
פון דעם שול-וועזן און צעבראכן דאס שיינע און גוטע, וואס
האט זיך איינגעשטעלט אין פארלויף פון יארן אויף דעם דא-
זיקן געביט. און דער רעזולטאט דערפון איז אלעמען און או-
מעטום גוט באקאנט: מ'האט פון די שולן ארויסגעווארפן יידיש,
אבער נישט העברעיש האט געווונען דערפון, נאר - שפאניש.

עס האט זיך ראדיקאל געביטן די לאגע נישט נאר אין יידי-
שן שול-וועזן, נאר אויך אין אלגעמיינעם יידישן לעבן.
שוין נישט די "חברה-קדושה", נאר גראד די דעמאקראטישע קהילה,

וואס באשטייט,אין איר מערהייט,פון ציוניסטן פון אלע שאטי-
רונגען,האט איינגעשטעלט דעם אמט פון א רב-הכלל,געשאפן א
ראבינער-סעמינאר,גיט סובסידיעס דעם איינציקן כשרן רעסטאראן.

צוליב די סובסידיעס,וואס די קהילה גיט אלע יארן די יידי-
שע שולן,האט זי דורך איר ועד החינוך,מיט זיינע פראגראמען,
געהאט איר השפעה אויף דער פירונג פון די באזונדערע שולן.
אויך די פארוואלטונגען פון דער י.ל.פרץ-שולע,וואס איז אויפ-
געבויט און געצערטלט געווארן דורך בונדיסטן און אירע סימ-
פאטיקער,האט זיך אפט געלאזט בייגן פון די קהילה-דעה-זאגערס,
נישט וועלנדיק פארלירן די סובסידיעס. און סיי אין קינדער-
גארטן,סיי אין דער שולע גופא,איז שוין יידיש נישט דער אמא-
ליקער מיוחס.

פאר אלע יארן פון מיין זיין אין ארגענטינע,האב איך ני-
שט געפילט קיין ספעציעלע סימפאטיע צו דער אנפירערשאפט פון
דער שולע - אין א גרויסער מאס צוליב דער פאליטיק,וואס זי
האט דארט געפירט,און קיינמאל דערפאר נישט אנגעהערט צו דער
פארוואלטונג פון דער שולע. איך פלעג מיך אבער נישט אפזאגן
פון די באשטייערונגען פאר דער שולע,אדער פאר דער זומער-
קאלאניע,וואס זי האט אויפגעבויט. ווען די קאלאניע איז גע-
עפנט געווארן,האב איך מיך באשטייערט מיט א גרעסערער סומע
און באוווירקט מיינע פריינט,די זילבערשטיינס,אזויי זאלן
דעקן די אויסגאבן פאר א צימער אין דער קאלאניע (אויפן נא-
מען פון זייער פארשטארבענעם מאן און פאטער).

אגב,שרייבט מען מיר,אז היינט-צו-טאג פירן אן מיט די
ענינים פון דער שולע,מענטשן פון דער יינגערער שפאניש-רעדנ-
דיקער גענעראציע,א טייל געוועזענע שילער פון דער שולע.זיי
ווייזן ארויס א באציונג און אנערקענונג פאר די אלטע שול-
טוערס; זיי זארגן פאר דעם המשך פון דער שולע,און פון דער

זומער-קאלאניע. דאס איז זיכער א סאטיספאקציע.

אונטער דעם איינפלוס פון ח'אלעקסאנדר מינץ,דעם רעדאק-טאר פון אונדזער ארטיקער בונדישער אויסגאבע "אונדזער גע-דאנק",בין איך געווארן אירער א סטאבילער מיטארבעטער. מיט דער צייט פלעגן מיינע ארטיקלען געדרוקט ווערן אויך אין אנדערע בונדישע אויסגאבעס: אין אונדזער צענטראל-ארגאן "אונזער צייט" אין נ.יארק,אין פארויס" אין מעקסיקע,ווי אויך אין די "לעבנספראגן" אין ישראל. פון צייט צו צייט האבן די ב.איירעסער טעגלעכע צייטונגען "די פרעסע" און " די יידישע צייטונג" געדרוקט מיינע ארטיקלען.

מיין מאטעריעלע לאגע איז געווען א סטאבילע און מיט צו-פרידנקייט בין איך געווארן איינער פון די צען בייםשטייע-רער פון דער יערלעכער ליטעראטור-פרעמיע אויפן נאמען פון ש.ניגער,ביים יידישן קולטור-קאנגרעס, (אויף 10 יאר).

זומער-צייט 1962,האבן מיר מיט דער פרוי,געמאכט די ער-שטע רייזע אין די פאראייניקטע שטאטן. סיי איך,סיי מיין פרוי האבן דארט געהאט משפחה. אבער איידער מיר זיינען אריינגעפארן קיין ניו-יארק,האבן מיר באשלאסן זיך אויסצו-רוען,נאך ב.איירעס,אין מיאמי-ביטש,און פארבראכט דא אנגע-נעמע,געמיטלעכע און זארגלאזע פאר וואכן.

צום ערשטן זיינען מיר צוגעפארן צו אונדזער קוזין, הא-רי ווינאגראד,קיין לארטשמאנט (איך שטעל מיך ברייטער און אויספירלעכער אפ וועגן אים און זיין פאמיליע אין א ספע-ציעלן קאפיטל,אויף דער זייט 208); אין באלטימאר האב איך וווינען מיין פלימעניצע אירענע (אירקא) פורסט,די איינצי-קע לעבנסגעבליבענע טאכטער פון מיין אומגעקומענעם ברודער, ארנאלד. זי האט נאך דער מלחמה,אין די לאגערן,חתונה געהאט מיט זשילבערט פורסט (פון ריגא) און זיך באזעצט אין באלטי-מאר. מיר האבן זיי באזוכט,באקאנט זיך מיט זייערע סימפא-

סישע דריי קינדער,באוויינס אונדזערע פארלוסטן און געפרייט זיך מיט אונדזער צוזאמענקום.

אין פיטסבורג האבן מיר באזוכט אן אלטע מומע פון מיין פרוי (א שוועסטער פון איר פאטער),וואס האט דארט געוווינט פון צענטליקער יארן מיט איר פארצווייגטער משפחה.

אין ניו-יארק ווידער (אין ברייטאן) האט געוווינט מיין יוגנטאון-שול-חבר,גאט קארן,מיט זיין פרוי סאניא. מיט אים האב איך מיך שוין נישט געהאט געזען איבער 40 יאר.
איך האב געהאט מיט אים א סך געמיינזאמעס פון אמאליקע יארן און האב וועגן אים זיך באריכות אפגעשטעלט אויף די זייטן 71-79. - אין ניו-יארק האב איך געהאט נאך א סך חברים און פריינט,מיט וועלכע איך האב מיך שוין נישט געהאט געזען לאנגע יארן. האבן מיר איצט געהאט די געלעגנהייט זיי צו זען.

א ספעציעלע אויפמערקזאמקייט האבן אונדז ארויסגעוויזן אפראים און יענטע זעלמאנאוויטש;מרדכי און זעלדע בערנשטיין; לוניא בייגעלמאן,מיט איר מאן שטראסבערג; נתן בוימגארטען מיט זיין פרוי,אלגא;יולעק שאצקי מיט דער פרוי,און אחרון ואחרון - די ח'ח דארא און שמואל מילמאן מיט זייערע ליבע קינדער.
זיי אלע האבן זיך באמיט,אז אונדזער באזוך אין ניו-יארק, זאל אויספאלן פאר אונדז וואס איינדרוקספולער און אינטערע- סאנטער. מ'האט אונדז געפירט אין דער שטאטישער ביבליאטעק, אויף בילדער-אויסשטעלונגען,אין "ייווא",אין דער "ראדיא- סיטי",אויף דער פארשטעלונג: "דער פידלער אויפן דאך" א.א.
דער ח'מילמאן האט אראנזשירט א חברישן צוזאמענטרעף מיט מיר מיט א גרעסערער גרופע לאדזשער חברים און חברטעס.
די מילמאנס האבן פאר אונדזער כבוד וועגן געמאכט ביי זיך א שיינע,חברישע אויפנאמע,צו וועלכער עס זיינען געקומען א גרעסערע צאל נאענטע אלטע חברים אונדזערע. עס איז געווען איין גרויסער יום טוב פאר אונדז.

איינדרוקספול איז פאר מיר געווען מיין וויזיט אין דער רעדאקציע פון "אונזער צייט",וווּ איך האב מיך געטראפן מיטן גרויסן אויטאריטעט אונדזערן,דעם ליבן חבר עמנואל שערער, און געהאט מיט אים א לענגערן געשפרעך וועגן ארגענטינער און אל-געמיין-פארטייאישע ענינים. - ליידער,איז ער שוין מער נישטא צווישן אונדז. זיין טויט האט,צום גרויסן באדויערן,געלאזט א געוואלטיקן בלויז אין דער פארטיי. דאס זעלבע דארף מען זאגן וועגן דעם ח' ברוך שעפנער,מיט וועלכן איך האב נאך צו יענער צייט,געכאפט אן אינטערעסאנטן שמועס אין "פארווערטס".

איך האב מיך דעמאלט אויך געזען מיטן חשובן חבר שלום הערץ,אונדזער פארדינסטפולן היסטאריקער. געטראפן זיך דארט אויך מיטן סימפאטישן חבר אברהם סטאלאר.

איך האב אויך באזוכט דעם ארכיוו פון "בונד".געטראפן דארט דעם ח' א.ל.זעלמאנאוויטש,ווי אויך דעם געטרייען"ארכי-וויסט",דעם ח'קעמפינסקי. צופעליק האב איך זיך דארט געטראפן מיטן טאלאנטפולן פאעט חיים לייב פוקס. מיין פריינטשאפט מיט אים ציט זיך נאך פון די יונגע יארן,ווען ער פלעגט אריינקומען אין לאדזש אין דער "הארפע"

..................

די צוריקרייזע אהיים,האבן מיר דעמאלט געמאכט דורך מעק-סיקע,וווּ עס האט געוווינט מיין טייערער חבר און פריינט, זשאמע דאווידסאן,מיט זיין פאמיליע. מיר האבן זיך נאך דער מלחמה געזען אין לאדזש. מיר זיינען די גאנצע צייט געשטא-נען מיט אים אין א סטאבילן שריפטלעכן קאנטאקט. עס האט זיך אבער פארבענקט זיך צו טרעפן פערזענלעך און הארציק-חבריש זיך אויסצושמועסן.

קיין מער הארציקע אויפנאמע פון אים,און זיין ליבער פרוי,זאכא,האט נישט געקענט זיין;מ'האט נישט געוווּסט וואס פריער צו טאן מיט אונדז,וואס פארא גרעסערע פארגעניגענס

אונדז צוצושטעלן. שטענדיק מענטשן זייער סימפאטישע און גאסטפריינטלעכע,אמתע איבערגעגעבענע חברים און פריינט, א ספעציעלן אינטערעס האט אונדז ארויסגעוויזן דער אלטער לאדזשער חבר מיינער ה.גרינשטיין מיט זיין פרוי.

מ'האט אונדז אויפגענומען און באגריסט אויף א ספעציעלער פארטיי-פארזאמלונג,ווו עס זיינען געווען אנוועזנד די ח"ח לעווענטאל,מייזעל,ראסענבערג,פערדמאן א.א.

דער ח'לעווענטאל האט אונדז אויפגענומען היימיש-חבריש ביי זיך אין הויז. מיר האבן אים געבראכט גרוסן פון זיין ברודער פון ארגענטינע.

מ'האט אונדז געפירט וויזן דאס מער אינטערעסאנטע,וואס מ'קען זען אין דער שטאט מעקסיקע; מיר זיינען געווען אין דעם אימפאזאנטן יידישן ספארט-סטאדיאן,מיט וועלכן די דארטיקע יידן שטאלצירן -און בארעכטיקטערהייט- . מיר האבן אויך באזוכט צוויי יידישע שולן און אנדערע מערקווירדיקייטן.

מיט זשאמען ד. האבן מיר זיך ווידער געטראפן אין יאר 1975 אין מיאמי-ביטש. פאר דער צייט זיינען זיי אריבער וווינען קיין סאן-אנטאניא,טעקסאס,ווו עס געפינען זיך זייט יארן זייערע קינדער. דאווידסאן פירט דארט א גרויסע און וויכטיקע קולטור-טעטיקייט. ער האט ביים דארטיקן אוניווערסיטעט געשאפן א גרויסע יידישע ביבליאטעק און פירט אן מיט א יידיש-קורס ביים זעלבן אוניווערסיטעט.

.....................

גליקלעכע און צופרידענע זיינען מיר צוריקגעקומען פון אונדזער באזוך אין די פאראייניקטע שטאטן און מעקסיקע. א קורצע צייט פאר אונדזער רייזע,האבן מיר געטוישט אונדזער אלטע וווינונג אויף מעדראנא און געקויפט א באקוועמערע, און אין א בעסערער געגנט,א ביסל ווייטער פונעם סוחרישן הו-הא,אין דער פאלערמא געגענט.

מיר האבן אויך געקויפט א באקוועם צימער אין א גרויסן געזעלשאפטלעכן קלוב אונטער דער שטאט (דאן טארקואטא),וווּ מ'האט פארבראכט די סוף-וואכן,און וואס איז אונדז ספעציעל צונוץ געקומען,ווען איך האב אין א קורצער צייט אַרום אויפ-געגעבן מיינע געשעפטן. דעמאלט פלעגן מיר אויספארן אהין שוין פרייטיק בייטאג און בלייבן דארט ביז מאנטיק אינדער-פרי. קיין אויטא (קאר) האבן מיר נישט געהאט און פלעגן די רייזעס מאכן מיט דער באן (א שעה צייט). אייגענטלעך,איז דאס געווען א גאלף-קלוב ( א געמישטער - קריסטן און יידן), אבער מיר האבן זיך דארט געשאפן א גרעסערן קרייז יידישע פריינט,מ'פלעגט שפילן אין שאך און פארברענגען אויף דער פרייער לופט.

אונדזער געשעפט האט זיך גוט אנטוויקלט.דערצו פלעג איך יעדן חודש באקומען מיין דייטשע ווידערגוטמאכונגס-רענטע. אבער די יארן טוען זיינס. איך בין עלטער געווארן,געהאט אפט פראבלעמען מיט מיין "אנגינא פעקטאריס",און איך,ווי אויך מיין פרוי און טאכטער האבן אנגעהויבן צו טראכטן וועגן דעם,אז ס'איז געקומען די צייט איך זאל מיך צוריקציען פון מיינע געשעפטן. דערווייל איז ערנסט קראנק געווארן די פרוי פון מיין שותף; מ'האט זי אוועקגעפירט אין די פאר-איייניקטע שטאטן,ווו עס האבן געוווינט זייערע קינדער,דאק-טוירים. מ'האט זי דארט אפערירט און זי איז דארט,leider, געשטארבן.

איך האב פריער געמיינט,אז דער שותף מיינער,בלומענזאן, וועט אפקויפן מיין חלק,אבער נאכן אומגליק מיט זיין פרוי, האבן מיר שוין באשלאסן צוזאמען פארקויפן דאס געשעפט. און אין יאר 1968 איז דאס געשעפט פארקויפט געווארן.

דעם גרעסטן טייל פון איינקאסירטן געלט מיינעם פארן געשעפט,האב איך אריינגעלייגט אין אונדזער בונדישן פינאנס-

קאאפעראטיוו "וויאמאנטע" און באקומען פון דארט יעדן חודש שיינעם איינקונפט און געקענט אויף דער עלטער פירן א רויק, שיין לעבן.

אין מאי 1969 לאדט אונדז איין מיין פּלימעניצע אירענע פורסט פון באלטימאר,מיר זאלן קומען צו זיי אויף דער חתונה פון זייער טאכטער,לינדא. זי שרייבט צו מיר: פעטער,איך בעט אייך,קומט; פון חתן'ס צד וועלן זיין א גרעסערע צאל קרובים, איך האב בלויז אייך. ווען איר וועט קומען,וועלן מיר זיך פילן גליקלעך און נישט זיין מער עלנדע מחותנים.

זיינען מיר געפארן. מיט אונדז איז אויך מיטגעפארן אונ- דזער טאכטער,דזשוניא. צו דער חתונה זיינען אויך געקומען מיין קוזין האררי ווינאגראד מיט זיין פרוי פון לארטשמאנס. מיר האבן דארט אויסגענומען און זער גוט פארבראכט.

פארנדיק אהיים,האבן מיר נאכאמאל אנגענעם פארבראכט א צוויי וואכן אין דעם ווארעמען און צוציענדיקן מיאמי-ביטש.

אין א קורצער צייט ארום האט זיך געמאכט א כוואליע פון באנקראטן אין די קאאפעראטיוון און אויך מיט אונדזער קאא- פעראטיוו האט פאסירט דאסזעלבע. פאר דעם גרויסן בראך אין אונדזער פינאנס-קאאפעראטיוו טראגן די פאראנטווארטלעכקייט דער פארוואלטער און אנדערע.אבער פאראלעמען דער פארזיצער פון קאאפעראטיוו -משה יאקובאוויטש- וואס האט צוגעלאזט צו די אלע געמיינהייטן,וואס זיינען דארט אפּגעטאן געווארן.

מ'האט אומגליקלעך געמאכט הונדערטער מענטשן;עס זיינען געווען אזעלכע,וואס האבן דארט פארלוירן זייערע לעצטע אפּ- שפּארונגען און זיינען פשוט געבליבן אויף דער גאס. מ'האט באראבעוועט,בדיל הדל געשטעלט אויך א סך נאענטע מענטשן, חברים,אויך מיר צווישן זיי (אויך מיין שותף). די גזלנים אונדזערע זיינען ביזן היינטיקן טאג געבליבן אומאשטראפט

פון דער יוסטיץ-מאכט. אבער מער ווייטיקלעכער איז דאס, וואס די זייטיקע מענטשן, ווען זיי האבן אריינגעלייגט זייערע אפשפארונגען אין קאאפעראטיוו, זיינען געווען זיכער אין דעם, אז בונדיסטן זיינען ארענטלעכע מענטשן, און די געלט-געבערס וועלן נישט פארפירט ווערן. איצט האט מען אן אנדער מיינונג באקומען וועגן זיי.

דער ביטערער דורכפאל מיינער מיטן קאאפעראטיוו און די מאראלישע פארדרוסן, וואס מ'האט געהאט פון די פרעסע-אנפאלן, מיט וועלכע מ'האט די פארטיי אונדזערע, צוליב דער קאאפעראטיוו-אפערע, "מזכה"געווען, האבן שטארק געווירקט סיי אויף מיין געזונט, ווי אויפן גאנצן געמיט מיינעם.

דאס האט סוף כל סוף געפירט צו אונדזער איבערציען זיך קיין מיאמי-ביטש, וואס האט אונדז געפעלן פונעם ערשטן מאל און האט אונדז צוגעגעבן האפענונג, אז דער גוטעראון ווארעמער דארטיקער קלימאט, וועט אונדז לייכטער מאכן דאס לעבן.

אבער איידער איך גיי אריבער צום באשרייבן דאס דארטיקע לעבן אונדזערס, האב איך נאך וואס צו זאגן וועגן ארגענטינע, וועגן די ליבע קינדער אונדזערע, וועגן די ארגענטינער פרייַנט אונדזערע און וועגן ארגענטינע אין אלגעמיין.

מיין ליבער און איינ-און-איינציקער טאכטער מיינער, מיין טייערער דזשוניא (יהודית, יודיס) און מיין ליבן איידעם, יעקב ריגער, האב איך נישט געווידמעט אין מיינע "זכרונות" אזויפיל אויפמערקזאמקייט, וויפל עס קומט זיי. דאס איז פשוט דערפאר, וואס עס פעלן מיר די אייגנטלעכע ווערטער, מיט וועלכע איך וואלט געדארפט אויסדריקן די אלע געפילן מיינע, וואס איך טראג אין הארצן, אין מיין גאנצן וועזן.

איך לעב שטענדיק מיט דער בנעימותדיקער געשטאלט פון מיין טייערער און לעבנסלוסטיקער טאכטער מיינער. זי, מיט אירע ליבע און טייערע קינדער און איינייקלעך (מיינע אור-

איינ'יקלעך), וואס זי האט מיר געשאנקען, זיינען מיין לעבן און מיין זיין, און גיבן מיר צו כוחות צו ציען מיינע אל-טע יארן.

אלע מעגלעכע לויב-ווערטער פאר איר באציונג צו מיר, צו מיין פרוי, וועלכע איז ביי איר, ווי אן אייגענע מוטער, ווע-לן נאך אלץ זיין צו שוואך, כדי מ'זאל קענען אויפנעמען און פארשטיין די איבערגעגעבנקייט און געטריישאפט אירע צו אונדז. זי נעמט אן אק טיוון אנטייל אין אלע אונדזערע לע-בנס-ענינים; זי פארלויפט די וועגן פון אלע אונדזערע זאר-גן און פראבלעמען. און ווען מ'זאל רעדן וועגן כבוד אב ואמך, קען זי דינען פאר א הערלעכן מוסטער, ווי א ביישפיל פאר אנ-דערע. און איך בין איבערצייגט, אז די דאזיקע באציונג אירע און איבערגעגעבנקייט צו אירע עלטערן, וועלן אויך דינען פאר אירע קינדער, ווי א ביישפיל פון געטריישאפט צו זייערע עלטערן.

א ספעציעלע דאנקבארשאפט פיל איך צו מיין איידעם, יעקב ריגער, וואס אויסער זיין ליבשאפט און געטריישאפט צו מיין טאכטער, האט ער שטענדיק ארויסגעוויזן א גרויסע איבערגעגע-בענקייט צו אירע קינדער, צו מיינע ליבע איינ'יקלעך, צו וועל-כע ער האט תמיד געהאט א פאטערלעכע באציונג, און אין א גאר גרויסער מאס זיינען זיי אויסגעוואקסן פאר אזעלכע, ווי זיי זיינען - גוטע, סימפאטישע און ווילע קינדער און ווערטפו-לע אינטעלעקטואלן.

...............

פאר די יארן, וואס איך האב געוווינט אין ארגענטינע, הא-בן מיר זיך אין ב. איירעס געשאפן א גענוג ברייטן און סים-פאטישן קרייז פון נאענטע פריינט, סיי צווישן חברים, סיי צווישן אנדערע באקאנטע. א טייל פון זיי זיינען געווען פון מיין פרויס לאנגיאריקע פריינט פון פריער, מיט וועלכע אויך איך בין געווארן נאענט.

איך וועל מיך נישט אפשטעלן ברייטער וועגן יעדן איינעם פון זיי; דאס זיינען,אינאלגעמיין,מענטשן אינטערעסאנטע, ווערטפולע,אבער אויסער פאר אונדז,קענען זיי ארויסרופן ווייניק אינטערעס ביים גרעסטן טייל לייענערס פונעם בוך. איך וויל נאר דערמאנען א פאר נעמען,די מער נאענטע פאר אונדז: די פאמיליעס - זילבערשטיין,שיינמאן,זילבערבערג, גילענבערג,מאלטשיק און פון די חברים: געסטעל,גורמאן,גאר-דין,ליפסקי,גוראלי,ראסשטיין, פייקע און שמואל לעווין.

דאסזעלבע דארף איך זאגן וועגן אונדזערע פריינט און חברים פון נאענטן מאנטעווידעא (אורוגוויי),מיט וועלכע מיר זיינען שטענדיק געשטאנען אין נאענטע,חברישע באציונ-גען (און האלטן זיי ווייטער אן). די ח"ח : נח צוקערמאן, אברהם קעניג,יעקב לאמשטיין,יצחק פשעטיצקי -מיט זייערע פאמיליעס.

כ'וואלט געדארפט,ווי שוין געזאגט,סיי די ב.איירעסער, סיי די מאנטעווידעער פריינט אונדזערע שענקען,יעדן איינעם פון זיי,כאטש עטלעכע ווארעמע ווערטער. זיי האבן זיך דאס ביי אונדז פארדינט,אבער איך וועל דאס מוזן טאן שוין ביי אן אנדער געלעגענהייט. א טייל פון זיי לעבן שוין,ליידער,נישט. מיר שטייען אבער אין א לעבעדיקן קאנטאקט מיט זייערע קינדער.

אויף איינעם פון אונדזערע בעסטע ב.איירעסער פריינט וויל איך מיך יא אפשטעלן. דאס זיינען באריס פיק און זיין ליבער פרוי,גוטא. ביידע זיינען זיי,ווי איך,קרבנות פון דער גרויזאמער מלחמה-צייט. באריס מיט זיין זון, האבן מיט מיר געשמאכט אין לאדזשער געטא,וווהין מ'האט זיי געבראכט פון זייער היים-שטאט זדונסקא-וואליא; גוטע -איז געוועזן א פאר-טיזאנקע. עס איז מיר שווער צו דערציילן די איינצלהייטן פון זייערע ביטערע איבערלעבענישן און נאך שווערער וועגן די טראגישע פארלוסטן זייערע. פיק אליין האט וועגן דעם

געשריבן ביי פארשידענע געלעגנהייטן.

נאך לאנגע וואגלענישן איבער שטעט און לענדער,האט ער, פיק,צום סוף פון יאר 1946 אנגעשלאגן ביי די ברעגעס פון ארגענטינע. דא האט ער חתונה געהאט מיט דער סימפאטישער גוטע קרישטאל. שפעטער האט ער אויך געבראכט אהער זיין זון העניעק,מיט דער פרוי עלקע (אייזנער).

ב.פיק האט פארשידנס געטאן אין ב.איירעס. א צייט געווען באשעפטיקט ביי זייך פאך,אלס טעקסטיל-מייסטער;אלס פארוואל-טער פון פארלאג "ייד-בוך",און שפעטער אלס קארעקטאר אין דער צייטונג "די פרעסע" (ווו ער ארבעט ביז היינט).
מיר געהערןביידע צו איין פאליטישער ריכטונג - צום "בונד", פלעגן מיר זיך אפט טרעפן ביי פארטיי-ארבעט,און ווען ער איז געווארן דער רעדאקטאר פון דער פארטיי-צייטונג "אונ-דזער געדאנק" און איך,איר מיטארבעטער -זיינען מיר געווארן וואס א מאל מער באפריינדעט.

ב.פיק איז זער א ווערטפולער מענטש,באזיצט פערפעקט העב-רעיש,יידיש,דייטש,ווי אויך,פארשטענדלעך,שפאניש,וואס ער האט שוין דערלערנט אין ארגענטינע. ער איז אויך אן אנגע-זעענער זשורנאליסט,און מ'טרעפט גאנץ אפט זיינע אינטערע-סאנטע ארטיקלען אין דער ב.איירעסער "די פרעסע",ווי אויך אין אנדערע אויסגאבעס.

נאך מער באפריינדעט זיינען מיר געווארן,ווען איך האב שוין געהאט אויפגעגעבן מיינע געשעפטן און כ'האב געהאט א סך פרייע צייט. ער ווידער,האט אנגעהויבן זיין ארבעט אין דער צייטונג ערשט אין די נאכמיטאג-שעהן,פלעגן מיר זיך יעדן טאג,אין די פרימארגן-שעהן,טרעפן אין א "שטאם-קאפע", ווו מ'האט זיך געטיילט מיט אלערליי לויפנדיקע ידיעות, און ביי א גלעזעל קאווע,צוזאמען מיט אנדערע,געקיביצט וועגן כלערליי טאג-פראבלעמען.

אויך ער,מיט זיין זון,זיינען געווען קרבנות פון אונ-דזער פינאנס-קאאפעראטיוו,און צוזאמען זיינען מיר צעבראכן געווארן עקאנאמיש און מאראליש.

אין אפריל 1972 האבן מיר זיך געזעגנט מיט ארגענטינע און מיט אלע אונדזערע פריינט. צו דער זעלבער צייט,בין איך נאך.צוזאמען מיטן חבר פיק געווען,אלס דעלעגאטן,אויפן פארטיי-צוזאמענפאר אין ניו-יארק.

אין א צייט ארום האט ער אונדז באזוכט אין מיאמי-ביטש. דא האבן מיר ארומגערעדט וועגן די מעגלעכקייטן,וואס זיינען דא פאר אים,מיט גוטן,נאכדעם,ווי ער וועט זיך צוריקציען פון דער ארבעט,אז זיי זאלן זיך אריבערציען אהער,קיין מיא-מי-ביטש און געניסן פון זיין געזונטן,היילעוודיקן,קלימאט, אין וואס זיי ביידע נייטיקן זיך. מיר האבן זיי שטארק צו-גערעדט דערצו; מיר ווילן זיי בפרט האבן נאענט פון אונדז.

איך האב דעמאלט זיך ארומגעטראגן מיטן געדאנק צו שרייבן מיינע "זכרונות" און אים פארגעשלאגן,אז ער זאל זיין דער רעדאקטאר פון מיין בוך. ער האט מיט גרויס צופרידנקייט מסכים געווען דערצו,און ער האט געהאלטן ווארט. קומט אים ביי מיר א גרויסער יישר כח פאר דער שיינער און פאראנטווארט-לעכער ארבעט,וואס ער האט פאר מיר געטאן. אמבעסטן וועט דאס אפשאצן דער לייענער.

איך גלייב,אז עס וועט זיך נאך געפינען א געלעגנהייט, איך זאל קענען מיין טייערן חבר ב.פיק אפדאנקען אויף א ווערדיקן אופן.

................

אין אלגעמיין-פאליטישן לעבן אין ארגענטינע האט אונדזער באוועגונג זיך ווייניק אנגעזען. אין די דעמאקראטישע צייטן פלעגט מען אנטייל נעמען ביי די אלגעמיינע וואלן,שטימענדיק און אגיטירנדיק פאר די סאציאליסטישע קאנדידאטן. זיי האבן

אבער,לײדער,וואס א מאל מער פארלוירן זײער אײנפלוס אויף די ארבעטער-מאסן. די ארבעטער זײנען מיט דער צײט,אין זײער מערהײט,ארונטערגעפאלן אונטערן כישוף פון די פעראניסטישע דעמאגאגישע לאזונגען און פאראלן.

די פארטײ אונדזערע באטײליקט זיך אקטיוו אין ײדישן געזעלשאפטלעכן לעבן,נעמט אנטײלבײ די וואלן צו דער קהילה, האט דארט פארשטײער אין די פארשידענע קאמיסיעס. מ'ארבעט מיט אין דער "ײווא",אויך אין קולטור-קאנגרעס.

די עקאנאמישע לאגע איז זעלטן ווען געווען א סטאבילע אין לאנד. די וואלוטע איז שטענדיק געווען א וואקלדיקע, גאנץ אפט א קאטאסטראפאלע פאר דער ווירטשאפט פון לאנד. און דערבײ האט אין אלע מלוכה-קרײזן געבליט די קארופציע. איז פארשטענדלעך,אז בײ אזא סיטואציע איז די לאגע פונעם ארבעטס-מענטש,געווארן וואס א מאל ערגער,שווערער,און ס'איז נישט קײן ווונדער,וואס דער "פעראניזם",האט,ווי געזאגט, געהאט באקומען צווישן זײ וואס א מאל א גרעסערן דערפאלג.

די ײדן,וואס זײנען אין זײער איבערוואגנדיקער מערהײט, א מיטלשטאנד-עלעמענט,האבן אפשר ווײניקער געליטן פון די עקאנאמישע אומנארמאליטעטן,זײנען אבער מיט דער צײט אויך פאראָרעמט,פאופעריזירט געווארן.

געניאסן האבן,ווי אומעטום,די גרויסע ערד-באזיצער,די פלײש-תבואה-און-וואל עקספארטערן,די אויסלענדישע און אײגענע גרויסע און מיטעלע אונטערנעמערס,און,ווי זאגט זיך דאס - דער רײכער ווערט אלעמאל רײכער,און דער ארעמער -ארעמער...

בײ אזא פארשלעפטער,אומנארמאלער לאגע,מיט אפטע קריזיסן און דויערנדיקע ארבעטסלאזיקײטן,איז שווער געווען,אז עס זאל זיך סטאביליזירן א נאטירלעך,צופרידן לעבן אין לאנד,

און עס איז זיך נישט צו וווּנדערן, וואס עס האלט אן ביי די
ברייטע שיכטן פון דער באפעלקערונג א פערמאנענטע אומצופרי-
דנקייט מיט אפטע און בלוטיקע ארויסטרעטונגען קעגן דער
מאכט. די ציווילע רעגירונגען ווערן געטוישט דורך מיליטע-
רישע, וועלכע ווייזן ארויס זייערע דיקטאטארישע "מעטאדן"
פון רעגירן.

עס פעלן נישט דערביי קיין אנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגען
פון פארשידענע כוליגאנישע עלעמענטן (נאצישע, אראבישע),
ווייל, ווי שטענדיק, האט דער אומצופרידענער, ארבעטסלאזער אר-
בעטער און פאלקס-מענטש פאר זיינע אויגן פאראלעמען - דעם
סוחר, דעם געוועלבער, און נישט דעם רייכן, דעם קאפיטאליסט,
דעם ערד-באזיצער.

און אזוי קען אין ארגענטינע אזא שווערע לאגע אנהאלטן
נאך יארן און יארן...

## מיאמי - ביטש

ווי שוין פריער דערמאנט, זיינען מיר א פאר מאל געווען
אין מיאמי-ביטש און זיך איבערצייגט, אז דער קלימאט דא קען
אונדזביידן ממשחדיק העלפן צו דערהאלטן דאס צעבראכענע
געזונט, און מיר האבן זיך סוף כל סוף דעצידירט, איינגעאר-
דנט זיך אין א גרויסן אפארטאמענטן-הויז און געווארן היגע
תושבים. צוגערעדט דערצו האבן אונדז נאך די ארגענטינער
ח'ח הערשל און פייגל לעווין, שלמה מאיר און פעלא ראזענטאל,
ווי אויך די פאלינס פון טשיקאגא און די ניו-יארקער - נאטור-
מאנס, וואס האבן שוין דא פריער געמאכט זייערע סטאבילע היימען.

וואס אן אמת, איז מיין טאכטער נישט געווען איבעריק צו-
פרידן, וואס מיר טיילן זיך אפ פון זיי, אבער שפעטער האט זי
זיך באקלערט און צוגעגעבן, אז זי וויל בעסער האבן א געזונטן
טאטן אין מיאמי, איידער - א קראנקן אין ב. איירעס.

און מיר האבן נישט חרטה,וואס מיר האבן געמאכט דעם טויש. מיר זיינען שוין דא 5 יאר און פילן נישט,אז מיר זיינען עלטער געווארן. ס'איז דא מחיהדיק ווארעם און גוט. אונדזער טאכטער קומט צו אונדז כמעט יעדעס יאר אויף א באזוך (צייטנ-ווייז אויך מיטן מאן; אויך אן אייניקל מיט זיין פרוי זיי-נען שוין געוועזן ביי אונדז צו גאסט.דערצו פירט מען א סטא-בילע קארעספאנדענץ צווישן זיך און דאס אלץ פארלייכטערט אונדז די בענקשאפט נאך דער פארבליבענער משפחה אונדזערע אין ארגענטינע. אין דער צווישנצייט זיינען מיר אויך גע-וועז אין ארגענטינע אויף דער חתונה פון אונדזערס אן איי-ניקל,ווו מיר האבן גאנץ גוט פארבראכט.

און איצט א פאר ווערטער וועגן מיאמי-ביטש גופא. די צוויבער-קראפט פון מיאמער קלימאט העלפט צו פארלענגערן די יארן,דערהויפט ביי הארץ-ליידנדיקע. אין די ווינטערדיקע חדשים,ד.ה.צווישן אקטאבער און אפריל ,ווען אין די צענטרא-לע געגנטן פון די פאר.שטאטן און קאנאדע שנייט און עס ווע-רט גוט קאלט,אנטלויפט פון דארט,ווער עס האט נאר די מעג-לעכקייט ,און קומט קיין מיאמי-ביטש זיך אנווארעמען...און פארברענגען. – מיאמי-ביטש איז אבער נישט נאר אן אפרו-און-פארווײלונגס-ארט פאר טוריסטן,נאר עס וווינען דא א קיי-לעכדיק יאר קנאפע 200 טויזנט יידן,וואס האבן זיך שוין צו-ריקגעצויגן פון זייער ארבעט,רעטאירערטע,פון וועלכע גאר א גרויסער טייל,זיינען געקומען אהער לויט די עצות פון זיי-ערע דאקטוירים.

די דאזיקע מענטשן האלטן זיך אויס פון די געלטער,וואס זיי באקומען פון דער סאשעל-סעקיורישי און פון פענסיעס,וואס זיי קריגן פון די יוניאנס,צו וועלכע זיי האבן אנגעהערט. א טייל האט אויך אפשפארונגען אין די בענק,ווי אויך סטאקס. דאס היינטיקע גרויס-מיאמי-ביטש צ'ט זיך איבער דער 200-ער

גאס,מיט ריזיקע האטעלן און קאנדאמיניומס,געוועלבער,רעסטא-ראנען,טעאטערס,סינעס.און דאס נישט נאר דירעקטביים ים, נאר אויך טיף אין די זייטיקע גאסן.

אין דער גאנצער מאדערנער, ציוויליזירטער וועלט,אומעטום, ווו עס זיינען אויסגעקעמפט געווארן פארזיכערונגען פאר דער עלטער,שטייט ערנסט דאס פראבלעם,אויף וואס פארא אופן זאל מען עלטערע מענטשן,רעטאיערטע,צוריקגעצויגענע פון דער אר-בעט,פארזיכערן נישט נאר זייער מאטעריעלן אויסקום,נאך אויך געבן זיי די מעגלעכקייט ווי אמבעסטן און אמשענסטן זיך אויסלעבן און ציען אמלענגסטן א רויק,אינטערעסאנט און זארג-לאז לעבן. - און דא,אין מיאמי-ביטש,האבן די דאזיקע יידן געפונען זייער מקום מקלט. זיי ווארפן זיך,די דאזיקע יידן, אומעטום אין די אויגן.(א טייל,זאל מען זאגן,מיט שטעקנס.) די דאזיקע יידן,צווישן 70-90 יאר,לעבן זיך דא אויס אויף זייער אייגנארטיקן שטייגער. זיי וווינען נישט אין קיין מושב זקנים,און דאס איז זייער גרויסע פריווילעגיע. זיי פילן זיך פריי אין זייערע באוועגונגען און האנדלונגען. זיי וווינען אין פריוואטע דעפארטאמענטן,האטעלן; א טייל האט אויך אייגענע דירות אין קאאפעראטיווע און האריזאנטאל-הייזער,ווו מ'פירט אייגענע ווירטשאפטן.

ווי לעבן זיך אויס די דאזיקע מענטשן?

עס איז א פארשידנארטיקער עלעמענט: א גרויסער טייל האט ליב א קערטל,אבער איך וועל מיך אפשטעלן אויף די,וואס האבן אין זייערע פריערדיקע וווין-ערטער אנגעהערט צום ארבעטער-רינג,צום ציוניסטישן ארבעטער-פארבאנד,אדער צום "איקוף". פאר די דאזיקע מענטשן האט דא געפעלט די אייגענטלעכע קול-טור-סביבה,אין וועלכער זיי זאלן זיך קענען אנטשפרעכנד אויסלעבן,און דאס אין דער יידישער שפראך.

און עס איז דערפרייענדיק צו דערציילן,אז פאר די לעצטע

עטלעכע יארן פארגרעסערט זיך וואס אמאל מער און מער די צאל יידישע קולטור-קלובן. מיר ציילן שוין איצט דא אזעלכע 14 קלובן, וועלכע האבן געשאפן אקאארדיניר-קאמיטעט, וואס רע-גולירט די קולטור-אקטיוויטעטן פון די באזונדערע קלובן. מ'האט פאראיארן אנטייל גענומען מיט צוויידעלעגאטן אין דעם "צוזאמענפאר פאר יידישע קולטור" אין ישראל.

און איך וויל נישט זיין צופיל באשיידן, און זאג, אז איך מעג מיך איבערנעמען מיט דעם, וואס אויך איך האב צוגעלייגט א האנט ביי דער דאזיקער ארבעט: איך האב ארגאניזירט א יידיש-קרייז ביי אונדז אין דעפארטאמענטן-הויז און א קולטור-קלוב אין אונדזער ראיאן. איך בין אויך אן אקטיווער מיטגליד פון דעם קאארדיניר-קאמיטעט פון די יידיש-קלובן.

צו אונדזערע אונטערנעמונגען, וואס זיינען אויסשליסלעך אין דער יידישער שפראך, ( עס עקזיסטירן אויך עטלעכע העב-רעאיש-קלובן) קומען פון 200-600 צוהערער (אפהענגיק פון א ראיאן). א ספעציעלן אויפמערק ווערט אפגעגעבן די געטא-דער-מאנונגס-אקטן און די יום העצמאות-פייערונגען. מיר פארמאגן דא גוטע אינטעלעקטואלע קרעפטן, ווי אויך קינסטלערישע כוחות. מיר האבן דא אויך עטלעכע כארן, א מאמנדאלין-ארקעסטער פון 80 מוזיקערס. אלץ מענטשן באיארטע, וואס גיבן אוועק זייער צייט און קונסט נישט לשם פרנסה, נאר דאס איז זייער פארם פון אויסלעבן זיך.

איצט האבן די יידיש-קרייזן זיך פארמאסטן צו נאך ברייטערע אויפגאבעס. מ'האט אינזינען די יוגנט, דעם המשך.

א דאנק די באמיונגען פון דעם קאארדיניר-קאמיטעט פון די יידיש-קלובן און דער מאטעריעלער מיטהילף פונעם ארבעטער-רינג איז שוין געמאכט געווארן דער אנהייב פונאיידיש-קורס ביים מיאמער אוניווערסיטעט, און עס איז צו האפן, אז דער דאזיקער קורס וועט ווערן א יש צווישן דער יידישער יוגנט.

די פאר בונדיסטן,וואס ווינען דא,ווען מען זאל נעמען
אין באטראכט זייערעיארן,פירן דא גראד א גרויסע ארבעט. אין
יעדן איינעם פון זיי גליט נאך דער אלטער אינטערעס פאר גע-
זעלשאפטלעכער ארבעט און יעדער איז טעטיק אויף זיין געביט,
דערהויפט אבער ביי קולטור-אקטיוויטעטן, איינמאל אין יאר,
אין סעזאן-צייט,ווען עס קומען אהער פון גאנץ אמעריקע א
גרעסערע צאל בונדיסטן,ווערט טראדיציאנעל-היימיש געפייערט
דער יובל פון "בונד",און מ'באשטייערט זיך דערביי פארן ק,ק.
עס ווערט אויך באזונדער דערמאנט דער 19-ער אפריל און דער
1-ער מאי.

מיר האבן אויך דא,אין מיאמי-ביטש,כמעט פונעם ערשטן טאג,
זיך געשאפן א קרייז פון אינטערעסאנטע,ווילע און היימישע
מענטשן,און דאס נישט נאר צווישן די שכנים פונעם גרויסן
אפארטאמענטן-הויז,אין וועלכן מיר ווינען,נאר בכלל צווישן
די,מיט וועלכע מ'האט געהאט א מעגלעכקייט זיך צו באקענען.
(מיין פרוי איז בכלל א בריה פון שנעלן צוזאמענלעבן זיך).
זיכער איז דאס געקומען אויך א דאנק דער טעטיקייט אונדזע-
רער אין די יידישע קולטור-קרייזן.

איך וויל אויך באמערקן,אז צוליב דעם,וואס מיר קענען
די שפאנישע שפראך (מיר קומען דאך פון ארגענטינע),איז אונ-
דז מיט שפאניש און יידיש בכלל געווען לייכטער זיך דא צו
אקלימאטיזירן.

פאר-
גאר נאענט זיינען מיר געווען מיט אונדזערע ארגט
ז אווי רייך.
הערשל און פייגל לעווין. אין דער ערשטער צייט
אס איז גלייך נאך
געווען אונדזערע הויפט בעל יועצים אין
ורך מארק טורקאוו און
האט זיך פארבינדן צווישן אונדז א
אל פארבאנד פון די פוילישע
דטאפט. לײדער,האט הערשל לעו
א הארץ-אטאק,א סטראוק
ן וואס האט באוויזן ארויסצוגעבן
דעם לשון.ער האט
גערוויינלעך אינטערעסאנטע ביכער.

האט מען אים אריבערגעפירט אין א פריוואטן האום. אבער צו-ליב די הויכע קאסטן אין דעם האום,האט אים די פרוי זיינע געפירט קיין ארגענטינע,ווו די אויסגאבן זיינען קלענערע. צום גרויסן אומגליק האט ער א ביטערע,אומהיילבארע קראנק-הייט,און עס איז שווער צו האפן,אז מיר זאלן אים נאך האבן צוריק דא א געזונטן.

אויך די סימפאטישע יצחק און לאה נאטורמאן זיינען אונדז גאר נאענט געווארן. דאסזעלבע קען געזאגט ווערן וועגן מא-ריס און רייזל פאלין,ווי אויך וועגן די ראזענטאלס,שטאק-פיש און סעלעצקי; אויך מיט די סעזאן-חברים,וואס קומען אהער נאר צום ווינטער - די ה"ח לערמערס,פאלקס,מעלאמעדא-וויטשס און אלגא בוימגארטן.

ווי שוין געזאגט,זיינען מיר באפריינדעט געווארן מיט א טייל שכנים פון אונדזער הויז,אבער ספעציעל וויל איך דאס באטאנען מכוח די גאר סימפאטישע משפחות,ווי: שמריהו דאווידסאן,מאריס דאווידסאן,אברהם הירשביין,הערשל גענדל, אסתר אלטמאן,מאקס שיפ,ס.פאגעלגארן,די טאבינס,די אמרומס; ווי אויך: די קעמפערס,די שפיצקאפס,די ענגעלמאנס,די בערנ-שטיינס,די מאטראס,די סעמריס,די קארנבליטס - מיט וועלכע מיר זיינען צוזאמען טעטיק אין אונדזער יידישן קולטור-קרייז אין הויז. איצט קומען אונדזערע נאענטע פריינט פון אונדזער קולטור-קלוב אין ראיאן: אראנעק,גוקאווסקי,ירדני,סטאמבערג, סקולניק,שטריים,אפלבוים,ווי אויך פון קאארדיניר קאמיטעט:

שיינוק,לאסאווין,גלאזמאן,שווארץ,מייזעל,קויפמאן,גאלדבערג; אויך די באזונדערע פריינט,מיט וועלכע מ'טרעפט זיך אפט און מ'פארברענגט צוזאמען: די ווישניאס,די פיינס,די וואלדמאנס, די קעניגס,פארטאאוויטש,י.גארעליק,און א סך אנדערע.

מיר שטייען אויך אין א גאר נאענטן חברישן, שריפטלעכן קאנטאקט מיט די ארגענטינער (איצט אין טשיקאגא) גלוזמאנס,

מיט ס.טיכאמאוו פון לאס-אנדזשעלעס און י.קריסטאל פון מעק-סיקע,מיט י.לודען פון ישראל; מיר האבן זיך דא אויך דערנענ-טערט מיט די מאנטרעאלער: י.כמיעל,חוה קאפלאן,י.זילבערבערג, ח.ל.פוקס (די לעצטע צוויי - אלטע פריינט פון לאדזש).

מיט די אלע מענטשן,פאמיליעס,וואס איך האב דערמאנט,האבן מיר זיך דא נענטער באקאנט,און פארברענגט מיט זיי גאנץ אפט חבריש-געמיטלעך צוזאמען. איך וועל דאך אפט בלעטערן מיין בוך,ווייל איך זיי שטענדיק האבן פאר די אויגן. מ'פילט זיך בעסער,ווען מ'ווייסט,אז מ'איז ארומגערינגלט מיט אזוי פיל היימישע פריינט און חברים. און מיר נעמען זיך איבער דערמיט.

....................

איך בין מער ווי זיכער,אז אין מיינע "זכרונות",האב איך דא און דארטן,אדורכגעלאזט,פארגעסן צו דערמאנען,צו דערציי-לן וועגן פארשידענע מענטשן,מיט וועלכע איך האב אין מיין לאנגן לעבן צוזאמען פארבראכט,מיטגעארבעט; אויך וועגן גע-שעענישן,וואס וואלטן געקענט האבן אן אלגעמיינעם אינטערעס. מ'דארף נעמען אין באטראכט,אז די גרעסטע טייל פון מיינע "זכרונות",ווי איך האב דאס שוין געזאגט,שרייב איך פון זי-כרון,און איך באוווּנדער מיך אליין,ווי פריש זיי קומען נאך ביי מיר ארויס.

אט,האב איך מיך דערמאנט,אז שרייבנדיק וועגן ארגענטינער יידישן קולטור-געזעלשאפטלעכן לעבן,האב איך אדורכגעלאזט צו דערמאנען אזא וויכטיקן טייל אירן,ווי דעם יידישן פאר-לאג-וועזן,מיט וועלכן דאס יידישע ארגענטינע איז אזוי רייך. אין דער ערשטער רייע קומט דער פארלאג,וואס איז גלייך נאך דער לעצטער מלחמה געשאפן געווארן דורך מארק טורקאוו און אברהם מיטלבערג, ביים "צענטראל פארבאנד פון די פוילישע יידן אין ארגענטינע" און וואס האט באוויזן ארויסצוגעבן קנאפע 200 אויסערגעוויינלעך אינטערעסאנטע ביכער.

נאך זיי קומט דער פארלאג "ייד-בוך",אונטער דעם פאטראנאט פון דער י.ל.פרץ-שולע,מיט זיינע עטלעכע זעכציק וויכטיקע ביכער; דער פארלאג "קיום",מיט אירע פאר צענטליק ביכער,ארויסגעגעבן דורך דער "פועל-ציון"פארטיי. און איצט דער יידישער קולטור-קאנגרעס,וואס האט אויפגעטאן א געוואלטיקע ארבעט מיטן ארויסגעבן 10 בענד פון שמעון דובנאווס "וועלט געשיכטע פון יידישן פאלק" און דריי בענד פון ש. דובנאווס אויטאביאגראפיש ווערק"פון מיין לעבן".

די לעצטע יארן האט דער באקאנטער שרייבער און פעדאגאג ש.רוזשאנסקי,באנייט דאס ארויסגעבן א סעריע ווערק פון יידישע באקאנטע אומגעבראכטע און פארשטארבענע שרייבער און פאעטן, וואס געפינען זיך שוין כמעט נישט מער אויפן יידישן ביכער-מארק. ער האלט שוין ביים זיבציקסטן באנד און גייט ענערגיש אן ווייטער ביי זיין אינטערעסאנטער ארבעט ארום דעם .

עס דארף אויך פארצייכנט ווערן דער ארגענטינער פילאסאפישער זשורנאל "דרוקא",וועלכן עס גיט,שוין זייט יארן,ארויס מיט דערפאלג דער שרייבער און דענקער ש.סוסקאוויטש.

....................

שרייבנדיק ווידער וועגן דעם יידישן קולטור-לעבן אין מיאמי,האב איך אדורכגעלאזט צו דערמאנען די וויכטיקע קולטור ארבעט,וואס עס טוט דא די היגע אפטיילונג פון "ייווא". יאר-איין,יאר אויס,קומען דא סיסטעמאטיש פאר,אין די סעזאן-חדשים,אונטער דער לייטונג פון דער אקטיווער פרוי גיטל קאהאן,ארויסטרעטונגען פון באקאנטע שרייבער און דענקער, וואס די "ייווא" ברענגט אראפ פון ניו-יארק און קאנאדע. די לעקציעס האבן זיין קרייז באזוכער. איך האב דא בייגעוווינט די לעקציעס פון חיים גראדע,יצחק זינגער-באשעוויס, פראפ. ארטור לערמער,רחל קארן,ד"ר קלעפפיש,ש.גוסמאן,נאקס, שולוויס א.א.

אין דער סעזאָן-צייט פירן דאָ,אין מיאַמי,דורך מיט דער-
פאָלג,זייערע יערלעכע אַרויסטרעטונגען די פערשקאָס,די גענ-
דלס,בען באָנוס מיט מינאַ בערן א.א.
די יידישע מוזיק-ליבהאָבערס פילן אָן די גרויסע זאַלן ביי די
קאָנצערטן פון סימפאָנישן אָרקעסטער און ביי די אָפּערע-פאָר-
שטעלונגען.

איך האָב פאַרגעסן צו דערמאָנען די אַזוי גערופענע "פּראָ-
גרעסיווע" יידישע "איקוף"-קרייזן,וועלכע פירן דאָ אַ פאַר-
צווייגטע קולטור-טעטיקייט,און דווקא אין דער יידישער
שפּראַך. מיין באַציונג צו דער דאָזיקער באַוועגונג איז קלאָר
פאַר יעדן איינעם,וואָס בלעטערט מיין בוך. איך בין אָבער ביי
דער מיינונג,אַז מ'דאַרף נישט אָפּשטויסן זייער מיטאַרבעט ביים
אָנהאַלטן און פאַרשפּרייטן דאָס יידישע וואָרט,די יידישע שפּראַך
מיט זיינע ווערטן. עס איז דאָ ביי מיר אַ פונק פון גלויבן,
אַז די דאָזיקע "אַפּטריניקע" וועלן זיך מיטן לויף פון דער
צייט פולשטענדיק אויסהיילן פון דער אידעע,וואָס האָט זיי
פאַרפירט. עס זיינען דאָ אַלע סימנים דערפאַר.

..................

# נאכווארט

איך האב פארענדיקט מיינע"זכרונות". איך האב די גאנצע צייט נישט באריהרט דעם ענין פון מיין באציונג צו רעליגיע-זע פראבלעמען. עס דארף אבער פאר יעדן זיין קלאר,אז לויט דער דערציונג,וואס איך האב באקומען אין דער שטוב פון מיי-נע עלטערן און דער השפעה,וואס עס האט געהאט אויף מיין אנט-וויקלונג מיין פאטער און דער זיידע (פון דער מאמעס זייט), בין איך פריי פון אלע רעליגיעזע דאקטרינעס.

מיין טאטע האט אונדז,קינדער,נישט געשיקט אין קיין חדרים. ער אליין איז נישט געגאנגען אין שול אריין,נישט געלייגט קיין תפילין,נישט געדאווענט; ער איז אויך ווייט געווען פון יידישע טראדיציעס. די מאמע האט פרייטיק-צו-נאכט נישט גע-צונדן קיין ליכט,נישט אפגעהיט קיין כשרות. אין די יונגע-רע יארן איז מיין טאטע אפילו געווען א "קעמפנדער בעזבאזש-ניק",אן אנטי-קלעריקאל. און אין דעם גייסט האט ער אונדז דערצויגן.

אנטי-רעליגיעז זיינען אויך געווען אלע מיינע פעטערס, אויך די מאמע; שפעטער,די פארטיי,אין וועלכער איך האב מיך אנגעשלאסן. איך האב אויך געלייענט,שטודירט פארשידענע בי-כער וועגן רעליגיעזע ענינים,און געקומען צום אויספיר,אז דער דער מענטש אליין איז דער איינציק פאראנטווארטלעכער פאר זיינע מעשים אין לעבן. דער וועלטלעכער מענטש נעמט נישט אן,אז ס'איז פאראן א באוווסטזיניקע אריינמישונג פון העכערע,איבערמענטשלעכע כוחות אין זיין לעבן...און אין דעם גייסט האב איך זיך אנטוויקלט,געבויט מיין פילאסאפיע,מיין וועלט-באנעמונג און ביזן היינטיקן טאג בין איך געבליבן דערזעלבער.

מיט יארן צוריק,פאר דער לעצטער וועלט-מלחמה,האב איך

געהאט ביי מיר באשלאסן,אז איך וועל לאזן א ברירה,אז נאך מיין טויט,זאל מען מיין קערפער פארברענען,אבער שפעטער צו, ווען די דייטשן האבן געבויט קרעמאטאריעס און פארברענט לעבעדיקערהייט,מיינע ברידער און שוועסטער - אלס יידן -, און איך אליין בין געווען א פאטענציאנעלער קאנדידאט דערצו, האב איך אינסטיקטיוו,מיט דערווידער,אפגעווארפן דעם פריע-ריקן געדאנק מיינעם וועגן הייסן מיך פארברענען נאכן טויט. אלס א ייד בין איך געבוירן געווארן,און אלס אזעלכער וועל איך געפפינען מיין אייביקע רו אויפן יידישן בית עולם.

א לאנג לעבן געפירט. פארשידענע צייטן מיטגעמאכט -בעסע-רע און ערגערע. און ווען איך קוק מיך אום צו די דורכגע-לעבטע יארן,טראכט איך נישט איינמאל,ווי אזוי האב איך גע-קענט דאס אלץ דורכלעבן,און צום סוף נאך דערלעבן נחת פון אייניקלעך און אור-אייניקלעך?

איך שרייב טאקע די זכרונות מיינע מער פאר זיי,פאר די אייניקלעך און אור-אייניקלעך מיינע,אויך פאר מיין טאכטער און איידעם - זיי זאלן האבן א פארשטעלונג ווער עס איז געווען זייער טאטע,זיידע און עלטערזיידע.

די אייניקלעך מיינע זיינען שוין דערצויגן געווארן אין א צייט,ווען זיי זיינען שוין געווען ווייט פון דער יידי-שער שפראך. זיי פארשטייען די שפראך,אבער קענען זי נישט לייענען,נישט שרייבן. היינט זיינען זיי מענטשן מיט דיפ-לאמען,זיי פארנעמען גוטע פאזיציעס. אזוי זעט אויס דאס היינטיקע יידישע לעבן. איך האב גרויס עגמת נפש דערפון, וואס מיינע דורות זיינען אוועק ווייט פון מיר,אבער זיי ווייסן ווער איך בין,מיין פאליטישע איינשטעלונג און מיין קוק אויפן לעבן בכלל.

מיין טאכטער האט איבערגעגעבן צו מאכן א שפאנישע איבער-זעצונג;וועלן מיינע דורות,באקענענדיק זיך אויספירלעכער

מיט מיין לעבן, זען, אז דער שורש איז געווען א געזונטער. דער זיידע האט טאקע געהאט א שווער לעבן, אבער אן אינטערע-סאנטעס.

און נישט נאר מיין אייגענע משפחה קען האבן אן אינטערעס פאר מיינע זכרונות. - יעדער איינער האט וועגן זיך צו דער-ציילן אינטערעסאנטע עפיזאדן פון זיין לעבן; ווער זאגט נאך ווען די אומשטענדן און געשעענישן האבן אים אריינגעצויגן אין געזעלשאפטלעכן לעבן פון דער צייט, אין וועלכער ער האט געלעבט - ווי דאס איז דער פאל מיט מיר.

באשרייבנדיק מיין פערזענלעך לעבן, פארבינד איך דאס תמיד מיט דעם אלגעמיינעם. דערביי, באריר איך פראבלעמען, וואס קע-נען האבן אן אינטערעס פאר היסטאריקער, וואס פארשן דאס לעבן פון די יידן אין דעם גורלדיקן יארהונדערט, אין וועלכן מיר איז אויסגעקומען צו לעבן.

צום סוף וויל איך ברענגען א קורצן ליד פון דער באקאנ-טער פאעטעסע מ ל כ ה ח פ ץ - ט ו ז מ א ן "אוצר", וואס איך נעם ארויס פון "פארווערטס", וואס דערגענצט טרעפלעך מיינע נישט דערזאגטע געדאנקען:

דערציילן, דערציילן,
אז וויפל דו זאלסט ניט
דערציילן
וועט עפעס נאך בלייבן
וואס דאך ניט דערציילט.

וויפל דיין וואונד זאלסט
ניט היילן
וועט אלץ נאך פארבלייבן
א שראם
נישט פארהיילט.

אז דו זאלסט אין גאנצן
פאראעמט ניט ווערן
היט אפ אט דעם אוצר:
דאס ניט דערציילטע,
דאס ניט פארהיילטע -
היט ווי די אויגן אין
שטערן.

אז לידיק -
א גלאק אן א צונג -
זאלסט ניט בלייבן
זאלסט דאס אפילו
מיט טינט אויף פאפיר
ניט פארשרייבן.

ס ו ף .

## צוגאב צו דער זייט 185 וועגן מיין שוועסטער בערטא

שוין נאכן פארענדיקן דעם בוך מיינעם, האב איך באקומען דעם פולן טעקסט פון דער באשרייבונג וועגן מיין שוועסטער בערטא, דער לערערין פון דער "מעדעם-שול" אין לאדזש, וואס געפינט זיך אויף דער 150-ער זייט אין דעם בוך פון די "אומגעקומענע "צישא"-לערער, וואס איז ארויס אין יאר 1954, אונטער דער רעדאקציע פון ח' ש.קאזדאן.

שרייבנדיק וועגן מיין שוועסטער, האב איך געבראכט בלויז דאס, מיט וואס מיין זכרון האט מיר געדינט. פון די כאראקטע-ריסטיקעס וועגן איר, וואס עס גיבן דער אלטער פעדאגאג, דער ח'קאזדאן, ווי אויך די שילערין לילקע נוסקעוויטש, זעען מיר אויף וואס פארא הויכער ניווא עס זיינען געשטאנען די מער-סטע לערער און דערציער פון די "צישא-שולן".

אט וואס זיי שרייבן וועגן מיין שוועסטער – דער ח'קאזדאן:

ווינאגרא, בערטא – געבוירן אין לאדזש אין 1902 אין א ביר-גערלעכער פאמיליע, האט בערטא געענדיקט אב'ס גימנאזיע אין לאדזש, און שפעטער 2 יאר דעם הומאניסטישן פאקולטעט פון ווארשעווער אוניווערסיטעט; זי האט אויך באזוכט פארשידענע לערער-קורסן, און פון יאר 1924 אנגעהויבן איר לערערישע טעטיקייט אין לאדזש אין דער מעדעם-שולע און אויף די אוונט-קורסן. זי האט געלערנט געאגראפיע, מאטעמאטיק און געשפילט א גרויסע ראל אינעם פעדאגאגישן ראט. א פלימעניצע פון ח.ל.פאזנאנסקי, וועלכער איז געווען די נשמה פון לאד-זשער שול-ווען, האט זי אויך מיט איר גאנצן הארצן זיך אפגעגעבן דער שול. א יונגע, אינטעליגענטע, געבילדעטע, באטיי-ליקט אין דער אנפירונג פון לאדזשער "סקיף", האט זי זיך געווידמעט ניט נאר דער שול-און-קלאס-ארבעט, נאר אויך גע-ווען פאראינטערעסירט מיטן גורל און צוקונפט פון יעדן שי-

לער אינדיווידועל. זי האט בזוכט די היימען פון די קינ-
דער,זיי באזארגט מיט אפרו אויף זומער-קאלאניעס,אפגעגעבן
א סך צייט דעם אוונט-קלוב פון די גראדואירטע תלמדים,בא-
זאגט זיי מיט פרייען באזוך פון עפענטלעכע קאנצערטן,פאר-
לעזונגען און א.ו.ג. און פאר די אלע מעלות האבן איר סיי
די שילער,סיי די עלטערן און שול-טוערס - געצאלט מיט
גרויס אכטונג און ליבשאפט.

בערטאס געוועזענע שילערין -לילקע נוסקעוויטש-שרייבט וועגן
איר:

" בערטא ווינאגראד איז צו אונדזערע שולן געקומען פון א
פארמעגלעכער יידישער היים. זי האט געקענט אננעמען א לע-
רער-פאסטן אין די מלוכהשע "פאווסעכנע" שולן,און אויסמיידן
הונגער-לוינען,דחקות און צרות. און דאך איז זי ביי אונדז
געבליבן,אפגעגעבן איר ברייטן וויסן דער יידישער פאלקס-
שול. האט אויך געהאלטן אן אויג אויף דער ארדענונג און
ווירטשאפט פון שול. אן אויסערגעוויינלעכע פעדאגאגין,פלעגט
זי מיט איר פינקטלעכקייט אנשטעקן אלע ארומיקע,און מיר,
קינדער,האבן פאר איר געציטערט,אויב ביי איינעם איז א
קנעפל געווען אראפגעריסן אדער א זאק נישט פארצירעוועט. זי
פלעגט אליין זיך אוועקזעצן און פארריכטן אונדזערע קליי-
דער און דערקלערן דערביי די סודות פון ריינקייט און ריין
זיך האלטן. מיט דער לערערין בערטא פלעגן מיר מאכן לאנגע,
לאנגע אויספלוגן אין פרעמדע לענדער,מיטגיין מיט איר אויף
די ווייטע פיארדן,אין סיבירער טייגעס. זי האט ביי אונדז
אנטוויקלט א ליבע צו נאטור,מיט אלע אירע שיינקייטן און
גרויזאמקייטן."- "בערטא איז אומגעקומען אין ווארשעווער
געטא,צוזאמען מיט טויזנטער. אומבאקאנט איז איר קבר,נאר
מיר וועלן שטענדיק דערמאנען אונדזער דערציערין,אונדזער
לערערין בערטא ווינאגראד."

צוגאב צו דער זייט 199 וועגן

## ד"ר באריס סוראוויטש (אייסוראוויטש)

שרייבנדיק וועגן "ארט" האב איך אנגעמערקט, אז איך וועל דעם ד"ר סוראוויטש, אלס יחיד און געזעלשאפטלעכן טוער, ווידמען א באזונדער קאפיטל. איך האב דאס אדורכגעלאזט, - טו איך דאס איצט.

ד"ר סוראוויטש איז לאנגע יארן געווען א נאענטער מיטארבעטער פון "ארט". דאס איז געווען אן אינטערעסאנטע פערזענלעכקייט און מיר איז אויסגעקומען אין פארלויף פון מיין לעבן א שיינע פאר מאל צו פארברענגען אין זיין געזעלשאפט.

אייגענטלעך, האט ער לאנגע יארן, ביז זיין קומען קיין אמעריקע, געהייסן באריס אייסוראוויטש. געבוירן איז ער אין קרים, אין דער שטאט סימפעראפאל, אין א באלעבאטישער יידישער שטוב. (לויט ווי ער האט דערציילט, האט ער געזאלט שטאמען פון די כאזארן). דארט געענדיקט די גימנאזיע, נישט געקענט צוליב דער פראצענט-נארמע פאר יידן, אנקומען אין א אוניווערסיטעט.

ער האט ליב געהאט ארומצובראדיאגען איבער שטעט און שטעטלעך און אויסגעהאלטן זיך פון לערעריי. ער איז יונגערהייט ארייגעצויגן געווארן אין דער רוסישער רעוואלוציאנערער באוועגונג, און מיט דער צייט, אין "בונד". ער האט אויך געמאכט רייזעס איבער דער וועלט, און פלעגט אויף עפענטלעכע אונטערנעמונגען פון דער "קולטור-ליגע" (און אנדערע אינסטיטוציעס), דערציילן וועגן זיינע אויסטערלישע רייזעס איבערן ווייטן מזרח, אינדיע און דרום-אפריקע און ענטוזיאזמירן דעם עולם מיט דער עקזאטיק פון יענע ערטער. בשעת זיינע רעפעראטן פלעגט ער באנוצן ליכט-בילדער פון יענע ווונדער-

לעכע לענדער און פעלקער. ער איז געווען א גוטער דערציילער, און מ'האט זיך אין זיין געזעלשאפט ווייט נישט גענודעט.

ער איז געווען א גוטער און געניטער בארג-גייער. הונדערטער מענטשן געדענקן זיכער די בערג-אויספלוגן, וועלכע ער האט געפירט אין די טאטרן און פיענינען - בערג אין פוילן און אריבער אויף דער טשעכישער זייט.

ער איז מיט דער צייט געווארן אן אנגעשטעלטער אין "ארט" און פלעגט זיך פארנעמען מיט די "ארט-געלט-זאמלונגען" אין פארשידענע גרעסערע יידישע צענטערן אין פוילן. אלס פארוואלטונגס-מיטגליד פון לאדזשער "ארט", איז מיר אויסגעקומען עפטער זיך צו טרעפן מיט אים, און אזוי א נאך זענען מיר געווארן נאענטער און היימישער. איך האב אויך מיטגעמאכט מיט אים אן אינטערעסאנטן שפאציר אין די בערג.

די מלחמה 1939 האט סוראוויטשן געטראפן אין ארגענטינע, וווהין ער איז געקומען, גלייב איך, אויך אין די ענינים פון "ארט". גלייך נאך דער מלחמה, איז ער געפארן אין די פאראייניקטע שטאטן, און, ביז ער האט זיך רעטאירט, איז ער אויך דארט געווען טעטיק אין "ארט".

נאך דער מלחמה, צוריקקומענדיק פון לאגערן קיין לאדזש, האב איך מיך געשטעלט אין פארבינדונג מיטן "ארט" אין ניו-יארק, וועלנדיק דורך אייסוראוויטשן געפינען מיין ניו-יארקער קוזין, מחמת איך האב געוווסט, אז זיי טרעפן זיך דארט.

ער האט מיר גלייך ארייגעשיקט דעם געווינטשטן אדרעס, ווי אויך א פעקל מיט פארשידענע עס-ארטיקלען. ער האט זיך זער דערפרייט, וואס איך בין פון חורבן ארויס א גאנצער און ווידער פארבינדן מיט מיר א פערמאנענטע קארעספאנדענץ.

זעט אויס, אז ארגענטינע, איר יידישער ישוב, איז סוראוויטשן געווען ליבער, ווי ערגעץ אנדערשוו, און ער איז מיט דער צייט ווידער געקומען ווינען אין בוענאס-איירעס. און

דא האבן מיר זיך ווידער געטראפן און גאנץ אפט צוזאמען פאר-בראכט. ער האט זיך גאנץ גוט געפילט אין אונזער געזעלשאפט, און מיר אין זיינער. ער האט ליב געהאט צו דערציילן געשיכ-טעס פון אמאל, זינגען און שטיפן (דערהויפט מיט פרויען).

מיט א מאל ווערט ער ערנסט קראנק. צי ער האט זיך אפגע-געבן חשבון, אז ער האט די פאטאלע ראק-קראנקהייט, צי נישט, איז שווער געווען צו דערקענען ביי אים. מיר, די ארומיקע חברים און פריינט זיינע, האבן פון די דאקטוירים, וואס האבן אים באדינט, געוואוסט דעם אמת. מ'האט אים אריינגעגעבן אין יידישן שפיטאל. איך האב אים אפט באזוכט. ער איז נישט גע-ווען קיין רעזיגנירטער. פלעגט אפילו ליגנדיק אין בעט פאר-ציען א ליד, א ניגנדל. די דאקטוירים האבן אונדז געזאגט, אז לאנג וועט ער שוין נישט אנציען. מיר האבן געוואוסט (פון אים), אז ער האט אין "ארט" אן אפגעשפארטע גרעסערע סומע געלט, וועלכע ער האט פארשריבן אויף געזעלשאפטלעכע צוועקן. האבן מיר פארשטאנען, אז די לעצטע טעג זיינע דארף ער זיין דארט, אין ניו-יארק, נאענט פון "ארט". און מיר האבן אים איינ-גערעדט, אז דארט זענען דא בעסערע דאקטוירים, אז דארט וועט מען אים העלפן. אים באזארגט מיט א לופט-קארטע, מיט א דירעק-טן פלוג, און אריינגעזעצט אין עראפלאן.

א דערשלאגענער, א פארלאשענער, האט ער זיך געזעגנט מיט אונדז. לאנג האט ער זיך שוין נישט געמוטשעט. אין א פאר וואכן ארום האבן מיר באקומען פון ניו-יארק די טרויעריקע ידיעה, אז ער איז עלנד אויסגעגאנגען אין שפיטאל. אלע יארן האט ער געפירט א קאוואלערסקע לעבן און אויסער א פאר פריינט האט ער נישט געהאט ווער עס זאל לאזן א טרער נאך אים.

....................

# AUTOBIOGRAPHY

By L. WINOGRAD.

1978

345 Ocean Drive, Apt. 1123.
MIAMI-BEACH, FDA. 33139.